# *Iŭe Memorial Book*

## Sefer zikaron li-ḳehilat Ivyeh



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

# ספר זכרון לקהילת

# איביה

העורך **משה כגנוביץ'**

---

**הוצאה משותפת של ארגוני יוצאי איביה בישראל ובאמריקה**

**תשכ"ח**  **תל־אביב**  **1968**

# יזכור־בוך

## נאך דער חרובער יידישער קהילה

# איוויע

רעדאַקטאָר: **משה קאַגאַנאָוויטש**

---

**אַרויסגעגעבן דורך די איוויער לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל און אַמעריקע**

**תשכ״ח**  **תל־אביב**  **1968**

עתידים בתי כנסיות ובתי מדרשות שבחו"ל
שיקבעו בא"י. (מגילה כ"ט).

# הרכן את ראשך ביראת־כבוד!

בית הכנסת ה„קר" הבנוי מעץ היה בנין ארכיטקטוני נהדר. היה בנוי במפלסים כעין מצודה. התפללו בו רק בתקופות הקיץ. נשרף בדליקה הגדולה במאי 1929.



# בויג איין דיין קאָפּ מיט ערפורכט!

די קאַלטע הילצערנע שול איז געווען אַ פּרעכטיקער אַרכיטעקטאָנישער בנין.
זי איז געווען געבויט האָריזאָנטאַל ווי אַ פעסטונג.
פאַרברענט געוואָרן בעת דער גרויסער שריפה אין מאַי 1929.

# תוכן — אינהאַלט



## איביה העתיקה — דאָס אַלטע איוויע

## א. רבני קהילת איביה



## ב. ילידי איביה כמנהיגים רוחניים בקהילות ישראל



# בין שתי מלחמות־עולם — צווישן צוויי וועלט־מלחמות

## זכרונות און פאַרצייכענונגען

## לעבנס-שטייגער און פאָלקלאָר



## די גרויסע שריפה



## דערציאונג- און קולטור-אינסטיטוציעס

## פאַרטייען, פאַראייִנען און קרעדיט־אינסטיטוציעס



## פערזענלעכקייטן און געשטאַלטן



## געזעלשאַפטלעכע טוערס, בעלי־בתים און למדנים

## דער חורבן און די גבורה



## ילידי איביה שנפלו במערכות הקרב נגד הצורר הגרמני וכו׳

# די טעטיקייט פון די איוויער לאַנדסמאַנשאַפטן

# רשימת תצלומים — רשימה פון בילדער*



* די פאָטאָגראַפיעס פון די אַנטיילנעמער אין בוך פיגורירן ניט אין דער רשימה.

# דבר העורך



משה כגנוביץ'

ברטט קדושה וביראת־כבוד הריני חו־תם את ספר הזכרון לקהילת איביה הקדושה ומעבירו לידיכם, יוצאי איביה בישראל ובתפוצות, ולהיסטוריון בעתיד שישתמשו בו לחקר התקופה.

קשה היתה עבודת איסופו וריכוזו של החומר, שיכתובו, ניסוחו ועריכתו. קשה שבעתיים היה „לחיות" שוב יום־יום, שעה־שעה את הטרגדיה העמוקה מני שאול, לראות לפני עיני את עיירת־מולדתנו, מקום שם חיינו את שנות־חיינו היפות ביותר, שנות הילדות והנעורים, את נופיה והדמויות היקרות, שנכרתו מאילן־החיים. כמו חיים ניצבו לפני, אחד אחד, כפי שהיכרתים וראיתים בימי חול, שבת ומועד, בשמחות ובאבל.

דורות על דורות חיו יהודים על אדמת איביה, עד שנהיו לחלק בלתי נפרד של הנוף. יותר מארבע מאות שנים טוו וארגו הווי, מנהגים, מסורת ודרכי־חיים בסביבה עויינת ואויבת. הם התבצרו באמונתם העמוקה ומצאו בה נחמה ושלות־נפש, למרות הרוחות הזועפות שהסתערו עליהם מכל צד. הם חיו חיים יהודיים מלאים וידעו טעם חיים מהו, למרות עניותם והשפלת כבודם. הם היו עניים ומדוכאים, אבל לא אומללים. הם ידעו להטביע את חותמם על הנוף שמסביבם, ולהתעלות מעל העם שבתוכו חיו, בחיי מוסר ורוח, בחינוך בניהם ובעמידתם האיתנה.

קשה לא להתרגש מקריאת הפרקים בהם מסופר, איך הצליחו בתנאים לא תנאים, ללא סמכות של שלטון וחוק להקים רשת נרחבת של מוסדות צדקה, חסד, תרבות וכלכלה, להשריש את תודעת האחריות והעזרה ההדדית, להפוך את העיירה למשפחה אחת, שכולה שמחה ואבלה בשמחתו ואבלו של היחיד. למרות המצב הכלכלי הירוד של מרבית האוכלוסיה היהודית, חילקו את פת לחמם עם העני, הדל, והאדם שהגורל המר לו.

דורות של יהודי איביה מציצים מתוך ספר־זכרון זה: יהודים לומדים

שהתענו באהלה של תורה, בעלי־מלאכות שעמלו ימים ולילות להרויח פת־לחם למשפחותיהם, רוכלי־כפר ששוטטו בגשם, שלג וכפור על פני הדרכים והמרחבים, חנוונים שחיכו בכיליון עיניים ליום השוק וה„יריד", ולימים, נוער שחלם ונאבק בכל נימי נפשו על גורל יותר טוב לעמו ונוער שחלם ונלחם בתום לב על עולם יותר טוב לאנושות כולה. תמצאו בספר אספקלריה, ולו גם חלקית, על חיי העיירה, מאורעות ואירועים, פעילות ויוזמות בשטחים שונים, מנהגים, נוהגים ודרכי־חיים, הווי ופולקלור, בקיצור — חיים תוססים ועירניים. נלמד מתוכו את חיי הדור האחרון ומותו הטראגי. נלמד מתוכו על מלחמת־הנקם של המעטים ביערות ובחזיתות נגד הצוררים.

מה דלה שפת אדם, כדי לתת ביטוי עז לטרגדיה האיומה, שניתכה על ראשם של יהודי איביה. ודל מקור הדמעות, כדי לבכות בכי גדול ומר, כגודל האסון והשבר. טרם מצאנו את הביטוי הנכון, שימצה את גודל אסוננו.

במצב ההלם והאטימות מהפתאומיות והיקף האסון לא ספדנו כראוי את הנאהבים והנעימים שבחייהם ובמותם לא נפרדו. לא היה בידינו גם להציב להם מצבה כדרוש. יהא נא ספר זה מצבת־עד לדורי־דורות לקהילה קדושה — איביה, שנמחתה מעל פני האדמה ע"י הרוצחים הגרמנו־נאציים ימ"ש. אין ולא תהיה עוד קהילת איביה לעולמי עד... נשארו רק בורות־המות בסטונביץ'... ישאר רק ספר הזכרון, ספר ההנצחה לדרכי חייהם ולמותם...



שנים על שנים נמשכו ההכנות להוצאת הספר. הסיבה העיקרית — הקושי לרכז את החומר הרב והמגוון. משום מה לא נחפזו שרידי העיירה להעלות על הכתב את זכרונותיהם. האדישות והפסיביות של בני עירנו למפעל־ההנצחה של קהילתנו והבדידות המזהירה, הטילה עלי יאוש וידי נרפו לא אחת מגודל המעמסה והמשימה. לא נמצאו המעטים שיטו שכם לגבית עדויות, לאיסוף החומר, לרישום מפי אלה שלא מסוגלים בעצמם לכתוב, כדרך שזה נעשה ביתר הערים והעיירות שהנציחו את קהילותיהן בספרי יזכור. משום כך גם נעדר ע"ג העטיפה הרכב של ועדת מערכת.

עידוד ונחמה מצאתי באחד ויחיד בלבד, הלא הוא יו"ר ארגוננו, מר אברהם אליאב (אליוביץ'). ימים ולילות במשך שנים דלה מזכרונו והעלה על הכתב שלל של חומר־רקע על העיירה ואנשיה, קורותיה, אישיה וטיפוסיה, נוסף למדור התורני־רבני, שהוא כולו שלו. הוא ראה את פירסומו של ספר הזכרון כיעוד חייו וכמשימת־קודש. הוא שיתף את עצמו בכל בעיה קלה כחמורה, כיתת את רגליו ולא חסך עמל וטירדה. הוא הטיל על שכמו גם את הדאגה החומרית להוצאת הספר ופעל גם בשטח זה. את כל שעתו הפנויה הקדיש לספר, דירבן ועודד אותי ללא הפסק להחשת הוצאתו. וכל זה

שלא על מנת לקבל פרס. גם רעיתו נאחזה בקנאות ובלהט ועודדה את שנינו גם יחד לשאת בעול ולא להרפות ידיים. יבורכו נא בברכה המסורתית: עד 120 שנה!

יעמדו על הברכה בני־עירנו הדגולים באמריקה: גב׳ חיה־גיטה (איידה) פאלבסקי (בקשט) ויו״ר ה„לאנדסמאנשאפט״, מר זליג רוגוף, שהודות לעזרתם החומרית הניכרת, נתאפשר פירסומו של ספר הזכרון. יודעים אנו, גם יודעים שהם היו בודדים במאבקם. גם שם חסרה התודעה על חשיבותו של מפעל ההנצחה. גם הם פעלו ללא לאות ובעקשנות באוירה של אדישות ולא איכפתיות. אלו השניים שציפו בקוצר רוח להופעתו והאיצו בנו להחשת פירסומו. הציפיה והלהט שלהם דירבן אותנו להמשיך במפעל ולהתגבר על הקשיים. יבורכו גם הם כשותפים מלאים למפעלנו הקדוש בברכת חיים ארוכים ובריאים, עד 120!

יבורכו כל אלו שהקדישו מעטם לתוכנו של הספר, שהעבירו תצלומים ושיתפו את עצמם, במידה זו או אחרת בטירדות הכרוכות בפירסומו (הגזברית, גב׳ חיה לויטין־וולנסקי, ברוך מורן, משה קלמנוביץ׳, מ. צינוביץ׳). יבורכו כל אלו שלא נזכרתי להזכירם.



בהעדר חומר אינפורמטיבי היסטורי על התקופות הקודמות, שאפתי לשקף את חיי היהודים באיביה במשך שני דורות, ז.א. מהמחצית השניה של המאה ה־19 והמאה ה־20. השתדלתי לדלות את החומר מאנציקלו־פדיות, ספרים ומעתונות התקופה. לצערי, החומר הוא דל למדי. לא היה תחליף לעדויות של המעטים ששרדו אחרי השואה ואלו שעזבוה לפניה. ספרנו הוא עבודה קולקטיבית של עשרות בני־עיר, שכתבו על העיירה באהבה, בנוסטלגיה ובגעגועים, כפי שכותבים על מקום ישוב, בו עמדה עריסתנו ובו חיינו בקן החם של משפחותינו.

היתה דאגה ובעיות לא רק באיסופו ובריכוזו של החומר. תשומת־לב היתה גם לפרופורציה נכונה של המדורים השונים, התקופות השונות, לשיקוף, במידת האפשר, של כל שטחי הפעולה של העיירה התוססת, לאיזכור כל אלה שפעלו בחיים התרבותיים־ציבוריים, ללא הבדל של השתייכות מפלגתית ורעיונית.

חלק מן החומר היה לקוי בחוסר ונאלצתי לתקנו ולעדכנו. חלק מן החומר עבר שיכתוב, כדי שתהיה אפשרות לערכו. היה צורך להבהיר ולקבוע עובדות, תאריכים, שמות אנשים, מספרים ולעימות של עובדות ואירועים סותרים. שיבוץ התצלומים והמפות יגוונו ללא ספק את הספר.

אם הצלחתי בזה אך במעט, ויהא זה שכרי.

תל־אביב, פברואר, 1968.

משה כגנוביץ׳

# פאָרוואָרט פון רעדאַקטאָר

מיט הייליקן ציטער און ערפורכט שליס איך אָפּ דעם יזכור־בוך נאָך דער חרוב געוואָרענער הייליקער איוויער קהילה און גיב אים איבער צו אייך, איוויער לאַנדסלייט אין ישראל, אין די תפוצות און דעם צוקונפטיקן היס־טאָריקער, וואָס וועט אים געוויס אויסנוצן צו פאָרשן די בלוטיקע תקופה.

די אַרבעט פון קאָנצענטרירן און רעדאַגירן די מאַטעריאַלן איז געווען גענוג שווער. אָבער פיל שווערער זיינען געווען די זעלישע יסורים ווידער „אי־בערצולעבן" די שרעקלעכע טראַגעדיע, נאָך אַ מאָל צו זען די לאַנדשאַפטן פון אונדזער געבורט־שטעטעלע, ווו מיר האָבן געלעבט די שענסטע יאָרן פון אונדזער לעבן, די קינדהייט און יוגנט־יאָרן, ווידער צו זען פאַר די אויגן די ליכטיקע, טייערע געשטאַלטן, וואָס זיינען פאַרשניטן געוואָרן פון לעבנס־בוים.

לאַנגע דורות האָבן יידן געלעבט אין איוויע, ביז זיי זיינען געוואָרן אַן אומטיילבאַרער באַשטאַנד פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. איבער 400 יאָר האָבן איוויער יידן, אינערהאַלב פון אַ פיינטלעכער סביבה, געוועבט און גע־שפינען אַ לעבנס־שטייגער, מנהגים, טראַדיציעס, בקיצור, אַ קהילה־לעבן. טראָץ די בייזע שטורעמס פון אַלע צייטן, האָבן זיי זיך פאַרפעסטיקט אין זייער גלויבן און געפונען אין דעם טרייסט און זעלישע רואיקייט. זיי האָבן געלעבט אַ שלימותדיק יידיש לעבן און געפונען אין לעבן אַ טעם, און אַ זין. זיי זיינען געווען אָרעם און דערשלאָגן, אָבער ניט אומגליקלעך. זיי האָבן זיך דערהויבן איבער דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג מיט זייער מאָ־ראַליש־צניעותדיק לעבן, מיט דער מאָס דערציאונג, וואָס זיי האָבן געגעבן זייערע קינדער און מיט זייער משפחה־צוגעבונדנקייט.

שווער צו בלייבן גלייכגילטיק לייענענדיק די זכרונות אין וועלכע עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן אין די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען און אָן מאַכט־אויטאָריטעט אויסגעבויט אַ פאַרצווייגטע נעץ פון סאָציאַלע און קול־טורעלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, פאַרוואָרצלט דעם באַוווּסטזיין פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און קעגנזייטיקער הילף, פאַרוואַנדלט דאָס שטעטל אין איין משפחה, וואָס האָט זיך מיטגעפרייט אָדער מיטגע־טרויערט אין די שמחות און טרויער פון דעם יחיד. די געטראָפענע דורכן גורל האָבן זיי ניט איבערגעלאָזט אויף הפקר, טראָץ דער אַלגעמיינער שווע־רער עקאָנאָמישער לאַגע.

פון דעם בוך קוקן אַרויס דורות איוויער יידן: יידן לומדים, וואָס האָבן

זיך אַ גאַנץ לעבן געפּייניקט אין תורה־געצעלט; בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך שווער געמאַטערט צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט פאַר זייערע משפחות; קאַראַבעלניקעס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין רעגנס, שנייען און קעלטן איבער די וועגן און שליאַכן; קרעמער, וואָס האָבן אויסגעקוקט אויפן מאַרק־טאָג און יריד; און שפּעטער, יוגנטלעכע, וואָס האָבן געטרוימט און זיך גע־ראַנגלט פאַר אַ בעסערן מאָרגן פאַר זייער פאָלק, אָדער פאַר אַ בעסערער און גערעכטער וועלט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אין בוך שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון שטעטל, געשעענישן און פּאַסירונגען, מנהגים און טראַדיציעס, לעבנס־שטייגער און פאָלקלאָר, אַקטיוויטעטן און איניציאַטיוון אויף פאַר־שידענע אָפּשניטן, בקיצור אַ יוירנדיקער און פּרוכטבאַרער קהילה־לעבן. דורכן בוך וועלן מיר זיך באַקענען מיטן לעבן און טראַגישן טויט פון לעצטן דור איוויער יידן. מיר וועלן זיך אויך דערוויסן וועגן דעם נקמה־קאַמף פון דער איוויער יוגנט אין די וועלדער און אויף די פראָנטן קעגן די פאַרטיליקער פון אונדזער פאָלק.

ווי אָרעם עס איז די מענטשלעכע שפּראַך, כדי צו געבן דעם געהעריקן אויסדרוק צו דער שרעקלעכער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט אַראָפּגעלאָזט אויף די איוויער יידן! דער טרערן־קוואַל איז צו באַגרענעצט, אַז עס זאָל געניגן אַזוי וויינען, ווי עס פאָדערט דער אומגעהויערער פאַרנעם פון דער קאַטאַסטראָפע.

די אומגעריכטקייט און דער פאַרנעם פון דעם אומגליק האָט אונדז אין גאַנצן צעטרייסלט און אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט אַזוי, אַז מיר האָבן כּלל ניט באַוויינט אונדזערע אייגענע און טייערע, וואָס האָבן אין זייער לעבן און טויט זיך ניט צעשיידט. מיר האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַוועקצושטעלן אַ מצבה אויף זייער קבר — די גריבער. זאָל דער יזכור־בוך זיין אַן אייביקע מצבה אויף דור־דורות פאַר דער איוויער הייליקער קהילה, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד־אויבערפלאַך דורך די דייטשע מערדער, ימח שמם וזכרם. די איוויער יידישע קהילה איז פאַרשווונדן אויף אייביק... עס זיינען בלויז פאַרבליבן די גריבער־קברים אין סטאָנעוויטש... עס וועט בלויז פאַרבלייבן דער יזכור־בוך, דער בוך, וואָס פאַראייביקט זייער הייליק לעבן און טויט...



די הכנות אַרויסצוגעבן דאָס בוך האָבן זיך געצויגן עטלעכע יאָר. די הויפּט־סיבה איז געווען די אומגעהייערע שוועריקייטן צו קאָנצענטרירן די מאַטעריאַלן. אונדזערע איוויער האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן חשק צו נעמען די פּעדער אין האַנט. די גלייכגילטיקייט און פּאַסיוויקייט פון אונ־דזערע שטעטלשע צו אונדזער בוך — דער מאָנומענט, וואָס דאַרף פאַראייביקן אונדזער קהילה — האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין יאוש־שטימונגען און איך

האָב געפילט, אַז איך ווער דערדריקט אונטער דער שווערער לאַסט פון דער ריזיקער אויפגאַבע. עס האָבן זיך ליידער ניט געפונען די געציילטע מענטשן (ווי עס איז געווען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך), וואָס זאָלן וועלן צו־לייגן אַ האַנט, צו פאַרשרייבן עדות־אַרויסזאָגונגען, באַוועגן און באַווירקן, אַז מען זאָל שרייבן א.א.וו. דאָס איז די סיבה פאַרוואָס עס פיגורירט ניט אינעם בוך קיין רעדאַקציע־קאָמיסיע.

אין דער איינזאַמקייט האָב איך געפונען אַן אַקטיוון מיטהעלפער און דערמוטיקער אין דער פערזאָן פון פאָרזיצער פון אונדזער אירגון, ה׳ אברהם אליאַב (עליאָוויטש). במשך פון יאָרן האָט ער אומדערמידלעך פאַרשריבן וויכטיקע קאַפּיטלען פון דער היסטאָריע פון שטעטל, פערזענלעכקייטן און טיפּן, שטייגער און פאָלקלאָר, שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם רבנים־ און תורה־טייל, וועלכער איז קאָנסטרואירט געוואָרן אין גאַנצן דורך אים. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין מי און טירחה, און זיך באַטייליקט ביים לייזן די גרויסע צאָל פּראָבלעמען, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן. ער האָט געזען דאָס דערשיינען פון בוך ווי אַ הייליקע אויפגאַבע און לעבנס־מיסיע. ער האָט פרייוויליק זיך אויך באַלאַסטעט מיט די מאַטעריעלע זאָרגן פאַרן דערשיינען פון בוך. זיין פרייע צייט האָט ער אין גאַנצן געווידמעט פאַרן בוך, און צוגעאיילט זיין דערשיינען. און דאָס אַלץ האָט ער געטאָן, אָן וועלכער עס איז מאַטעריעלער באַפרידיקונג. אויך זיין פרוי האָט זיך איבערגענומען מיט אונדזער התלהבות און דערמוטיקט אונדז ביידן ניט אַראָפּצולאָזן די הענט. לאָמיר זיי בענטשן מיט דער טראַדיציאָנעלער ברכה: ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

זאָלן זיין געבענטשט אונדזערע מוסטערהאַפטע לאַנדסלייט אין אַמע־ריקע: פרוי חיה־גיטע (איידע) פּאַלעווסקי (באַקשט) און דער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, ה׳ זעליק ראָגאָף, אָן וועמענס קענטיקע מאַטעריעלע הילף, וואָלט דאָס בוך נישט געקענט דערשיינען. מיר ווייסן, אַז זיי זיינען געווען פאַראייניזאַמט אין זייער געראַנגל און עקשנות צו דערמעגלעכן דאָס אַוועקשטעלן אַן אייביקע מצבה פאַר דער פאַרשניטענער איוויער יידישער קהילה. די אויבן דערמאָנטע לאַנדסלייט האָבן געאַרבעט יאָרן אומדערמידלעך, כדי צו שאַפן דעם נייטיקן פאָנד. זיי האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד און ציטער אויפן דערשיינען פון בוך און אונדז צוגעאיילט אין זייערע בריוו, אָנ־צוגיין מיט דער הייליקער אַרבעט. זייערע וואַרעמע, דערמוטיקנדיקע בריוו האָבן אונדז באַוועגט פאָרצוזעצן די אַרבעט און איבערווינדן אַלע שוועריקייטן. צו די אויבן דערמאָנטע גלייכע, פולווערטיקע שותפים ביים שטעלן דעם מאָנומענט, אונדזער טראַדיציאָנעלע ברכה: לאַנגע, געזונטע יאָרן, ביז הונדערט און צוואַנציק!

אַ דאַנק די אַלע, וואָס באַטייליקן זיך אין בוך מיט זייערע אַרבעטן, די, וואָס האָבן געשטעלט אין אונדזער רשות פאָטאָגראַפיעס און צוגעהאָלפן אין

דער אָדער יענער מאָס צו זיין דערשיינען (קאַסירערין, חיה לעוויטין־וואָלאַנ־סקי, ברוך בערנשטיין, משה קאַלמאַנאָוויטש, מ. צינאָוויטש א״אַנד).
אַ דאַנק אויך די, וועמען איך האָב פאַרגעסן צו דערמאָנען.



צוליבן פעלן פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן די פאַרגאַנגענע תקופות, האָב איך זיך באַמיט אָפּצושפּיגלען אין בוך דאָס לעבן פון צוויי דורות אי־וויער יידן ד. ה. אָנגעהויבן פון דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט ביזן חורבן פון דער קהילה אין 20סטן יאָרהונדערט (1943). איך האָב זיך באַמיט אויסצושעפּן דעם מאַטעריאַל פון ענציקלאָפּעדיעס, לעקסיקאָנען און פרעסע. ליידער, זיינען די אויבן דערמאָנטע קוועלן ווייניקע און מען האָט בעיקר זיך געמוזט שטיצן אויף די זכרונות און עדות־אַרויסזאָגונגען פון די ווייניקע לעבן־געבליבענע נאָך דער קאַטאַסטראָפע און פון די, וועלכע האָבן פאַרלאָזט איוויע פאַר דעם. אונדזער בוך איז אַ קאָלעקטיווע אַרבעט פון צענדליקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געשריבן וועגן אונדזער שטעטל מיט פיעטעט, ליבע און נאָסטאַלגיע, ווי מען שרייבט געוויינלעך וועגן אַ ישוב, ווו עס איז געשטאַנען אונדזער וויגעלע און ווו מיר האָבן געלעבט גליקלעך אין דער וואַרעמער נעסט פון אונדזערע פאַמיליעס.

עס זיינען געווען פּראָבלעמען ניט נאָר ביים צונויפזאַמלען אַזוי פיל מאַטעריאַל. איך האָב געווידמעט פיל אויפמערקזאַמקייט צו היטן אַ געוויסע פּראָפּאָרץ צווישן די פאַרשידענע תקופות און טיילן פון בוך, זיך באַמיט, אין די ראַמען פון די געגעבענע מעגלעכקייטן, אָפּצושפּיגלען אַלע אַקטיוויטעטן און איניציאַטיוועס אויף די פאַרשידענע אָפּשניטן פון קולטור־געזעלשאַפט־לעכן און עקאָנאָמישן לעבן פון אונדזער יוירנדיק שטעטל. דערביי האָב איך זיך אויך באַמיט צו דערמאָנען די פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען די טאָן־געבער און פירער אין לעבן פון שטעטל, און דאָס אָן אונטערשיד פון פאַרטייאישער אָנגעהעריקייט.

אַ טייל פון די מאַטעריאַלן זיינען געווען פעלערהאַפטע און איך האָב זיי געמוזט ריכטיקשטעלן, נאָך פאַרן רעדאַגירן. עס האָט זיך געפאָדערט אויפ־קלערן און ריכטיקשטעלן דאַטעס, נעמען פון מענטשן, פאַקטן און פאַסירונ־גען. די איינגעשלאָסענע פאָטאָגראַפיעס און מאַפּעס וועלן געוויס צוגעבן פאַרשידנאַרטיקייט און מאַכן אונדזער יזכור־בוך ווערטפולער און אינטע־רעסאַנטער.

אויב איך האָב דערין מצליח געווען, אַפילו טיילווייז, וועט דאָס זיין מיין סאַטיספאַקציע.

משה קאַגאַנאָוויטש

תל־אביב, פעברואַר, 1968

# עיירה של בתי־עץ

# אַ שטעטל פון הילצערנע הייזער און שינדל־דעכער



**רח׳ ברנארדינר במלחמת העולם הראשונה. ברקע — הכנסיה הקטולית למרגלות הגבעה.**

בערנאַרדינער גאַס בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.



אויסזען פון פערד־מאַרק גאַס בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה



**השוק עם הבאר הטיפוסי במלחמת העולם הראשונה**

דער מאַרק מיטן כאַראַקטעריסטישן ברונעם בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.



**שורת חנויות הלבנים בשוק במלחמת העולם הראשונה.**

ריי פון געמויערטע קראָמען אויפן מאַרק בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## מראה העיירה אחרי השריפה הגדולה (15 במאי 1929)
## פאַנאָראַמע פון שטעטל נאָך דער גרויסער שריפה



מצעד ל״ג־בעומר של קן „השומר הצעיר״ ברחוב וילנר השרוף (1929).



ל״ג־בעומר מאַרש פון „השומר הצעיר״
אויפן פאַן פון דער פאַרברענטער ווילנער גאַס.

**מראה ה„שול־הויף״ אחרי השריפה הגדולה במאי 1929.**

דער אויסזען פון „שול־הויף״ נאָך דער גרויסער שריפה אין מאַי 1929.





אויסזען פון דער בערנאַרדינער גאַס נאָך דער שריפה מיט די צייטווייליקע „שאַלאַשן״.

## עיירה של בתי־לבנים וגגות־פח

## אַ שטעטל פון מויערן און בלעכענע דעכער



**רחוב ברנרדינר אחרי שיקומו (1934).**
בערנאַרדינער גאַס נאָכן אָפּבוי.



**רחוב וילנר אחרי שיקומו (1934).**
ווילנער גאַס נאָכן אָפּבוי.



**מראה השוק משני צדדיו לאחר השיקום של העיירה (1934).**
פּאַנאָראַמע פון ביידע זייטן מאַרק נאָכן אָפּבוי.




**רחוב השוק אחרי שיקומו (1934).**
מאַרק־גאַס נאָכן אָפּבוי.




| | |
|---|---|
| עיר או עיירה | נהרות, תעלות ואגמים |
| כפר | מסילות ברזל |

0 20 40 60 80 100 ק"מ

**מפת צפון־מזרח פולין (1939)**

**מאַפּע פון צפון־מזרח׳דיקן טייל פון פוילן (1939)**

# איביה העתיקה

# דאס אלטע איוויע

**תולדות הישוב היהודי באיביה**

**די געשיכטע פון יידישן ישוב אין איוויע**

**זכרונות וועגן איוויע אין סוף פון 19־טן און אָנהויב 20־טן י. ה.**

**רבני קהילת איביה — איוויער רבנים**

**ילידי איביה כמנהיגים רוחניים בקהילות ישראל**

**איוויער אַלס רעליגיעזע אויטאָריטעטן אין יידישע קהלות**

משה כגנוביץ' / ת"א

# לתולדות הישוב היהודי באיביה

לדאבוננו עלו בתוהו מאמצינו למצוא מסמכים ומקורות על תחילת התישבות היהודים באיביה. הרבה מאורעות ואירועים של הישוב נרשמו ב„פנקס חברה קדישא" שנשרף בדליקה הגדולה במאי, 1929. ללא ספק אפשר למצוא חומר רב־ערך בארכיונים של משפחות הרוזנים (גראַפים), בעלי אדמות איביה בתקופות השונות: ראַדזיוויל, סאַפיהא, טיזנהאַוז וזאַמויסקי, בארכיונים של בתי המשפט בלידה, וילנה, אושמינה, מינסק וכו'.

ובודאי יש חומר כנ"ל בכרוניקה הפאַראַפיאַלית של הכנסיה הקאטולית באיביה. גם המצבות בבית־העלמין יכלו לספק לנו חומר רב־ערך בנושא הנדון. „מסך הברזל" והניתוק מהעיירה לא מאפשרים קשר כלשהו. נסיונו העקשני של ההיסטוריון המנוח ד"ר נ. גלבר לגלות מקורות נסתיימו בכשלון.

אספנו את מעט החומר פירורים,פירורים. משום כך אין לנו כלל פרטנסיה למונוגרפיה מושלמת על קורות הישוב היהודי באיביה.

העורך

## א. איביה — נתונים גיאוגרפיים, דמוגרפיים וסטטיסטיים

איביה, איוויה (עברית), איוויע (אידיש), Iwje, Iwie (פולנית), Ивье (רוסית), איווי' (בספרות התורנית). לפי פרופ. ישראל היילפרין במאמרו „שמות גיאוגרפיים במקורות העבריים", לשוננו 3, ג' (עמ' 236) שם העיירה נכתב: „איוויי".

לא ברור די צרכו מקור שם העיירה. ייחסו לשמו של אחד הרוזנים ממשפחת זאמויסקי (בעלי אדמות העיירה), איוואַן, לשמו של בעל טחנת הקמח בזמנים הקדומים, איוואַק (Iwok) ולשמו של הנהר החוצה את העיירה, איבינקה (או להיפך, שם הנהר בא משם העיירה).

היא נמצאת בין מעלות הרוחב 53°56′ צפון ובין מעלות האורך 43°26′ מזרח לגריניץ'. שוכנת על רמה המגיעה ל־157 מטרים מעל פני הים.

איביה השתייכה מיום ייסודה (1538 או 1631) לנסיכות הליטאית הגדולה, אשר מימי ה„אוניה" (איחוד) הפולנית־ליטאית, נתונה היתה לשלטון הרפובליקה הפולנית. לא ברור לאיזה משני הפלכים — הווילנאי או הטרוקי — השתייכה איביה.

אחרי החלוקה השלישית של פולין (1795), משעברה מרביתה של פולין לשלטון רוסיה, עד כיבוש האיזור ע"י גרמניה במלחמת העולם הראשונה (1915) היתה איביה כלולה ב„גוברניה" (פלך) וילנא וב„אויזד" (מחוז), אושמינה.

בתקופת השלטון הפולני (1920—1939) השתייכה אדמיניסטרטיבית ל„וויבודזטוואי" (גליל) נובוגרודק ול„פוביאט" (מחוז) לידה (פרט לשנים 1920—1925, למחוז וולוז'ין).

בשנות השלטון הסובייטי 1939—1941 היוותה איביה בפני עצמה „ראיון" (איזור). הרשויות המבצעות: „ראיאיספולקום" (הועד הפועל האזורי) ו„ראיקום" (הועד האזורי של המפלגה הקומוניסטית). מבחינה אדמיניסטרטיבית השתייכה ל„אובלאסט" (גליל) באראנוביץ', במסגרת „ב.ס.ס.ר." (הרפובליקה הסובייטית־סוציאליסטית ביילורוסיה), שבירתה היא מינסק.

כיום שייכת איביה ל„אובלאסט" (גליל) גרודנה (מספר שנים לפני כן, למולודצ'נה) במסגרת הרפובליקה הביילורוסית־סובייטית.

המרחקים בין איביה ושכנותיה: לתחנת הרכבת גאביה, 9 ק"מ; לעיירה ליפנישקי, 13 ק"מ; לידה, עיר המחוז, שהיוותה את העיר הגדולה, הסמוכה ביותר — 42 ק"מ; לווילנא, 147 ק"מ; לנובוגרודק, 35 ק"מ; לאושמינה, 65 ק"מ; לוולוז'ין, 50 ק"מ.

האוכלוסיה: פולנים (קטולים), בילורוסים ורוסים (פרבוסלבים), טטרים (מוסלמים) ויהודים.

לפי ספירת האוכלוסיה בשנת 1847 היו באיביה 804 יהודים (נפשות).

לפי מפקד של שנת 1897 חיו באיביה 573 יהודים (?!). האוכלוסיה הלא־יהודית — 3080 נפשות. ס"ה אוכלוסית איביה בשנת 1897 — 3653 (האוכלוסיה היהודית — 15.7 אחוזים).

לפי מפקד האוכלוסיה של ממשלת פולין בשנת 1921 חיו בעיירה: 2076 יהודים, 655 לא־יהודים. ס"ה האוכלוסיה — 2,731. היהודים היוו 76 אחוזים של האוכלוסיה כולה.

לפי מפקד האוכלוסיה שביצעה הקהילה היהודית בשנת 1938 חיו באיביה 3,025 יהודים.

מכל המפקדים הנ"ל נראה התמוה ביותר, המפקד של רוסיה הצארית משנת 1897. ברור שבמפקד הוכללה האוכלוסיה הלא־יהודית של כל ה„וולוסט" (ז.א. כל הכפרים שבסביבה שהיו שייכים ל„גמינה" — מועצה אזורית של איביה). הירידה באוכלוסיה היהודית מ־804 (1847) ל־573 (1897) אין לה כלל הסבר. ההגירה הגדולה לאמריקה חלה בשנים הראשונות של המאה העשרים. כנראה, שנפלה כאן טעות מצערת.

המפקד הפולני בשנת 1921 משקף את המצב לאשורו. כדאי להוסיף שבמספר 655 נפש לא־יהודים כלולים נוסף ל„מישצאנים", תושבי העיירה, גם אוכלוסית מוראב־שצ'יזנא (טאטארים) והכפר זאקושצילצה.

## ב. ייסודה של איביה ובעליה

הקמת הישוב קדמה כנראה את התישבות היהודים במקום. בדורות הקדומים היתה שייכת למשפחת הרוזנים, קישקו (Kiszko) אחד מבני המשפחה, מיקולאי מצ'כאנובצה, הקשטלאן של טרוקי וה„פודסקארבי (שר־האוצר) של הנסיכות הליטאית. — (לפי 1. Olgelbrand — Encyklopedia Powszechna; 2. Balinski, Lipinski — Starożytna Polska).

לפי „Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego" היה מיקולאי קישקו הנ"ל ה„וויבודה" (מושל הפלך) של משצ'יסלאב וה„סטארוסטה" (מושל המחוז) של ווילקושב, — בנה בשנת 1538 (לפי שני המקורות הראשונים), או בשנת 1631 (לפי המקור השלישי), כנסיה ומנזר, עבור מיסדר נזירי „ברנרדינים". לשם קיומם תרם ב־10 ביוני 1633 תרומה שנתית של 200 זהובים פולניים והכנסות נוספות מנחלותיו. למיסדר הנזירים הברנרדיני באיביה היתה אחת מהספריות הגדולות ביותר בשטח הדת והאמונה (טאולוגית) — 489 ספרים. עד לרבע הראשון של המאה ה־19 היה קיים ע"י המנזר בית־ספר דתי־רוחני בשם „רטוריקה".

אדמות איביה עברו לאחר מכן למשפחת סלוזקו, ז.א. לקאטאז'ינא יאנושובה (לבית קישקו). בשנת 1662 העבירה את הנחלה ע"ש משפחת הרוזנים (גראפים), קארול וקאטא־רינה ראדזיוויל־הלבוביץ'. אחרי מותם ירשו את האדמות בנותיהם: מארציבלה מארציאנובה אוגינסקה, אשת הוויבודה של טרוקי וקנצלר ליטא וקריסטינה סאפיז'ינה, אשת הוויבודה של פולוצק.

עם מותה הפתאומי של אוגינסקה, עברה איביה בירושה למשפחת הרוזנים סאפיהא, שהעבירה אותה בשנת 1686 למשפחת הרוזנים, טיזנהאוז, שהורישו אותה למשפחת הרוזנים הידועה, זאמויסקי. הזאמויסקים היו בעלי האדמה, שעליה הוקמה העיירה, איביה, עשרות אלפי הקטרים של אדמה חקלאית ויערות עבותים, עד לשנת 1939, בה נכבש האיזור ע"י הצבא האדום.

בני משפחות הרוזנים, לא חיו באחוזתם (הויף) הסמוכה לעיירה, אלא ניהלו את נחלותיהם ע"י אגרונומים, מנהלים ו„אקונומים" (כלכלנים). לעתים רחוקות באו מהערים הגדולות בפולין ובאירופה, מקום שם נהנו מחיי עשירים־הוללים, לביקורים קצרים ולציד ביערות העבותים. למותר להוסיף שמשפחות הרוזנים הפולניים, מייסדי העיירה ובעלי אדמותיה, שברשותם ניתן ליהודים לבנות בתים ובתי תפילה, היו גם אדוניהם לשבט ולחסד. היהודים שילמו לקופת הרוזן תשלום שנתי בעד המגרש, שעליו הוקם הבית („צינש"), בעד הזכות לרעות את סוסיהם ופרותיהם בשדות המרעה („וויגון־וויהן") והיו תלויים בכל בחסדיו של הרוזן ונציגו במקום — ה„אקונום". בשנות העשרים של המאה הנוכחית, בוטל ה„צינש" תמורת תשלום חד־פעמי ניכר.

## ג. קהילת איביה ב„ועד מדינת ליטא"

לפי כל המקורות מופיע הישוב היהודי באיביה רק ברבע הראשון של המאה ה־17. באסיפת המליאה של „ועד מדינת ליטא", שהתקיים בחודש אייר שפ"ו (1626) בבריסק, נזכר השם, משה מאיביה, בין משלמי המיסים לועד. באסיפת המליאה הקודמת של ועד המדינה הנ"ל, שהתקיים בחודש אלול שפ"ג (1623) בבריסק, בה נזכרו שמות של קהילות שונות בליטא, בקשר לשייכותן האדמיניסטרטיבית לאחת משלוש הקהילות הראשיות של ועד המדינה: בריסק, הורודנה (גרודנה) ופינסק, לא נזכר בכלל שם קהילת איביה, אבל מזה אין להסיק, שלפני כן לא היה קיים ישוב יהודי באיביה. באסיפת המליאה של „ועד מדינת ליטא" בשנת שפ"ו (1626) מופיעים שמות של מספר קהילות מגובשות, כגון:

קאפוליה, מוש, סמורגון, טראָק, זלווה וכו׳, שגם הן לא נזכרו באסיפת המליאה הקודמת בשנת שפ״ג (1623).

בשנת ת״פ (1720), מופיעה איביה כקהילה מגובשת ומבוססת. ברשימת ההערכה של מס־הגולגולת (קאָפּ־שטייער) שהוטל על קהילות ליטא, לפי החלטת המליאה של „ועד המדינה״ במושבו באמדור (טבת־שבט ת״פ — 1720), היה על ק״ק (קהילה קדושה) „איוויע״ לשלם 530 זהובים. באסיפה הנ״ל נקבע מס הגולגולת לקהילת נובארדוק 400 זהובים בלבד — הוכחה מובהקת שקהילת איביה עלתה אז באוכלוסיתה היהודית על נובארדוק.

באסיפת ועד המדינה בחודשים חשון־כיסלו תקי״ב—1751 בעיירה מיר היתה הערכת מס הגולגולת על כל יהודי ליטא, ס״ה ששים אלף (60,000) זהובים. חלקה של קהילת איביה, ביחד עם ליפנישוק שכנתה (שהיתה כפופה לאיביה), נקבע לסך 520 זהובים. הגורמים להורדה במיסים היו: מרד הקוזקים (1648) ומלחמת הצפון בין רוסיה, פולין ושוודיה (1655—59), שגרמו להרג ולחורבן כלכלי של יהדות פולין וליטא. באסיפת ועד המדינה בחודשי סיון־אב תקכ״א—1761 בסלוצק, הועלה מס הגולגולת ליהודי איביה וליפנישוק לסך 600 זהובים.

העובדה שקהילת איביה לא היתה כפופה לאחת מחמשת הקהילות הראשיות של ועד מדינת ליטא (בריסק, הורודנה, פינסק, וילנא וסלוצק) כדוגמת הקהילות הקטנות, והיתה קהילה עצמאית (אוטונומית) בתשלומי המס, ישיר למרכז ועד המדינה — מוכיח בעליל שבמאה ה־17 היתה איביה, אחת מהקהילות החשובות בליטא.

ועד מדינת ליטא (או „ועד המדינות״) כלל כנ״ל 5 גלילים. הוקם בשנת 1623, אחרי שמדינת ליטא התבדלה מ„ועד ארבע הארצות״ (פולין־הגדולה, פולין־הקטנה, ליטא ורייסן), שנוסד בשנת 1520 על פי צו מלכי פולין. „ועד ארבע הארצות״ הפסיק להתקיים בשנת 1764 לפי פקודת המלך סטאניסלאוו־אוגוסט, ואילו „ועד המדינות הליטאי״ התקיים עד לשנת 1766.

שני הועדים הנ״ל הוקמו לשם הערכת המיסים וגביתם במרוכז מהקהילות לטובת קופת מלכי פולין. לימים נתרחבו סמכויותיהם על חיי הדת והתרבות של היהודים. לתקנות הועדים היה תוקף חוקי.

## ד. איביה בתקופת ממלכת פולין ונסיכות ליטא

ברור שישוב יהודי יכול היה לקום אך ורק במקום בו היתה כנסיה, ז״א. מקום ריכוז לאוכלוסיה הכפרית, שבו התקיימו ימי־שוק וירידים (לפי „אנציקלופ. סלובאר״ משנת 1894 התקיימו באיביה יום־שוק אחת לשבוע וארבעה ירידים בתקופת שנה). לפי המקורות כנ״ל הוקמה הכנסיה הקטולית ומיסדר הנזירים הברנרדינים ב־1538 או 1631. לא מתקבל כלל על הדעת, שלפני כן חיו יהודים באיביה. יתכן שנמצאו בכפרי הסביבה, מקום שם יכלו להתפרנס.

קביעתן של האנציקלופדיות הפולניות והרוסיות, שהישוב היהודי באיביה מופיע רק ברבע הראשון של המאה ה־17, משום שאז (1626) מופיע לראשונה בין משלמי מס־הגולגולת ל„ועד מדינת ליטא״, משה מאיוויע, אינו מעיד שלפני כן לא חיו יהודים

באיביה או בכפרים הסמוכים לה. ברור, שמספרם היה מועט, יתכן עשרות משפחות בלבד. בשנת 1578 חיו בנסיכות הליטאית 27 אלף יהודים. הקהילה הכי גדולה, בריסק, מנתה בשנת 1552 — 90 בתי יהודים, גרודנו (הורודנו) — 60.

לפי כל המקורות הגיעו יהודים לליטא במאה ה־14, בימי שלטונו של גדימין (1316—1341) שהרחיב את גבולות המדינה הליטאית עד הנימאַן והבוג. הוא נשאר עובד אלילים כל ימי חייו והיה משוחרר מתסביך שנאת יהודים. הוא פתח את שערי ארצו לסוחרים ובעלי־מלאכה מן המערב וביניהם היו הרבה יהודים. גם נכדו, הנסיך הגדול של ליטא, ויטולד — וויטאוטאס (1392—1430), לא נהג הפליה דתית והעניק כתב זכויות ליהודים. כתב הזכויות של ויטולד ליהודי ליטא היה דומה לפריוולגיות של הנסיך בולסלב מקאליש ליהודי פולין. לפי זה ניתן ליהודים: זכות של תנועה חופשית בכל רחבי המדינה; זכות למסחר; זכויות דתיות; שיפוט של יהודים בסיכסוכים בין בני־עדתם. לא רק מושלי ליטא, אלא גם האוכלוסיה הליטאית התיחסה ליהודים ביתר טולרנטיות מאשר יתר עמי אירופה. עד המחצית השניה של המאה ה־14 היו עובדי־אלילים ולא ידעו כלל על האנטישמיות. לאחר מכן לא היתה הקָטוליות הליטאית פנטית והעיקר, האוכלוסיה הכפרית הזדקקה למתווכים ולסוחרים, שהיהודים הצטיינו בתור כאלה.

ויטולד הרחיב את גבולות ליטא מזרחה ודרומה. בסוף המאה ה־14 הצליח להנחיל מכה ניצחת לצבא הטאטארים בראשותו של תימור לנג. את הטאטארים השבויים הושיב בעיירות נסיכותו כחקלאים. מכאן ריכוזי הטאטארים המוסלמים באיביה, נובארדוק, „סאראָק טאטארוב" ע"י וילנה, נסביז וכו'. במשך הדורות הם התבוללו באוכלוסיה המקומית (הביילורוסית) וקיבלו את שפתם והווי־החיים. הייחוד שבהם היתה השמירה על דתם המוסלמית והמסגדים שהקימו בשכונותיהם בישובים הנ"ל.

מספר היהודים בלידה וסביבתה גדל בתוקף השואה שנתרחשה בשנת 1648 בקרב יהודי אוקראינה, פודוליה ווולין, כשקם בוגדאן חמלניצקי עם הקוזאקים למלחמת־קודש נגד בעלי־האחוזות (ה„פריצים") הפולניים. במסעו רצח ללא רחם את יהודי הערים הכבושות (גזירות ת"ח ות"ט). יש להניח כי פליטים מן הדרום הגיעו גם לאיביה ונשארו בה לאחר שוך הסערה.

המאה ה־17 (תקופה שבה היתה ללא ספק קהילה יהודית באיביה כנ"ל) היתה הקשה מכל התקופות בחיי יהודי ליטא. הקהילות היהודיות שנתעצמו כתוצאה מגזירות ת"ח ות"ט, נפגעו מאד במלחמת רוסיה—שוודיה (1654—1667). בשנת 1655 נכבשה איביה יחד עם יתר חבלי ליטא ע"י הצבא הרוסי. בווילנה ובגרודנה נערכו פרעות ביהודים ובגליל כולו החלו ברדיפות היהודים ובשוד רכושם. המלך השוודי קרל־גוסטאוו ה־10 ניצל את המצב האנרכי בפולין וצבאותיו פשטו והגיעו עד לפלך וילנה וכאן הם התנגשו ברוסים (שבינתיים השלימו עם הפולנים). השוודים לא הרגו ביהודים במיוחד אבל סחטו את ממונם. כעבור יובל שנים (1707) שוב השתוללו צבאות מלך רוסיה, פטר הגדול, בחבלי וילנה וגרודנה, במלחמתם נגד השוודים שעלו על פולין.

בין שתי המלחמות ואחריהן נאלצו היהודים בפלכים הווילנאי (איביה היתה כלולה בו) והגרודנאי להאבק על זכויותיהם האזרחיות ובעיקר על זכויות העיסוק במסחר

ובמלאכות. בעיירות ובכפרים היו האצילים הפולניים חופשים לרדות ביהודים יושבי אדמותיהם, ויש שהיו מתעללים ורודים בהם ביד חזקה. האנרכיה וההפקרות שהשתלטו בחיי הציבור והמדינה בכל ארץ פולין, בעקב עלית מעמד האצולה („שליאַכטה") והשפעתו, גרמו סבל רב ליהודי הישובים הקטנים בחבלי וילנה, לידה וכו׳.

## ה. בתקופת הכיבוש הרוסי (1772—1914)

שלוש פעמים חילקו ביניהן רוסיה, פרוסיה ואוסטריה את מדינת פולין, שהיתה שקועה במריבות פנימיים (1772, 1793, 1795). על סף חלוקתה של פולין, היתה כבר לידה הסמוכה עיר־מחוז. בספירה משנת 1766 היו בכל מחוז לידה 5,291 יהודים, מזה בלידה 1,167 (על איביה אין מיספרים).

אחרי החלוקה השלישית (1795) משעברה מרביתה של פולין לשלטון רוסיה, מצאו את עצמם יהודי פולין ברוסיה תחת שלטונה של הקיסרית ייקאתרינה הגדולה. הקיסרית „הנאורה" קבעה מיד „תחום מושב" בשביל היהודים, שאסר עליהם להתגורר בפלכי רוסיה עצמה (חוק זה נשאר בתוקפו עד חורבנה של רוסיה הצארית בשנת 1917). נתרבו הגזירות כמו: איסור להחזקת פונדקים, בתי מרזח ובתי־משרפות ליי״ש. הותר העיסוק במסחר ובמלאכות ללא הגבלות, אבל נגזר על יהודי הכפרים לעזבם ולהתגורר בישובים עירוניים בלבד. בשנת 1804 התחיל הגירוש מהכפרים, שלא בוצע בשלמות, מחמת פלישת צבאות נפוליאון לרוסיה.

הכובשים הצרפתיים גרמו צרות צרורות ליהודים: חיללו בתי כנסת ובתי עלמין, גבו מיסים גבוהים, דרשו גיוס אנשים לצבאם ובימי נסיגתם שדדו ובזזו מן היהודים. זקני איביה ידעו לספר מפי הוריהם שצבא נפוליאון עבר דרך איביה ובאקשט במסע הנצחון שלו למעמקי רוסיה ובנסיגת־החרפה כמובס. לפי דבריהם הקימו צבאותיו את התצפית („מאיאק") בדרך לכפר אורצישוק, שנשאר כמצבת־זכרון עד לימינו.

מלחמת נפוליאון דילדלה מאד את היהודים והמחלוקת בין החסידים והמתנגדים החריפה והביאה לצמצום זכויות הקהילות. בשנת 1819 נאסר על יהודי מחוז לידה לחכור אחוזות אצל הגויים ובשנת 1823 בוצע גירוש היהודים („ישובניקים") מן הכפרים במחוז לידה (כולל איביה). בשנת 1835 חודש גירוש היהודים מן הכפרים.

במאות ה־17, 18 ומחצית ה־19 חיו מרבית היהודים באחוזות ובכפרי הסביבה. הקהילה באיביה לא היתה גדולה במיוחד. הסיבה העיקרית לכך — בכפרים יכלו להרוויח את לחמם כחוכרי אחוזות ומחלבות מה„פריצים" („ארנדטורים"), כחנוונים ורוכלים, בעלי בתי־מרזח ופונדקים וכו׳. חלקת אדמה ופרה השלימו את החסר לקיום המשפחה. היו בין ה„ישובניקים" גם למדנים, שקנו להם שם בסביבה. בכל ישוב כפרי או אחוזה היה מלמד שהביאו מאיביה הסמוכה לחנך את הילדים, שגדלו בין הגויים, לתורה ולמצוות. בכפרים הגדולים היו מקיימים מנין בשבתות. לפני החגים היו מעמיסים את המשפחה ע״ג עגלה בתוספת תנובת השדה, והיו חוגגים בין יהודים באיביה הסמוכה.

יצחק קובוביצקי (אחיו של ד״ר אריה קובובי ז״ל) מספר בזכרונותיו על השנים, בהן חיה משפחתם באיביה (אביו, אברהם־צבי קוקוביצקי ז״ל היה חזן ושו״ב בשנות 92—1889),

שאביו היה יוצא מדי שבוע בשבוע לכפרים, בהם חיו משפחות של „ישובניקים", לשחוט את בהמותיהם. לדבריו חיו בסוף המאה ה־19 כאלף יהודים בעיירה ומאות בכפרי הסביבה. לכל משפחה יהודית באיביה היתה פרה, עזים וחלקת אדמה (גן), שלרוב היווה את חלק־הארי של הקיום החומרי. רמת־החיים היתה ירודה, הסתפקו במועט ומצאו את נחמתם באמונה ובקיום מצוות.

לפי „Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego" משנת 1882, היה סניף הדאר באיביה מחזיק את קשריו עם לידה באמצעות הדאר בכפר דז'יקוביץ' (מרחק של 29 ויורסט)...

לפי המקור הנ"ל היה מספר האוכלוסין באיביה בשנת 1869 — 2123 תושבים, מזה 1053 גברים, 1070 נשים (חסר פירוט לפי הלאום והדת).

## ו. איביה, עיירה של ישובניקים

כנאמר לעיל ישבו מאות משפחות של יהודים בכפרי הסביבה וחיו שם דורות על דורות בשקט יחסי. הגזירות הצאריות אילצו אותם לעזוב את הכפרים ומשענתם הכלכלית ולעבור לעיירה הסמוכה. הם נאחזו בפרנסותיהם הקודמות, הודות לקשרים הקודמים עם הכפריים של ה„פרפיה". יש לקבוע ללא היסוס שקהילת איביה היתה ברובה קהילת „ישובניקים" לשעבר. שמות הכפרים בהם חיו לפני כן, נשאר כשם־לוואי להם ולבניהם אחריהם:

ברל ובנו, אברהם איזבויסקר (לייבמאן), שמעון איזבויסקר (קובנסקי). עשרות משפחות באיביה התיחסו ל„איזבויסקר" (הכפר איזבויסק שעל נהר הנימאן, 8 ק"מ מאיביה, בדרך לנובארדוק).

יואל בארקיער (בלוך). בארקי —אחוזה בדרך לכפר אורצישוק.

חיים־עקיבא לוקעשינער (הכפר לוקעשין, 4 ק"מ מהעיירה). היה בעל טחנת־ קמח בכפר.

יוסף באגנרודר (לייבוביץ'), עבר לאיביה מהכפר באגנרוד עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה. יהודי תלמיד־חכם וירא שמים. בנו, חיים, מניצולי השואה, חי בארץ.

יוסף בארעווער (מובשוביץ'). היתה לו טחנת קמח חכורה בכפר בארעווע. שניים מבניו עלו ארצה (חיים ז"ל ודוד).

ברל לוגמוביצר (דלטיצקי), מלמד תינוקות. הבן, גרשון, מניצולי השואה, עלה ארצה.

יצחק זיקביצר (בקשט). עבר לאיביה בשנות העשרים מהכפר זיקביץ'. בנו לייבקה, מהעסקנים הציוניים וראש פוע"צ־ימין.

אלתר לאזדונער (מתוסביץ'). בעל מחלבה באחוזת („הויף") לאזדון, כ־15 ק"מ מהעיירה. בלאזדון גרו עוד מספר משפחות יהודיות. בניו: ברל (דב) ז"ל ומשה עלו ארצה.

יצחק דודער, שמעון דודער וכו'. הכפר דוד, במרחק של 6 ק"מ מהעיירה.

משה סונטאקער (מיקולאיבסקי). הכפר סונטאק, כ־25 ק"מ בדרך ללידה. נכדו משה, מניצולי השואה, חי בארץ.

בצלאל קראסובשציזנער (פדרמן). אחיו זליג — חלבן שהמשיך לעסוק במקצועו, ייצור גבינה שוויצרית, גם אחרי שעבר מקראסובשציזנה לאיביה.

פייוועָ נאצקביצר (בלוך). לעת זיקנה עבר לאיביה מכפר נאצקביץ. על אף זיקנתו נחשב ליהודי „גבר אלים". על גבורתו ופשטותו התהלכו בעיירה סיפורים מבדחים.

לייזר מאַרינער (אפשטיין). חוכר המחלבה מהפריץ באחוזת מאַרין (ע"נ נימאן).

מארקל מיקולאיעווער (מובשוביץ'). מיקולאיבה על נהר נימאן, בדרך ללוביץ'. עיירה קטנה בה חיו כמנין משפחות יהודיות, שעברו ברובם המכריע לאיביה.

פייוועָ מיישיקאָוויצער, אלי קריצ'ניקער, אלי יאשקביצר, פסח ראָזעוויצער, הירשל קופרעוויצער, אלתר יוראצישקער, הירשל בערעזינער וכו' כולם עברו מישוביהם הכפריים לאיביה.

למותר להתעכב בסקירה היסטורית על חיי קהילת איביה במחצית השניה של המאה ה־19 והמאה הנוכחית (ה־20). ספר הזכרון שלפנינו משקף, במדת האפשרות, את התקופה הנ"ל עד לחיסולה של הקהילה בשנות השואה (1944—1941).

קהילה תוססת שהתקיימה מעל 350 שנה, נמחקה מעל פני האדמה יחד עם מאות ואלפי קהילות באירופה, ללא תקוה שישוקמו אי־פעם.

## רשימה ביבליוגרפית


1. פרופ. ש. דובנוב: „דברי ימי עם עולם", הוצ' „דביר" ת"א, תש"י.
2. „צייטשריפט" פאַר געשיכטע, דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמיק, באַנד III, II, ז"ז 74—373, מינסק 1928.
3. אברהם אליאב: „ישובניקים בסביבות איביה".
4. פרופ. ש. דובנוב: „פנקס המדינה של ועד הקהילות הראשיות במדינת ליטא", ברלין, תרפ"ה.
5. „אשכול" אנציקלופדיה ישראלית, ברלין—ירושלים, 1932.
6. Orgelbrand — Encyklopedia Powszechna, W-wa, 1863.
7. Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego, W-wa, 1882.
8. Balinski, Lipinski — Starożytna Polska, W-wa, 1887.
9. אנציקלופ. סל:באר — ברוקהאוז ואפרון, פטרבורג, 1894.
10. ייברייסק. אנציקלופ. פטרבורג, 1912.
11. Encyclopedia Judaica, Berlin, 1931.
12. Skorowidz miejscowości Rzeczypospolitej Polskiej 1922—27, W-wa.

**משה קאַגאַנאָוויטש / ת״א**

# צו דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין איוויע

צו אונדזער באַדויערן איז אונדז ניט געלונגען — טראָץ אַלע באַמיונגען — צו געפינען דאָקומענטן און קוועלן וועגן אָנהייב פון דעם יידישן ישוב אין איוויע. אַ סך פון דעם, וואָס עס איז געשען אין אונדזער קהילה, איז געווען פאַרצייכנט אין „פנקס״ פון דער חברה־קדישא, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן בעת דער גרויסער שריפה, אין מאַי 1929. עס איז קיין ספק נישט, אַז מען וואָלט אויך געקענט געפינען מאַטעריאַלן פון וויכטיקער באַדייטונג אין די אַרכיוון פון די גראַפן־פאַמיליעס: ראַדזשיוויל, סאַפיעהאַ, טיזענהאַוז א.ז. זאַמויסקי — די ערדבאַזיצערס אין איוויע, אין פאַרשידענע תקופות, ווי אויך אין די אַרכיוון פון די געריכטן אין לידע, ווילנע, אָשמענע, מינסק און אַנדערע.

עס איז אויך וואַרשיינלעך, אַז מאַטעריאַלן וועגן יידן אין איוויע זיינען פאַראַן אין דער כראָניק פון דער קאַטוילישער פאַראַפיע אין איוויע. אויך די מצבות פון יידישן בית־עלמין וואָלטן געקענט באַרייכערן אונדזער וויסן אויף דעם געביט. דער „אייזערנער פאַרהאַנג״ און דאָס זיין אָפּגעריסן פון שטעטל, דערמעגלעכן נישט קיין שום אופן פון אַרויסבאַקומען מאַטעריאַלן. דער עקשנותדיקער פּרוּוו פון פאַרשטאָרבענעם היסטאָריקער ד״ר געלבער ז״ל אויסצוגעפינען אַנדערע קוועלן וועגן אונדזער ישוב האָט ניט געגעבן קיין שום פּאָזיטיוון רעזולטאַט.

מיר האָבן אויפגעקליבן דאָס ביסל מאַטעריאַל, ממש ברעקלעך, ברעקלעך. צוליב דעם ווען מיר זיך ניט גרויסן און זאָגן, אַז מיר גיבן דאָ אַן אויספירלעכע, שלמותדיקע מאָנאָגראַפיע פון יידישן ישוב אין איוויע. מיר גיבן דאָס, וואָס מיר האָבן מיט שווערער מי אויפגעזאַמלט.

**דער רעדאַקטאָר**

## א. איוויע — געאָגראַפיש־דעמאָגראַפישע און סטאַטיסטישע איינצלהייטן

איביה, איוויה (העברעאיש), איוויע (יידיש), Iwje, Iwie (פּויליש), Ивье (רוסיש), איווי׳ (אין דער רבנישער ליטעראַטור). לויט פּראָפעסאָר ישראל היילפּערין אין זיין מאמר „געאָגראַפישע נעמען אין העברעאישע קוועלן״, „לשוננו״, ג׳־ד׳ (זייט 236) שרייבט זיך דער נאָמען פון שטעטל: „איוויי״.

דער מקור פון נאָמען פונעם שטעטל איז ניט גענוג קלאָר. לויט איין ווערסיע טראָגט דאָס שטעטל דעם נאָמען פון איינעם פון די גראַפן פון דער פאַמיליע זאַמויסקי (די ערד־אייגנטימערס פון שטעטל), וועלכער האָט געהייסן איוואַן. לויט אַן אַנדערע ווערסיע באַציט זיך דער נאָמען צו אַן אייגנטימער פון דער מיל אין גאָר פריע צייטן — איוואָק (Iwok), אָדער גאָר — צום נאָמען פון טייכל וואָס שניידט אַדורך דאָס שטעטל: איווינקאַ (כאָטש עס קען אויך זיין פאַרקערט: דער טייך האָט באַקומען דעם נאָמען פונעם שטעטל).

איוויע ליגט אין צפון־זייט צווישן 53° 56′ גראַד ברייט, און 43° 26′ גראַד לענג אין מזרח צו גריניטש. דאָס שטעטל ליגט אויף אַ הויכקייט פון 157 מעטער איבערן ים־פלאַך.

איוויע האָט אָנגעהערט, זינט איר עקזיסטענץ (1538, אָדער 1631), צום גרויסן ליט־ווישן פירשטנטום און זינט דער פויליש־ליטווישער „וניע" (פאַראייניקונג), איז זי געווען אונטער דער פוילישער הערשאַפט. עס איז ניט באַוווּסט צו וועלכער פון די צווי גובערניעס, ווילנע אָדער טראָקי, האָט איוויע צוגעהערט.

נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן (1795), בעת דער גרעסטער טייל פון פוילן איז אַריבער אין רוסישער הערשאַפט, און ביז דער דייטשער אָקופּאַציע, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1915), איז איוויע געווען אַנגעשלאָסן אין דער ווילנער גובערניע, קרייז אָשמיאַנע.

אין דער תקופה פון דער פוילישער הערשאַפט, אין די יאָרן 1920—1939, האָט איוויע געהערט אַדמיניסטראַטיוו צו דער נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדשאַפט, לידער פּאָוויאַט (מיטן אויסנאַם פון די יאָרן 1920—1925, ווען איוויע האָט אָנגעהערט צום פּאָוויאַט וואָלאָזשין).

אין די יאָרן פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט (1939—1941) איז איוויע געווען אַ זעלבשטענדיקער קרייז, און געהאַט אייגענע אויספיר־אָרגאַנען: „ראַאיספּאָלקאָם" (קרייז־עקזעקוטיוו), און „ראַיקאָם" (קרייז־ראַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). אַדמיניסטראַ־טיוו האָט איוויע איצט צוגעהערט צו דער באַראַנאָוויטשער וואָיעוואָדשאַפט (אָבלאַסט), אין די ראַמען פון ב.ס.ס.ר. (ווייסרוסישע סאָוויעטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק, מיט איר הויפּטשטאָט מינסק).

היינט צו טאָג געהערט איוויע צום גראָדנער „אָבלאַסט" (גובערניע) (מיט עטלעכע יאָר פריער — צו מאָלאָדעטשנע). אין די ראַמען פון דער ווייסרוסישער סאָוויעטיש־סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

דער מרחק צווישן איוויע און אירע שכנותדיקע ישובים, זיינען: צו דער באַן־סטאַציע גאַוויע, 9 קילאָמעטער, צום שטעטל ליפּנישקי, 13 ק"מ. צו דער נאָענטער קרייז־שטאָט לידע, 42 ק"מ, קיין ווילנע, 147 ק"מ, צו נאָוואָגרודעק, 35 ק"מ, אָשמענע, 65 ק"מ, וואָלאָ־זשין, 50 ק"מ.

די באַפעלקערונג: פּאָליאַקן (קאַטוילישער גלויבן) ווייסרוסן און רוסן (פּראַוואָסלאַוון), טאַטאַרן (מוסולמענער) און יידן.

לויט דער ציילונג פון דער באַפעלקערונג אין יאָר 1847, זיינען אין איוויע געווען 804 יידישע נפשות. אין יאָר 1897 האָבן אין איוויע געלעבט בלויז 573 יידן (?!). די ניט־יידישע באַפעלקערונג האָט צו דער צייט געציילט 3080 נפשות. אין אַלגעמיין האָט די איוויער באַפעלקערונג געציילט אין יאָר 1897 — 3653 נפשות, און דער פּראָצענט פון יידן — 15.7.

בעת דער פאָלקס־ציילונג וואָס עס האָט דורכגעפירט די פוילישע מאַכט אין יאָר 1921, האָבן געלעבט אין איוויע 2076 יידן און 655 ניט־יידן, צוזאַמען 2731 נפשות. די יידן האָבן צו דער צייט געציילט 76 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

לויט דער ציילונג וואָס עס האָט דורכגעפירט די יידישע קהילה אין איוויע, אין יאָר 1938, האָבן אין אונדזער שטעטל געלעבט 3025 יידן.

פון די אַלע פאַלקס־ציילונגען איז די אַממייסטן שטוינענדיקע, די ציילונג וואָס עס האָט דורכגעפירט די צאַרישע מאַכט אין יאָר 1897. עס איז קלאָר, אַז די ציילונג האָט אַרומגענומען אויך די ניט־יידישע באַפעלקערונג פון דעם גאַנצן „וואָלאָסט" (ד. ה. אַלע דערפער פון דער געגנט וואָס האָבן געהערט צו דער „גמינע" — קרייז־ראַט פון איוויע). די פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון 804 אין יאָר 1847, ביז 573 אין יאָר 1897, האָט ניט קיין שום אויסטייטש. די גרויסע עמיגראַציע קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און עס איז דעריבער אָנצונעמען, אַז די אָנגעגעבענע אינפאָרמאַציע איז פשוט אַ טעותדיקע.

די פוילישע פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1921 שפּיגלט אָפּ דעם ריכטיקן מצב. עס איז כדאַי צוצוגעבן, אַז אין דער צאָל 655 ניט־יידישע נפשות — לויט דער ציילונג אין יאָר 1921 — זענען שוין אַריינגערעכנט, חוץ די „מיעשטשאַנעס" (די בירגער פון שטעטל), אויך די באַפעלקערונג פון מוראַוושטשיזנע, די טאַטאַרן, און דאָס דאָרף זאַקאָשטשעלצאַ.

## ב. די אַנטשטייאונג פון איוויע און אירע אייגנטימער

דער ישוב אַליין איז, ווייזט אויס, אַנטשטאַנען נאָך איידער עס האָבן זיך דאָרט באַזעצט יידן. אין די פריע צייטן האָט איוויע געהערט צו דער גראַפן־פאַמיליע קישקאַ (Kiszko). איינער פון דער משפּחה: מיקאָלאַי פון טשעכאַנאָוועצ, איז געווען דער קאַשטעלאַן פון טראָקי און דער „פאַדסקאַרבי" (פינאַנס־מיניסטער) פון ליטווישן פירשטנטום. (לויט 1. Olgelbrand — Encyklopedia Powszechna; 2. Balinski, Lipinski — Starożytna Polska). לויט „Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego" איז מיקאָלאַי קישקאַ געווען דער וואָיעוואָדע פון מסטשיסלאַוו, און סטאַראָסטע פון ווילקאָמיר. אין יאָר 1538 (לויט די ערשטע צוויי קוועלן), אָדער אין 1631 (לויט דער דריטער קוועלע), האָט דער דערמאָנטער קישקאַ געלאָזט בויען אַ קלויסטער און אַ מאָנאַסטיר פאַרן בערנאַרדינער־אָרדען. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר זייער עקזיסטענץ, און אין 10טן יוני 1633, האָט ער געשאָנקען אַ יערלעכע סומע פון 200 פוילישע גילדן און נאָך אַנדערע הכנסות פון זיינע גיטער. דער בערנאַרדינער מאָנאַסטיר אין איוויע האָט פאַרמאָגט איינע פון די גרעסטע ביבליאָטעקן — 489 ביכער. ביז דעם ערשטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט האָט ביים מאָנאַסטיר עקזיסטירט אַ גייסטיקע רעליגיעזע שולע, א. נ. „רעטאָריקאַ".

דער באַדן פון איוויע איז שפּעטער איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער פאַמיליע סלושקאַ (Słuźko) גענויער: אין די הענט פון קאַטאַזשינאַ יאַנושאָוואַ (פון דער היים קישקאַ). אין יאָר 1662 האָט די דערמאָנטע איבערגעפירט איר ירושה אויפן נאָמען פון דער גראַפן־פאַמיליע קאַראָל און קאַטאַרינאַ ראַדזיוויל־העלבאַוויטש. נאָך זייער טויט האָבן געירשנט דעם באַדן פון שטעטל זייערע טעכטער: מאַרציבעלאַ מאַרציאַנאָוואַ אָגינסקאַ — די פרוי פון וואָיעוואָדע פון טראָקי און דער קאַנצלער פון ליטע, ווי אויך קריסטינאַ סאַפּיעזשינאַ — די פרוי פון וואָיעוואָדע פון פּאָלאָצק.

נאָכן טויט פון דער אָגינסקאַ איז איוויע איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער גראַפן־פאַמיליע סאַפּיעהאַ. אין יאָר 1686 האָט זי איבערגעגעבן דאָס אייגנטום איבער איוויע דער גראַפן־פאַמיליע טיזענהאַוז און פון זיי האָט עס געירשנט די באַוווּסטע גראַפן־פאַמיליע

זאַמויסקי. די זאַמויסקיס זיינען געווען די אייגנטימער פונעם באָדן אויף וועלכן עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס שטעטל איוויע, וואָס האָט אַרומגענומען אַ שטח פון צענד־ליקער טויזנטער העקטאַר אַגראַר־באָדן און אור־וועלדער.

די פריצישע קינדער האָבן נישט געלעבט אין זייער הויף, וואָס איז געווען נאָענט פון שטעטל. מיט זייערע גיטער האָבן אָנגעפירט אַגראָנאָמען, דירעקטאָרן און עקאָנאָמען (ווירטשאַפטלער). זייער זעלטן זיינען זיי געקומען פון די גרויסע שטעט אין פוילן, צי פון אויסלאַנד (ווו זיי האָבן על פי רוב געפירט אַ רייך־פאַרשווענדעריש לעבן) אויף קורצע באַזוכן און אויף יאַגד אין די געדיכטע וועלדער. עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די פּאַמי־ליעס פון די פּוילישע גראַפן — די גרינדער פון שטעטל און די אייגנטימער פון די ערד־שטחים — אין וועמענס רשות די יידן אין שטעטל האָבן געבויט זייערע הייזער, בתי־תפילה, זיינען געווען די האַרן איבער זיי צום גוטן ווי צום שלעכטן. די יידן האָבן איינגע־צאָלט אין דער קאַסע פון גראַף אַ יערלעכן אָפּצאָל „צינש" פאַרן באָדן אויף וועלכן עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן זייער הויז, פאַרן זכות צו קענען פאַשען זייערע פערד אין בהמות אויף די לאָנקעס („וויגאָן־וויהען"), און זענען געווען אָפּהענגיק אין די חסדים פון גראַף און זיין פאַרטרעטער — דעם עקאָנאָם. אין די צוואַנציקער יאָרן פון לויפנדיקן יאָרהונדערט איז דער דערמאָנטער שטייער (צינש) בטל געוואָרן דורך אַן איינמאָליקן אָפּצאָל וואָס מען האָט געדאַרפט אַריינטראָגן אין דער קאַסע פונעם גראַף.

## ג. די איוויער קהילה אין „ועד מדינת ליטא"

לויט אַלע קוועלן דערשיינט דער יידישער ישוב אין איוויע ערשט אין ערשטן פערטל פון 17טן יאָרהונדערט. בעת דער פאַרזאַמלונג פון פּלענום פון „ועד מדינת ליטא" אין יאָר שפ"ו (1626), וואָס איז פאָרגעקומען אין בריסק, ווערט דערמאָנט דער נאָמען משה פון איוויע צווישן די שטייער־צאָלער פאַרן ועד. בעת אַ פריערדיקער זיצונג פון פּלענום וואָס איז פאָרגעקומען אין חודש אלול שפ"ג (1623) אין בריסק, בעת וועלכער עס ווערן דערמאָנט נעמען פון פאַרשידענע קהילות אין ליטע, אין שייכות מיט זייער אַדמי־ניסטראַטיווער צוגעהעריקייט צו איינער פון די דריי הויפּט־קהילות פון לאַנדסראַט: בריסק, האָראָדנע (גראָדנע) און פּינסק, ווערט נאָך בכלל ניט דערמאָנט דער נאָמען פון דער איוויער קהילה, כאָטש עס איז נאָך דערפון ניט געדרונגען, אַז דער יידישער ישוב האָט נאָך נישט געהאַט דעמאָלט עקזיסטירט. בעת דער אסיפה פון פּלענום פון „ועד מדינת ליטא" אין יאָר שפ"ו (1626) ווערן דערמאָנט נעמען פון אַ צאָל קהילות, ווי: קאַפּוליע, מוש, סמאָרגאָן, טראָק, זעלווע און אַנדערע, וואָס זענען אויך ניט דערמאָנט געוואָרן בעת דער פאַרזאַמלונג אין יאָר שפ"ג (1623).

אין יאָר ת"פ (1720) פיגורירט שוין איוויע ווי אַ באַזירטע, איינגעפונדעוועטע קהילה. אין דער ליסטע פון שטייער־שאַצונג („קאָפּ־שטייער"), וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די קהילות אין ליטע — לויט דעם באַשלוס פון פּלענום פון „ועד מדינת ליטא" — וואָס איז פאָרגעקומען אין אמדור (טבת־שבט, ת"פ — 1720), האָט די קהילה אין איוויע געדאַרפט באַצאָלן פינף הונדערט גילדן, בעת אויף דער נאָוואַרעדקער קהילה האָט מען

נאָר געהאַט אַריפגעלייגט 400 גילדן קאָפּ־שטייער. דאָס באַווייזט קלאָר, אַז די קהילה אין איוויע איז אין צאָל נפשות דאַן געווען גרעסער פון נאָוואַרעדאָק.

בעת דער אַסיפה פון לאַנדס־ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען אין די חדשים חשון־כסלו פון יאָר תקי״ב (1752) אין מ:ר, האָט דער קאָפּ־שטייער אַרומגענומען אין גאַנץ מדינת ליטע 60 טויזנט גילדן. דער חלק פון איוויע, צוזאַמען מיט דער שכנותדיקער שטעטל, ליפּנישאָק, וואָס איז איר געווען אונטערגעאָרדנט, איז געווען 520 גילדן קאָפּ־שטייער. די סיבות צו דער דאָזיקער ירידה אין שטייער־אָפּצאָל זענען געווען: דער קאָזאַקן־אויפ־שטאַנד (1648) און די א. ג. „צפון־מלחמה״ צווישן רוסלאַנד, פּוילן און שוועדן אין די יאָרן 1659—1655, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך מאָרד און עקאָנאָמישן חורבן פון פּוילישן און ליטווישן ידנטום. אויף דער פאַרזאַמלונג פון ועד המדינה אין די חדשים סיון־אב תקכ״א (1761), אין סלוצק, איז דער קאָפּ־שטייער פאַר די קהילת איוויע און ליפּנישאָק באַשטימט געוואָרן אויף אַ סכום פון 600 גילדן.

דער פאַקט, אַז די איוויער קהילה איז ניט געווען אונטערגעאָרדנט קיין איינער פון די פינף הויפּט־קהילות פון „וועד מדינת ליטא״ (בריסק, האָראָדנע, פּינסק, ווילנע און סלוצק), ווי אַנדערע קלענערע מקומות, נאָר איז געווען זעלבשטענדיק אין דירעקטן שטייער־אָפּצאָל פאַר דער צענטראַלע פון ועד, באַווייזט קלאָר, אַז שוין אין 17טן יאָרהונדערט איז איוויע געווען איינע פון די חשובע קהילות אין ליטע.

דער „ועד מדינת ליטא״, אָדער דער „ועד המדינות״ — ווי מען האָט אים אויך גערופן, האָט אַרומגענומען פינף גובערניעס און איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1623, נאָך דעם ווי די קהילות אין ליטע האָבן זיך אָפּגעטיילט פון „ועד ארבע הארצות״ (גרויספּוילן, קליינפּוילן, ליטע און רייסן), וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1520 לויטן באַפעל פון פּוילישע קעניגן. דער „ועד ארבע הארצות״ האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין יאָר 1764 לויטן באַפעל פון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט, בעת דער „ועד מדינת ליטא״ האָט נאָך עקזיסטירט ביז 1766.

די צוויי דערמאָנטע לאַנדס־ראַטן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן, כדי דורכצופירן די שטייער־שאַצונגען און אויפמאָנען די געלטער פאַר דער קאַסע פון די פּוילישע מלכים. שפּעטער האָבן זיך אויסגעברייטערט די רעכטן פון ביידע לאַנדס־ראַטן אויך אויף דעם קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן פון די ידן. זייערע פאָדערונגען האָבן געטראָגן אַ געזעצ־לעכן כאַראַקטער.

## ד. איוויע אין דער תקופה פון פּוילישן קעניגרייך און ליטווישן פירשטענטום

עס איז קלאָר, אַז אַ ידישער ישוב האָט געקענט אַנטשטיין נאָר דאָרט, ווו עס איז שוין געווען אַ קירכע — דאָס הייסט: אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ דאָרפישע באַפעלקערונג, אַן אָרט ווו עס זענען פאָרגעקומען יאַרידן און מאַרק־טעג (לויט „ענציקלאָפּעדיע סלאָוואַר״ פון יאָר 1894, זענען אין איוויע פאָרגעקומען 4 יאַרידן אין יאָר, און איין מאָל אין דער וואָך אַ מאַרק־טאָג). לויט די דאָזיקע קוועלן איז דער קאַטוילישער קלויסטער אין איוויע און דער בערנאַרדינער מאָנאַכן אָרדען אַנטשטאַנען אין יאָר 1538, אָדער אין יאָר 1631. עס ליגט זיך ניט אויפן שכל, אַז ידן האָבן געלעבט

אין איוויע אין דער דאָזיקער צייט. מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך געפונען אין שכנותדיקע דערפער, ווו זיי האָבן זיך לייכטער געקענט מתפרנס זיין.

די פעסטשטעלונגען פון די פוילישע און רוסישע ענציקלאָפּעדיעס, אַז דער ידישער ישוב אין איוויע דערשיינט ערשט אין ערשטן פערטל פון 17טן יאָרהונדערט, ווייל ערשט אין יאָר 1626 פיגורירט צווישן די צאָלערס פון קאָפּ־שטייער פאַרן „ועד מדינת ליטא״ אַ ייד מיטן נאָמען משה פון איוויע, זאָגן אַבסאָלוט ניט עדות וועגן דעם אַז פריער האָבן יידן ניט געלעבט אין איוויע, צי אין שכנותדיקע דערפער. אין יאָר 1578 האָבן אין ליטווישן פירשטנטום, שוין געלעבט 27 טויזנט יידן. די גרעסטע יידישע קהילה, בריסק, האָט געציילט אין יאָר 1552 — 90 יידישע פאַמיליעס, און גראָדנע (האָראָדנע) — 60. קלאָר, אַז אויב יאָ, זענען עס געווען געציילטע משפחות.

לויט אַלע קוועלן זענען די יידן געקומען קיין ליטע נאָך אין 14טן יאָרהונדערט, אין די צייטן ווען עס האָט געהערשט געדימין (1316—1341), וועלכער האָט אויסגעברייטערט די גרענעצן פון דער ליטווישער מדינה ביז די טייכן ניעמאַן און בוג. ער איז דאָס גאַנצע לעבן זיינס געבליבן אַ געצנדינער און איז געווען באַפרייט פון קאָמפּלעקס פון יידן־שנאה. ער האָט געעפנט די טויערן פון זיין לאַנד פאַר סוחרים און בעלי־מלאכה פון מערב, און צווישן זיי זיינען געווען אַ סך יידן. אויך זיין אייניקל, דער גרויספירשט פון ליטע — וויטאָלד (וויטאָוטאַס) וואָס האָט רעגירט אין די יאָרן 1392—1430, האָט ניט איינגעפירט קיין שום דיסקרימינאַציעס לגבי יידן און געגעבן זיי אַ געשריבענעם אַקט פון רעכט. דער דאָזיקער אַקט פון ליטע, געגעבן דורך וויטאָלדן, איז געווען ענלעך צו די פּריווילעגיעס וואָס עס האָט געגעבן דער פירשט באָלעסלאַוו פון קאַליש די יידן אין פוילן. אין רעזולטאַט דערפון האָבן יידן באַקומען רעכט פאַר פרייער באַוועגונג אין דער גאַנצער מדינה, רעכט פאַר האַנדל, רעליגיע און יוריסדיקציע אין סכסוכים צווישן זיך אַליין. ניט בלויז די הערשער פון ליטע, נאָר אויך די גאַנצע ליטווישע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן צו די יידן מיט מער טאָלעראַנץ פון אַנדערע פעלקער אין אייראָפּע. ביז דער צווייטער העלפט פון פערצנטן יאָרהונדערט איז די ליטווישע באַפעלקערונג געווען אַ געצנדינערישע און ניט געוווּסט פון שנאה צו יידן. אויך שפּעטער איז דער ליטווישער קאַטאָליציזם ניט געווען אַזוי פאַנאַטיש. און דער עיקר — די דאָרפישע באַפעלקערונג איז אָנגעקומען צו פאַרמיטלערס און סוחרים, און די יידן האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אויף דעם געביט.

וויטאָלד האָט אויסגעברייטערט די גרענעצן פון לאַנד אויף מזרח און דרום. אין סוף פון פערצנטן יאָרהונדערט איז אים געלונגען צו באַזיגן דאָס טאַטאַרישע מיליטער אונטער דער אָנפירונג פון טימאָר לענג. די געפאַנגענע טאַטאַרן האָט וויטאָלד באַזעצט אין די שטעטלעך פון זיין פירשטנטום ווי לאַנדווירטן. פון דאַנען נעמען זיך די טאַטאַריש־מוזולמענישע צענטערן אין איוויע, נאָוואַרעדאָק, סאָראָק־טאַטאַראָוו (ביי ווילנע), ניעסוויזש און אַנדערע. במשך פון דורות האָבן די טאַטאַרן זיך אויסגעמישט מיט דער אָרטיקער ווייס־רוסישער באַפעלקערונג, אָנגענומען זייער שפּראַך און לעבנסאַרט. דאָס ספּעציפישע וואָס איז געבליבן ביי זיי, איז געווען דאָס אָפּהיטן זייער מוזולמענישע רעליגיע און די מעטשעטן, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט אין זייערע וווינערטער, אין די דערמאָנטע שטעט און שטעטלעך.

די צאָל פון יידן אין לידע און אומגעגנט איז געשטיגן נאָך דער גרויסער קאַטאַ־סטראָפע, וואָס האָט געטראָפן די יידן אין אוקראַינע, פּאָדאָליע און וואָלין. דאָס זענען די צייטן פון באָגדאַן כמיעלניצקי, וועלכער איז אויפגעשטאַנען, צוזאַמען מיט די קאָזאַקן, קעגן די פּוילישע פּריצים און געהאַלטן מלחמה מיט זיי. בעת זיין מלחמה־צוג האָט כמיעל־ניצקי אויסגעמאָרדעט, אָן רחמנות, די יידן, פון די דורך אים אָקופּירטע שטעט (גזירות ת״ח ות״ט). עס איז אָנצונעמען, אַז אַנטלאָפענע פון דרום זענען אויך אָנגעקומען קיין אי־וויע און שוין דאָרט פאַרבליבן.

דאָס 17טע יאָרהונדערט איז געווען די שווערסטע תקופה אין לעבן פון די יידן אין ליטע. די יידישע קהילות וואָס האָבן נאָך די גזירות ת״ח ות״ט זיך צוריק אויפגעבויט און פאַרפעסטיקט, זיינען ווידער שווער געטראָפן געוואָרן בעת דער רוסיש־שוועדישער מלחמה, אין די יאָרן 1654—1667. אין יאָר 1655 איז איוויע, צוזאַמען מיט אַנדערע טיילן ליטע, אָקופּירט געוואָרן דורך דעם רוסישן מיליטער. אין ווילנע און אין גראָדנע זיינען דורכ־געפירט געוואָרן פּאָגראָמען אויף יידן, און אין דער גאַנצער אומגעגנט האָבן זיך אָנגע־הויבן מאַסן־רדיפות אויף יידן און רויב־אַקטן. דער שוועדישער קעניג קאַראָל גוסטאַוו האָט אויסגענוצט די אַנאַרכיע אין פּוילן און זיינע אַרמייען זיינען אַריינגעדרונגען טיף אין לאַנד און זיינען דערגאַנגען ביז ווילנער גובערניע. דאָ האָבן זיי זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די רוסן (וועלכע האָבן אין צווישן שלום געמאַכט מיט די פּאָליאַקן). די שוועדן האָבן ניט געמאָרדעט ספּעציעל קיין יידן, אָבער זיי האָבן פון זיי אויסגעפּרעסט זייער געלט. אין פּופציק יאָר אַרום (1707) האָבן די אַרמייען פון רוסישן קעניג פּיאָטר דער גרויסער ווי־דער זיך געשלאָגן מיט די שוועדן אין די געגנטן פון ווילנע און גראָדנע.

צווישן די צוויי מלחמות, און נאָך זיי, האָבן די יידן פון ווילנער גובערניע, אין וועל־כער איוויע איז געווען אָנגעשלאָסן, און אויך די יידן פון דער גראָדנער גובערניע, געמוזט פירן אַ קאַמף פאַר זייערע בירגערלעכע רעכט און בעיקר — פאַר די רעכט פון קענען זיך פאַרנעמען מיט מסחר און מלאכה. אין די שטעטלעך און אין די דערפער איז די פּוי־לישע שליאַכטע געווען פריי אין זייער האַנדלונג כלפּי יידן — די תושבים אויף זייער באָדן — און זיי אונטערדריקט מיט אַ גאַר שטאַרקער האַנט. די אַנאַרכיע און דאָס הפקרות וואָס האָבן באַהערשט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין גאַנץ פּוילן, צוליב דעם אויפשטייג פון דעם אַדלשטאַנד (שליאַכטע) און זיין השפּעה אין לאַנד, האָבן גורם געווען אַ סך פּיין און לייד די קליינע יידישע ישובים אין די געגנטן פון ווילנע, לידע און אַנד.

## ה. אין די צייטן פון דער רוסישער אָקופּאַציע (1772—1914)

דריי מאָל האָבן רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך צעטיילט צווישן זיך דאָס פּוילישע לאַנד, וואָס האָט געזונקען אין אַ ים פון אינערלעכע רייבונגען און קריגערייען (1772, 1793, 1795). ערב דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן איז לידע שוין געווען אַ קרייז־שטאָט. לויט דער ציילונג אין יאָר 1766 זיינען אין דעם גאַנצן לידער קרייז געווען 5291 יידן, פון דעם, אין לידע אַליין — 1167 (די צאָל פון יידן אין איוויע ווערט ניט דערמאָנט). נאָך דער דריטער צעטיילונג (אין יאָר 1795), ווען דער גרעסטער טייל פון פּוילן

איז אַריבער צו רוסלאַנד, האָבן די פּוילישע יידן אין רוסלאַנד זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער קעניגין יעקאַטערינאַ די גרויסע. די „נאָבעלע" קעניגין האָט גלייך באַשטימט די גרענעצן פון וווּינאָרט פאַר די יידן („תחום המושב"), און געשלאָסן פאַר זיי די טיילן לאַנד פון רוסלאַנד גופא (דאָס געזעץ איז, אגב, געבליבן גילטיק ביז דער צע־פאַלונג פון דעם צאַרישן רוסלאַנד אין יאָר 1917). עס האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די גזירות: פאַרבאָט פאַר יידן צו האַלטן קרעטשמעס, שענקען, גאָזשעלניעס פון בראָנפן. זיי האָבן געמעגט זיך פאַרנעמען אומבאַגרענעצט מיט האַנדל און מלאכה, אָבער גלייכצייטיק איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז יידן מוזן פאַרלאָזן די דערפער ווו זיי זענען געזעסן, און גע־דאַרפט אַריבער וווינען נאָר אין שטעט. אין יאָר 1804 האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש פון יידן פון די דערפער. דער גירוש איז צו דער צייט ניט דורכגעפירט געוואָרן בשלימות צוליבן אַריינדרינגען פון נאַפּאָלעאָן מיט זיין מיליטער קיין רוסלאַנד. די פראַנצויזישע אַריינדרינגלער האָבן אָנגעטאָן די ידן צרות־צרורות: געשענדעט די בתי־כנסת, די בית־עלמינס, גענומען הויכע שטייערן, פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיך מאָביליזירן אין זייער אַרמיי, און בעת זייער צוריקטריט — גערויבט ידיש פאַרמעגן. אַלטע לייט פון איוויע האָבן גע־וווסט צו דערציילן פון דעם וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע עלטערן, אַז נאַפּאָלעאָנס מיליטער האָט דורכגעמאַרשירט איוויע און באַקשט, סיי בעת זייך טריומף־צוג טיף אין רוסלאַנד, און סיי בעת זיין אומקערן זיך אַ צעשלאָגענער און באַזיגטער. לויט זיי האָט נאַפּאָלעאָנס מיליטער אויפגעשטעלט דעם אָבסערוואַציע־טורעם („מאַיאַק") אויפן וועג צום דאָרף אורטשישאַק, וואָס איז געבליבן ווי אַ דענקמאָל ביזן היינטיקן טאָג.

די מלחמה פון נאַפּאָלעאָנען האָט פאַראָרעמט די יידן, און די מחלוקת צווישן די אָנ־הענגער און קעגנער פון דער אַנטשטאַנענער חסידות־באַוועגונג, האָט גורם געווען צו דער באַגרענעצונג פון די רעכטן פון די קהילות. אין יאָר 1819 איז פאַרבאָטן געוואָרן פאַר יידן צו נעמען אין פּאַכט קריסטלעכע גיטער, און אין יאָר 1823 איז דורכגעפירט געוואָרן דער גירוש פון די ידישע ישובניקעס פון די דערפער אין לידער קרייז. אין יאָר 1835 איז באַנייט געוואָרן דער גירוש פון די יידן פון די דערפער.

אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט און אין דער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט דער רוב פון די יידן געלעבט אין פּריצישע גיטער און אין די אַרומיקע דערפער. די יידישע קהילה אין איוויע איז ניט געווען קיין ספּעציעל גרויסע. די הויפּט־סיבה דערפון איז געווען — אין די דערפער האָבן זיי געקענט פאַרדינען זייער ברויט אַלס אַרענדאַרן ביי פריצים, מילכיקער, קרעמערס, הענדלער און קרעטשמער. אַ שטיקל ערד און אַ בהמה האָבן דערגענצט דאָס, וואָס עס האָט געפעלט, כדי אויסצוהאַלטן די פאַמיליע. צווישן די ישובניקעס זענען אויך געווען יידן־למדנים וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען אין דער סביבה. אין יעדן דאָרפישן ישוב, צי אין אַ פאָלוואַרק ווו יידן זיינען געזעסן, איז געווען אַ מלמד וועמען מ'האָט אַראָפּגעבראַכט פונעם דערנעבנדיקן איוויע, כדי צו לערנען תורה און מצוות די קינדער, וואָס זענען געוואַקסן צווישן די גוים.

אין גרעסערע דערפער האָט מען איינגעאָרדנט אַ מנין אויף שבת. אַן ערב יום־טוב האָט מען אויפגעלאָדנט די משפחה אויף אַ וואָגן, מיטגענומען עסנוואַרג און געפּראַוועט יום־טוב צוזאַמען מיט יידן אין דער נאָענטער איוויע.

יצחק קובאָוויצקי, דער ברודער פון ד״ר אריה קובאָוויצקי (קובובי) ז״ל, דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן די יאָרן ווען זייער משפחה האָט געלעבט אין איוויע (דער פאָטער אברהם צבי קובאָוויצקי ז״ל איז געווען חזן און שו״ב אין איוויע, אין די יאָרן 92־1889). זיין פאָטער פלעגט יעדע וואָך אַרויספאָרן אין די דערפער וווּ עס האָבן געלעבט די ישוב־ניקעס און דאָרטן געשאָכטן פאַר זיי בהמות. לויט אים האָבן אין סוף פון 19טן יאָרהונ־דערט געלעבט אין איוויע אַרום טויזנט ייִדן און אין די אַרומיקע דערפער — הונדערטער ייִדן. יעדע ייִדישע משפחה אין איוויע האָט געהאַט אַ קו, ציגן און אַ שטיקל ערד (אַ גאָרטן), און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געדינט ווי אַ יסוד פאַרן מאַטעריעלן קיום. דער לעבנס־ניוואָ איז געווען אַ נידעריקער, מען האָט זיך באַגנוגנט מיט ווייניק און געפונען אַ טרייסט אין אמונה און אין מקיים זיין די מצוות פון דער תורה.

לויט דעם „Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego" פון יאָר 1882, האָט די פאָסט־אָפּטיילונג אין איוויע אָנגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט לידע דורך דער פאָסט אין דאָרף דזשיקאָוויץ (אַ מרחק פון אַן ערך דרייסיק קילאָמעטער...).

לויט דער דערמאָנטער קוועלע האָט די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אין איוויע געציילט אין יאָר 1869 — 2123 איינוווינער, פון דעם: 1053 מענער און 1070 פרויען. קיין שום פּרטים וועגן נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט און זייער רעליגיע ווערן ניט אָנגעגעבן.

### ו. איוויע — אַ שטעטל פון ישובניקעס

ווי געזאָגט פריער, האָבן הונדערטער ייִדישע משפחות געלעבט דורות־לאַנג אין די אַרומיקע דערפער פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. די צאַרישע גזירות האָבן זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די דערפער און זייער עקאָנאָמישן אָנשפּאַר און אַריבער וווינען אין נאָענטן שטעטל איוויע. אַ דאַנק דער פאַרבינדונג מיט די דאָרפסלייט פון דער פּאַראַפיע, האָבן זיי זיך אָנגעהאַלטן אין זייערע פריערדיקע פּרנסות. מען קען אָן שום צווייפל פעסטשטעלן, אַז אין רוב גענומען, איז די קהילה אין איוויע באַשטאַנען פון געוועזענע ישובניקעס. די נעמען פון די דערפער וווּ זיי האָבן געלעבט, זענען געבליבן ווי באַגלייט־נעמען פאַר זיי און זייערע קינדער.

בערל און זיין זון אברהם איזבויסקער (לייבמאַן), שמעון איזבויסקער (קאָוועגסקי). צענדליקער משפחות אין איוויע האָבן אָנגעהערט צו די „איזבויסקער" (דאָס דאָרף איז־בויסק ליגט ביים טייך ניעמאַן, 8 ק״מ פון איוויע, אויפן וועג קיין נאָוואַרעדאָק).

יואל באַרקיער (בלאָך). באַרקי — אַ פאָלוואַרק אויפן וועג צום דאָרף אורטשישאָק.

חיים עקיבא לוקעשינער (דאָס דאָרף לוקעשין — 4 ק״מ פון שטעטל). ער איז געווען דער אייגנטימער פון דער מיל אין דאָרף.

יוסף באַגנעראַדער (לייבאָוויטש) איז געקומען קיין איוויע פון דאָרף באַגנעראַד בעתן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג. זיין זון חיים לעבט אין לאַנד.

יוסף באַרעווער (מאָושאָוויטש) האָט געהאַלטן די מיל אין דאָרף באַרעווע. צוויי פון זיינע זין האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל (חיים ז״ל און דוד).

בערל לוגאָמאָוויצער (דעלאַטיצקי), אַ מלמד פון קינדער. זיין זון גרשון, פון די גע־ראַטעוועטע פון דער קאַטאַסטראָפע, האָט עולה געווען קיין ישראל.

יצחק זיקעוויצער (באַקשט). ער איז אין די צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט אַריבער קיין איוויע פון דאָרף זיקעוויץ. זיין זון לייבקע — פון די ציוניסטישע עסקנים און דער פירער פון די רעכטע פועלי־ציון.

אַלתר לאַזדונער (מאָטוסעוויטש), געהאַלטן די מילכיקעריי אין הויף לאַזדון, אַרום 15 ק״מ פון איוויע. אין לאַזדון האָבן געוווינט נאָך אַ צאָל ידישע פאַמיליעס. די זין פון אַלתרן: בערל ז״ל און משה, זענען עולה געווען קיין א״י.

יצחק דודער, שמעון דודער א״אַנד. דאָס דאָרף דוד געפינט זיך 6 ק״מ פון שטעטל.

משה סאָנטאָקער (מיקאָלאַיעווסקי). דאָס דאָרף סאָנטאָק — 25 ק״מ אויפן וועג קיין לידע. זיין אייניקל, משה, — פון די גרעסטעוועטע אין דער לעצטער קריג, לעבט אין לאַנד.

בצלאל קראַסאָוושטשיזנער (פעדערמאַן) און זיין ברודער זעליג. אַ מילכיקער, וואָס האָט ממשיך געווען אין זיין פאַך, אויסגעאַרבעט שווייצאַרישן קעז, אויך נאָך דעם ווי ער איז אַריבער פון קראַסאָוושטשיזנע קיין איוויע.

פייווע נאַצקעוויצער (בלאָך). אויף דער עלטער איז ער געקומען קיין איוויע פון נאַצ־קעוויטש. טראָץ דער עלטער איז ער פאַררעכנט געווען ווי אַ ייד אַ גבר. וועגן זיין גבורה און פשטות זענען אין שטעטל אַרומגעגאַנגען פריילעכע אַנעקדאָטן.

לייזער מאַרינער (עפשטיין). געהאַלטן די מעלקעריי פון פריץ אין מאַרינער הויף אויפן ניעמאַן.

מארקל מיקאָלאַיעווער (מאָוושאָוויטש). מיקאָלאַיעוואָ —אויפן טייך ניעמאַן. אויפן וועג קיין לובטש — אַ קליין שטעטעלע ווו עס האָט געלעבט אַ מנין יידישע משפחות, וואָס זיינען אין גרעסטן טייל אַריבער קיין איוויע.

פייווע מיישקאָוויצער, אלי קריטשניקער, אלי יאַשקעוויצער, פסח ראַזעוויצער, הירשל קופרעוויצער, אַלתר יוראַצישקער, הירשל בערעזינער און נאָך פיל פיל אַנדערע — זיי אַלע זיינען אַריבער קיין איוויע פון די אַרומיקע דערפער, ווו זיי האָבן פריער געוווינט און מען האָט זיי גערופן לויט זייערע פריערדיקע וווינערטער.

עס איז איבעריק זיך אָפּצושטעלן אין דער היסטאָרישער אָפּהאַנדלונג וועגן לעבן פון דער איוויער קהילה אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט און דעם לויפנדיקן, 20סטן יאָרהונדערט. דאָס דאָזיקע יזכור־בוך שפיגלט אָפּ, ווי וויט מעגלעך, די דערמאָנטע תקופה ביז דער ליקווידאַציע פון דער קהילה אין די טרויעריקע קאַטאַסטראָפע־יאָרן (1941—1944).

אַ ברויזנדיקע קהילה, וואָס האָט עקזיסטירט העכער 350 יאָר איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד צוזאַמען מיט הונדערטער, טויזנטער אַנדערע יידישע קהילות אין אייראָפּע, אָן דער מינדסטער האָפענונג, אַז זיי וועלן נאָך ווען עס איז צוריק אויפגעבויט ווערן.

ביבליאָגראַפישע רשימה פון ביכער און צייטשריפטן, וועלכע האָבן געדינט ווי מקורות צו דעם היסטאָרישן איבערזיכט, זע ביים ענדע פון דעם זעלבן איבערזיכט אין עברית (ז׳ 42).

# אנציקלופדיות כותבות על איביה
# וואס שרייבן ענציקלאפעדיעס וועגן איוויע

**ORGELBRAND — ENCYKLOPEDIA POWSZECHNA**
**Tom XII, str. 742, Warszawa, 1863 r.**

Iwje, miasteczko drewniane w dawnem województwie Wilenskiem, powiecie oszmiańskim, o mil 7 od Oszmiany i od Lidy, dawne dziedzictwo Kiszków. Jeden z tej rodziny Mikołaj z Ciechanowca Kiszka, kasztelan trocki, podskarbi wielki litewski, przed r. 1538 fundował tu Bernardynów i kościół farny funduszem opatrzył. Około r. 1611, drugi założył zbór wyznania helweckiego. Obecnie jest własnością Tyzenhauzów.

**SŁOWNIK GEOGRAFICZNY KRÓLESTWA POLSKIEGO**
**Tom III, Warszawa 1882. str. 325**

I w j e m-ko w pow. oszmiańskim, leży pod 53° 56 szer. półn. i 43° 26 dług. wsch., o 59 w. w kierunku połud. od Oszmiany, 134 8/4 w. od Wilna, mieści się na wyniosłości dochodzącej 514 stóp npm., posiada zarząd gm. włść., szkółkę wiejską, mur. paraf. kat. s"s ap. Piotra i Pawła, st. poczt. załatwiającą wszelkie korespondencye i komunikującą się z Lidą przez st. poczt. Dzikowicze, odległą ztąd o 29 i pół w. liczy 2123 mk t. j. 1054 męzcz. i 1070 kob. (1869).

I. gm. włśc. dzieli się na 5 wiejsk. okr., posiada 42 wsi, 978 domów i 6243 włościan; a paraf. kat. I klasy 2, dek. wiszniewskiego, posiada filię w Dudach (porów.), kaplicę w Satołtowiczach i liczy 7646 wiernych.

I. były niegdyś własnością Kiszków, z których Mikołaj z Czechanowca, w-da mścisławski, s-ta Wiłkoszewski fundował tu w r. 1631 kościół, a przy nim klasztor i sprowadził do niego bernardynów, ofiarując im z dóbr swych corocznie 200 złp, a także „przyzwoitą ordynaryą".Nadanie to nastąpiło 10 czerwca 1633 r. Bernardyni mieli tu bibliotekę zawierającą 489 ksiąg treści teologicznej i utrzymywali w klasztorze szkółkę duchowną zwaną retoryką, aż do kasaty w pierwszej ćwierci b. stulecia.

Od Kiszków I. przeszedł do Służków a mianowicie do Katarzyny Januszowej

**z domu Kiszkówny, hetmanowej lit. Ta zapisała je w 1662 r. Karolowi i Katarzynie z Radziwiłłów Hlebowiczom, którzy zostawili dwie córki Marcybelę Marcyanową Oginską wopewodzinę trocką, kancelarzową litewską i Krystynę Sapieżynę wojewodzinę połocką.**

**Gdy Ogińska zmarła bezpotomnie I. dostała się Sapiehom, którzy w 1686 puścili je w zastaw Tyzenhauzom. Dziś I. należy do hr. Elfrydy Zamojskiej, która je otrzymała w spadku po Tyzenhauzach.**

**J.W.**

## BALIŃSKI, LIPINSKI: STAROŻYTNA POLSKA
**Tom IV, str. 187, Warszawa, 1887 r.**

**Iwje (**) miasteczko drewniane o mil 7 od Oszmiany i od Lidy, dawniej dziedzictwo jak się zdaje Kiszków, bo Mikołaj z Ciechanowca Kiszka, kasztelan trocki, podskarbi W. lit. przed r. 1538 fundował tu Bernardynów, a r. 1631 kościół farny funduszem opatrzył. Wprzódy zaś, t. j. około r. 1611, któryś z Kiszków założył w Iwju zbór wyznania helweckiego. Miejsce to ostatecznie stało się własnością Tyzenhauzów.**

## ענציקלאָפּעד. סלאָוואַר, באַנד 12אַ, ז' 776, בראָקהויז און עפּראָן, פּעטערבורג, 1894

**איוויע — אַ שטעטל אין ווילנער גובערניע, אָשמענער אויעזד. דאָ איז געווען אַ מאָנאַסטיר פון בערנאַרדינער־אָרדען נעבן קלויסטער, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1631־טן יאָר. אין שטעטל קומען פאָר 4 יאַרידים (ירידים) אַ יאָר און וועכנטלעכע מאַרק־טעג.**

(איבערגעזעצט פון רוסיש)

## „יעווריעסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", אכטער באַנד, בראָקהויז און עפּראָן, פּעטערבורג, 1912

**איוויע — אַ שטעטל אין אָשמענער אויעזד, ווילנער גובערניע. אין 1847־טן יאָר האָט די יידישע באַפעלקערונג אין איוויע געציילט 804 פּערזאָן. אין 1897־טן יאָר איז די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער צוזאַמען מיט דער אומגעגנט געווען, 3653, פון דעם 573 יידן.**

(איבערגעזעצט פון רוסיש)

---

(**) Nie trzeba Iwja brać za jedno z Jewiem wsią leżącą w Wtwie trockiem przy wielkiej drodze z Wilna do Kowna.

**ENCYCLOPEDIA JUDAICA, VIII BAND, 713, Berlin, 1931**

**I w j e, Städchen in Polen, in der Woiwodschaft Nowogrudok, Bezirk Wołożyn. Die jüd. Ansiedlung geht auf das erste Viertel des 17. Jhts. zurück. Ein Mose aus I. wird als Steuerzahler in dem Pinkas des Litauischen Waad im J. 1623 genannt. Die Gemeinde führte die Kopfsteuer für ihre Mitglieder direkt an den Waad ab und war daher von keiner der fünf führenden Gemeinden Litauens abhängig. Im J. 1761 entrichtete sie (im Verein mit den Juden in Lipnischki) an den Waad in Slutzk 600 Gulden als Kopfsteuer. 1847 lebten in I. 804 Juden, 1897 — 573 (15.7% der Gesamtbevölkerung) und 1291 — 2076 (76%).**

מקורות:

Istorija Jewreiskago Naroda XI, 210.
Pinkas des Litauischen Waad.
Zeitschrift, Minsk II—III.
Skorowidz miejscowości Rzeczypospolitej Polskiej, 1922/27.

**ENCYCLOPEDIA JUDAICA, III BAND, 471, Berlin 1931**

**ASCHKENAZI, ISAAK BEN JAKOB, Talmudist und Chassid, Bruder des Kabbalisten R. Mose Ivier. Nach A's Tode wurde in seinem Nachlas ein kabbalistisches Werk über die Form der Buchstaben gefunden, u. d. T. „Berit Olam" (erschienen Wilna 1820); ob dieses Werk einen ältern Kabbalisten oder A. selbst zum Verfasser hat, steht nicht fest.**

מקורות:

Walden I; Nr. 238; II b. Nr. 140.

## „אשכול", אנציקלופדיה ישראלית, כרך שני, עמ' 132
## הוצאת אשכול, ברלין־ירושלים, 1932

איביה, עיירה בפלך נובוגרודק (מחוז וולוז'ין, פולניה). הישוב היהודי התחיל שם ברבע הראשון של המאה הי"ז. יהודי אחד בשם משה מאיביה נמנה בפנקס מדינת ליטה משנת שפ"ו (1626) בין משלמי המסים. הקהילה היתה שולחת את מס הגולגולת של בני העיר אל הועד עצמו, ולפי"ז נראה שלא היתה כפופה לאחת מחמש הערים הראשיות שבליטה. בשנת 1761 שלחה (ביחד עם יהודי העיירה ליפנישקי) אל הועד בסלוצק 600 זהובים מס הגולגולת. בשנת 1847 ישבו באיביה 804 יהודים, בשנת 1897 ירד מספרם עד 573 (15.7% מכלל התושבים) ובשנת 1921 נמצאו שם 2076 יהודים (76% מכלל התושבים; עליה של262,3% לעומת שנת 1897).

מקורות:

דובנוב, פנקס מדינת ליטא, 21;
צייטשריפט, מינסק, 2, 3;

„המגיד" משנת 1872 (מס' 26)

## נדבות עבור אחינו בני ישראל בפרס

א י ו ו י ע (מחוז אשמינע). — קול שועת בת עמי מארץ מרחקים, ארץ פרס אשר יד אלהים נגעה בה לרעה זה כמה, הגיע גם לאזנינו. ויתעורר הרב הג' אב"ד דפה ולרגלו גם אנכי, הכותב, לאסוף איזה נדבות ולשלחם לידך אדוני, כאשר יעשו אחינו בכל מקומות מושבותם.

אולם מה נעשה ועירנו גם היא נפגעה מפגעי הזמן בשנה הזאת, כי בושו והכלמו עובדי פשתן שריקות אלה (הוא המסחר האחד אשר לעירנו מאז ומעולם). אי־לזאת, הלא תיקר בעיניך אדוני ר' „המגיד" נדבת כפינו זאת המעט אשר מקרב לב ונפש הגשנו לפניך היום בחסדך לשלחם ליד האומללים האלה בצרוף כסף תועפות הנשלח אליך מכנפות הארץ למען נקח גם אנחנו שכם אחד במצוה רבה זאת.

ע ז א" ל א י ש א י ו ו י ע

בסוף הערה מהמערכת: נשלח לנו ע"י סוכננו הנכבד רי"ם בווילנא (זהו ר' יצחק מיכאלאווסקי, סוכן „המגיד" בווילנא).

ואלה שמות המתנדבים:

נדבות צו 1 רוכ.: הרב הגאב"ד ר' דוד שלמה גראדזענסקי, ר' מרדכי נאליבאטצקי, יוסף אבא בלאך, יוסף דוד מלוקעשין, שמואל זרח ב"ר צבי, ישראל יאקאו.

משה פאליאטצאק 75 קאפ.

צו 50 קאפ.: חתן הרב — ר' יהודה לייב מאסטקאווי המכונה יהל"ם, זעליג ב"ר חיים כ"ץ, אלי ב"ר אהרן שלמה, זלמן ב"ר משה, מרדכי ב"ר מאירים, יצחק ב"ר דוב עזאל.

זאב ב"ר בצלאל יקותיאל — 45 קאפ.

נדבות צו 30 קאפ.: הפרוש מדעלאטיץ, ר' מרדכי סת"ם, נחמיה ב"ר אליעזר.

נדבות צו 25 קאפ.: ר' חיים, חתן ר' נח שו"ב, דוד ב"ר יצחק יהושע, דוד העשיל ב"ר יונה, אברהם ב"ר יצחק קאשצער, יוסף ב"ר נפתלי, אלי ב"ר חיים.

פלוני אלמוני — 27 קאפ., אלי' מרדכי ב"ר משה — 15 קאפ., אליעזר קאשצער — 15 קאפ., האשה גיטל אשת ר' אייזיק גאלדבערג — 50 קאפ., ר' אשר בלאך — 50 קאפ.

סך הכל 14 רו"כ 67 קאפ.

„המליץ", מס' 53, עמ' 859—858
פטרבורג, יום ב' ט"ו אב ה' תרמ"ה — (27) 15 יולי, 1885

איוויע (פ. ווילנא). 7 יולי 1885. — ביום ה', 4 יולי לפנות ערב יצאה אש מאת ד' ותאכל עשרים בתי חמד אשר התנוססו לתפארה יותר מכל בתי העיר, וביניהם בית המדרש החדש, ועוד שפלי בתים ובתי אוסם סה"כ 35 בנינים; והנה מלבד חזות הקשה לראות את שרידי הבע"ב מתפלשים בעפר עי מפלתם, אשר ימים יעברו בטרם ישובו לבנות בתיהם על תלם, הנה כל ישראל יבכו את השריפה אשר שרף ד' — את בית המדרש החדש אשר באמת התנוסס כאבן נזר בעירנו, ויהי לנו למקדש מעט, כי בית המדרש הישן הנשאר לפליטה ביום עברות ד' נחשב כאין, כי קירותיו מטים לנפול מני אז — ומי יודע מתי תשיג ידנו לקומם הריסותיהם על תלם, אם לא תשיגנו עזר מחוץ ?...

כי עירנו נופלת בערכה מכל הערים סביבותיה, ואף כי אנשיה עובדים שריקות פשתן, בכל זאת לא תעשינה ידיהם תושיה, וצר כחם להספיק מחית ידיהם בצמצום, ואף כי לבנות מחדש שני בתי ה'.

ברוך מבנים אשר

כנים כל דברי הכותב, כי נזק רב סבלו כל העיר, והעולה על כל הוא בהמ"ד החדש, אשר מחירו עלה יותר מארבעת אלפים רו"כ, ובהמ"ד הישן גם הוא כבר בא מועד להקימו על תלו, ומי יתן והיו דברינו לרצין לפני המ"ל להיות למליץ יושר לנו להחזיק בידינו, אולי יצליח ה' חפצנו בידינו. הכ"ד הכו"ח, יום א' ז' מנ"א תרמ"ה לפ"ק איוויע.

דוד שלמה בהרב הגאון מ' משה ארי' ליב
זצלה"ה גראָדזענסקי החופ"ק הנ"ל.

„המליץ", מס' 11, עמ' 110
פטרבורג, יום ג', כ"ט טבת ה' תרמ"ז — 13 (25) יאנואר, 1887

איוויע (פ. ווילנא). 9 יאנואר, 1887. — בימים האלה נתברר בבי"ד הגליל בעיר אשמינא משפט ששה אכרים, אשר נאשמו בעון כי הכו מכות אכזריות ועינו נער עברי על לא חמס בכפיו ואלה פרטי הדבר:

זה כשתי שנים נסע לאָשמינא נער אחד כבן שש עשרה שנה (בן אחד בעלי הבתים הנכבדים בעירנו, נין ונכד להרה"ח משכיל לאיתן ממינסק) ועמו העגלון ועוד איש אחד מפה. ויהי בנסעם בצהרים דרך כפר ,קארקעניאט", התנפלו עליהם האכרים, יושבי הכפר, אשר היו אז מרי נפש, יען כי בלילה ההוא גונב מאחד האכרים סוס, ומי הוא הגנב אם לא יהודי? לכן הלא ישאו אלה בעון אחיהם;

ויאחזו בם ויביאום אל המלון, ושם הכו אותם באכזריות רצח, ותרב המכה להנער הזה, כי הכרת פניו ענתה בו, לפי דעת האכרים, כי בין גנבים חלקו, ולולא חשה אישה אחת עבריה, יושבת הכפר, להעיד על שלשת האנשים כי כנים וישרים המה, ותתחנן

לפניהם לחוס עליהם, כי אז בלי ספק בצעו את אשר זממו לעשות להם: להעביר על חלקת בשרם מטילי ברזל לוהטים, למען הוציא מפיהם תודה כי גנבים המה;

אולם תחת הברזל הביאו שבטים וקוצים ויכום על ירך מכות נאמנות עד שפך־דם, ויעזבום לנפשם. אבי הנער התאונן רע על ראשי המכים, ששה במספר — ואחרי אשר התגלגל המשפט מאת שופט השלום אל חוקר הדין, בא עתה לפני בי״ד הגליל באָשמינא.

כל הנאשמים יצאו חייבים במשפטם: ארבעה מהם נדונו להאסר בגדוד האסורים (ארעסט. ראָטע) לשנה, ושניים לשבת בכלא שנה וחצי, וכל הוצאות דבר המשפט אשר תעלינה לחמש מאות רו״כ, שלם ישלמו אל אוצר הממשלה. ששת הפושעים יאמרו עתה להגיש עצומותיהם על יתר האכרים יושבי הכפר, באמרם כי גם ידם היתה במעל הזה, ומדוע זה אך המה ישאו ויסבלו?

מרים אַלטשולער

הערת המערכת: הנער שעליו מסופר כאן הוא אברהם בנדר, לימים עורך דין בעיירתנו. באיביה ידעו לספר שהנער הנ״ל למד בעל פה את הקודקס הפלילי, בכדי להביא לדין את מעניו. הוא הצליח בכך וגם בבחינות שעמד בהן לשם השגת תואר עו״ד.

עתון יומי „המליץ״, פטרבורג, 24 יוני 1888, גליון מס׳ 137

## עזרת סופרים

ווילנא, 17 יוני. — עלמה צעירה לימים אנכי; נולדתי בעיר איוויא, אחת מערי פלך ווילנא הקטנות, אשר אנשיה מעטים המה וההשכלה לא הופיעה עוד עליה, דלה היא ועניה ויושבת בסתר המדרגה, ואין בה איש אשר יקים אותה מעפר שפלותה. בני הנעורים עודם הוזים שוכבים ולא יעורו משנתם; הבנים בחדרי מלמדיהם והבנות בזויות ביתן, ואין איש אשר יושיט להם מדבש ההשכלה גם בקצה המטה, כי אין בעירנו לא בתי ספר ולא מורים משכילים, גם ספרי מדע אין אשר יעירו ויעוררו את רגשות צעירי הימים וכשרונותיהם. לפני שתי שנים הביאו אחדים מנכבדי עדתנו לעירנו אחד המורים אשר כלה חוק למודיו ואמרו ליסד בית ספר לבני הנעורים, ויקומו עליהם מבני העיר כל שומרי נשף, ולא נתנו להם להקים מחשבתם הטובה. ולא רק לשונות אחרות וחכמות חול, כי גם שפת עבר מוזרה לרוב בני עירנו ורק מתי מספר בם אשר דעת דרכיה יחפצון. אנכי, אשר על ברכי אבות חכמי לב ויודעי בינה נולדתי וגודלתי, ובילדותי גר בעירנו החכם הנודע לשם ר׳ עזא״ל אַלטשולר, נתנו אותי על ידו ללמדני השפה העבריה, והוא הביאני חדריה, עד כי היום בצלה אחמדה ואשבה ופריה מתוק לחכי. ומעת שמעתי שמע ווילנא המעטירה אשר בה התנוססו כאבני נזר נושאי דגל השפה העבריה אשר עבדו עבודת הקדש וספרותה, כלתה נפשי לבוא אל העיר הזאת אשר יקראו לה בשם הכבוד „ירושלים דליטא״, כי אמרתי פה אמצא המקור הנאמן אשר ממנה יפוצו מעיני שפת קדשנו חוצה ואשאב מים בששון ממעין הישועה הזה:

ועתה כי באתי הנה ראיתי כי תוחלתי נכזבה, יען כי בני דור החדש סרו מן המסלה אשר סללו לפניהם אנשי השם, ושפתנו עזובה באין דורש ומבקש ואת כבודה נתנו לבנותיה הצעירות המתהלכות בארץ החיים. על כן הבנים הצעירים הולכים תועה בדרכי לבם מבלי הבין את ערך עמם ומנוחתם ומבלי אהוב את מקור מחצבתם, כי דברי חוזינו ונביאינו כספר החתום לפניהם, ספר דברי הימים לבני ישראל כמו זר נחשב להם, כי בעודם רכים יתנום אבותם ללמוד חכמה ודעת, בטרם נטעו על תלמי לבבם ידיעת קורות עמם ודתם, על כן בגדלם רוחם זרה לבני עמם, דבר ה׳ ימאסו, ובלומדי התורה ילעיבו ושפת הקדש כמו זרה תחשב בעיניהם, כי מה להם ולשפה אשר בסוד עליזים לא ידברו בה ובבתי משחק לא ינצחו בה בנגינות. וכמשפט הבנים כן גם משפט הבנות, אשר גם הן מקדימות לבוא בבתי הספר ללמוד לשונות העמים ואת שפת אבותינו לא ילמדון ותורת ישראל תשלכנה אחרי גו. ובמי האשם, אם לא באבותיהם אשר לא ידעו להביא בלב בניהם דעת יסודות תורתנו ושפתנו הקדושה בטרם יביאו אותם בבתי הספר ולהאציל להם גם אחרי כן מועד וזמן ללמדם תורה ושפת עבר ותולדות עמנו וכל המוצאות אותו, למען לא ירחק לבבם ותדבק נפשם בעמם לאהבה אותו. הנה גם בברלין ובווין ובפאריז שבו אחינו בני ישראל מדרך עקלתון זאת ושבו לשקוד וללמד את בניהם תורת דתם ושפת עברית, והאבן אשר מאסו הבונים היתה לראש פינה, עד כי גם בנות רבות עשו חיל בשפת עבר, ומדוע זה יגרע גורל בנותינו פה בארצנו, מדוע לא ילמדו גם את הבנות לדעת את שפת קדשנו, למען אשר תדענה את מקור תורת ישראל? הלא האשה היא האומנת את בניה, ואם רוח האם זרה לעמה לדתה ולשפתה, אם כל קדשי ישראל בעיניה כספר החתום, וימי חגה ושבתה לא יהיו לה ימי קרוא מקרא בספרי ישראל, כי אם ימי בקש תענוגות בני האדם, לפנות בה לבטלה או לבוא בבתי המשחק. אם כזאת וכזאת תעשה האם מה הטוב אשר תנחיל לבניה? וכל זה הלא תלוי בהאבות להטותן אל ימין או אל שמאל, ועתידות הצעירים בידם המה לבנות את הצלחתם או להרוס אותה. לכן אחי בני עמי! התאחדו נא ושימו אל לב להטיב חנוך בנינו, פלסו מעגל דרכיהם אם את שלומם וטובתם תדרשו, כי אך בזאת נקדם פני הרעה ונעלה ארוכה לשבר בת עמנו.

טויבא בלאך

הצפירה, ורשה, (מס׳ 94), 1891

## שריפה גדולה באיביה בשנת תרנ״א (1891)

„כ״ח ניסן תרנ״א פרצה תבערה נוראה באיוויע ותאכל יותר ממאתים בתים אשר לא חלה עליהם אחריות מאש והם יותר משני חלקי העיר. כל אנשי העיר נמלטו בעוד שיניהם מחוץ לעיר בפני האש הגדולה. כל התבואות והסחורות וכל דבר חפץ נשרפו. אין מלים בפי לתאר את מצבם הנורא של האומללים אשר נשארו בעירום ובחוסר כל ובאין מעון ומחסה ויחבקו אשפתות ברחוב העיר השוממה״.

כותב הקורספונדנציה פונה לאחינו בני ישראל שיהיו „אחים לצרה" וישלחו איש מתנת ידו על־פי הכתובת: „ראבינו דאווידו גראדזענסקאמו וו. מ. איביה ווילענסקי גוב". (להרב דוד גרודזנסקי בעיירה איביה, פלך ווילנה)."

משה מאסטקאווי



בעתון „המליץ" של השנה הנ"ל (מס' 187) כותב ר' דוד שלמה בהרב הגאון מ' משה אריה ליב זצ"ל גראדזענסקי מאיוויע (מחוז אשמינא) על הנחיצות במשלוח נדבות „בעד הנשרפים האומללים וביותר לבנין בתי העדה כמו בית המדרש החדש כי אזלה ידינו מסיבת השריפה לבנותם ולהקים על תלם".

בקשר לנ"ל יש לציין כי בשריפה הזאת נשרפו כתביו התורניים של הגר' משה לייב אב"ד איביה אביו של הרב, דוד שלמה, שמילא מקומו ברבנות זו. דבר זה מציין נכדו, הגר' חיים עוזר גרודזנסקי, בהקדמתו לחיבורו „שו"ת אחיעזר".

„הצפירה", ורשה, 11 יולי 1900 (גליון מס' 157, כ"ז תמוז התר"ס)

איוויע (פ. ווילנא). — ביום ג' כ' תמוז בשעה 8 בבוקר יצאה אש מאחד הבתים ותאכל שלשת חלקי העיר במשך שלש שעות. כשלש מאות בתי מושב וכל אשר בהם, חנויות רבות וסחורותיהן נשרפו, ואך מעט מזעיר נמלטו משיני האש. הנזק גדול מאד.

חברת המכבים חתרה בכל עוז להשקיט את האש, אבל ידיה לא עשו תושיה, כי ברגע אחד אחזה האש בכל פינות העיר. צעקת האומללים נגועי השרפה נוראה ומצוקתם גדלה מאד. יותר מאלפיים נפש אדם מתגוללים בחוצות העיר עטופי רעב, באין לחם לאכול ובלי כסות לכסות מערומיהם. מהעיירות הקרובות אלינו: לידא, אשמינא, נאווהרדאק ועוד. שלחו אלינו עגלות מזון וצידה, אך אין הקומץ משביע. ע"כ בצר לנו אנו מושיטים ידינו לעזרה לנדיבי העם הקרובים והרחוקים. חנונו נא אחינו, חוסו, חמולו נא על נגועי השרפה בעירנו המתמוגגים ברעב, ואת הנדבות תשלחו נא אל כתובת ראש הועד לתמיכת ה„נשרפים" שנוסד בה ברשיון הממשלה.

ועה"ח מנהלי העדה וראשיה:

עתון יומי „המליץ", פטרבורג, 20 אוגוסט 1900, (גליון מס' 187) במדור „בארצנו".

מאיוויע (פ. ווילנא). — הגיע אלינו מכתב מאת שופט־השלום של המחלקה הרביעית ה' אובא, כי בעת השרפה שהיתה שם ביום 4 יולי ש"ז עלו על המוקד 191 בתי מעון ועוד. בניינים אחרים כמספר זה; בתוכם גם 17 חצרי אכרים ולערך אלפיים נפש מיהודים ואכרים נשארו בלי מחסה ובלי מזון. ולמען הביא עזר להנשרפים נוסד ע"פ הצעת שר־הפלך, ועד לקבוץ נדבות, אשר בראשו עומד האדון שופט־השלום הנ"ל.

והנה מבקש הועד להחיש עזרה לנשרפים ולשלוח אליו נדבות־כסף, בגדים, כלי־לבן, חומר לבניה וכו׳ ע״פ הכתובת של הרב דמתא.

בעתון „המליץ״ (גליון מס׳ 140) משנת 1901, קוראים כהמשך למאורע השריפה הנ״ל את הדברים דלקמן:

„היושב־ראש של הועד, שהוא שופט השלום, ה׳ אובא, מילא עד היום את משלחתו באמונה, כי הכיר את משפט הבכורה בכסף, החלוקה הראשונה לאלה שבתיהם לא היו בטוחים מאחריות מאש, ובלי הבדל דת ומשוא פנים נתן לאיש־איש מהם סך 15 רובל״.

„הצפירה״, ורשה, 1902 (מס׳ 142)

## על מות גיטל־גאלדע אשת הר״ר אייזיק גאלדבערג

היא היתה אם בעיר בישראל, היא היתה אשת חיל, חכמת לב ועוזרת לבעלה במסחר וקנין ועם טרדותיה הרבות בביתה ומסחרה, הקדישה את כל עתותיה לדאוג לטובת בני עירה איוויה. על כל צרה שלא תבוא לאחד מהם, כל נגע ומחלה, מיד מיהרה לעזרתו ותנהלהו בעצתה המחוכמה ותסעדהו על ערש דוי. ובשעה שהופיעה בבית המנוגע הופיעה אורה אתה, זכי מלאכי השלום נלוו לה, ותחי רוח הנענה והנדכא בהשכילה לחזק את לבו ולתמוך בו תמיכה רוחנית וגם חמרית לאשר דרוש לו.

חילקה כבוד לתורה ורבים מלומדיה מצאו ארוחת־תמיד על שולחנה, כפה פרשה לעני וידה שלחה לאביון ותרבה חסדה לכל דורש. ומשפחות היו בעיר אשר מידי שבת בשבתו חילקה להן מנות תמיד, לזה לחם ולזה בשר ויין, והכל בצנעא, בתום, בעין יפה ולב שלם. פניה הפיקו רצון וחנינה, שלום ואהבה לכל בריה. דיבורה היה בנחת עם הבריות ותהי רודפת שלום בין איש לאשתו ובין גבר לרעהו, ותקח חלק גם בכל ענייני העיר בכל מוסדות הצדקה והחסד של הצבור, וכל בני העיר מצאו בה אם רחמניה, יועץ פלא ועוזר בעת צרה ומצוקה.

היא היתה טיפוס נאמן של האשה העברית בתמימותה, ביראתה את אלקים, בחכמת ליבה, בחריצותה ובחסדיה הרבים, טיפוס אשר הולך ומתמעט בישראל, ועל כן ראוי והגון לתת לה שם וזכרון בישראל. נפטרה בשנת הששים ושמונה לימי חייה ביום ב׳ דחוה״מ פסח שנה זו ונקברה בעיר מולדתה איוויע פלך ווילנא.

חתנה המוקיר את זכרה,
אליעזר אליהו פרידמאן
(ליקט מ. צינוביץ)

„הזמן", ווילנא, תרס"ו—1906 (גליון מס' 139)

## על מות ר' יצחק־אייזיק בר' ישראל גולדברג מאיוויע

מת י"ב תמוז תרס"ו בעיירה הנ"ל.

„עוד שריד אחד מהדור הישן אבד, עוד נר אחד כבה..."

הנרות הללו — סמל התום, הצדק, היושר והחנינה של הטיפוס היהודי התמים, בן הדור העברי הולכים וכבים, הולכים ואובדים. עוד מעט ועקבות בני הדור ההוא לא יזכרו ולדור הצעיר הבא לא יהיה עוד מושג כל שהוא מיופיו הרוחני של הדור התמים העבר.

טיפוס נאמן של בני הדור ההוא היה המנוח, בר אבהן ובר אוריין היה, סוחר נכבד שמשאו ומתנו בתום, בצדק וביושר. נח לבריות ומותר משלו. על פניו היה שפוך חן מיוחד המעיד על מזגו הטוב ונפשו העדינה. ביתו היה פתוח לרווחה לכל נדכא ושפל רוח. כל עובר אורח הגון, למדן נע ונד, דרשן נודד וסתם עני הגון מצא מנוח, מקלט ומזון בצל קורתו של המנוח. ידו היתה פרושה תמיד להקל את ענים ולחצם של הדופקים על דלתותיו, של אלה השופכים לפניו מר לבם, של אלה הנזקקים לתמיכה בגלוי ובסתר... הוא היה אוהב תורה בכל לבו הרחב, וחובב ציון וארץ האבות בכל עוז הגעגועים אשר בלב יהודי תמים השואף לתחית עמו על ארץ אבותיו, תחיית העם והארץ היתה הגיגיו ושאיפתו כל היום.

בעירו היה עסקן צבורי באמונה מוחלטת, ובכל היותו נוח לבריות ועובר על מדותיו בנוגע אל ענייניו הפרטיים, היה כעמוד של ברזל בעד האמת והצדק המוחלט בנוגע לענייני הציבור ולתקנת ענייני העדה. בעמלו נבנה בית המדרש החדש לפני שנים הרבה, ואחרי הישרפו נבנה מחדש בית חומה, ביגיעתו הרבה של המנוח. כן איזן ותיקן תקנות רבות בעניני החסד והצדקה בעירו. ובכל מפעליו עוברת שלשלת ארוכה של אמת, צדק ויושר.

זאת תמונת העברי התמים של הדור הישן וזוהי צורתו של המנוח ר' אייזיק גולדברג ז"ל, שנאסף אל עמיו בעיר איוויע, והיתה תמונתו הרוחנית לזכרון לדור הבא.

בשם המשפחה המתאבלת, חתנו הכותב בדמע,

**א. א. פרידמאן**

### ירחון „הזמן" (53 №) מיום ד' ניסן תרס"ז (1907)

### תודה וברכה

„מזכרת תודה וברכה בשם כל בני עירנו ועדתנו, הננו להביע את תודתנו העמוקה ליליד עירנו ותושב העיר ריגה, הגביר הנכבד, מו"ה שבח ב"ר נפתלי לעווין, אשר הואיל לנדב על בית המדרש בעירנו, עמוד לתפילה כליל יופי והדר, עשוי מעצי אלונים ומכוסה בלוחות שיש נפלאים ונחמדה למראה.

ברגשי תודה עמוקה נזכיר לברכה את שמו. ישלם לו ה׳ כפעלו הטוב ותהיה משכורתו שלימה. והיה אך שלום ואושר בגבולו תמיד.

כחפצו וחפץ מכבדיו ומוקיריו
הרב יצחק קוסובסקי החופ״ק
מאיר גוסקינד
יעקב־משה בלוך
גבאי בית המדרש הישן.״

„הד הזמן״, 1909 (גליון מס׳ 159)

## המצב הכלכלי של יהודי איוויה בשנת תרס״ט (1909). הרב י. קוסובסקי מייסד בנק הלואה־וחסכון.

איוויה (פלך ווילנה). — בעירנו, שמצבה החמרי הוא נורא מאד, היה מורגש חסרון מוסד לקרדיט פעוט, במידה שאין למעלה הימנה. כל עסקם של תושבי עירנו מצטמצם רק בחנוונות פעוטה ובסחר הפשתן בעונת הסתיו. למרות מה שמספר התושבים הולך ופוחת בה, מחמת הנדידה התכופה לאמריקה, מספר החנויות מוסיף והולך בה משנה לשנה, עד שכמעט אין בית אשר אין שם חנות. בכל ימות השבוע שורר בחיי המסחר קפאון גמור ועיני החנונים והסוחרים נשואות רק אל האכר, שיבוא ליום השוק, אבל גם אז ההתחרות גדולה כל־כך, עד שמסתפקים בריווח של שוה פרוטה. ואם לכל זה נוסיף גם את היוקר המבהיל של צרכי אוכל ויתר צרכי החיים, אז נבין את כל הקושי של חיי החנוני הפעוט בעירנו, ובכמה עמל וטורח עולה לו, כשצריך להוסיף מעט סחורה בחנותו.

ולכן ראוי הוא לתהלה ולתודה רבה, הרב דמתא, העסקן החרוץ ר׳ יצחק קוסובסקי, שהיה הראשון, שהבין את גודל הנחיצות של מוסד לקרדיט פעוט ועל־פי האיניציאטיבה שלו נוסד באנק לחסכון והלואה. עכשיו הוא גם מתנהל תחת השגחתו בסדרים טובים ומביא ברכה רבה לסחר העיר, עד כי במשך חצי השנה, שהוא קיים, כבר הספיק לרכוש לו את חיבתם ואמונם של כל יושבי העיר. את התועלת המרובה של המוסד הזה אפשר לראות מזה, כי במשך זמן קיומו הקצר עלה ההון־החוזר של העסקים שעשה בפקדונות והלואות לסכום קרוב לשלשים אלף רובלים, ומספר החברים עלה מששים, שהיה בהווסדו, עד שתי מאות ועשרה, עם הון־יסוד של שני אלפים ומאה רובלים. הרב משתדל עתה לקבל תמיכה גם מחברת יק״א, וצריך לקוות, כי השתדלותו תעשה פרי.

רישומו ופעולותיו של הרב הנ״ל ניכרים גם בכל ענפי החיים הציבוריים בעירנו. אבל אם בנוגע לעבודתו הפוריה ביתר המקצועות, כמו הבאנק הנ״ל ועוד, ראוי הוא להיות למופת לרבני יתר הערים, אי אפשר לומר כן בנוגע לעבודתו במקצוע החינוך. התלמוד־תורה למשל תחת השפעתו. המוסד הזה, על פי רוחו וסדריו, הוא אמנם מן

הטיפוס הישן, אבל בכל־זאת אפשר היה עוד להשלים, על פי הדחק, עם מצב כזה, כי בכל אופן מקבלים בו התלמידים חינוך עברי פחות או יותר רצוי, ואין בו אותה העזובה הרבה שבה מצטיינים יתר בתי הת״ת ממין זה. אבל מה שקשה להבין הוא, כי הרב הזה, שבעצמו הנהו איש מפותח, משכיל גם בשפות, ויודע ומכיר את דרישות החיים — כי הוא לא ישים־לב לזה, שחניכי הת״ת יקבלו גם את הידיעות היסודיות הנחוצות לבני העניים בתור אנשים מן היישוב. למראית עין אמנם נלמדים בו גם הלימודים הכלליים, אבל לו היה לעומדים בראשו רצון אמיתי לזה והכרת הצורך המוחלט, ולא עשו את הדבר רק בשביל לצאת ידי חובת הלימודים הכלליים, אזי היו מקצים ללימודים האלה, מקום לא כל כך טפל, כמו עכשיו. איזו ידיעות, למשל יכולים התלמידים להוציא מהת״ת אם מורה רוסית וחשבון נכנס לשם רק לשלש שעות בשבוע וגם זה רק במחלקה האחרונה?

דוב יוסיפסון

(ליקט מ. צינוביץ)

„הזמן״, ווילנא, 1910 (138)

איוויה (פ. ווילנה). — בבית ה„תלמוד תורה״ המקומי נעשו בשנים האחרונות הרבה תקונים חשובים והמוסד החל להתפתח. הגבאים מינו למנהל איש חרוץ היודע את אשר לפניו והוא ממלא את תפקידו באמונה. ותחת אשר עד כה היו תלמידי הת״ת מפוזרים ב„שטיבלעך״ של בתי המדרש, התכנסו עתה לבית אחד, שקנו הגבאים לתכלית זו מידי איש פרטי. הבית נחלק לשתי מחלקות: מחלקה לתלמידים מתחילים והשניה — לתלמידים מפותחים יותר.

זה כשנה וחצי נוסד אצלנו בית־עקד (הכוונה לספריה — העורך) רוסי. קיוו הצעירים, שהמוסד הזה יתפתח ומספר קוראיו וספריו יגדל מיום ליום. אך תקוותם זו נכזבה, מפני שהאנשים שהדבר נמסר לידם, לא מילאו את אשר הבטיחו: לא ביקשו אמצעי כסף לקניית ספרים חדשים, לא השתדלו לאשר את בית העקד ועד היום אין סדר בבית העקד, אין הנהגה ואין ספרים.

המצב הרוחני של בני עירנו הוא מעציב עד מאד. האבות לא ידאגו לחינוך בניהם ומוסרים אותם למורים שרובם אינם יודעים את אומנתם כהוגן: האמידים מבקשים באמצעים שונים להכניס את בניהם אל הגימנסיה אשר בפלך ובמחוז, בטרם ידעו לקרוא עברית. הבינונים מתקנאים בהם, ואם אין ידם משגת לתת לבנים חינוך כללי — יספיקו בכל זאת להרחיקם מן הלמודים העברים, ואין דואג לחזק את בני הדור החדש ברוח לאומי־יהודי ולתת להם ידיעה מספקת בספרות העברית. מלבד הספרים היהודים שהצעירים והצעירות קוראים ומתענינים בהם לפרקים, אין בעירנו אף בית־עקד ספרים אחד לספרים עבריים, ואין כמעט עתונים עבריים, זולתי חותמים אחדים לעתונים ולז׳ורנאלים עבריים.

„הצעיר״

(ליקט מ. צינוביץ)

„הצפירה", ורשה, 1911 (143)

א י ו ו י א (פלך ווילנה). — בשבוע זה הובל פה לקברות אחד מן המצויינים שבדור הישן, הרב ר' יצחק יוסף באקסט ז"ל. המנוח הקדיש כל ימיו, מן השעה הרביעית לפנות בוקר עד השעה העשירית בערב, ללימוד התלמוד בבית מדרשו. הוא היה בקי נפלא בתלמוד ותוספות והעמיד תלמידים הרבה. ועניו היה האיש הגדול הזה וצנוע וברח מן הפרסום ומן הכבוד, ולא חפץ ליהנות מאיש והצטיין האיש הזה במידותיו הנעלות, באהבתו העמוקה לאחיו העניים ובעסקנותו הציבורית לטובתם, והיה אהוב וחביב על כל.

מותו הכאיב את כל בני העיר ואת מטתו העבירו על בתי המדרש ובחצר בית־הכנסת הספידוהו הרב דמתא וספדנים שונים. כל בני העיר נהרו אחרי מטתו, ולשמו ולזכרו יסדו תיכף, קודם הקבורה „גמילות חסד" על שמו ובמשך שעה נאספו כשלש מאות רו"כ. והעם נדב בלב שלם, כי כל אחד רצה להביע את רחשי הכבוד שהוא רחש להמנוח הגדול הזה.

**אליעזר אנגעל**

## החכם, פרופ. אברהם־אליהו הרכבי ושייכותו לאיביה

רבי אלחנן הרכבי היה מתושבי איביה לפני מאה שנה ויותר. ונתגדל אצלו באיביה נכדו, אברהם־אליהו הרכבי, זה שהתפרסם אחר כך כחוקר ומלומד וכמנהל המחלקה המזרחנית של הספריה הרוסית הקיסרית אשר בפטרסבורג הבירה.

אביו של אברהם אליהו — רבי יעקב הרכבי התגורר כבר בנובארדוק ושם נולד לו בנו בשנת ת"ר (1840) אבל את חינוכו התורני הראשון קיבל באיביה אצל אביו־זקנו, רבי אלחנן הרכבי, תושב איביה. עלה אחר כך לארץ ישראל והתיישב בצפת, מקום מושבו של אביו ר' גרשון, שעלה מליטה לארץ ישראל עוד לפני שנים רבות. ר' גרשון ייסד בצפת ישיבה, נטע לו כרמים, אשר הכנסותיהם היו קודש לטובת הישיבה.

בימי הרעש הידוע בצפת נהרסו ביתו וכרמיו. אז עלה רבי אלחנן בנו לראות את נחלת אביו ההרוסה שבצפת. לאחר מכן התיישב בירושלים וימת שם, ומנוחתו כבוד על הר הזיתים. על מצבתו הוא נקרא בשם „ר' אלחנן אשכנזי". לפי השערת נכדו אברהם־הרכבי, חרוט שם המשפחה, אשכנזי, משום שבימים ההם היה מעט מאד מספר האשכנזים שישבו בירושלים.

לימים עלה אף ר' יעקב, בנו של ר' אלחנן לירושלים למד בישיבה ונמנה על מנהלי ה„פרושים" שבעיר. ר' יעקב נפטר י"ד אלול תרנ"ד בירושלים אחרי שבתו שם כארבעים שנה. בשנת תרמ"ו ביקר אותו בנו, פרופיסור אברהם־אליהו הרכבי ויתעורר להיות הוגה חיבה לרעיון ישוב ארץ־ישראל.

ב„המליץ" משנת 1886 (גליון מס' 162) נדפס מכתבו של א. א. הרכבי לרש"י פין שבווילנה על ביקורו בארץ־ישראל. (ראה גם „המליץ", 1896, גליון מס' 88).

רבי יעקב הרכבי היה בין המחרימים את ה„שחר" של פרץ סמולנסקין בירושלים. ומשום כך הסכים בנו, א. א. הרכבי לפרסם את מאמריו ומחקריו ב„השחר" רק במדור מיוחד בתוספת לחוברות הירחון, כדי שלא להלכד ברשת החרם שהטילו רבני ירושלים ובתוכם אביו, ר' יעקב על הירחון הנ"ל. (ראה מאמרו של מרדכי בן הלל הכהן על „בעל החבצלת" — ישראל דוב פרומקין ב„הארץ", משנת 1924, גליון מס' 1446).

מ. צינוביץ'

## המשכיל, הבלשן, עזרא אלטשולר („עזא"ל איש איוויע")

לרבי אשר אלטשולר שהיה שו"ב באיביה היה בן עזרא, שנולד לו בעיירה מיר בשנת תר"א וגודל וחונך באיביה. הוא נהיה למצויין בתורה ובבלשנות עברית. אחרי חתונתו נהיה למגיה בבית־הדפוס העברי שהתקיים בשנות הששים בשטעטין שבפרוסיה. ר' עזרא חוזר לרוסיה ונהיה למורה לתלמוד ולשפת עבר לילדי עשירים.

כעבור זמן כשנפתחה ישיבת לידה בשנת תרס"ה על ידי הרב, יצחק יעקב ריינעס, נתמנה עזרא אלטשולער להיות שם מורה ראשי לשפת עבר ודקדוקה. נדפס ממנו ספר „גלת מים" במחקרי השפה העברית והשאיר אחריו בכתב־יד ספרים חשובים בחקר המקרא וביאורם במדרש.

(לפי „דורות האחרונים" לבן־ציון אייזענשטאדט, ניו־יארק, תרע"ג).

בירחון העברי הידוע „הבוקר אור" לא. ב. גאטלאבער (שנה ה', שנת תר"ם) פרסם עזרא אלטשולר בשם „עזא"ל, איש איביה" מאמר חריף נגד בקורת המקרא של אלימלך איש נעמי מאודיסה, המסתמך על דעת מלומדים נוצרים, השוללים את קדושת ספר „דברים", שנכתב מידי משה רבנו.

כותב הוא במאמרו „ותומכיה מאשרים" בין השאר:

„אנחנו מאמינים בני מאמינים אשר על התורה הזאת אנחנו מומתים, ועליה הורגנו כל היום. הלא כה מסור לנו, וכה קבלנו מאבותינו, כי מ„בראשית" עד „לעיני כל ישראל" הכל נכתב מידי ה' על אדון הנביאים השכיל. ואם אתה חסר אות אחת או יתיר אות אחת נמצא אתה מחריב את כל העולם כולו (עירובין י"ג). ובאמונתנו זאת אנחנו חיים, אף נקווה לראות בה אור בהיר בשחקים. וטוב לנו סלה!".

בכלל היה רגיל „עזא"ל איש איביה" להשתתף במאמרי מחקר תורניים באותו ירחון „הבוקר אור" של א"ב גאטלאבער. באחת החוברות שבאותה השנה פרסם מאמר „בינה במקרא" בענין בלעם וברכותיו, המוכיח את ידיעותיו העמוקות במדרשים, ובבלשנות עברית.

ויש להזכיר תשובתו של „איש נעמי" ל„הסופר המשכיל, עזא"ל איש איביה", שפורסם ב„הבוקר אור" (שנה ששית, תרמ"א) על השגתו של הנ"ל עליו בענין „ביקורת המקרא", מבלי שישיב בדברים נכוחים נגד השגתו. „איש נעמי" מתפלמס אתו בגיבובי מילים בלבד, והאשים אותו בגלל הזכירו את גיטה בצביעות ושגם הוא אינו תמים כל כך...

מ. צינוביץ׳

## מערקע, די 13־יעריקע טאָכטער פון „עזא"ל איש איוויע" שרייבט פעליעטאָנען אין „הקול"

דער שרייבער ש. ל. ציטראָן אין „דריי ליטעראַרישע דורות" (ערשטער באַנד, ווילנע, 1920, שרייבנדיק זיינע זכרונות וועגן אליקום צונזער, דערמאָנט אויך דאָס איוויער מיידל, מערקע:

„אין ווילנער גובערניע איז דאָ אַ קליינשטעטל, איוויע הייסט עס. אין דער דאָזיגער שטעטל וואוינט אַ העברייאישער לערער, וועלכער שרייבט אַמאָל קאָרעספּאָנדענציעס אין די בלעטער און חתמעט זיך אונטער „עזא"ל איש איוויע". אָט דער עזא"ל האָט אַ קליין טעכטער׳ל, מערקע הייסט זי. און די מערקע איז זעהר אַ געראָטען קינד, איז אַ שטאַרקער למדן אין העברייאיש און שרייבט פעליעטאָנען אין „הקול". צו יעדער פעליע־טאָן קומט אַן אָנמערקונג פון רעדאַקטאָר, אַז „די שרייבערקע, וועלכע פאַרדינט צו ווערן אַ מוסטער פאַר אַלע יידישע טעכטער", איז ערשט דרייצן יאָר אַלט און אָט דאָס מיידל האָט דאָ ניט לאַנג באַגרינדעט איינעם פון אירע פעליעטאָנען אין „הקול" אויף דער באַ־וואוסטער מעשה פון חומש ווי נח האָט זיך איינגעשיכּורט און ווי די קינדער האָבן אים געפונען אַן אָפּגעדעקטן און וואָס זיי האָבן מיט אים געטאָן...

אליקום צונזער האָט מחבר געווען פאָלגענדען פערז צוזאַמען מיט אַ מעלאָדיע איבער דעם דאָזיגן פעליעטאָן פון דער איוויער מיידל:

„ווער נאָר עטוואָס איידל<br>
דאַרף זיך שעמען<br>
צו קלערן גאָר אין מח;<br>
ווי קומט אַ מיידל<br>
פאַר אַ טעמע צו נעמען<br>
די ע—ה פון נח.<br>
צו ברייגגען די ווערטער פאַרן מויל<br>
איז פאַר אַ מיידל ניט קיין שטאַט<br>
און דער רעדאַקטאָר פון „הקול"<br>
באַפּוצט דערמיט זיין בלאַט".

ווייל דאָס האָט צו טאָן מיט לשון הקודש האָט ער דעם זעלבן פערז פערפאַסט אויך אין העברייאיש, די ערשטע שורות זיינען ביי דעם צוהערער און פאַרצייכענער, ש. ל. ציטראָן פאַרלאָרן געגאַנגען.

„נערה קטנה ליסוד לקחה
ערות נח אֲבי חם;
אם בפנת ביתה היא נסתרה
תבוֹש בהגיון
ועורך „הקול" במאמרה
יעדה את הגליון"...

(ליקט מ. צינוביץ')

## השפעתו של הרב ר' דוד־שלמה על ה„מגיד מקלם"

„המליץ" משנת 1900 (גל' מס' 120)

...אחרי ש„המגיד מקלם" (ר' משה־יצחק דרשן), יליד אוזירניצה ע"י סלונים משנת תקפ"ח שימש כמגיד בעיירה מוש (ע"י באראנוביץ) כשלוש שנים, עבר לעיר איוויע.

דרשותיו הראשונות שם חצבו להבות אש. הרב דמתא, הגאון ר' דוד שלמה (גרודזנסקי) שאלוהו: מה חפצו בדרשותיו ומה הוא מבקש מאת שומעי דבריו? ענה לו המגיד הנ"ל בדברים אלה:

— חפצי ושאלתי — כי יהיו אחינו בני ישראל יראי אלהים ושומרי מצוות!

— טוב הדבר — אמר הרב הגאון הנ"ל — אבל את חפצך זה אינך מגיד בדרשותיך, והעיקר חסר. אם דורש אתה כי יהיו אחינו בני ישראל יראי אלהים ושומרי מצוות, עליך להורותם, מה המעשה אשר יעשו ובדרשותיך אין אומר ואין דברים על אודות הדבר הזה ואין איש יודע מהי יראת שמים אשר תטיף לעם הזה. ואיזו דרך אשר יבור לו האדם להגיע אליה".

יהושע מזח

להלן קטע מספרו של הסופר: יעקב מאַרק „במחיצתם של גדולי ישראל":

...„הרב של איביה, שהיה גאון וצדיק קירב מאד את המגיד החדש והוא בעצמו היה בא לשמוע את דרשותיו. הרב עמד על הרוח הגדולה הצפונה בו, היא כח־ההשפעה על ההמונים. אבל דרכו בדרוש לא מצא חן בעיניו. הוא העיר את אוזנו, שההמון אינו זקוק למחקרים על אודות הבורא או על השארת הנפש וכן הורה לו שתיאוריו הנודעים מן

הגיהנום מחטיאים את מטרתם כל זמן שההמון נבער מדעת ואינו יודע מה מותר לעשות ומה אסור לעשות, בכדי להינצל מענשו של גיהנום.

המגיד הודה לו על עצתו הטובה וקיבל על עצמו ללמד את העם חובתו של כל יהודי בעולמו כיהודי וכאדם, כדי שיזכה לחיי עולם הבא. כדי לבצע את הדבר נסע לקובנה ללמוד תורה אצל הגאון ר׳ ישראל מסאלאנט בבית המוסר שלו על מידות ומוסר".

ר׳ ישראל מסאלאנט התפעל מיראתו האמיתית ומכשרונו להשפיע על ההמונים ויעץ לו לצאת מקובנה ולנדוד בעולם (כמגיד־נודד) בכדי ללמד יהודים מידות ויראת שמים". (הוצ"ס „גוילין", ירושלים, תשי"ח — 1958, עמ׳ 229).

לדברי המלקט, מר משה צינוביץ שמע מפיו של ר׳ חיים־עוזר גרודזנסקי, שלפי עצתו של אביו, הרב דוד־שלמה התחיל המגיד מקלם להקדיש חלק ניכר בדרשותיו לענינים שבין אדם לחברו, יחסי אנוש הגונים ותקינים. התענין בחייהם של המוני העם והשפיע בנאומיו למען שיפור מצבם החומרי והרוחני, יסוד חברות לימוד תורה לבעלי־מלאכה ולפועלים, הקמת חברות גמילות חסדים, לינת הצדק וכו׳.

(ליקט מ. צינוביץ׳)

## ר׳ אייזיק גולדברג מנכבדי איוויא

ב„ספר הזכרונות" (תל־אביב, תרפ"ו) מאת אליעזר־אליהו פרידמן ז"ל ובעתון היומי „הצופה", שהופיע בווארשה (בשנות תרס"ג—תרס"ה) אנו קוראים על חותנו, ר׳ אייזיק גולדברג את הדברים דלקמן:

„רבי אייזיק גולדברג תושב איוויא נולד בכפר בפלך מינסק. אביו היה למדן מופלג בנגלה ובנסתר, החזיק טחנה בכפר נובין, ועסק בתורה ובצדקה. ביתו היה פתוח לרוחה לכל עני ודל ומדי שבוע שלח לחם ובר לכלכלת בני הישיבה הלומדים בנובהרדוק.

בנו הבכור ר׳ זלמן רודקובסקי ירש את טחנת אביו והמשיך גם את מעשי אביו בתורה וצדקה. הבן הצעיר, אייזיק היה חותנו של אליעזר אליהו פרידמאן.

שנים אחדות נשא ונתן האברך הצעיר אייזיק גולדברג באיוויא ואחרי אשר ראו אנשי העיר את תומו וישרו של האברך שלחוהו לווילנא לנהל את עסקיהם שם בתור סוכן. הסוחרים מאיוויא ומכל ערי הגליל שלחו לו פשתן, ואת יתר הסחורות אשר סחרו בהן, למכירה. בווילנא מצאה אהבתו לתורה מקום להתפתח. הוא היה בעל־הבית פשוט. לא היה למדן אבל הבין דף גמרא וידע פרק במשנה, באגדה ובמדרשים, אהב מאד לשמוע דרשות מפי מגיד ומטיף. אך לא את הדרשה בלבד אהב, כי גם את הדרשן בעצמו. לא היה זז מבית המדרש עד שמשך אותו אחריו אל ביתו ויאכילהו וישקהו.

אהב את הזמרה אבל לא רק את הזמרה בלבד, כי גם את החזן והיה מזמין את

קעשענעס און עס איז געווען אַ שמחה אין די הייזער פון די „בעלי־מזלות", אַז מען האָט געקאָנט אָפּקאָכן אַ פּיש־בולבע...

ווינטער פלעגט מען פרירן אין די קאַלטע, ניט־געהייצטע הייזער, ווייל נאָר ווייניקע האָבן זיך געקאָנט דערלויבן דעם „לוקסוס" פון קויפן אַ וועגעלע האָלץ. אַ קיילעכדיק יאָר איז מען אַרומגעגאַנגען אין די זעלביקע „טראַנטעס", וועלכע זיינען געווען אויסגע־לאַטעט פון אויבן ביז אַראָפּ. די באַלייכטונג אין די לאַנגע ווינטער־נעכט איז געווען קינעלעך און ליכט געצויגן פון בינען־וואַקס... רייכערע האָבן זיך שוין באַנוצט מיט נאַפט־לעמפּלעך.

די טיפע אמונה האָט געגעבן כוח אויסצוהאַלטן די שווערע לעבנס־באַדינגונגען און אין איר האָט מען געפונען אַ טרייסט צו אַלע צרות. זיי זיינען געווען אָרעם אָבער ניט אומגליקלעך...

## ב. איוויע אין 1905־טן יאָר

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון 1904־1905, וואָס האָט זיך געטראָגן ברייט און ווייט איבער דער גרויסער צאַרישער אימפּעריע, איז דערגאַנגען צו אונדזער קליין שטעטעלע. יידישע יוגנט און אינטעליגענץ פון איוויע האָט זיך אָרגאַניזירט צום קאַמף קעגן דער „סאַמאָדערזשאַוויע", אונטער די לאָזונגען: „דאַלאָי צאַר ניקאָלאַי", „דאַלאָי דאָם ראָמאַנאָוו", מען האָט געפאָדערט פרייהייט, גלייכהייט און סאָציאַלע גערעכטיקייט.

צום ערשטן מאָל אין איוויע איז מען געגאַנגען אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט די, וואָס האָבן געאַרבעט מער ווי אַכט שעה. דער איוויער „פּראָלעטאַריאַט", איז דאַן באַ־שטאַנען פון אַ פּאָר צענדליק נייטאָרינס, שוסטער און בעקער־אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט 11־12 שעה אַ טאָג.

די חברים פון דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען נאָענט צום „בונד", זיינען אַרומגעגאַנגען באַוואָפנט מיט פּיסטאָלעטן און קאַנטשיקעס, געפלאָכטענע פון דראָט און די קעפּלעך זיינען געווען געגאָסן פון בליי. אַלע האָבן זיי געטראָגן שוואַרצע רובאַשקעס מיט אַ רויטן געפּרענדזלטן קוטאַס איבערגעבונדן און שוואַרצע היטלען מיט בלישטשענדיקע דאַשקעס.

די עיקרדיקע אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַ־מאַציעס, אין וועלכע מ'האָט גערופן אַראָפּוואַרפן ניקאָלאַיען און געבן אַ קאָנסטיטוציע דעם רוסישן פאָלק. די פּראָקלאַמאַציעס, דאָס קאַלטע און וואַרעמע געוועהר איז געלעגן פאַר־באַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער: אָנגעהויבן פון דער לאַדאָווניע, נעבן הויז פון אברהם בלאָך (שמאַיעס), אין דער ווייבערשער שול, אין קלויז, הינטער אַ קופּע קלעצער אויפן שול־הויף און אַפילו הינטער די קברים אויפן בית־עלמין. איך געדענק זייער גוט, ווי עס זיינען געקומען יידישע בחורים און אַרויסגעשלעפּט זעק מיט פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פון הינטער דער קופּע קלעצער, וואָס איז געלעגן נעבן אונדזער שטוב און געהערט צו ר' הירש אָרעס, וואָס האָט דערמיט געהאַנדלט.

אַ סך באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך, די גאַנצע דעמאָלטיקע איוויער

אינטעליגענץ האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, ניט קוקנדיק אויף דער געפאַר פאַרשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע קיין סיביר. זיי האָבן אַריינגעצויגן אין דער אָרגאַניזאַציע אויך אַ פּאָר שקצים, מיעשטשאַנסקע זין. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט איגאַנאַלקע פון ווילנער־גאַס. די פּאָליציי האָט אים כסדר געזוכט און אים בשום אופן ניט געקאָנט כאַפּן. ער פלעגט זיך אָנטאָן ווי אַ ישיבה־בחור, געזעסן אין דעם הילצערנעם קלייזל איבער אַ גמרא און כלומרשט געלערנט.

איינע פון די וועגן צו דעמאָנסטרירן קעגן צאַר איז געווען צו זינגען עפנטלעך די פראַנצויזישע „מאַרסיליעזע". איינער פון ברוך דעם מוליערס זין, אַ חבר אין דער אָרגאַניזאַציע, אַרבעטנדיק ביי מאיר־איטשע דעם קאַראַבעלניק, וואָס האָט דאָן געבויט זיין שטוב, איז אַרויף אויפן דאַך מאַכן דעם קוימען און אַרבעטנדיק געזונגען די „מאַרסיליעזע". די גאַנצע גאַס איז זיך צוזאַמענגעלאָפן צום „ספּעקטאַקל" און עס האָט ניט געהאָלפן מאיר־איטשעס תחנונים, אַז ער זאָל זיך און אים ניט אומגליקלעך מאַכן און אויפהערן זינגען.

איך געדענק זייער גוט, ווי משה סטאַצקי, וואָס איז דאַן געווען אַ לערער אין דעווענישאק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ טיש אין אַ מיטוואָכעדיקן מאַרק־טאָג, אַנטקעגן דוד גאָלדבערגס הויז און געהאַלטן אַ פלאַמיקע רעדע קעגן ניקאָלאַיס „סאַמאָ־דערזשאַוויע" (זעלבסטהערשאַפט). ער האָט געהייסן די פּויערים, וואָס זיינען געקומען אים הערן צו האַקן פריי האָלץ אין די פּריצישע וועלדער. די גויים האָבן געבעטן ביי אים אַ „סיגנאַטקע" (דערלויבעניש) אויף אַראָפּלאָזן די ביימער, און ער האָט געענטפערט ווי אַ באַלעבאָס פון די וועלדער: „ניע נאַדאַ סיגנאַטקי, נא מאָי אָטוויעט" (מען דאַרף ניט קיין דערלויבעניש, אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט), מיטאַמאָל האָט זיך אַ פּויערל אָנגערופן: „פּאַנאָק, אַ סוקי, מאָזשנאָ?" (הערעלע, און צווייגן מעג מען אויך נעמען) און סטאַצקי האָט געענטפערט מיט זיכערקייט: „מאָזשנאָ, מאָזשנאָ" (מען מעג, מען מעג)... די פּאָליציי האָט אים דאַן אַרעסטירט און צומאָרגנס באַפרייט. סטאַצקי, וועלכער איז דעמאָלט געווען פון די אָנפירער פון „בונד", פלעגט אַרומפאָרן איבער די מערק אין די אַרומיקע שטעטלעך מיט אַ וואָך פון דער אָרגאַניזאַציע, בעיקר מיט שמעון סלאָוועס (דער געלער) פאַר וועמען אַפילו די רוסישע סטראַזשניקעס האָבן מורא געהאַט, און פלעגט אויפטרעטן מיט רעוואָלוציאָנערע רעדעס. דאָס וואָרט „סוואָבאָדאָ" (פרייהייט) איז דאַן געווען דער פּאָפּולערסטער לאָזונג.

איך געדענק, ווי אין איינעם אַ שבת אינדערפרי זיינען אַרויס פיל צענדליקער בחורים און מיידלעך אין אַ דעמאָנסטראַציע. בראש האָט מען געטראָגן אַ רויטע פאָן און די דעמאָנסטראַנטן האָבן אויסגערופן רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און געזונגען די „מאַר־סיליעזע". זיי האָבן זיך אַפילו ניט געשראָקן צו מאַרשירן דורך נאָוואָרעדקער גאַס, וווּ עס האָבן געלעבט דער פּריסטאַוו און די סטראַזשניקעס, אָבער עס איז אַדורך שטיל, ווייל זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, פאַרבאַהאַלטן אין זייערע הייזער...

אָבער דער רוסישער „פרילינג" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן; די צאַרישע רעגירונג וואָס האָט צוגעזאָגט צו געבן דעם רוסישן פאָלק אַ קאָנסטיטוציע און דעמאָקראַטישע פרייהייטן, האָט געבראָכן אירע צוזאָגן און אָנגעהויבן דערטרינקען די רעוואָלוציע אין

אַ ים פון בלוט. אַלע איוויער בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן געוווסט וואָס עס דערוואַרט זיי און האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט דורך דער „גרינער גרענעץ״ (אומלעגאַל) קיין אויסלאַנד און פון דאָרט אין דער פרייער גאָלדענער אַמעריקע. אין איוויע זיינען געווען אַ פּאָר אַזעלכע אַגענטן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט גרענעץ־שמוגלער (ביילע קאָשטשער, די „אַגענטשיכע״, ישראל־משה שעפּטל א. אַנד.) און דורך זיי פלעגט מען נעלם ווערן. די אַנטלאָפענע רעוואָלוציאָנערן אין די יאָרן 1905—1906 האָבן דערנאָך אַראָפּגענומען זייערע פאַמיליעס און פריינט און געבילדעט דעם קערן פון דער מאַסן־עמיגראַציע פון איוויע קיין אַמעריקע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז אַמעריקע האָט איינגעפירט עמיגראַציע־באַגרענעצונגען.

אין איוויע האָט אין יענע יאָרן עקזיסטירט אויך אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז שוין געווען פאַרבונדן מיטן „אָדעסער־קאָמיטעט״. מען האָט שוין דאַן געקליבן געלט דורך פּושקעס און אַנדערע אַקציעס פאַרן ישוב ארץ־ישראל. עס האָבן געהערט צו איר אַ טייל פון דער באַלעבאַטישער יוגנט, וואָס פלעגט זיך צוזאַמענקלויבן אין זישע די גלעזערקעס שטיבעלע אויף די גערטנער. זיי פלעגן דיספּוטירן מיטן „בונד״, וועלכער פלעגט אויסלאַכן די ציוניסטישע אידעע פון אומקערן זיך קיין ירושלים. איך דערמאָן זיך איינע פון די בונדישע שפּאָט־לידער קעגן די ציוניסטן:

„די ציוניסטן זאָגן,\
מיר וועלן נידערן קיין ירושלים,\
מיר אַרבעטער פאַרלאַנגען דאָס ניט\
מיר ווילן רוסלאַנד באַפרייען״...

## ג. דער פחד פאַר אַ פּאָגראָם

נאָך דעם ווי די צאַרישע רעגירונג האָט זיך צוריקגעצויגן פון אירע הבטחות צו ליבעראַליזירן דעם רעזשים אין רוסלאַנד, האָט זי אָנגעהויבן דערטרונקען די רעוואָ־לוציע אין טייכן פון בלוט און אינסצעניזירטע פּאָגראָמען. דעם צאָרן פון די אונטער־דריקטע און הונגעריקע מאַסן האָט זי אַ קער געטאָן צום איביקן בליץ־אַפּלייטער — די יידן. די „שוואַרצע מאה״ האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסן פּאָגראָם אין קישעניעוו, ביאַ־ליסטאָק און אין פיל אַנדערע ישובים.

אויך אין איוויע זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז גויים גרייטן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם. מען האָט געלעבט אין מורא און שרעק פאַר דאָס אָנקומענדיקע, אָבער יונגוואַרג און אויך פיל עלטערע יידן האָבן באַשלאָסן שטעלן אַ ווידערשטאַנד און אָנלערנען די כוליגאַנעס, אַז פּאָגראָמען באַצאָלן זיך ניט!

אין איוויע האָט דאַן געלעבט איינער אַ שמיד, מיטן נאָמען זעליג, וואָס האָט געהאַט זיין קוזשניע ניט ווייט פון בית־הקברות. ווי אַלע שמידן איז ער געווען אַ ייד, אַ גבר, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשראָקן פאַר גויאישע כוליגאַנעס. זיין ווייב, ראַשע, אַ דיקע, הויכע יידענע פלעגט אים העלפן ביי דער שווערער קוזשניע־אַרבעט. זי פלעגט לייכט אויפהייבן דעם שווערן האַמער און אַראָפּלאָזן אים איבער דער קאָוואַדלע און

אונטערהאַלטן דאָס פייער מיטן בלאָז־זאַק. בקיצור: ווי מען פלעגט זאָגן אין איוויע: אַ „באַי־באַבע"...

עס האָט ביי זיי געאַרבעט איינער, לייזער, אַ העלדישער געזונטער בחור, פּאַר וועמענס אַ „גלעט" מען האָט זיך געהיט נאָך אין 1905טן יאָר. ער און זיין חבר מאָטקע די „לוזע" אַ העלד פון די „סטאַטשניקעס" (שטרייקער, ווי מען האָט גערופן די רעוואָ־לוציאָנערן פון 1905טן יאָר) האָבן זיך גאָרנישט אָפּגעשראָקן פון די קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם וואָס גרייט זיך. זיי האָבן אַראָפּגעפירט אין יענעם זומערדיקן מאַרק־טאָג, ווי זיי פלעגן עס טאָן יעדן מיטוואָך, אַ פּאָר וועגענער מיט אָנגעקאָוועטע רעדער.



דער מעטשעט אין טאָטאַרן קוואַרטאַל.

פלוצים אינמיטן גערויש פון מאַרק־טאָג, זיינען צוגעקומען גויים צו דער קופּע רעדער און אָנגעהויבן פּראָוואָצירן אַ געשלעג, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ סיגנאַל צום פּאָגראָם. זיי האָבן געכאַפּט רעדער אומבאַצאָלט און אַוועק. פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן קוויטשערייען און געשרייען: „מען ראַבירט די קראָמען"! לייזער און מאָטקע

די „לוזע" האָבן אויסגעדרייט האָלאָבלעס פון די גויאישקע וועגענער און אָנגעהויבן שלאָגן איבער די קעפּ. זיי צוהילף זיינען באַלד געקומען צענדליקער יידישע בחורים, וואָס זיינען געווען שוין פון פריער גרייט אויף געשעענישן. באַלד האָט מען געזען גויים וואָס זיינען געלעגן אין קאַלוזשעס בלוט. די גויים, וואָס האָבן זיך געגרייט אויף אַ לייכטן „ראַבונעק", האָבן דערזעענדיק בלוט געכאַפּט שפּאַנען די פערד און אין גרויס פּאַניק זיך צעלאָפן פון שטעטל.

איך געדענק, אַז אויך מיין טאַטע, יואל באַרקיער, האָט זיך מיט וואָכן פריער שוין צוגעגרייט ווי צו מקבל־פּנים זיין די פּאָגראָמשטשיקעס. זייענדיק אין ווילנע האָט ער געקויפט ביי אַ רוסישן סאָלדאַט, אַ טשערקעס, אַ געשאַרפטן פון ביידע זייטן קינזשאַל מיט אַ זילבערן הענטל. אין יענעם מאַרק־טאָג האָט ער אים געהאַלטן פאַרשטעקט אין בוזעם, וואָס איז געווען פאַרגאַרטלט מיט אַ גאַרטל און איז אַרויס אויפן מאַרק. די שטוב איז געווען פאַרשלאָסן און נעבן טיר איז געלעגן צוגעגרייט אַן אָנגעשאַרפטע האַק אויפן פאַל, ווען גויים וועלן פּרווון זיך אַריינצורייסן אין שטוב.

נאָך יענעם מיטוואָך האָבן די איוויער גויים שוין מער ניט געמאַכט קיין פּרווו פון פּאָגראָמען. די „לעקציע", וואָס זיי האָבן באַקומען אין יענעם מאַרק־טאָג האָט אויף זיי אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק און זיי פלעגן רעדן וועגן די איוויער יידן מיט אָפּשיי און כבוד. דער פאָלגנדיקער עפּיזאָד זאָגט אַמבעסטן עדות, וואָס פאַר אַ שטאָלצע און העלדישע יוגנט מיר האָבן דאַן געהאַט.

אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג זיינען געלעגן אויפן גראָז אויף דעם וועג, וואָס פירט צום הויפישן סאַד (נאָך ווילנער גאַס, די אַלטע „פריסאַדעס"), אַ גרופּע בחורים און מיידלעך. מיטאַמאָל איז אָנגעפאָרן אין זיין קאַרעטע דער פּריץ וואָלסקי, צו וועמען עס האָבן געהערט די פעלדער און „סאַניזענצן", און אָנגעהויבן צו שרייען, אַז זיי צע־טרעטן אים דאָס גראָז און, אַז זיי זאָלן באַלד אַוועקגיין. דאַן האָט זיך באַלד אַ שטעל געטאָן איינער פון די בחורים, אַרויסגענומען אַ פּיסטאָלעט פון קעשענע, אָנגעשטעלט אַנטקעגן וואָלסקין און אים געוואָרנט: „אויב דו פאָרסט ניט באַלד אַוועק, ציל איך גלייך אין דיין קאָפּ!" דער שטאָלצער פּריץ, וואָלסקי, האָט אָפּגעווישט די וואָנסעס און געהייסן זיין קוטשער זיך אָפּטראָגן פון אָרט... אַזאַ שטאָלצע און העלדישע יוגנט האָבן מיר דאַן געהאַט אין איוויע!

## ד. אַ געסעלע פון דער איוויער אָרעמקייט מיט פופציק יאָר צוריק

דאָס געסעלע איז געווען איינס פון די פיל ניט־ברוקירטע בלאָטיקע געסעלעך, ווו עס האָט געלעבט די איוויער אָרעמקייט: מלמדים, בעלי־מלאכות און סתם אָרעמעלייט, וואָס קיינער האָט ניט געוווּסט פון וואָס ציען זיי זייער חיונה; שטילע, אָרנטלעכע, פרומע יידן, וואָס האָבן זיך באַגנוגנט מיט שה"י־פה"י און געפּונען זייער טרייסט אין אַ קאַפּיטל תהילים, אַ פּרק מעמדות און דאַוונען. זיי האָבן געלעבט אין נידעריקע, קליי־נינקע האַלב־איינגעפאַלענע הילצערנע כאַלופּקעלעך מיט פּיטשעמאָנינקע שייבעלעך. די הייזעלעך זיינען געווען געדעקט מיט שינדלען און אַפילו פשוט מיט שטרוי. דאָס געסעלע

האָט זיך אָנגעהויבן אין בערנאַרדינער גאַס נעבן חאַנע־משה, דעם שוסטערס שטוב און זיך געענדיקט ביים „וויהען", וואָס נעבן דער גמינע.

ביי חאָנע־משה דעם שוסטער אין אַ הינטער־שטיבעלע, איז געווען אַ חדר, ווו עס האָט „געקנעלט" הירשע־ארע דער מלמד. פונקט אַנטקעגן אים איז געזעסן אַ „קאָנקו־רענט", ר' יאָשע דער מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט אלף־בית־ייִנגלעך. אין דער לינקער זייט פון געסל האָט געלעבט חיים־יאַנקל, דער באַלעגאָלע. אין דער פרנסה האָט אים צוגעהאָלפן זיין ווייב, וואָס האָט געדרייט שטריק פון קוזשעלע אויף אַ פרימיטיוו רעדל.

אַנטקעגן דעם ליידיקן פּלאַץ, וואָס האָט געדינט אלתר דעם זאַוואָדטשיק, ווי אַן אָרט אַרויסצוואַרפן אָפּפאַל פון זיין פּראָדוקציע, האָט געלעבט אַ פרוי, חיהקע, אין אַ בנין, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון אַרומיקן „פייזאַזש". דאָס איז געווען אַ ליימענער אָפּגעקאָלכטער מויערל, ווו עס האָט געהאַלטן אַ „קנעלונג" ר' אַברהם־מרדכי. ער איז געווען אַ מלמד פון עלטערע ייִנגלעך, מיט וועלכע ער האָט שוין געלערנט חומש מיט רש"י, תנ"ך און אַ התחלה פון גמרא. אַנטקעגן זיי, לינקס, האָט געוווינט אַן אַלטער שניידער, וואָס פלעגט אויפדריבן דורך אַ וואָך אַ פּאָר הויזן, דאָס פלעגט אים געוונגן, ווי מען פלעגט זאָגן אין איוויע, צו עסן יויך מיטן גאָפּל און ברויט מיטן לעפל...

הינטער חיהקעס ווייסינקן מויערל האָט געלעבט יונה־בערע, דער וואַסער־פירער, מיט זיין ווייס פערדעלע, אַ פגירה, וואָס האָט קוים געשלעפּט דאָס קיילעכדיקע פעסל. האָט ער זומער און ווינטער זיך געשלעפּט איבער די איוויער גאַסן און פאַרקויפט דאָס טייך־וואַסער פאַרן פולן פּרייז — אַ קאָפּיקע פאַר אַן עמער. מיר, ייִנגלעך, פלעגן הנאה האָבן צו עפענען דעם שפּונט ווי נאָר ער פלעגט זיך אָפּקערן אין אַ זייט...

אין דער רעכטער זייט פונעם געסעלע, נאָך חיהקעס ווייס מויערל, האָט געלעבט דער אַלטער טאָקער, זיין ווייב, צוויי טעכטער און אַן אַלטע מאַמע. די טאָקעריי האָט אין אונדזערע ייִנגלשע אויגן אויסגעזען ווי די גרעסטע מאַשינעריע אין דער וועלט. דאָס איז געווען אַ מין „גרויס־אינדוסטריע" מיט וועלכער מיר ייִנגלעך האָבן זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן. אַחוץ דעם, אַז דער טאָקער איז געווען אויפגעלייגט האָט ער באַוויליקט אונדז צו געבן דעם פסולת פון די געטאָקטע כלים, און צו אונדזער שמחה איז גאָרניט געווען קיין גרענעץ...

זומער פלעגן גויים אָנפירן פיר־פינף מעטראָווע בערעזאָווע, יאָשינאָווע און דובאָווע קלעצער, וועלכע ער מיט זיין ווייב פלעגן עס באַלד צעזעגן אויף צוואַנציק־סענטימעט־ראָווע קלעצעלעך. די „פאַבריק" איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער הילצערנער ראָד און הינטער איר אַ קלענערע ראָד, אַ שטריק האָט פאַרבונדן די ביידע רעדער און אינמיטן איז געווען אַריינגעשטעלט אַ דיקער דראָנג, ווו מען פלעגט אַריינלייגן די אָנגעזעגטע קלעצעלעך. דער טאָקער האָט געדרייט מיטן פוס א ברעטעלע פונעם קליינעם ראָד, וואָס האָט איר געבראַכט אין באַוועגונג און געטריבן דאָס גרויסע ראָד, וואָס האָט ווידער געדרייט דעם דראָנג, וואָס אויף אים איז געווען דאָס קלעצעלע. מיט אַ שטאָלענעם דלאָט פלעגט ער אויסטאָקן קענדלעך, טעפּעלעך און אַפילו טעלער. אויף די מערק אין איוויע און אין די שכנישע שטעטלעך האָבן די פּויערים „צעכאַפּט" די סחורה, וואָס האָט כמעט ניט געהאַט קיין קאָנקורענטן. אויף דעם הילצערנעם, מיט שטרוי־שעניקעס אָנגעלייגטן

בעט, איז געזעסן די אַלטע טאָקערקע, אַ ייִדענע פון איבער אַ מאה יאָרן, איינגעוויקלט אַ קיילעכדיק יאָר אין צוויי פאַטשיילעס און אָנגעטון מיט דריי פּאָר ברילן, אַרומגעבונדן מיט שטריקעלעך אויף די אויערן איבער אַ גרויסן „קרבן־מנחה״־סידור און געפּרעפּלט אָן אויפהער תהילים און מעמדות...

אויף אַריינצוגיין אינעם שטיבעלע פון ר׳ שאַיע דעם זייגער, וועלכער האָט געהאַט אַ קליין סוכהלע ביים אַריינגאַנג, האָט אַ נידעריק־וווּקסיקער געדאַרפט זיך איינבויגן אין דרייען. דאָס ווייב, חיה־ראָכע, האָט געהאַט צוויי „פּאַכן״: לאָטען זעק אויף דער פּאָדלאָגע און שפּינען פּאָדעם אין קניילעכלעך מיט אַ שפּינדל אין קאַלטשיסקע, וואָס איז געווען אָנגעטשעפּעט צום באַלקן. נעבן הילצערנעם טיש איז געזעסן ר׳ דוד, חיה־טשיפּעס און געלערנט מיט צוואַנציק ייִנגלעך עברי. איבעריק צו זאָגן, אַז פון אַלע מלאכות האָט מען ניט געמאַכט אַפילו קיין באַשיידן לעבן...

פונקט אַנטקעגן איז געזעסן שלמה, אַ ייד מיט אַ גרויס הויזגעזינד, וואָס האָט אויך געהאַט אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות. דאָס וויכטיקסטע פאַך איז געווען בעקעריי. זיי פלעגן אָנבאַקן ערב אַ מאַרק־טאָג אָדער אַ יריד, „קאָראַוואָנעס״ (גרויסע חלות), בייגע־לעך מיט גרויסע לעכער, שוואַרץ ברויט, און פלעגן דאָס פאַרקויפן פון גרויסע מולטערס אַרויס. דאָנערשטיק און פרייטיק פלעגט דער הויכער און דאַרער שלמה דורכשפּאַנען דאָס גאַנצע שטעטל מיט אַ פּושקע אויף „ביקור־חולים״. זיין דריטע באַשעפטיקונג איז געווען — אַן אַקטיווער חברה־קדישא־מאַן. פּורים איז ער געגאַנגען מיט די פּורים־שפּילער און זיך „ספּעציאַליזירט״ אין אויפזינגען אַ „מי שברך״ פאַר די מנדבים. אין דער „היעראַרכיע״ פון די פּורים־שפּילער איז ער געווען, די „צווייטע האַנט״ פונעם אָנפירער, חנא ראַגאָוו (בוטלאָס)...

הינטער שאַיע דעם זייגערס שטוב האָט געלעבט ר׳ אשר דער קירזשנער, וואָס פלעגט מאַכן גויאישקע היטלען מיט בלישטשענדיקע ברילִיקעס. די ווילנער־פּאָרער (באַלעגאָלעס) פלעגן ברענגען פאַר אים דעם „רוי־שטאָף״, גוואַרדייסקע געוואַנט פון אַלטע סאָלדאַטסקע שינעלן און הויזן. אשר פלעגט דאָס רייניקן מיט בענזין און נאָכן איבעראַרבעטן דאָס אויף היטלען, פאַרקויפן אויף די מערק.

אַנטקעגן אים איז געזעסן ר׳ ישראל דער בלעכער; ער פלעגט מאַכן ריבאייזנס, קענדלעך און אַנדערע בלעכערנע כלים פאַרן שטוב־געברויך. ער פלעגט זיך אַרויסהעלפן מיט זיין ווייב באַשע און אַ געזעלן. זיינע אויסאַרבעטונגען האָבן געהאַט אַ גוטן שם, ניט נאָר ביי גויים, נאָר אויך ביי די שטעטלשע יידן.

הינטער דעם בלעכערס שטוב האָט זיך געצויגן אַ גרויסער גרינס־גאָרטן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דער קאַנצעלאַריע (שפּעטערדיקע גמינע) און זיך גע־ענדיקט נעבן „וויהען״, נעבן הירשל דעם שמידס קוזשניע. דעם גאָרטן פלעגן אַלע יאָרן נעמען אין אַרענדע יידישע גרינסער, וואָס האָבן צוגעשטעלט פאַר איוויע די פריעסטע גרינסן און געקאָנקורירט מיט די קידאַרים, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין קולטיווירן כל מיני גרינסן פאַר דער גאַנצער געגנט (געשיקט אַפילו קיין לידע און ווילנע).

איך האָב בלויז געגעבן איינע פון די געסעלעך פון דער איוויער אָרעמקייט. אין

איוויע זיינען געווען פיל אַזעלכע געסעלעך פון בעלי־מלאכות, מלמדים און קרעמערלעך, וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אויף צו מאַכן אַן אָרעם לעבן פאַר זייערע פאַמיליעס, זיך באַגנוגנט מיט וויפל גאָט האָט געגעבן און אים געדאַנקט טאָג און נאַכט פאַרן ביסל געזונט און פאַרן באַשיידענעם שטיקל ברויט...

## ה. אַ מאַרק־טאָג אין איוויע

נאָך דער יאַפּאַנישער קריג האָט די צאַרישע מאַכט אָנגעהויבן לייגן אַ באַן־ליניע מינסק—מאָלאָדעטשנע—גאַוויע—לידע—ווילנע, וואָס האָט זיך ווידער פאַרבונדן מיט דער פאָליעסער אייזנבאַן־ליניע, וואָס מען האָט דאַן געבויט. אַכט קילאָמעטער פון שטעטל איז געווען די איוויער סטאַנציע — גאַוויע (אויפן נאָמען פון אַ טייך, וואָס איז געפלאָסן דערנעבן). יידישע פאָדריאַטשיקעס, וואָס האָבן איבערגענומען דאָס בויען די ליניע האָבן געבראַכט פון טיף רוסלאַנד „פאָניעס", ספּעציאַליסטן צו דער אַרבעט און ווערבירט שוואַרצע אַרבעטער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. אויך אַ פּאָר צענדליק איוויער יידן האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט און געווען אַזעלכע, וואָס האָבן איבער־געשטיגן מיט זייער פלייס די מומחישע פאָניעס. אין די יאָרן, ווען מען האָט געלייגט די אייזנבאַן (1907־1906) האָט מען אין איוויע געלייזט פון די הונדערטער אַרבעטער, וועלכע פלעגן קומען קיין איוויע מאַכן זייערע קניות. נאָך דעם ווי עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס בויען די אייזנבאַן־ליניע האָט זיך אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פאַרבעסערט דיווירט־שאַפטלעכע לאַגע פון שטעטל. איוויע האָט זיך דערנענטערט צו דער גרויסער וועלט. מאַנופאַקטור־, גאַלאַנטעריע־קרעמער א״אַ סוחרים פלעגן פאָרן אָפטער אין דער שכנישער, גרויסער שטאָט, לידע, אין דער גובערניע־שטאָט ווילנע און איינציקע פלעגן אַפילו דערפאָרן ביז ביאַליסטאָק און וואַרשע. אין שטעטל האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן סוחרים און אַגענטן פון סחורות פון גאָר דער וועלט. די לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיך אָנגע־הויבן ביסלעכווייז פאַרבעסערן פון יאָר צו יאָר. עס זיינען צוגעקומען נייע פּרנסות, די מערק זיינען געוואָרן גרעסער און אויך דער אויסוואַל פון סחורות אין די איוויער קראָמען.

דער מאַרק־טאָג אין שטעטל האָט זיך געשטעלט יעדן מיטוואָך. אַחוץ דעם זיינען דורכן יאָר געווען 7־8 גרויסע ירידים. די גרעסטע ירידים זיינען געווען דער „נאָוויגאָד" (ניי־יאָר). יריד אין דעצעמבער־חודש און „גראָמניץ", אין מערץ, פּורים־צייט.

גראָמניץ איז געווען דער גרעסטער יריד, אויפן יריד פלעגן אָנפאָרן פויערים פון די וויטסטע געגנטן. רוסישע סוחרים, „פאָניעס", אין גרויסע פעלצן און ווייסע סיבירער וואַליקעס האָבן געבראַכט פאַרשיידענע סחורות פון טיף „ראַסעי" און זיינען אויך געקומען קויפן. זיי האָבן געבראַכט אויסגעאַרבעטע פעלן פון חיות און פאַרטיקע פעלצן, ווייסע האַרטע וואַליקעס און נאָך פיל סחורות. זיי פלעגן פאַרנעמען אויף זייערע גרויסע שליטנס און דרענגער אויף וועלכע זיי פלעגן אויסהענגען זייערע סחורות אַ קענטיקן טייל פון מאַרק. זיי פלעגן צאָלן יידישע יינגלעך 25 קאָפּיקעס אַ טאָג צו היטן, אַז גויים זאָלן ניט גנבענען אין טומל פון יריד...

צום יריד־טומל האָבן צוגעגעבן פאַרב און לעבעדיקייט די בילדער־אויסשטעלונגען, וואָס זיינען געווען פאַרהאָנגען אויף דרענגער אין גרויסע געפלאָכטענע בוידן און די קאַ־

טערינטשיקעס וועמענס שפּיל־קעסטעלעך מיט די פּאַפּוגאַיעס, וועלכע פלעגן אַרויסציען מיט זייערע שנאָבלען די מזל־צעטעלעך מיט געווינסן האָבן תמיד געצויגן צו זיך אַ גרויסן עולם פון נייגעריקע שקצים און שיקסעס.

יידישע בעלי־מלאָכות, קרעמער און שענקער, דאָס גאַנצע שטעטל, וואָס האָט געלעבט פון דער אַרומיקער דאָרפישער סביבה האָט געוואַרט און זיך געגרייט צו דעם יריד־טאָג, צום טאָג פון גרויסן פדיון. שוסטער זיינען אַרויסגעקומען מיט שטיוול, לויט פאַרשיידענע מאָסן, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט אַ גאַנצן ווינטער, קירזשנער מיט היטלען, לויט באַזונדערע גרויסן, וועלכע זיי פלעגן צעשטעלן אויף הילצערנע פּאָליצעס.

יום־שוק בעיירה (1926).




אַ מאַרק־טאָג אין שטעטל.

ישראל דער בלעכער פלעגט אַ גאַנצן זומער צוגרייטן ריבאייזנס, קענדלעך און נאָך פאַרשיידענע כלים צום קיך און שטוב־געברויך. ער פלעגט זיך שטעלן מיט זיין ווייב, באַשע, אויפן מאַרק צום פאַרקויף. דער אַלטער טאָקער פלעגט ברענגען זיינע אָנגעטאָקטע קענדלעך מיט די לאַנגע הענטלעך און אַנדערע הילצערנע כלים און מיט דער הילף פון זיין גרויסער משפחה, איינגערעדט די גויים צו קויפן זיינע אויסאַרבעטונגען. די רימאַרעס האָבן צעהאָנגען זייערע געשפּאַנען, כאָמוטן, שלעיעס און די שמידן האָבן זיך צעלייגט מיט קופּעס האָלאָבלעס, אָנגעשמידטע רעדער צו וועגענער און שינעס צו שליטנס. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פון וועגענער אויספאַרקויפט פילפאַרביקע קאָפּ־טיכלעך פאַר גויעס און גויאישקע פּראָסטע געוואַנטן. אָרעמע יידענעס האָבן פאַרקויפט כל מיני

זיסקייטן, צוקערקעס און כאַלווע פון מאַשע פיסעלעוווסקיס צוקערקעס־פאַבריק, זיסע געבעקסן און לעמאָניאַד פון אַלטער דעם זאַוואַדטשיקס פאַבריקל. דער קליינינקער איי־זיקל פלעגט זיך שטעלן מיט אַ שליטל צעפרווירענע עפּעלעך און פלעגט אויך פאַרהאַנד־לען זיין סחורה. דאָ איז אויך געווען דאָס אָרט פאַר גרויסע מולטערס מיט די לאָבנס „שיטניצע" (ווייס ברויט), גרויסע קוילעטשן, בייגל, וועלכע די גויים פלעגן אָנהויבן בייסן נאָך איידער זיי האָבן באַצאָלט. אין דעם ווינקל זיינען אויך געשטאַנען פעסעלעך מיט גרויסע ביליקע הערינג און דערנעבן אויף פּאָליצעס, ווייסע, שפּיציקע קעזלעך און האָלענדישע פעטע געלעכערטע קעז, וואָס איוויער פאַקטאָרעס פלעגן מאַכן פון סעראָ־ווטקע אין די אַרומיקע הויפן.

און להבדיל, די חזירניקעס, שטאַטישע מיעשטשאַנעס פלעגן אין דער נאַכט פאַרן יריד, פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ אויפן מאַרק דורך דער „חזקה" פון אַוועקשטעלן אַ שליטן און פאַרקויפן דבר־אחר און שינקע. נעבן זיי פלעגן קיידאַרים פאַרקויפן לעדער, שטיקלעך פעל און לאַפּטשעס פון פּרימיטיווער היימישער אויסאַרבעטונג. קאָנקורענטן פון די איוויער לעדער־קרעמער און דעם שעליבערס אויסאַרבעטונג פון זיין פעל־פאַבריק. אַזוי האָבן אויך קאָנקורירט די ליימענע טעפּ, וואָס עס פלעגן ברענגען אויפן מאַרק די מאָרינער פאַראַבקעס מיט די טשוהונענע גרויסע סאַגאַנעס, וואָס איוויער קרעמער פלעגן ברענגען פון טיף־רוסלאַנד.

פערד־הענדלער („קאָניוכעס") און ציגיינער פון גאָר דער וועלט פלעגן אָנפאָרן מיט וועגענער און בוידן, די ציגיינער מיט טונקעלע, אָפּגעברענטע פּנימער, אָנגעטאָן אין ברייטע איבערגעוואָרפענע סאַמעטענע הויזן אויף צוגעפּאַסטע נעטע שטיוול מיט פּאַר־ביקע, ברייטע באַפּרענדזלטע גאַרטלען איבער טונקעלע רובאַשקעס, האָבן געכוואַשטשעט מיט לאַנגע דראַשטשינע בייטשן איבער די פערד, וועלכע זיי פלעגן אויספּרובירן לויפנדיק און פאַרגעלייגט די גויים „פּאָמינאַיעם קאָני" (לאָמיר בייטן פערד). די „קאָניוכעס" האָבן געפּאַטשט מיטן גאַנצן כוח אין גויאישע דלאָניעס און זיך געדונגען וועגן פּרייז — פאַרלויבנדיק זייערע פערד אין הימל אַריין, דורכלויפנדיק מיט זיי לענגאויס דעם פערד־מאַרק (שפּעטער — אויפן שול־הויף), אָדער אַריינקוקנדיק אין די פערדישע ציין. בהמות־הענדלער און קצבים זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן די צוגעבונדענע בהמות צו פאַרקאַנעס און צו גויאישע פורלעך, געטאַפּט די קי און זיך געדונגען בקולי־קולות וועגן די פּרייזן.

דאָרפסהענדלער (קאַראַבעלניקעס) און סוחרים זיינען אַרומגעגאַנגען פון וואָגן צו וואָגן מיט קליינע האַנט־וועגעלעך און געקויפט פּעקלעך חזיר־האָר, קרענצלעך שוועמעלעך, פוטערוואַרג, בינטלעך פלאַקס און זעקלעך זוימען. באַלעבאָסטעס און הענדלער האָבן געטאַפּט אין די וועגענער און געזוכט אַ שטיקל פּוטער, קאַרטאָפל, אייער, קאָרן און אַלץ, וואָס מען דאַרף אין שטוב ביזן נאָענטן מאַרק־טאָג. קרעמער און קרעמערקעס, האָבן געשלעפּט צו זיך גויים און איינגערעדט זיי מיט ברען, אַז זייערע סחורות זיינען די ביליקסטע און בעסטע. פון די שענקען, ווו גויים האָבן צוגעביסן און „באַנעצט" די ליפּן האָבן זיך געטראָגן שיכורע קולות און ווילדע געזאַנגען.

קינד און קייט, יונג און אַלט, זיינען געווען פאַרנומען אין די ירידים און אין די מאַרק־טעג. ביי אַ קענטיקן טייל פון די איוויער יידן איז עס געווען די פּרנסה אויף אַ

גאַנצער וואָך. דער הו־האַ און טומל האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּאָר שיכורים, וועלכע האָבן בגילופינדיק געזונגען מיט ווילדע קולות, אַמאָל מיט אַ געשלעג, אָדער אַפילו מיט אַ קרבן פון מעסער־שטעך. דאָס שטעטל האָט ווידער געוואַרט ביזן קומענדיקן מיטוואָך — דער מאַרק־טאָג און דעם נאָענטן גרויסן יריד — די פּרנסה־טעג פון די איוויער יידן.

## ז. לייזשינקע דער שניידער און זיין גראַמאָפאָן (1910—1911)

ביז לייזשינקע, אַ מענער־שניידער, אַן „אויפגעקלעטער" בחור האָט אַראָפּגעבראַכט פון לידע אַ גראַמאָפאָן מיט אַ גרויסער טרובע, האָט מען אין איוויע ניט געוווּסט, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ ווונדערלעכע דערפינדונג, וואָס איז אַפילו גרעסער ווי די שפּיל־קאַטערינקעס, וואָס פלעגן קומען אויף די ירידים. קינד און קייט, אַלט און יונג, פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן אין די זומערדיקע אָוונטן אין בערנאַרדינער גאַס, נעבן דעם שטיבעלע פון דניאל לייבמאַן (דאַנצ־יג), ווו לייזשינקע דער שניידער האָט געלעבט אַלס קוואַרטיראַנט, צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם גרויסן ווונדער פון אַ קעסטל מיט אַ טרובע פון וועלכן מען הערט לצנישע פריילעכע לידער און אַפילו תפילות געזונגען דורך באַרימטע חזנים, ווי קוואַרטין, סיראָטע א אַנד. אין דער שטילקייט פון די זומערדיקע אָוונטן האָט זיך געטראָגן דאָס ציקלעניש פון חזן און זיינע משוררים איבערן גאַנצן שטעטל און אַפילו אין שכנישן זאַקאָשצעלצע. גאָר גיך האָבן שוסטער און שניידער גע־זונגען ביי דער אַרבעט די אַלע פאָלקס־לידעלעך און שטיקלעך פון סידור, וואָס זיי האָבן געכאַפּט פון לייזשינקעס גראַמאָפאָן.

געוויינטלעך האָט מען געזוכט אַ הסבר צו אָט דעם גרויסן ווונדער. ווי קען עס געמאָלט זיין: אַז פון אַ קעסטל מיט אַ טרובע זאָל מען הערן זינגען אַ חזן פונקט ווי ער וואָלט געדאַוונט ביים עמוד אין אַלטן בית־מדרש ?... איך האָב אַליין געהערט ווי אַלטע יידן האָבן מסביר געווען זייערע ווייבער, אַז דער חזן מיט די משוררים זיצן אין דער גרויסער טרובע און זינגען... געגוי ווי דער איוויער חזן, קלמן, מיט זיינע בייהעלפערס ביים עמוד אין אַלטן בית־מדרש...

לייזשינקע איז צוליבן גראַמאָפאָן געוואָרן אַ חשובער מענטש אין שטעטל און ניט געוווּסט, ווי הויך צו האַלטן דעם קאָפּ. ווער איז געווען צו אים גלייך ? יענק מיידל אָדער בחור, וועלכע ער האָט באַוויליקט איינצולאַדן צו זיך אין צימער און פאַרצולייגן זיצן האַרט נעבן גראַמאָפאָן האָט שטאָלצירט מיטן צוגעטיילטן כבוד און שפּעטער איבער־דערציילט אין גאַנצן שטעטל די גאַנצע „טעכניקע" מיט דער פּליטע און דאָס נאָדעלע, וואָס פאָרט אַרום אויף איר און מאַכט איר שפּילן...

ניט לאַנג האָט לייזשינקע געקיניגט מיט זיין גראַמאָפאָן איבער איוויע. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן חברה גנבים זיך דערבאַרעמט, צוגעהיט ווען ער איז אַרויס פון צימער און אַוועקגענומען דעם גראַמאָפאָן מיט דער טרובע. שפּעטער זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אין שטעטל, אַז מען זאָל אים האָבן געפונען אַ צעבראָכענעם אין אַ ברונעם אין ווילנער גאַס...

אַן אומעט איז אַרויפגעפאַלן אויפן שטעטל, אָבער די לידלעך און חזנישע שטיקלעך

האָבן זיך איצט געטראָגן פון די בעלי־מלאכהשע וואַרשטאַטן און פון די מיילער פון פאַרליבטע פּאָרלעך.

## ז. איוויע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

אַז איוויער יידן זיינען אויפגעשטאַנען פרייטיק דעם 18טן יולי 1914 (ערב שבת־חזון) זיינען שוין געווען אויסגעהאַנגען „אָביאַוולעניעס" (מעלדונגען) אויף די ווענט, אַז רוסלאַנד איז אין מלחמה־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד און עסטרייך. צומאָרגנס, שבת, האָט מען שוין מאָביליזירט אייניקע יאָרגענג און אַלעמען פון גאַנצן „וואָלאָסט" (געגנט) געשיקט קיין אשמענע, וואָס איז דאַן געווען די אויעזדנע שטאָט (די גובערניע־שטאָט איז געווען ווילנע). צווישן די מאָביליזירטע זיינען אויך געווען צענדליקער יידישע בחורים און אַ ביסל שפּעטער, נאָך די גרויסע מפּלות און פאַרלוסטן אין מענטשן, האָט מען שוין אויך גענומען עלטערע יאָרגענג (זאַפּאַס). פיל משפחות אין שטעטל זיינען געבליבן אָן זייערע באַשפּייזער און באַשיצער.

נאָך די ערשטע גרויסע מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי זיינען אָנגעקומען די ערשטע טרויעריקע ידיעות וועגן געפאַלענע איוויער בחורים אין די קאַמפן. אַ פּאָר יונגעלייט, וואָס זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן האָט מען אָפּגעלאָזט אַהיים און אַלע פלעגן מיט גרויס נייגער הערן זייערע מעשיות וועגן דער שלימזלדיקער אָרגאַניזאַציע פון רוסישן מיליטער, וועגן גרויסן פאַראַט פון רוסישן גענעראַל רענעקאַמף, וועגן די גרויסע שלאַכטן אין פּרייסן און נאָך גרעסערע מפּלות און זיך איבערצייגט, אַז גאָר אינגיכן וועלן מיר דאָ האָבן די דייטשן, די „בעלי־מזלות", וואָס האָבן זוכה געווען צוריקצוקערן זיך צ'היים פאַרוווּנדעטע: אַלי באַראַנס צוויי זין, לייזער און חיים, אַברהם מרדכיס אַ זון, משהקע דער שמיד, מלך דעם תהילים־וועקערס זון, ראובקע, איטשקע דעם קצבס זון, משהקע, זיינען געוואָרן די מלחמה־סטראַטעגן און פלעגן אין בית־מדרש אונטערן אויוון דערציילן ניסים און נפלאות וועגן די בלוטיקע „באָיען" און דערווייל ניט פאַרגעסן צו דערציילן אויך וועגן זייערע גבורות און העלדישקייטן... ווי דער שטייגער איז, זיינען אין שטעטל געווען „צדדים" וואָס האָבן געהאַלטן מיטן דייטש אָדער מיטן רוס און פּריש־געבאַקענע „סטראַטעגן" האָבן אויסגעטייטשט די ידיעות פון די צייטונגען, וואָס האָבן ניט געקענט פאַרבאַהאַלטן די גרויסע מפּלות פון די רוסן און דעם שנעלן פאָרויסמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי.

די פּאַניק אין שטעטל איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג; נאָך פּסח האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוויזן פורן און בוידן מיט „בעזשינצעס", וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די ערטער, ווו ס'האָט זיך דערנענטערט דער פראָנט אויפן וועג קיין טיף רוסלאַנד. גאָר גיך האָט מען שוין געזען בעזשינצעס פון נאָענטע ישובים און די ציווילע רוסישע מאַכט פון שכנות־דיקע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן זיך עוואַקואירט. אויך אַ צענדליק רייכע איוויער בעלי־בתים (דוד גאָלדבערג, שמעיה בלאָך, שישקע בלאָך, חיים בלאָך א. אַנד.) און דער איוויער רב, קאָסאָווסקי ז"ל, האָבן זיך עוואַקואירט מיט זייערע משפחות קיין רוסלאַנד.

דער פראָנט האָט זיך שוין דערנענטערט צו איוויע, עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען

דורך דעם שטעטל: פּיעכאָטע, קאַוואַלעריע, אַרטילעריע, וואָס האָבן געפּרעגט דעם וועג אויף מיקאָלאַיעווע און מאָלאָדעטשנע. סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע פאָרמאַציעס האָבן דערוויל געפּרוווט ראַבירן אין די הייזער. ראש־השנה און יום־כיפור האָט מען געדאַוונט מיט שרעק פאַר די קאָזאַקן, וואָס זיינען אַרומגעריטן מיט זייערע שטיקעס איבער די גאַסן און געזוכט, ווו מען קאָן ראַבירן ווערטפולע זאַכן. מען האָט שוין דייטלעך געהערט די קאַנאָנאַדע פון די האַרמאַטן. יידן, מורא האָבנדיק פאַר אַ „באַי", בעתן דייטשן אַריינמאַרש האָבן צונויפגעפּאַקט די זאַכן אין פּעק און פאַרבאַהאַלטן אין קעלערס. איבערהויפּט האָט מען געטראָגן דאָס צונויפגעפּאַקטע האָב און גוטס אין דעם קעלער פון גרויסן מויער אין בערנאַרדינער גאַס, וואָס האָט געהערט צום איוויער הויף, האַלטנדיק עס פאַרן זיכערסטן פּלאַץ. אַ נאַכט פאַרן אָפּטרעטן פון דער רוסישער אַרמיי האָבן די קאָזאַקן ראַבירט דעם קעלער. עס איז שוין געווען קלאָר, אַז מאָרגן וועלן די דייטשן פאַרנעמען איוויע.

## ח. איוויע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע (אָקטאָבער 1915—1917)

איוויע האָט געהאַט מזל. די דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל אָן אַ קאַמף. פאַרטאָג האָבן די אָפּטרעטנדיקע, לעצטע רוסישע סאָלדאַטן אונטערגעצונדן די הילצערנע בריק איבערן איוויער טייך, כדי אָפּצוהאַלטן דעם דייטשן פאָרויסמאַרש.

די דייטשע „ראַזוויעדקע" איז אַריין אין שטעטל דעם צווייטן טאָג סוכות (אָקטאָבער 1915), בייטאָג. די דריי רייטער־ראַזוויעדטשיקעס זיינען אַריינגעפאָרן דורך באַזונדערע וועגן און זיך באַגעגנט אויפן מאַרק. באַלד האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן פון נאָוואָראָדקער גאַס אַרמייען פוסגייער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען אַ טייל דורך קרומער גאַס אויפן וועג קיין מיקאָלאַיעוואָ און אַ טייל דורך בערנאַרדינער גאַס אויפן וועג קיין יוראַטשישאָק. מיר זיינען געשטאַנען אויף די גאַסן און באַוווּנדערט זייער הילוך, אַנטועכץ, אָרדענונג און דיסציפּלין. די ווייבער, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו רעדן אַ פּאָר ווערטער מיט די דייטשן, האָבן געשריגן: „זיי זיינען יידן, זיי רעדן אַ פאַרגרייזטן יידיש"... אַלע האָבן זיך גוט אויסגעלערנט רעדן יידיש מיטן פּתח און זיינען געוואָרן דאָלמעטשערס צווישן די דייטשן מיט דער גויאישער באַפעלקערונג.

אין צאַלקע אַשעראָווסקיס מויער, אויפן מאַרק, האָט זיך איינגעקוואַרטירט אַן אָרטס־קאָמענדאַנטור בראש מיטן לייטענאַנט האָפּמאַן. אין מאָטיע קאַטעזשינסקיס שטוב — די דייטשע פּאָליציי מיטן אונטעראָפיציר, ווייס קאַספּער בראש. אַלע דריי בתי־מדרשים (אַלטער, נייער און די קלויז) זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פעלד־לאַזאַרעטן און די הילצערנע קאַלטע שול — אין אַ מיליטערישן מאַגאַזין. פיל גרויסע הייזער אין שטעטל זיינען באַזעצט געוואָרן דורך סאָלדאַטן פון גאַרניזאָן און די בעלי־בתים האָט מען פון זיי אַרויסגעטריבן. היות, ווי דער שולהויף איז געווען אונטער דער דייטשער, מיליטער־רישער פאַרוואַלטונג און דער צוגאַנג צו אים איז געווען פאַרבאָטן האָט מען געדאַוונט אין מנינים, אין פּריוואַטע הייזער. ווילהעלמס דייטשלאַנד איז ניט געווען היטלערס דייטשלאַנד. נאָכמער, די דייטשן האָבן זיך דאַן געשטיצט אויף דער לאָיאַליטעט פון דער

יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט און געזען אין די יידן, וואָס זיינען געווען באַגרע־נעצט אין זייערע רעכט אין צאַרישן רוסלאַנד, אַ זיכערן עלעמענט. ניט ווייניק האָט צו די גוטע באַציאונגען מיטגעווירקט דאָס קענען פאַרשטענדיקן זיך מיט זיי, אַ דאַנק דער יידישער שפּראַך. דאָך האָט די איינגעבוירענע רשעות פון די דייטשן אויך דאָ געגעבן איר צייכן. גלייך נאָך זייער אַריינמאַרש האָבן זיי געטריבן די שענסטע בעלי־בתים, שלאָגנדיק אָן רחמנות, באַגראָבן די „פּאַדלעס" (פגירות), וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי געשריגן: „פאַרפלוכטער יודע", „גאָט פאַרדאַמטע" און געלאָזן אין גאַנג די נאַהייקעס... באַלד נאָך סוכות האָט מען געטריבן יונג און אַלט מיט קאָשיקעס אויף די פעלדער צווישן די דערפער, ציוונעוויטש־דאַליד אויסקאָפּען די קאַרטאָפל, וואָס האָבן געהערט צום איוויער הויף און צוליב דער מלחמה געבליבן ניט אויסגעגראָבענע. דער אָרטס־קאָמענדאַנט, האַפּמאַן, האָט באַלד נאָמינירט אַלס יידישן בירגערמייסטער, שמעון („שימאַנקע") קאָווענסקי, וואָס האָט געטראָגן אַ ווייסע לענטע אויפן האַנט מיט די איניציאַלן .B. C און אין האַנט אַ שטעקן — זיין געוועהר... וועלנדיק נושא־חן זיין ביים קאָמענדאַנט, פלעגט ער שרייען: „מען מוז אַרבעטן פאַרן פאָטערלאַנד"...

בנין ה„גמינה" שנהיה לבי"ח צבאי במלחמת העולם הראשונה.



„גמינע"־בנין („קאַנצעלאַריע") אַלס מיליטערישער שפּיטאָל אין 1־טער וועלט־מלחמה.

נעבן דעם טייך, בערעזינע, האָבן די רוסן אָפּגעהאַלטן דעם דייטשן פאָרויסמאַרש און דאָ האָט זיך איינגעשטעלט דער פראָנט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. פון איין זייט טייך, ביי באַקשט, האָבן זיך באַפעסטיקט די

דייטשן אין צעמענטענע אָקאָפּעס און בלינדאַזשן, פון דער צווייטער זייט טייך, אין דאָרף יאָדניק, האָבן זיך פאַרגראָבן די רוסן.

איוויע איז פּאַקטיש געווען דאָס לעצטע שטעטל פון דער דייטשער זייט און צוליב איר נאָענטקייט צו די ערשטע קאַמפּס־ליניעס (28 קילאָמעטער), איז זי געווען אויסגע־שטעלט אויף באַזונדערע גזירות און דראַקאָנישע באַגרענעצונגען, פון וועלכע עס האָבן ניט געליטן די שטעט, ווייטע פון דער מלחמה־זאָנע. אין שטעטל און אין אַלע דערפער אַרום איוויע איז איינגעשטאַנען פיל מיליטער, וואָס האָט געבילדעט די צווייטע פראָנט־ליניע. נעבן דאַילידער וואַלד איז אויפגעבויט געוואָרן אַ פלי־פּלאַץ פאַר דעם ביסל עראָפּלאַנען, וואָס דייטשלאַנד האָט שוין אָנגעהויבן באַנוצן אין די קאַמפן (פון דעמאָלט אָן האָט דער וואַלד באַקומען זיין נאָמען „פליער־וואַלד״). צוליב דעם האָט די ליכט בייי־נאַכט געמוזט זיין פאַרטונקלט. נאָך דער „שפּערע־שטונדע״, איז געווען שטרענג פאַר־באָטן צו זיין אין דרויסן, די באַוועגונג מחוץ דעם שטעטל איז אויך געווען שטרענג באַגרענעצט; אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאַכט האָט מען זיך ניט געקאָנט באַווייזן אין אַ דאָרף. עס זיינען בטל געוואָרן די מערק און ירידים פון וועלכע דאָס שטעטל האָט זיך געשפּייזט און אין פיל הייזער איז דער הונגער געוואָרן אַן אָפטער גאַסט.

אינצווישן האָט דער קאָמענדאַנט, האַפּמאַן, געפאָדערט, אַז דאָס שטעטל זאָל אויס־וויילן אַ ראַבינער מיט אַ שטאָטישן קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע איז אויך געווען: צעטיילן די מאָגערע נאָרמעס שפּייז פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אַ פּאָר איוויער בעלי־בתים זיינען אוועקגעפאָרן אין שכנישן שטעטל, ליפּנישאָק און געבראַכט קיין איוויע דעם ליפּנישקער רב, משה שאַצקעס. דער שלאַנקער, סימפּאַטישער און רעפּרע־זענטאַבלער יונגערמאַן איז זייער געפעלן געוואָרן האַפּמאַנען און ער פלעגט ליב האָבן מיט אים צו שמועסן. דער שטאָטישער קאָמיטעט מיט הרב שאַצקעס בראש, האָט געהאַט זיין צענטער אין פייטקע חיימאָטש׳ס גרויסע הויז (אין בערנאַרדינער גאַס). דאָרט פלעגט מען אויסטיילן יעדע פאַמיליע דעם „פּאַיאָק״, דאָרט איז אויך געווען דער גרעסטער מנין, ווו עס פלעגט אויך דאַוונען דער רב.

דערוויל האָט מען צוגעטראָגן דעם קאָמענדאַנט, אַז שמעון (שימאַנקע), נעמט שוחד — אַ קלאָץ פון יעדן וואָגן, וואָס מען האָט געפירט פאַרן קאָמענדאַנט, פאַר די דייטשע אינסטיטוציעס און פאַר די הייזער, וואָס זיינען געווען באַזעצט דורך מיליטער. מען האָט אים פאַרמשפּט אויף צוויי יאָר תפיסה פאַר „שווינדל״ און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד אָפּזיצן. זיין שטעלע איז דאַן איבערגעגעבן געוואָרן צו חיים ווילענסקי.

אַ דייטשער דאָקטאָר, מיגע, האָט מאָדערניזירט די איוויער באָד: געמאַכט שפּריצן און אויפן הויף אַוועקגעשטעלט אַן אַנטלויזונגס־מאַשין, ווו מען פלעגט דעזינפעקציאָ־נירן די מלבושים. צוויי טעג אין וואָך איז די באָד געווען פאַר דער ציווילער באַפעל־קערונג. עס זיינען געווען יידן, וואָס האָבן זיך „געפּוילט״ צו גיין אין באָד אַריין און פלעגן זיך באַהאַלטן, די דייטשן האָבן מיט שטעקנס געטריבן און געשריגן: „יודן, אין באַדע אַריין!״ דער זעלבער דאָקטאָר, וואָס האָט זיך געניויטיקט אין וואַסער פאַר דער באָד אין דער גרויסער מיליטערישער וועשעריי, האָט דערנעבן אָנגעטראָפן אויף אַן

אָרטעזיאַנישן קוואַל, אַריינגעזעצט רערן און אַ דעסטילאַציע־אינסטאַלאַציע און געלייזט דאָס וואַסער־פּראָבלעם. דאָס וואַסער האָט געשטראָמט טאָג און נאַכט אָן אויפהער און זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גוטן טעם און קילקייט. שפּעטער האָט דער ברונעם געטראָגן דעם נאָמען פון זיין דערפינדער: „מיגע־ברונעם" און געוואָרן די אַטראַקציע פונעם שטעטל.

לויט אַ באַפעל פון די דייטשן האָט מען דאַן אויסגעברוקירט דעם מאַרק. עס האָבן דערביי געאַרבעט די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל. דער מייסטער־ברוקירער איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי ר' חיים שרה דאַבקעס, דער שמש פון אַלטן בית־מדרש... די דייטשן האָבן דאַן ווידער געהאַט אַ געלעגנהייט צו שלאָגן די „פוילעע יודען", די „פּאָל־נישע שווינען" און די „טאַטאַרישע דומע קעפּ"...

קיין אַרבעטס־פּלעצער האָבן ניט געפעלט. פעלד־אַרבעטן אין אוטשאַרנער הויף און אין איוויער הויף. דער אַרבעטס־לוין איז געווען, 80 פעניג אַ טאָג פאַר יוגנטלעכע ביז אַכצן יאָר. פאַר עלטערע אַרבעטער — איין מאַרק און 20 פעניג אַ טאָג. אַ גוטער אַר־בעטס־פּלאַץ איז געווען דער אַעראָדראָם. די פּליער האָבן זיך באַצויגן זייער גוט און געהאַט דעם פּולסטן צוטרוי צו אונדז, מיר האָבן גערייניקט די אַעראָפּלאַנען, געאַרבעט אין די דערנעבנדיקע מאַגאַזינען א. אַ. וו. זיי פּלעגן אַפילו רעדן מיט אונדז וועגן פּאָליטיק און צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן נאָכן זיג.

## ט. „פּאַניע־קאָמפּאַניע" (באַטאַליאָן)

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער קאָמענדאַנט, האָפּמאַן געפאָדערט פון יידישן קאָמיטעט צוואַנציק אַרבעטער אויף אַרבעט אין אַ פערד־לאַזאַרעט. צום ערשטן מאָל האָבן מיר געהערט דעם נאָמען: „פּאָניע־קאָמפּאַניע" אָדער „פּאָניע־באַטאַליאָן", וואָס האָט באַלד אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלעמען. די דייטשן האָבן געבראַכט טויזנטער יידן און קריסטן אַזש פון קאָנגרעס־פּוילן און, פאַרשטייט זיך, בעיקר פון די נאָענטסטע שטעט און דערפער צו די פראָנט־ליניעס. זיי האָבן געטאָן די פאַרשיידנאַרטיקע אַרבעטן פאַר דער דייטשער אַרמיי אין דער אומגעגנט פון די פראָנט־ליניעס: גראָבן אָקאָפּעס, בלינ־דאַזשן, קאַנאַלן, גערוימט דעם שניי אויף די וועגן, געבויט שאָסייען, אַראָפּגעלאָזטביימער פאַר האָלץ־פאַרגרייט, באַדינט די דייטשע מיליטערישע איינהייטן אאַז"וו. איבעריק צו זאָגן, אַז דער אַרבעטס־לוין איז געווען אַ נישטיקער, דאָס עסן, בלויז אויף צו דערהאַלטן די נשמה און דאָס, אונטער אַ נאַהייקע־רעזשים פון שלאָגן און איזדעקעוועןן זיך איבער די „פּוילענצער" און „שמוציקע". דער „דאָנערוועטער" און נאָך אַנדערע קללות און זידל־ווערטער איז באַגלייט געוואָרן מיט קלעפּ, אָן רחמנות! דער יידישער קאָמיטעט האָט געמאַכט אַ רשימה פון די געפאָדערטע צוואַנציק אַרבעטער. דער אמת איז, אַז קיינער איז ניט געשוינט געוואָרן ביים אויסוואַל. זין פון די חשובסטע בעלי־בתים האָבן זיך אויך ניט געקאָנט אַרויסדרייען פון „פּאָניע־קאָמפּאַניע". אַזוי זיינען אין אונדזער גרופּע געווען: יודל קאַבאַק, יעקב (יאַנקעלע) מאַלאַכאָווסקי, שלמה בלאָך (שישקעס), שמואל דוואָרעצקי א אַנד.

אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען אין אַ פערד־לאַזאַרעט, אין הויף זאַבעלינע (צווישן די דערפער: לוגמאָוויטש און לאזדון), אַן אָפּטיילונג פון לאַזאַרעט איז געווען אין דערנעבנדיקן באַבינסקער הויף. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון קאָרמענען הונדערטער פאַרוווּנדעטע און קראַנקע פערד, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון פראָנט אויף „קוראַ־ציע". מען פלעגט אויך טאָג־טעגלעך, זיי „פּוצן", גענוי ווי מען פלעגט דאַרפן האַלטן ריין די שטאַלן און „אָבאָרעס", ווו זיי זיינען געשטאַנען. ווי איז געווען צו דעם, וואָס

יהודה (יודל) קבק ב„מדי" ה„פאני־קומפאני" במלחמת העולם הראשונה (1916).



יודל קאַבאַק אינעם אַרבעטס־אוניפאָרם פון דער פּאַניע־קאָמפּאַניע" (1916)

האָט געפּרוּווט אַרבעטן „טאַנדעט". דער וואַכמייסטער פלעגט מאַכן אַ „סנאָר" (אַ צייכן מיט זיינע פינגער איבערן פערדס גוף, כדי צו קאָנטראָלירן, צי מען האָט ניט איבער־געלאָזט קיין שטויב. יעדער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מטפל זיין זיך מיט אַ באַשטימטער צאָל פערד. געשלאָפן איז מען אין די פויערישע הייזער אויף די ערדענע פּאָדלאָגעס, אונטערגעבעט מיט שטרוי.

דער פרישטיק און אָוונט־ברויט איז באַשטאַנען: פון „ערזאַץ־קאַווע" (איבערגע־ברענטע גערשטן), מאַרמאַלאַדע און פאַרשטונקענער קעז, דער מיטאָג — שוואַרצע אַרבעס, מאַקעראָנעס, בעבלעך און נאָך „דייטשע" קריגס־מאַכלים, וואָס זיינען געווען

„ערזאַץ" און קינסטלעכע. די קראַנקע פערד האָט מען געקאָרמעט מיט מאַמעליגע. מיר פלעגן ריזיקירן, גנבענען אין די קעשענעס אַריין און אין די דערפער פלעגן גויעס באַקן געשמאַקע באַנדעס, וואָס פלעגן אַ ביסל אָנזעטיקן אונדזערע הונגעריקע מאַגנס. פון צייט צו צייט פלעגט מען געבן גרויסע געטרוקנטע טאַראַנען־פיש א אַנד. האַלב צעפוילטע מאַכלים פון וועלכע עס האָט זיך געהערט פויל־שטינקענדיקע ריחות... ברויט האָט מען צוגעטיילט קאַרגלעך: אַ פערטל קילאָ און דאָס, האַלב־פאַרשימלט. ניט געווען קיין אַנדער ברירה, ווי זיך אַרויסצוהעלפן מיט אַ לאַבן קאָרן־ברויט, וואָס מען פלעגט ברענגען פון דער היים, קומענדיק צוריק פון אַ זונטיק־אורלויב.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מיר זיינען פריי און מיר קענען זיך צוריקקערן אַהיים. ניט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין איוויע. ערב פסח 1916 האָט מען מיך געגעבן אַ „כאַפּ" און צוזאַמען מיט נאָך 36 בחורים אַוועקגעטריבן קיין באַטשעשניק, אַן אָרט וואָס האָט געהאַט דעם ערגסטן נאָמען צווישן דער „פאָניע־קאָמפּאַניע". מיט בענקשאַפט פלעגן מיר דערמאָנען דעם „גן־עדן" פון פעלד־לאַזאַרעט...

## י. די דייטשן אַנטלויפן

מיר זיינען געווען בערך אַ צען איוויער יידישע בחורים צווישן אַ פּאָר הונדערט גויים, וואָס זיינען אויפגעטריבן געוואָרן אַהער פון דער אומגעגנט. עס האָבן זיך שוין „געשטעלט" פרעסטלעך; די אַרבעטער, אָנגעטון אין לאַנגע כאַלאַטן איבערגעבונדן מיט שטריק, אין הילצערנע שיך און ווינטערדיקע היטלען, פלעגן יעדן טאָג אַרויסגיין צו דער אַרבעט ביים פעלד־באַן, וועלכער איז געגאַנגען צו דער פראָנט־ליניע, נעבן דער בערע־זינאַ. די אַרבעט איז געווען: אָנלאָדן און אויסלאָדן די וואַגאָנעס, אָפּרוימען דעם שניי פון די אייזנבאַן־ליניעס, „שטאָפּן" די שפּאַלן, רוימען די קאַנאַלן, אַראָפּלאָזןביימער און לאָדן עס קיין דייטשלאַנד א. אַ. וו. די פּראָוויאַנטירונג פון די אַרבעטער איז דאָ געווען זייער אַ שלעכטע. מיר האָבן באַקומען 250 גראַם ברויט טעגלעך, וועלכע מיר פלעגן איינשלינגען מיט איינמאָל. אינדערפרי און אין אָוונט: ערזאַץ־קאַווע פון געברענטע גערשטן מיט מאַרמעלאַד אויפן שפּיץ גאָפּל. דעם מיטאָג, פלעגן מיר ניט עסן, נאָר טרינקען. דער דייטשער קוכער פלעגט דעם פּראָוויאַנט טוישן און פאַרקויפן צו די פּויערים און פּאַר אונדז איז געבליבן בלויז וואַסער... דאָס איז געווען דאָס עסן, וואָס עס האָט אונדז געגעבן דער דייטשער קייסער, ווילהעלם, אַזאַ „יענע־וועלט" זאָל ער האָבן...

מיר, די פּאָר איוויער יידישע בחורים זיינען אַרומגעגאַנגען הונגעריקע און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. די גויים, דאַקעגן, האָבן זיך צודערנערט פון די גרויסע לאַ־בנס־ברויט, וואָס זייערע מאַמעס פלעגן זיי ברענגען פון דער היים. באַקאַנטע שקצים פון די דערפער אַרום איוויע פלעגן מיר געבן אַ „לוסטע" ברויט און איך פלעג דאָס עסן מיט ציבעלע, אַ דעליקאַטעס פון די מלחמה־יאָרן... אין די אָוונטן פלעגן די שקצים שפּילן אויף גאַרמאָשקעס און חאָנע, נחום־מאירס, פלעגט טאַנצן רוסישע „קאָזאַטשאָקס". אַלע פלעגן מיט גרויס אינטערעס הערן זיינע מעשיות וועגן זיין „סלוזשבע" אין דער רוסישער ארמיי, און מיר די איוויער יידן האָבן שטאָלצירט מיט אים.

אין דאַניעוויעטשער „פּאַניע־באַטאַליאָן“ (פּאַניע־קאָמפּאַניע), בין איך געווען פּולע דריי חדשים. קומענדיק צוריק אַהיים, קיין איוויע, האָב איך זיך אַפילו ניט באַוויזן אָפּ־צורוען ווי געהעריק, האָט מען מיך געגעבן אַ כאַפּ מיט נאָך חברה און מען האָט אונדז אָפּגעשיקט „מיט פּאַראַד“ קיין באָגדאַנעווע (אַן אייזנבאַן־סטאַנציע פּאַרן שטעטל, וויש־ניעווע). די סטאַנציע באָגדאַנעווע איז שוין געווען ניט וויט פון די פראָנט־ליניעס און די אייזנבאַן־באַוועגונג איז דאָ געווען זייער אַ פאַרצווייגטע. מען פלעגט „האַקן“ די וועלדער אין דער גאַנצער סביבה און מען פלעגט עס ברענגען מיטן קלייך־באַן צו דער באָגדאַנע־ווער עלעקטראָסטאַנציע, וואָס האָט באַזאָרגט עלעקטרישע ליכט און קראַפט פאַר די דייטשע פראָנט־ליניעס, דער גרעסטער טייל קלעצער און ברעטער איז אָבער געגאַנגען קיין דייטשלאַנד. מיר, די איוויער בחורים, זיינען געווען „ברעמזער“ אויף די לאַרעס פון דער קלייך־באַן, וואָס האָט געפירט דאָס האָלץ פון די וועלדער. אַ טייל איוויער האָבן אויך געאַרבעט אין אַ קאָמפּאַניע, וועמענס אויפגאַבע איז געווען אַרויסצונעמען פון די קברים די געפאַלענע דייטשע זעלנער. אַריינלייגן אין טרומנעס און אָפּשיקן אין דער „היימאַט“, קייך דייטשלאַנד. דער זעכצן־יאָריקער איטשקע־ישראל פאַסרעדניקעס ז״ל איז דאַן אומגעקומען, ווערנדיק צעקוועטשט צווישן די טעלער פון צוויי וואַגאָנען.

פאַר די ימים־נוראים (1917) בין איך פלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף אַ גריפּע און אָנשטאָט קריגן אורלויב אויף ראש־השנה, ווי די אַנדערע יידן, בין איך גאָר געווען אין פעלד־לאַזאַרעט נעבן שטעטל ווישניעווע. ערשט אויף יום־כיפור, האָט מען מיר געגעבן אורלויב אויף צו פאָרן אַהיים. צוריקקערנדיק זיך קיין באָגדאַנעווע, נאָך סוכות, האָבן מיר דאָרט געטראָפן צו אונדזער פאַרוווּנדערונג, אַ צערודערונג און אַ צעטומלעניש ביי די דייטשן. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן געריסן די „פּאַגאָנעס“ (עפּאָלעטן) פון זייערע אָפיצירן און אונדז דערקלערט: „עס איז רעוואָלוציאָן, די קריג איז געענדיקט, די מאַכט איז אין די הענט פון סאָלדאַטן־ראַטן, מיר פאָרן צוריק אין דער „היימאַט“. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אַלץ אויסצופאַרקויפן. איך מיט נאָך אַן איוויער בחור, האָבן געקויפט אין אַ לאַזאַרעט וועש און עס באַלד פאַרקויפט מיט אַ גוטן ריווח אין איוויע. עס זיינען אָנגעפאָרן יידן און קריסטן און געקויפט ביי די דייטשן פאַר ביליקע פרייזן, באַראַקן, אייזנס, מעטאַלן א. אַ. וו.

אין איוויע זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד זיינען אויסגעבראָכן רעוואָלוציעס און אַז די דייטשן וועלן גיך אַנטלויפן. דער איוויער רב, שאצקעס ז״ל מיט אַ פאָר בעלי־בתים זיינען געפאָרן קיין גאַוויע און געקויפט פון די דייטשן דעם קליינבאַן, וואָס האָט געפירט פון דער סטאַנציע גאַוויע קיין איוויע, ווי אויך מאַגאַזינען מיט פּראָוויאַנט, בגדים, וועש א. אַ. וו. (די פּאָליאַקן האָבן עס אַלץ שפּעטער קאָנפיסקירט אָן אַנטשעדיקונג). אין איינעם פון די פרימאָרגנס האָבן גויים און טאַטאַרן אָנגעהויבן צו ראַבירן די דייטשע קאָמענדאַנטור. די ערשטע זאַך, האָבן זיי געכאַפּט דעם קאָמענדאַנטס גענדז און עופות, וואָס ער האָט געהאָדעוועט. יידן און גויים האָבן אויך צעראַבירט די דייטשע „מלעטשאַרניע“ אין איוויער הויף און דאָס שטרוי און היי, וואָס די דייטשן האָבן געהאַלטן אין די שייערן פון כאָוואַנשטשיזנער הויף.

דער רוסיש־דייטשער פראָנט ביי דער בערעזינאַ האָט זיך געעפנט און איוויער יידן

זיינען אַוועקגעפאָרן אויף יענער זייט פראָנט (רוסישן), קיין וואָלאָזשין, ראַקאָוו, נאַליבאָק און מינסק. מען האָט געהאַנדלט מיט סאַכאַרין, קריסטאַל, זייף, ציקאָריע. פאַר די רוסישע „קנאַק"־רובל, וואָס מען פלעגט אָפּלייזן פאַר דער סחורה פלעגט מען קויפן פערד, וואָס די רוסישע סאָלדאַטן האָבן איבערגעלאָזט. איוויע, וואָס איז געווען אָפּגעשלאָסן פון איר הינטערלאַנד און פון דער גרויסער וועלט כמעט דריי יאָר האָט פריער אָפּגעאָטעמט. עס איז אַוועק אַ לעבעדיקער האַנדל אין אַלע ריכטונגען און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן סחורות, וואָס מען האָט פריער ניט געקאָנט באַקומען פאַר קיין שום פרייז.

## יא. איוויע אונטער דער הערשאַפט פון „רעווקאָם"

אָנהייב ווינטער 1917, זיינען אַנטלאָפן די דייטשן און איוויע מיט דער אומגעגנט זיינען געבליבן אָן אַ מאַכט. דאָס האָבן אויסגענוצט הפקר־עלעמענטן און באַנדעס. שקצים פלעגן באַפאַלן שטעטלעך און דערפער, מאָרדן און ראַבירן. די קלאַנגען וועגן די באַנדעס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן א „סאַמאָאָבראָנע" (זעלבסטשוץ) און ווי אַזוי צו באַשיצן דאָס שטעטל. אויף אַ זיצונג פון בעלי־בתים, אונטערן פאָרזיץ פון הרב משה שאצקעס זצ"ל איז געוואָרן באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ מיליץ פון די יידישע אויסגעדינטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד און פון דייטשן „פלען" (געפאַנגענשאַפט). זייער אויפגאַבע איז באַשטאַנען פון פאַטראָלירן די גאַסן, איבערהויפּט אין די לאַנגע, פינצטערע ווינטער־נעכט, קיין ביקסן און אַמוניציע האָבן ניט געפעלט אין די דייטשע מאַגאַזינען, וואָס די יידן האָבן אָפּגעקויפט פאַר זייער אַנטלויפן, פאַר שפּאָט־ביליקע פּרייזן.

אונטערן איינפלוס פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָבן לויט דער צאַרטיקער איניציאַטיוו פון רעוואָלוציאָנערע טוער אָנגעהויבן אויפקומען אין דער געגנט „רעווקאָמען" (רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן). אויך אין איוויע איז אַנטשטאַנען אַ „רעוו־קאָם". דער „פּרעדסעדאַטעל" (פאָרזיצער) איז געווען, מאַטעצקי, אַ שייגעץ פון דאָרף טשיוונאָוויטש (נעבן איוויע), וואָס האָט ביזן מלחמה־אויסברוך שטודירט טעאָלאָגיע אין ווילנער אוניווערסיטעט. זיין פאַרטרעטער און רעכטע האַנט, איז געווען משה סטאַצקי, וואָס האָט זיך געקויפט זיך נאָמען אַלס רעוואָלוציאָנער שוין אין יאָר 1905. אין צוזאַמענשטעל פון „רעווקאָם" זיינען אויך געווען יוסף־חיים אינגעל, בערע־מענדע אַבעלע־וויטש, דער טאַטאַר, אַשמאַן סטוטשקי (אַן אַרטילעריסט פון דער צאַרישער אַרמיי), סלעט פון לוקאַשין, אַנטאָן יעכנעדאָוויטש פון זאַקאָשטשעלצע (נאַטשאַלניק פון דער מיליץ) א. אַנד. סעקרעטאַר פון רעווקאָם איז געווען: אלי־אברהם באַקשט ז"ל.

צווישן די מיליציאָנערן זיינען געווען צווישן אַנד. אַהרן־הירשל („די קוקלע"), שמואלינקע („טאַכעלע"), איטשקע אַבעס (דער פורים־שפּילער), חעמעלע באַקשט א. אַנד. זייער אויפגאַבע איז געווען אַחוץ היטן די עפנטלעכע אָרדענונג, אויך אויפצומאָנען פון די רייכערע יידן די אַרויפגעלייגטע שטייערן לטובת דעם „רעווקאָם", נעמען די פערד אין „אָבאָז" א. אַ. וו. די יידן זיינען געווען אַ מערהייט אין רעווקאָם און אין דער מיליץ, ניט קיין ווונדער, אַז דער „רעווקאָם" האָט אויפגעמאָנט די „מעות חיטים־געלט", וואָס אַ

קאָמיסיע האָט אַרויפגעלייגט אויף די בעלי־בתים, כדי די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג זאָל קאָנען „האַלטן" פסח...

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די איוויער יידן האָט זיך ווידער פאַרערגערט. אין די דערפער זיינען אַנטשטאַנען „פויערים־קאָמיטעטן" פון דער דאָרפישער אָרעמקייט, וועלכע פלעגן ניט דערלויבן פאַרקויפן עסנוואַרג. די פויערים האָבן ניט געהאַט קיין צוטרוי צו די רוסישע רובלס און געפאָדערט גאָלד. שמוגלער האָבן געצאָלט הויכע פרייזן און האָבן געפירט תבואה און לעבנסמיטל קיין וואָלאָזשין, ראַקאָוו און מינסק, ווו עס האָט געהערשט הונגער און מאַנגל אין אַלעם נויטיקן. איוויער מיליץ האָט געהיט דעם אַריינפאָר אין שטעטל און קאָנפיסקירט אַלץ, וואָס מען האָט געפרוווט אַרויסשמוגלען אין אַנדערע שטעט און געגנטן. די סאָוויעטישע מאַכט האָט ניט געקאָנט איינשטעלן אַ נאָר־מאַלע ווירטשאַפט און עס האָט געהערשט אַן אַנאַרכיע, אַן אומאָרדענונג, ווו איין האַנט האָט ניט געוווסט, וואָס די אַנדערע טוט... די אָרטיקע באָלשעוויסטישע ציווילע מאַכט איז ניט געוואָרן אינסטרוקטירט פון מאָסקווע, נאָר געמאַכט פּאָליטיק אויף אייגענער האַנט, יעדער לויט זיין פאַרשטאַנד און איינזען. מאַטעצקי און סטאַצקי פלעגן אויפטרעטן אויף די מערק און נעבן דער גמינע מיט פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס, אָבער דאָס לעבן איז ניט געוואָרן לייכטער, טראָץ זייערע הבטחות אויף אַ בעסערן מאָרגן... די באָל־שעוויסטישע מאַכט האָט טאַקע אָנגעהאַלטן גאָר ניט לאַנג.

## יב. די פוילישע לעגיאָנערן נעמען איבער די מאַכט

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער „היימאַט" און אין אונ־דזער געגנט האָט זיך איינגעשטעלט אַ באָלשעוויסטישע מאַכט פון „רעווקאָמען", איז די פוילישע פּאַטריאָטישע יוגנט אַנטלאָפן קיין פוילן ווו עס האָבן זיך פאָרמירט די פוילישע לעגיאָנערן. אויך די טאַטאַרן זיינען אַנטלאָפן און זיך אָנגעשלאָסן אין אַ טאַטאַרישן פּאָלק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן א. ג. „יאַזדאַ קאָננאַ", די פריציש̇ע קינדער, זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געוויזן דעם וועג ווי אַזוי צו דינען דער נייאַנטשטאַנענער פוילישער רעפּובליק; אַלע דריי זין פון קראַסאָווסקיזנער פריץ, ליעטונקע, האָבן זיך שפּעטער דער־דינט צו הויכע אָפיצירן־ראַנגעס אין פּילסודסקיס לעגיאָנען. אויך די זין און איידעמס פון כאָוואַנשטשיזנער פריץ, סעלעזשיצקע, פון רעמבעקאָווטשיזנער פריץ, שלאַנטשעווסקי א. אַנד. פריצים פון איוויער געגנט זיינען אַנטלאָפן זיך אָנצושליסן אין די לעגיאָנען.

באַלד נאָך פּסח, 1918 איז איוויע באַזעצט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן, קליינע פּוי־לישע כוחות האָבן כמעט אָן שום ווידערשטאַנד פאַרנומען די גאַנצע געגנט. אַ „פּאָסטע־רונעק" פון 5 פּאָליציאַנטן (זשאַנדאַרמען) מיטן קאָמענדאַנט מאַלעק, וואָס האָט זיך איינגעקוואַרטירט אין הינדע דאָבעטשירעס שטוב האָט רעגירט איבער איוויע, ליפּני־שאָק און אַנדערע ישובים. אָבער די ווירטשאַפטלעכע לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט אויך אונטער דער פוילישער מאַכט. דער שמוגל מיט רוסלאַנד האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. די פוילישע אַנטיסעמיטישע זשאַנדאַרן האָבן צעראַבירט און צוגענומען דאָס לעצטע פון די „יידישע באָלשעוויקעס", וועמען זיי האָבן ניט געקאָנט מוחל זיין דעם

קענטיקן אַנטייל פון די יידן אין די באָלשעוויסטישע רעווקאָמען. עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז כדי צו קויפן אַ האַלבן קילאָ ברויט פאַר אַ פאַמיליע פלעגט מען לאַנגע שעהן שטיין אין אַ רייע ביי די בעקערייען פון אַלטער ליפשיץ און מוניע דעם קצב (וועלכער איז דאַן געוואָרן אַ בעקער).

ערשט נאָכן נייעם שניט פון דעם קאָרן און אויסגראָבן די קאַרטאָפל, איז די אַפּראָ־וויזאַציע־לאַגע געוואָרן פיל לייכטער. אין די אויסגעליידיקטע קראָמען האָבן זיך באַוויזן סחורות, וועלכע מען האָט געבראַכט פון פוילן און דער האַנדל האָט גענומען אויפלעבן. די פויערים האָבן געבראַכט זייערע פּראָדוקטן אין שטעטל און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שטעלן מערק און ירידים, ווי פאַר דער מלחמה. די פויערים צוגלייך ווי די יידן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די מאַנופאַקטור־ און שוכוואַרג־קראָמען, כדי זיך אָנצוטאָן, נאָכדעם ווי אין די לאַנגע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה האָט זיך אַלץ צעריסן. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו נאָרמאַליזירן און די האָפענונגען אויף שלום און אַ סטאַבילער מאַכט האָט דערמעגלעכט פרייער אָפּצואָטעמען, טראָץ די אָפענע, ניט־מאַסקירטע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די פוילישע הערשער.

## יג. די פויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה (1920)

זומער 1920 האָט די רויטע אַרמיי אָנגעהויבן איר אָנגריף קעגן פוילן. די פוילישע זשאַנדאַרמעריע האָט שנעל געמאַכט ויברח. אין די ערשטע טעג פון דער אָפענסיווע זיינען דורך איוויע געלאָפן טיילן פון דער אָפּטרעטנדיקער פוילישער אַרמיי. זיי האָבן געראַבירט די הייזער און די קראָמען, פלעגן אַראָפּציען שטיוול פון די פיס, אויסליידיקן די קעשענעס און אַלס צוגאָב געבן פעטש און קלעפּ. אינמיטן די פאַניק און גוואַלד־געשרייען פון די הייזער ווו מען האָט געראַבירט, האָבן מיר פּלוצים דערהערט אַן איבערשיסעריי פון ביקסן און דערזען ווי די פוילישע זעלנער לויפן אין אומאָרדענונג אין דער ריכטונג פון נאָוואָרעדקער גאַס.

די רייטער־ראַזוויעדקע פון דער רויטער אַרמיי איז שוין געלאָפן דורך דעם קליינעם טייכל, וויל די פּאָליאַקן האָבן פאַר זייער ריקצוג אויפגעריסן די בריק. זיי האָבן גענומען אין געפאַנגענשאַפט אַ פּאָר צענדליק פוילישע זעלנער, וועמען זיי האָבן קאָנצענטרירט אויפן מאַרק הינטער דעם ריאַד קראָמען, עס זיינען אָנגעלאָפן ווייבער, וועלכע האָבן דערקענט די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס האָבן בלויז מיט אַ שעה צוריק צעראַבירט זייערע הייזער, דעם גרעסטן טייל זאַכן האָט מען צוריקגענומען און די קאָזאַקן האָבן געצויגן מיט די נאַהייקעס אָן רחמנות איבער זייערע פּנימער. דורך די איוויער גאַסן האָבן זיך געצויגן אויפן וועג קיין לידע טאָג און נאַכט אָן אויפהער האַרמאַטן, „אָבאָזן" און קאַוואַ־לעריע, וואָס האָבן געפרעגט יעדן, „דאַלעקאָ דאָראָגאַ דאָ וואַרשאַווי" (עס איז נאָך ווייט צו וואַרשע?)... אין איינעם פון יענע טעג האָט איוויע זוכה געווען צו הערן טראָצקיס אַ פּלאַמיקע רעדע וועגן דער מלחמה קעגן דער „פּאַנסקער קאַפּיטאַליסטישער פּאָלשאַ". ער האָט גערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם פון באַלקאָן פון ביעלאַווסקיס צוויי־שטאָקיקן מויער. ער האָט זיך גערימט אַז די זיגרייכע רויטע אַרמיי יאָגט די פּאָליאַקן אָן אויפהער, ניט־

זעענדיק אַפילו זייערע פנימער, אַז אין גיכן וועט די רויטע אַרמיי זיין אין וואַרשע און דאַן איז אָפן דער וועג פאַרן באָלשעוויזם צו אייראָפּע. ער האָט גערעדט מיט אַ דונערדיקער שטימע, וואָס האָט אָפּגעהילכט ניט נאָר איבערן שטעטל, נאָר האָט זיך אויך דערטראָגן צו די גויים, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער נעבן שטעטל און זיי זיינען געקומען צו לויפן הערן דעם וועלט־רעדנער און באָלשעוויסטישן פירער, טראָצקי.

די ציווילע מאַכט אין שטעטל האָט ווידער איבערגענומען דער „רעווקאָם" אין זעלבן צוזאַמענשטעל ווי אין 1918: מאַטעצקי, סטאַצקי, בערע־מענדע אַבעלעוויטש א אַנד. אָבער די סאָוויעטישע הערשאַפט אין 1920 האָט געדויערט פיל קירצער ווי די פון 1918. גאָר גיך איז געלאָפן די רויטע אַרמיי צוריק קיין רוסלאַנד אונטערן דרוק פון די פוילישע לעגיאָנען מיט ניט קיין קלענערן אימפעט ווי זי האָט פריער אָנגעגריפן.

ווידער איז איוויע פאַרנומען געוואָרן דורך דער פוילישער אַרמיי און איז איינגע־שלאָסן געוואָרן אין דער פוילישער רעפובליק צו וועלכער זי האָט אָנגעהערט ביזן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (סעפּטעמבער 1939). פאַרן אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי איז אין איוויע (מסתמא ווי אין אַנדערע ישובים) פאָרגעקומען אַן אינטער־נאַציאָנאַלער מיטינג אויפן מאַרק ווו עס זיינען אויפגעטרעטן רעדנער פון אַלע פעלקער (מען האָט זיך געוויצלט, אַז זיי זיינען אַלע געווען יידישע קאָמיסאַרן פון האָמעל און באָברויסק)... און פאַרזיכערט, אַז די רויטע אַרמיי וועט אינגיכן זיך צוריקקערן. וואָס אמת, זיי האָבן ניט געראַבירט פאַר זייער אָפּטרעטן פון שטאָט און זיך באַגנוגנט מיט אויפרייסן די בריק, כדי צו באַשווערן דעם פאָרויסמאַרש פון די פאָליאַקן. די פאָליאַקן האָבן זיך איזדעקעוועט איבער די יידישע איינוווינער, אַרעסטירט פיל אונטערן חשד פון באָלשעוויזם, געריסן די בערד, געשלאָגן אָן רחמנות א. אַ. וו.

אָבער גאָר שנעל האָט זיך דאָס לעבן סטאַביליזירט. די מאַכט האָט איינגעשטעלט אָרדענונג, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרייער האַנדל, די קראָמען האָבן זיך אָנגעפילט מיט סחורות, פון אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען הילף אין שטעטל. נאָך פיל יאָרן פון מלחמות, בירגער־קריג, איז אָנגעקומען א תקופה פון שלום. פאַקטיש האָט זיך די ערשטע וועלט־מלחמה געענדיקט ערשט סוף 1920. איוויער יידן האָבן אָפּגעאָטעמט און אָנגעהויבן ווידער בויען זייער לעבן.

אריה לייב באַראַן

# די יידישע בראָדוויי און אַנדערע לידער

(אויסצוג פון דער פאָררעדע פון מחבר צום א. ד. לידער־זאַמלונג
דערשינען ניו־יאָרק, 1949)

אריה לייב באַראַן איז געבוירן געוואָרן אין קאַלעלישאַק (נעבן ווילנע). געלערנט אין פאַרשיידענע ישיבות, צוו. אַנד. אויך אין איוויע. זיינע ערשטע לידער האָט ער פאַרעפנטלעכט אין ווילנער „פאָלקסצייטונג". זיינע אַלע לידער האָבן באַטאָנט דעם סאָציאַלן פּראָבלעם און זיינען געזונגען געוואָרן דורך די רעוואָלוציאָנערע מאַסן.

שפּעטער עמיגרירט ער קיין אַמעריקע. אין 1949 איז דערשינען אַ זאַמ־לונג פון זיינע לידער א. נ. „די יידישע בראָדוויי און אַנדערע לידער".

מיר גיבן דאָ אויסצוגן פון דער פאָררעדע צום אויבן דערמאָנטן בוך, ווו דער מחבר דערציילט וועגן זיין לעבן אין איוויע אַלס ישיבה־בחור אין יאָר 1899.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר

## 1899

...און שוין יענע וואָך בין איך אָנגעקומען אין איוויער ישיבה און געוואָרן אַ תלמיד פון רב אלקסנדר זיסקינד, יעקב ברבֿ אפרים־גרשון כץ קאָלאָדני מפינסק. שבת האָב איך געגעסן ביים רב, דער פאָטער פון רב חיים־עוזר ז"ל.

איוויע איז געווען אַ שטאָט פון פערד־הענדלער, קאַראַבעלניקעס און משכילים. די וואָס האָבן געגעבן טעג צו ישיבה־בחורים, האָבן אַליין געלעבט אויף בולבעס און פּאָד־סמעטענע. די סמעטענע האָבן זיי אָוועקגעשיקט צו ווילנער גבירים. אַ גאַנצע וואָך האָב איך געהונגערט, דערפאַר אָבער שבת, ביים איוויער רב, איז געווען יום־טוב. און אמת הנאה געהאַט האָב איך פון מוצאי־שבת: צום רב אין הויז פלעגן קומען די שיינע באַלע־באַטים, דיינים, אורחים. דאָרט האָב איך געהערט די דעבאַטע:

— ווען איך בין גאָט — (זע מיין ליד „ראש השנה").

איין שבת צו נאַכט זיינען געקומען אַ ייד מיט אַ יידענע. זיי זיינען געווען די יחסנים פון שטאָט — זיי האָבן געהאַט אַ זון אין פעטערבורג! דער ייד האָט געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן פעטערבורג (באַזונדערס האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער זיין חשבון וועגן קוגעל, וואָס ער האָט געגעסן ביי זיין זון, וואָס האָט געקאָסט פינף און צוואַנציק רובל).

איך קום אַריין אין גרויסן בית מדרש. אַלע לאָמפּן ברענען. ביים טיר זיצן די משכילים. איינער אַ ציוניסט מיט אַ לאַנגער נאָז, גיט אַ צי מיינע לאַנגע ציצית און זאָגט:

— קיין לענגערע האָסטו ניט?

— בעסער לאַנגע ציצית ווי אַ לאַנגע נאָז — האָב איך געזאָגט.

זיינע איגענע חברים האָבן געלאַכט. עס האָט זיי הנאה געטאָן, וואָס איך האָב אָפּגעשמיסן אַ יחסן — שכנא עפּשטיין!

איך בין געבליבן שטיין לעבן זיי, ווייל דער לערער פון שטעטל האָט געלייענט אין העברעאיש אַ נייע מגילת אסתר, אין גראַמען. און געלייענט האָט ער פון סוף — צוריק־וועג, הין און צוריק די זעלבע ווערטער. דאָס האָט אַזוי אָנגעצונדן מיין פאַנטאַזיע, אַז נאָך יענע נאַכט האָב איך געשריבן אַ שיר. איך האָב דעם שיר אַוועקגעשיקט צום „הצפירה". אין אַ וואָך אַרום קריג איך אַ קאַרטל מיט איין שורה, פּיצעמאָנצינקע ווער־טעלעך:

...לדברים של מה־בכך (פאַר זאַכן אָן אַ סיפּור — ניטאָ קיין פּלאַץ).

(שפּעטער קומט אַ שילדערונג פון אַ שטילער ליבע צווישן דעם שרייבער מיט פייגעלע דעם שמשס טאָכטער, וועלכע ברענגט אים אַ חלה, וואָס זי האָט אויסגעבאַקן פאַר אים).

...נאָכן דאַווענען איז צו מיר צוגעקומען פייגעלעס פאָטער און מיר איינגעלאַדן אויף טיי צו רעדן „תכלית".

דער „תכלית" איז געווען, אַז איך זאָל דערווייל ווערן אַ מלמד.

ווען פייגעלעס טאַטע האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „מלמד", איז אַ פייער דורכ־געגאַנגען מיין לייב. איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בריוו, וואָס איך האָב באַ־קומען פון מיין טאַטן. איך לייען:

„...מיין ליב קינד. איוויע איז אַ גרויסע שטאָט. אויב דו קענסט ניט ווייטער לערנען, איז ווער אַ שוסטער, ווער אַ שניידער, אָבער למענעשעם, ווער ניט קיין מלמד ווי דיין טאַטע, און פאַרפינצטער ניט די יאָרן פון אַ יידישע טאָכטער...

אָט דער געשפּרעך ביי פייגעלען אין הויז האָט אַ ביסל אָפּגעקילט מיין ליבע.

אָבער לערנען איז שוין מיר אויך געווען צו שווער.

אין דער ישיבה האָט מען נאָך אַלץ געלערנט סנהדרין מיטן ר"ן. און ווען דער ראש הישיבה האָט אַ זאָג געטאָן אין מיטן שיעור:

— נו, קאַלעלישקער! (דער מחבר איז געווען פון שטעטל קאַלעלישאָק — רעד.).

— האָב איך ניט געוווּסט, ווו מען האַלט.

מיין קאָפּ איז געווען ביי די משכילים. זיי האָבן מיר טאַקע פאַרזאָרגט מיט אַ מסלול, אָנגעטאָן אַ קורצן טלית־קטן און אונטערגעהאַקט די פּאות.

און פונקט ווען אין מיר האָט זיך צעברענט די השכלה — איז איוויע אַוועק מיט אַ פייער.

(ז"ז 7—11 פון דער הקדמה צום בוך)

צפורה ברנשטיין ז"ל (לבית גוטלבסקי) (תרמ"ו—תשי"ח)

# פרקי זכרונות

הערת המתרגם, בן המחברת: בשנותיה האחרונות, כשהשיאה את בניה ומשכה ידיה מעסקיה, הרבתה אמא ע"ה לקרוא. כשהביעה הנאתה מקריאת זכרונות גליקל פאַן האַמעלן (בתרגום העברי של אז"ר), הצעתי לה שתנסה לעשות גם היא כמתכונתם ותכתוב זכרונות לבניה ונכדיה. היא כתבה יידיש מעורבת במלים וביטויים עבריים רבים. כאן מובא תרגום, נאמן למקור ככל האפשר, של פרק אחד, שיש בו ענין לספר זה. ב"מ.



נולדתי בעיירה קטנה בגליל ווילנה, איביה שמה. עיירה של כמה אלפים תושבים, לא משו־פעת בעשירות ולא מבורכת בגבירים מפורס־מים. אבל בסביבה שלנו, היינו בסביבת ווילנה, היו הרבה עיירות קטנות, ועירנו היתה מן המצויינות שבהן והולמת ביותר את עיר־הגליל, ירושלים דליטא.

אמנם כן, בעירנו לא היית מוצא גבירים מהו־ללים, אבל כנגד זה היו בה בעלי־בתים נודעים, בעלי תורה ובעלי מידות טובות. אפילו רבים מן הרוכלים המחזרים בכפרים (קאראבעלניקעס) היו בני תורה, ואלה שלא ידעו ללמוד תורה בעצמם היו יושבים בצד ושומעים תורה. גם בעלי־המלאכה, חייטים וסנדלרים וכיוצא בהם, היו שולחים את בניהם ללמוד, ויצאו מהם הרבה למדנים ואפילו רבנים.

איביה שלנו היתה מחזיקה ישיבות, והבחורים היו מתפרנסים בכבוד. אצל בעלי־בתים אמידים היו אוכלים כמה בחורים לשבוע. בימים רגילים, לא ימי־שוק, שהכל עסוקים בהם, היו אוכלים בבית כגון שלנו שלשה־ארבעה בחורים, ולא כל שכן בשבתות. ואנשים דלים, שהיו מתביישים שבן־הישיבה יבוא לביתם, היו מביאים לו את האוכל לדירתו, מכל טוב ובסבר פנים יפות. וכן היו נוהגים לבקר בעירנו לעתים קרובות מגידים

ומשולחים, וכל אחד מהם היה מקבל את צרכיו במאכל ומשקה וגם במזומנים, לפי מעלתו ולפי הצטרכותו.

זכורה אני, בשבת היינו, אנו הילדות, להוטות למהר ולברוח אל החברות, אבל זה היה אסור. כשאבא ז"ל היה בא מבית־הכנסת היינו כולנו חייבות להימצא בבית. ואנו יושבות ומצפות בקוצר־רוח: מתי כבר יבוא אבא? אלא שהוא היה שוהה בבית־הכנסת עם האחרונים, שמא יימצא שם איזה אורח שאין לו מקום לסעוד. ברוך השם! הנה אנו רואים כבר את אבא הולך ולצדדיו שני יהודים. והיו רבים כמו אבא. היו שבתות, שאנו, בני הבית, היינו עוברים לשבת ליד שולחן צדדי, כי האורחים היו מרובים — משולח, הבחור הקבוע ועוד כמה יהודים, אף כי בשבת היו נוהגים לשלוף את כנפי השולחן משני הצדדים.

*

כשמלאו לי חמש או שש שנים התחלתי ללמוד אצל מלמד, יהודי כשר וירא־שמים, ששמו וכינויו יאשקע פלעקל (גולדשמיד). ודאי היה גם תלמיד־חכם לפי מדרגתו, אבל העיקר שעשה מלאכתו באמונה.

זכורה אני, שהיה נוהג לבוא אל אבא לחנות ולספר לו חידושי־התורה שלו. ואף כי אבא היה טרוד, היה שומע את דבריו ואומר: „דבר של טעם" („אַ גוט וואָרט"), והלה היה נהנה הנאה מרובה. בינתיים היה מספר בשבחי — שאני כבר קוראת יפה „עברי" והוגה כהלכה את השוא, אלא שאני מטרידה אותו בהפצרות שכבר ילמדני חומש. אבא יעץ לו בבדיחות־הדעת: „למד אותה תרגום, והיא תחשוב שזה חומש..." לא רציתי שיונו אותי וביקשתי שימסרוני למלמד אחר, אם זה אינו יודע חומש. ואבא צחק.

אחר־כך אמנם העבירוני לרבי אחר. מאֶדל היה שמו, אברך גבוה ואדמוני ופניו מלאים נמשים. הוא היה גם מלמדנו לכתוב, רק את הילדות. שם אשתו היה טייבע, והיתה להם עז. כשאשת המלמד היתה מקלפת תפוחי־אדמה, היתה מכניסה את העז ומאכילה אותה מן הקליפות. מובן שכל הבית היה חדר אחד. היינו מתחננים לפניו: די לנו כבר לכתוב קווים או אלפי"ן. תן לנו „לחבר" („לייגט מיט אונז אויס"), כלומר: לכתוב מלים שלמות. ואז היה אומר: „טייבע, לייג מיט זיי אויס!" והיא היתה מוסיפה לקלף את תפוחי האדמה שלה ומכתיבה: „צו דיין קאָפּ"...

לבסוף התחלנו לכתוב ספרות וגם לחשב. בבואי הביתה הייתי מבקשת מבחורי הישיבה שיראו לי איך עושים חיבור וחיסור וכו', ובשובי לחדר כבר יכולתי לעזור לחברותי.

יום אחד נמלך המורה ואמר: „ילדות, הנה אתן לכן גם עבודה הביתה. שננו את לוח־הכפל". דומה ששיננתי את זה כהלכה. ועד היום, אם יעירוני משנתי עוד אעשה חשבון בלי טעות. אבא ז"ל לימדני גם לחשב באצבעות.

חומש למדתי יחד עם הנערים, וגם קצת עברית. ואילו דקדוק, ביקש אבא אחד מבחורי הישיבה והוא למד עמי את „המסלול".

ביקשתי שימסרו אותי למורה בדרגה גבוהה יותר. לדאבוני לא היו אז אצלנו בתי־ספר, אלא רק מורים פרטיים, שהזדמנו מן החוץ. והנה שמע הקב"ה לבקשתי ונמצאה

לי מורה. הרבי שלי שמו היה דוד חיה־טשיפעס ושם בתו שפרה. שפרה זו נסעה לווילנה ולמדה בסמינר, וכשחזרה הביתה היתה למורה. מובן שאני הייתי אחת מתלמידותיה הראשונות, ויחד עמי חברתי וויכנע חייקיס (גאלדשמיד).

אצל שפרה בת דוד־חיה־טשיפעס למדנו זמן רב. אחרי השיעור היינו יושבות ליד הנערים ומאזינות ללימוד שלהם. גם בשבתות היינו באות אליה, והיא היתה קוראת עמנו בספרים, כגון „גמול ישרים", „עמק הארזים", „מסתרי פריז" וכדומה. ספרים לא חסרו. כשאבא היה נוסע לווילנה היה מביא את הספרים החדשים שהופיעו אז. עתון היה לנו ביהודית, כמדומה לי „דער פריינט". המורה היתה קוראת עמנו את „המליץ" העברי.

בינתיים גדלתי מעט והיה עלי לעזור להשגיח בחנות וללכת בשליחות קרובה, כגון לקנות שמרים אצל האשה חיה, „סיטונאית" כביכול. היא היתה מוכרת שמרים רק לחנוונים ולאופים לכל ימות השבוע. את השמרים לשבת ויום־טוב היתה מוכרת הרבנית, אמו של ר' חיים־עוזר גראדזענסקי. היא היתה גם מוכרת נרות מעת־לעת ליום כיפור. לסבא היו בקרבתו שתי בנות חנווניות, אבל נר היה קונה אצל הרבנית. גם אתרוגים היו קונים אצלה.

*

לאבא היתה, כאמור, חנות. אבל קודם שנעשה חנווני, מיד לאחר חתונתו, היה מגשש כרגיל ומבקש ממה להתפרנס, ומאותו זמן שמענו מפיו מעשה יפה.

בעיר לידה היה בית־חרושת לטבק, ומקור הטבק היה אז במינסק. נסע אבא למינסק וקנה כמות של טבק ומכר בלידה. מאחר שהרוויח יפה נסע פעם שניה, אלא שלא הספיק לו הכסף לכל הסחורה שקנה, והבטיח לבוא כעבור זמן ולקבל את הסחורה.

מסילת־ברזל עדיין לא היתה אז והיו נוסעים בעגלה. היה חורף ושכרו גוי עם עגלת־חורף טובה, ואבא נסע. כמובן היה לבוש פרווה, והוא התכרבל לו בפינה חמה ונרדם. כשנעור לפתע פנה לעגלון ואמר: „כמדומה לי שאתה תועה. אינך נוסע בדרך הנכונה". „אני נוסע כפי שצריך", אמר העגלון והתנפל על אבא והתחיל לחנקו, כדי לגזול ממנו את כספו. אבא היה אז עדיין צעיר במלוא אונו, והוא נאבק עם הגוי, ואגב המאבק נשך לו את אצבעו. הגוי כרע מכאב, ואבא ירד מן העגלה ורץ אל הכפר הסמוך לשכור שם עגלת־חורף אחרת על מנת לחזור העירה.

בבואו הביתה נבהלה אמא: „למה זה מיהרת לחזור?!" „זאת אספר לך אחר כך", אמר אבא, „ובינתיים מהרי וקראי את האוראדניק (קצין המשטרה)". כשבא הקצין סיפר לו אבא את המעשה, וסימן נתן באותו גוי, שאצבעו נשוכה — ולפי זה מצאוהו.

מובן שבינתיים הודיעו למינסק, שהקניה בעינה עומדת ובקרוב יבואו לקבל את הסחורה. ואמנם, כעבור ימים אחדים נסע אבא למינסק והרוויח אז סכום הגון.

בסביבתנו היו יערות גדולים, שהיו שייכים עם כל החבל לגראף זאמויסקי בוורשה. ביערות היו גדלים כל מיני גרגרים ופטריות. חלק מפירות אלה היו האיכרות מביאות העירה ומוכרות בעודם טריים וחלק היו מיבשים. בעירנו היה רווח מאד המסחר בפירות היבשים, וסוחרים ממקומות שונים היו באים אלינו לקנותם.

רבים מתושבי העיירה היו רוכלים (קאראבעלניקעס). יהודי שלא מצא לו פרנסה

בעיר, היה רוכש לו סוס ועגלה ויוצא לכפרים לקנות ולהביא משם את כל הסחורות האלה, פרי השדה והיער, ובדרכו היה מוכר לכפריים כל אשר יידרש להם, ובפרט לנשותיהם, מסחורות העיר: סבון, מחטים, כפתורים, מחרוזות, מפוחיות וכדומה.

גם הורי עסקו בכך. היתה להם חנות והיו מספקים לגויים את סחורות המכולת והסדקית הדרושות להם, וכן היו קונים מן האיכרים והרוכלים פטריות, גרגרים מיובשים, שער־חזיר, זנבות סוסים, סחבות (קאָדער), ביצים וכיו״ב. כל זה היו צריכים לדעת למיין ולערוך, לחרוז ולהתקין, ולזה היתה מומחית אמי. לבסוף היו אורזים הכל בכריכות גדולות (בכך עסקו שכירים) ושולחים לווילנה, או מוכרים במקום, לסוחרים מן החוץ.

את הביצים היו אורזים בעגלות, ואנו הילדים היינו יושבים בעגלה ומשגיחים וסופרים ורושמים. מובן שהיו בעירנו עוד חנוונים כמונו, כגון הדוד קאבאק ור׳ משה בלוך, חבר של אבא.

הרוכלים היו יוצאים למלאכתם ביום א׳ בבוקר וחוזרים הביתה לשבת, ביום ה׳ לפנות ערב. במוצאי שבת לאחר הבדלה היו באים אלינו לעשות חשבון עם אבא ולקנות סחורה חדשה. אז היו שופתים את המיחם הגדול וכולם היו מתישבים מסביב לשולחן ושותים תה ומספרים מעשיות ממסחריהם בשבוע שחלף וגם ממה שראו בשבת בבית־הכנסת וכהנה וכהנה. זכורה אני, שהיה ביניהם קאראבעלניק אחד מרחוב ווילנה (ווילנער גאַס), יהודי נאה, ר׳ יודע מאָטעס שמו. ופעם שמעתיו מספר בשבחו של אבא: „יהודים, שמעו מה שאספר לכם. עשרות יהודים יושבים בבית־המדרש ולומדים, והנה עובר אָרע־לייבע וכל אחד מהם פונה אליו ושואל מה שקשה לו בתורה״. מיד רצתי בשמחה גדולה לאמא לספר לה מה ששמעתי. הייתי אז כבת שש או שבע.

אצלנו היתה החנות סמוכה לבית, ואני הייתי יושבת ומשגיחה בחנות. עוד לא הגעתי לשולחן, והייתי יושבת על ברכי על גבי ספסל ומשגיחה. אבא היה אומר לי: „הביטי, ומה שתראי תגידי לי. אבל בלחש, כי אסור לבייש שום אדם״.

במוצאי שבת היו יושבים אצלנו בחנות כמעט עד אור הבוקר, עד שהיו אומרים בבדיחות: „בליפנישוק כבר עולה עמוד השחר״ („אין ליפנישאָק טאָגט שוין״). ליפנישוק היתה עיירה סמוכה לאיביה.

*

עבודה לא חסרה בביתנו, אך אני לא רציתי להתרחק מחברותי וביקשתי ליהנות מן החיים כמותן. יש שהיינו משכימות עם הנץ החמה („אַ שפראַץ אויף טאָג״) ויוצאות לחורשות הסמוכות לעיר ללקט גרגרים ופטריות. ודאי הייתי מספיקה ללקט לא יותר מרבע קב (אַ קוואַרט) גרגרים וקצת פטריות „לישיצעס״, ועד שהיינו חוזרות העירה כבר היו האיכרות מביאות עד לבית גרגרים במחיר חמש קופיקות הקב ופטריות בשלש קופיקות, אבל בינתיים שאפנו אוויר רענן והתרוצצנו יחפות ושרנו ועלזנו, ובדרך היו הציפרים מזמרות ומצייצות.

*

הייתי הבת הבכירה בבית, וכשגדלתי מעט נעשיתי החנוונית העיקרית. והנה באה מורה חדשה מריגה, ילידת איביה, ואני הייתי תלמידתה הראשונה. היא היתה המחנכת

האמיתית שלי. דבריה המתוקים, הנימוס שלה — אין לשער. לאחר השיעור היתה אומרת: „אם יש לך זמן, בואי נקרא בעתון". אמנם, בשובי הביתה היתה אמא צועקת קצת, אבל אני לא יכולתי לוותר על זה. שם המורה היה טויבע ראשקעס, בת למשפחה מכובדת.

אמא היתה טוענת: „שוב עברית ועוד פעם תנ"ך — והלא צריך גם לדעת לכתוב אדריסה!" באותו זמן לא היה בעיר מורה מתאים לרוסית. הלך אבא למורה של בית־הספר הנוצרי (ה„שקאָלע") וביקש שיתן לנו שיעור. יחד עמי למדו חברתי וויכנע בת פייגל אשת מאיר חתן־הרב (וויכנע פייגל מאיר דעם רב'ס), דודנית של ר' חיים־עוזר, הדוד פייווע וחבר שלו, ווינער שמו. למדנו רוסית. ווינער זה היה בחור מעולה („א אנטיקל"). זוכרת אני, שהמורה הנוצרי היה צוחק לו כשהיה מתנועע בזמן הלימוד, כהרגלו בלימוד גמרא.

בחנות נדרשה גם ידיעת פולנית, ושפה זו למדתי מאשה נוצריה אחת שגרה לא הרחק מאתנו, חניכת הגראף מילווסקי. היה מעשה ואחת השפחות של הגראף נכשלה במעשה שטות („האָט זיך באַנאַרעשט") וילדה בת, במקרה יפה מאד. לקחו את הילדה לבית הגראף והיא גדלה שם והתחנכה עם ילדיו. אלא שלבסוף עשתה הבת כמעשה אמה, וגרשוה. והיא שלימדתני פולנית. וקצת למדתי גם ממורה אחר. סמוך לעירנו היתה חווה („אַ הויף") בשם חאָוואַנשטשינע ושם בעליה, הפריץ שלז'יצקי. ולו היה אח, יוריסט בעל השכלה גבוהה, שדעתו היתה קצת מעורבבת, ובשכר כוס משקה היה נותן לי שיעור בפולנית.

אחר כך נזדמנה לעירנו מורה לגרמנית, ולמדתי גם אצלה. והנה בעזרת השם נישאה אחת הקרובות של אמא. בעלה, „משה דעם קאשטשער'ס איידעם", היה אברך נאה, ומה יעשה? נעשה מורה. באו לאבא וביקשוהו שיעזור לו על ידי שעורים ומסרני אליו, מתוך כוונה שבעקבותי יבואו עוד תלמידות. בעצת אבא למדני ספר תהלים. זכורה אני שתרגם לי „למנצח" — „א האכגיזאנג".

אלא שבכל הלימודים האלה לא הגעתי לתכלית. לא יכולתי לנסוע ללידה או לווילנה להמשיך את לימודי. כאמור, הייתי הבת הבכירה בבית ועול החנות היה במידה מרובה עלי. מלבד זה הייתי צריכה לעשות גם שאר מלאכות, הנדרשות במשפחה גדולה למדי כמשפחתנו, בלי עין הרע.

ונוסף לזה עוד נתברכה עירנו בשריפות, וגם כשלא נשרף ביתנו היו נזקינו מרובים, כי כשנשרף ביתו של בעל־חוב כבר אתה פטור מלתבוע חובך.

עבדתי אפוא קשה, אבל בבית היה מכל טוב, כמו שאומרים: חלב ודבש. ברפת עמדה פרה טובה, ובחנות היתה מצויה גבינה שווייצרית גדולה, בעלת חורים גדולים. לארוחת־הבוקר היתה אמא שופכת על השולחן נפה מלאה כעכים טריים וכל אחד היה אוכל מה שהיה חביב עליו. לארוחת־הצהרים היה הקצב מביא בסלו נתח בשר והיה אומר: „גיטקע, היום הבאתי לך בערך עשרה פונט" — כמובן בלי סירכה, כי אבא לא היה אוכל בשר שיש בו סירכה — או צלע בשר עגל. והיו נזהרים שלא לאכול „חדש". גריסי שבולת־שועל היה מביא לנו בעל עגלה מלובץ', כי שם היו גורסים אותם. והנה הוא מודיע: „הפעם הבאתי הרבה גריסים, כי אינני יודע אם יהיה עוד „ישן" („ישנ'ע"). לארוחת־הערב לא היו שותים כוס תה, אלא מגישים קדירה של חצי צלע בשר עגל

בתפוחי־אדמה. כך הוא, יקירי. הכוח שצברנו אז עומד לנו עד היום. לא היינו מן הגבירים שמונים אלפים, אבל היה לנו בית בעל־ביתי מלא כל טוב, יהדות וכבוד.

כשגדלו הילדים ונתרבו צרכי הבית לא הסתפקה עוד אמא בעסקים הישנים והתחילה לבקש לה עסק של יינות. זה עלה כמובן בבריאות ובכסף, וסוף סוף השיגו רשיון. היינו קונים בווילנה בחביות תירוש לבן של ענבים ואנו היינו מתקינים ממנו את המינים השונים, כל מין וגונו וטעמו. אז היינו מוזגים את היין בבקבוקים ופוקקים בקאפסולים ומדביקים תוויות. המומחה לכך היה אחינו ישראל־דוד ז״ל, ואני הייתי עוזרת על ידו. הוא היה אפילו קולע לבקבוקים רשת של חוטי־ברזל ומצמיד עליה פלומבה. פעם באו מווילנה לראות איך אנו עושים זאת והתפעלו מעבודתו. כשהיו הפריצים באים לקנות יין והייתי יורדת למרתף להביא להם, היו אומרים בצחוק: „פייגה, עשי מאַדירה״...

עמלנו הרבה, אבל חיינו בשמחה ובכבוד, אלא היכן ראיתם שיהודי יחיה לו בלי שום תקלות? וכך שלח לנו הקדוש־ברוך־הוא שריפה גדולה. זה התחיל סמוך לביתנו, אצל שכן סוחר־פשתן. כשהתעוררנו משנתנו כבר בער אצלנו הגג.

*

עירנו היתה עיירה „מעלה־מס״ („אַ צינסאָווע שטעטל״): היתה מעלה מס מסויים לבעל השטח, הגראף זאמויסקי בוורשה. מסביב לעיר היו לגראף הרבה חוות ויערות. כל שנה היה מוכר שטחי יער לכריתה במאות אלפי רובלים ונוטע מיד במקומם עצים חדשים. את העצים היו שולחים לחוץ־לארץ בנהרות. כל שנה היו באים אלינו סוחרים רבים, ביחוד מגרמניה, מממל ומעוד מקומות. הם ואנשיהם המומחים ה„שאַפּאַרעס״, היו מבלים אצלנו כמה שבועות עד שגמרו לבדוק את היערות ולאמוד את ערכם לפני הקניה.

בביתנו היו מתאכסנים בעיקר סוחרי ממל, הם היו יהודים שומרי מצווה. בשבת היו מוציאים מן הארון גמרות ויושבים ללמוד. ליד ביתנו היה נהר, ובעלי סוסים היו מביאים אליו את סוסיהם לשתות. היו הסוחרים ניגשים ומראים להם איך מטפלים בסוסים מבלי לחלל את השבת.

בשעת אחד הביקורים האלה אירעה אצלנו השריפה הגדולה. זה היה מיד לאחר סוכות. הסוחרים ראו מה רב נזקנו ומסרו על כך לגראף, והוא ציווה לשלוח לנו עצים משובחים לבניית בית חדש.

מובן שיצאנו מן השריפה „נקיים״. הספקנו להציל רק את החפצים הנחוצים ביותר. אני התחננתי שיתנו לי להציל לפחות את הספרים, כי ידעתי שארון ספרים כזה לא יהיה עוד לאבא.

כשמלאו לי שבע־עשרה או שמונה־עשרה שנה התחילה אמא לתת עיניה בכל בחור־ישיבה, וכל מי שמצא חן בעיניה חפצה בו בשבילי. עתה, לאחר השריפה, כבר לא ביקשה אמא בשבילי בני תורה אלא בני גבירים.

מובן שהחיים המשיכו במהלכם, ושוב הולכים לבלות עם כל הנוער. בעירנו לא היו אז בתי קולנוע ובתי קפה, כמו בימינו, אבל היה לנו בית שהיו נפגשים בו אנשים צעירים ועליזים — אצל משה סטאצקי. שם היו מתאספים בני הנוער שלנו והיו מבלים יפה ביחד. היו קוראים ושרים ומשוחחים והיה נעים לשהות שם.

כאמור היו מבקרים אצלנו תכופות סוחרי יערות, ולי היה חשק לעסק הזה. לאחד מן הסוחרים האלה, לא מן הגדולים שבהם, היה בן והוא החל לבקר אצלנו לעתים קרובות, גם כשלא היה לו שום עניין בעירנו, והוא הפציר מאד באביו שיסכים לכך. פעם נפגש אבא עם אביו ברכבת, והלה התחיל לשאול את אבא שאלות שונות עד שנתגלגלה השיחה לעניין השריפה. אבא לא חשד כלום ושכח, שאין אדם חייב לספר את כל האמת אפילו לפני הטובים שבידידיו, וכך התאונן לפניו על המצב והשיח את לבו. משמשע זאת אותו האב, בא הביתה והסביר לבנו, שיהיה עליו לסייע בנשיאת העול של כל המשפחה. „פייגל לא תניח את משפחתה לסבול בשעה שהיא תחיה בטוב״. בכך נסתיים הדבר.

אז עלה עניין שני. כחמישה מילין מאיביה היתה עיירה בשם הורודישץ׳. שם היו נערכים ירידים גדולים וסוחרים מאיביה היו נוסעים לשם לעסקיהם. לאחר אחד הירידים האלה בא אל אמא סוחר אחד כזה ומספר, שהוא נכנס שם לחנות אחת, „חנות גדולה התופסת חצי רחוב״, ובעלי החנות הם אב ובנו, בחור יפה־תואר. המתין הסוחר עד אחרי היריד ודיבר עם האב, והדבר ישר בעיניו. הסוחר הבטיח לאמא: דעתי היא, ששם, בעסק כזה, אין איש מתאים יותר מפייגל.

לאמא נראה הדבר מאד. העיקר שהם גבירים. מכתב לכאן ומכתב לשם, ומתכנסים בחצי הדרך. נסעו אבא ואמא וסבא. הם נסעו לעניין גמור, שהרי מלבד זה שהלה אינו מבקש ממנו מאומה, עוד הוא רוצה לתת נדוניה לאחות שניה!

אבל כשהגענו לשם התחלתי להרהר: אמנם עשיר — אבל לא יותר מזה. ללמוד אינו יודע, וגם השכלה אחרת אין לו. לא, איני רוצה בשום פנים. אמרתי, שאני יכולה לעשות למען הורי ואחיותי הכל, אבל למכור את עצמי — לא, ואינני יכולה לשנות את עצמי. אני, לבי נוטה למשהו אחר, לא לכסף.

אבא הבין ושתק, אבל אמא וסבא — נורא! סבא צעק: „אמרי כבר הן ויהיה סוף!״ אמרתי לו:

„סבא, אמור־נא לי, מה עושה עם־הארץ (אַ גראָבער יונג) בשבת אחר הצהרים בעיירה קטנה? אם למדן הוא — לומד הוא, ואם משכיל הוא — הריהו קורא ספר, אבל אם גביר הוא — לא שמעתי מימי שהוא סופר כספו בשבת״.

כאן אמר סבא:

„אָרע־לייבע, צווה לרתום את הסוסים״.

שאלתי את אבא ואת סבא: „הלא יהודים יראי־שמים אתם, והנה ראיתם איך בשעות מועטות היה כל כספנו לאפר; ואני עודני מקווה לחיות יותר משנים מועטות״...

כך הגענו בשלום הביתה. ולאותו בחור נתתי מן הסתם לקח, שידאג שבניו שלו ילמדו וישכילו, ונוסף לעשירותם יהיו גם אנשים.

ואז התעורר בחור־ישיבה אחד שנסע לאמריקה ואפילו נעשה שם רב. הוא שלח לי כסף להוצאות הדרך בצרוף כרטיס־אניה, שאסע אליו לאמריקה. אבל אני לא הסכמתי. ראשית, לא רציתי לנסוע לאמריקה. ושנית, לא רציתי את הבחור. אני החזקתי בשלי, שאלהים יעזור לי כאן. אני רגילה לעבוד ומוכנה לעבוד, אבל רצוני לחיות עם אדם המוצא חן בעיני. וכך נשארתי לא־גבירה („אויס גבירטע״), אבל חייתי חיים של סיפוק ועמלתי ככל אשר יכולתי. חבל שזה נסתיים כל כך מהר...

ירושלים, תשט״ו—תשי״ח

## סאָניע וויקטאָר / אַמעריקע
(טאָכטער פון אהרן קאַשטשער)

# זכרונות פון דעם אמאָליקן איוויע

### אַ שטוב אין איוויע



אונדזער שטוב אויף די גערטנער איז געווען פון הילצערנע בערוועגעס, געבויט האָט זי דער טאַטע, ר׳ אהרון, אַליין, ביי דער מיטהילף פון זיינע צוויי ברידער: אברהם און אלי קאָשטשער. אלע זיינען זיי געווען טשעסלערס און געהאַט אַ נאָמען אין דער גאַנצער געגנט אַלס אויסגע־צייכנטע פאַכמענער. די מאַמע און איך נאָך איר זיינען געגאַנגען לענגאויס דעם פונדאַמענט און געוואָרפן אינעווייניק מטבעות — קאָפּיקעס, אַ סגולה אויף מזל און גליק...

ווען מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אין הויז איז עס נאָך ניט געווען אויסגעענדיקט. ביסלעכ־ווייז האָט דער טאַטע — ביי דער מיטהילף פון זיינע צוויי זין — יעקב און יצחק, צוגעבויט אַ סוכה, אַ שטאַל, אַן אָפּטרעט (אויף איוויער לשון: „אָטכאָזשע״) און אַרום שטוב אַ גערטנדל, אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן. די שטוב האָט מען צעצוימט אויף פיר צימערן: אַ פּאָדערהויז, וואָס מען האָט באַצייכנט ווי אַ „סטאָלאָווע״, דריי שלאָף־צימערן און אַ קיך מיט אַ גרויסן קאַכלענעם אויוון צו קאָכן און באַקן, ווי עס איז געווען אָנגענומען אין די קליינע שטעטלעך (פאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער אויוון זאָל זיין וואָס גרעסער).

דאָס מעבל איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגן טיש, וואָס האָט פאַרנומען אַ קענטיקן טייל פון דער פאָדער־שטוב, מיט צוויי בענק פון ביידע זייטן (שטולן זיינען געווען אַ לוקסוס), ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ שלאָפבאַנק, בייטאָג האָט זי געדינט צו זיצן, ביינאַכט, ווען מען פלעגט אַראָפּנעמען די אויבערשטע טייל איז עס געווען אַ בעט צום שלאָפן. דאָס בעטגעוואַנט איז פאַרשטייט זיך געווען אינעווייניק. נעבן אַ פענצטער אין סטאָלאָווע איז

געווען אַ צוגעפּוצט ווינקעלע, אַ קליין טישל מיט פיר שטולן. איינע פון די ווענט איז געווען פאַרשטעלט פון דער פּאָדלאָגע ביז דער סטעליע מיט אַ גרויסן אַלמער, אָפּגעפאַרבט אויף געל. דער אַלמער האָט געדינט ווי אַן אָרט פאַר די שבתדיקע בגדים און וועש, פאַר געפעס און אַפילו פאַר ספרים.

דאָס גערטנדל וואָס אַרום שטוב, האָט דער טאַטע אַליין צעגראָבן, איבערגעוואָרפן די ערד, צעווירעט אויף בייטן און פאַרזייט מיט גרינסן פאַרן אייגענעם געברויך: אוגער־קעס, רעטעכלעך, בוריקעס, ציבעלע א. אַ. וו. איך האָב געפלאַנצט מאַקיווקעס, וואָס זיינען געוואַקסן הויך און אָנגעפילט דעם גאָרטן מיט פאַרביקע בלומען. ווען זיי זיינען געוואָרן רייף, איז מיר געווען אַ שאָד אַראָפּצורייסן די אויבערשטע קעפּלעך און איך פלעג פּשוט אויסליידיקן דעם מאָן פון די קנאָספּן גלייך אין מויל אַריין...

ווי פיל אַנדערע אין איוויע האָבן מיר אויך געהאַט אַ באָדן־סיכסוך מיט אונדזער שכן. ה'עלכער האָט זיך אויסגעבויט פריער און פאַרכאַפּט אַ טייל פון באָדן, וואָס האָט געהערט צו אונדז. אין איינעם אַ פרימאָרגן זיינען געקומען מענטשן מיט אייזערנע שטאַנגען, איבערצורוקן דעם שכנס שטוב אויף צוריק, אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ. דער שכן און זיין פרוי (שיינקע די בעליצערקע), זיינען געשטאַנען פאַראומערטע אויפן גאַניק און געקוקט, ווי מען גרייט זיך רירן זייער שטוב; מיין טאַטע איז צוגעגאַנגען צום באַזאָרגטן שכן, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף יענעמס אַקסל און געזאָגט:

— „דאגהט ניט, איך בין מוותר, עס וועט גענוגן פאַר ביידע דער באָדן. אין הונ־דערט מיט צוואַנציק יאָר אַרום, וועט מען אונדז ביידן געבן גענוג ערד...“

מיין מאַמע, קיילע, האָט געשטאַמט פון אַ רבניש־לומדישער משפחה. איר פאָטער, מיין זיידע — מאיר קאַמענעצקי איז געווען אַ ראש־ישיבה אין ווילנע. איך געדענק, אַז קומענדיק אין איוויע צוגאַסט פלעגט ער אַלעמאָל זאָגן, אַז איוויע איז אַ שטעטל פון תורה און חכמה.

מיין מאַמעס אַ ברודער, ר' יעקב קאַמענעצקי, איז געווען אַ גרויסער לערנער, געלעבט אין לאָדזש און שפּעטער אין א"י, ווו ער האָט אויך אָפּגעדרוקט זיינעם אַ ספר „זכרון יעקב“, אַ פּירוש אויף דער תורה. דער באַרימטער רב און מקובל, הרב שמעון־צבי הורוויץ ז"ל (פון לידע) איז געווען איר שוועסטערס אַ זון. ער איז געווען איבער 40 יאָר ראש־ישיבה פון דער ירושלימער ישיבה פאַר מקובלים, „שער השמים“. זיין ספר „קול מבשר“, וואָס איז דערשינען אין ירושלים אין תרפ"ג (1923), האָט אַרויסגע־רופן גרויס אויפמערקזאַמקייט, מחמת די רייזע־איינדרוקן פון זיינע וואַנדערונגען איבער די וייטע מזרח־לענדער, זוכנדיק פאַרשטויסענע שבטים.

די מאַמע, אַ קליינע, שוואַכע פרוי, האָט געבוירן עלף קינדער פון וועלכע פיר זיינען געשטאָרבן קליינערהייט. זי האָט באַקלאָגט אירע פיר טויטע קינדער, ווי זי האָט באַקלאָגט איר גאַנץ לעבן דעם חורבן בית־המקדש. ניט קיין וווּנדער, וואָס זי האָט אַזוי געציטערט און געזאָרגט פאַר די זיבן, דריי טעכטער און פיר זין, לעבנגעבליבענע.

איר גאַנץ לעבן האָט זי געטראַכט בלויז ווי צו טאָן מצוות. זי האָט אונדז — אירע קינדער, ניט אויפגעהערט צו דערמאָנען, אַז צדקה דאַרף מען טיילן שטילערהייט, אַז קיין זייטיקע מענטשן זאָלן דערפון ניט וויסן און דער נויטבאַדערפטיקער זאָל חלילה ניט

פאַרשעמט ווערן. אַנדערש, קאָן די מצווה פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן עבירה, פון מבייש זיך אַ געפאַלענעם מענטש.

זי האָט זיך דערביי אַרויסגעהאָלפן מיט אַ שכנה, וועלכע האָט געלעבט אין אונדזער הויז. יענע פלעגט איר „צוטראָגן" די נייעס וועגן אַלע נויטבאַדערפטיקע און אומגליק־לעכע, אָרעמע, קראַנקע און געשטראָפטע דורכן גורל. זי האָט שוין געפונען דעם וועג, ווי צו געבן די נייטיקע הילף. שפּעטער, אַז די שכנה האָט זיך אַרויסגעקליבן פון אונדזער הויז און איך, איר מוזינקע, בין עלטער געוואָרן, פלעגט זי זיך אַרויסהעלפן מיט מיר ביים טיילן צדקה. זי האָט מיך געלערנט אַוועקצושטעלן דאָס פאַרדעקטע טעפּעלע שפּייז נעבן טיר פון דעם באַדערפטיקן אָדער קראַנקן, אָנקלאַפּן אין טיר און דערהערנדיק די טריט, בעלם ווערן. יעדעס מאָל פלעג איך מוזן דערציילן גענוי, ווי אַזוי איך האָב אויסגע־פירט איר שליחות און איך בין געווען גליקלעך צו הערן די מאַמעס שבחים וועגן מיינע שליחותן...

די מאַמע האָט אין שטעטל געהאַט אַ נאָמען פון אַן אשת־חיל. אַז אַ יידענע איז געגאַנגען צו קינד האָט מען געשיקט קיילען, וועלכע האָט געקענט „אָפּנעמען" אַ קינד אָן ווייען און אַפילו געוווסט, וואָס צו טאָן ביי בלוטיקונגען. מען האָט גערעדט, אַז אין אַ פּאָר שווערע פאַלן, האָט זי געראַטעוועט פרויען פון אַ זיכערן טויט. זי האָט געלעבט און געאָטעמט נאָר מיט מעשים־טובים און מצוות. וועגן זיך אַליין האָט זי גאָרניט געטראַכט, כאָטש, ווי געזאָגט, זי איז געווען אַ קראַנקע און שוואַכע פרוי.

ביז היינט צו טאָג איז מיר פאַרבליבן אין זכרון די לידעלעך מיט וועלכע זי פלעגט מיך פאַרוויגן און מיט וועלכע איך האָב שפּעטער פאַרוויגט מיינע קינדער און נאָכדעם מיינע אייניקלעך:

מיין קעפּעלע טוט מיר ווי...
זומער שפּילן מיר אין זאַמד...
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן א. אַ. וו.

## חיה־פייגע איז אַוועק „זען דעם פּאָגראָם"

אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען האָט זיך צעגאָסן איבערן צאַרישן רוסלאַנד. אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען שוין פאָרגעקומען קליינע פּאָגראָמען און אין איוויע האָט מען זיך אויך געגרייט צו דעם. די „סאַמאָאָבראָנע" (זעלבסטפאַרטיידיקונג), אָרגאַניזירט פון דער איוויער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, האָט זיך געגרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ביי איוויער שמידן האָט מען צוגעגרייט נאַהייקעס אָנגעפילט מיט בליי און אַנדערע „קאַלט געווער", כדי צו פאַרטרייבן די כוליגאַנעס.

אין יענע טעג האָט זיך צוריקגעקערט פון לאָדזש מיין ברודער, מלך (אַנטלאָפן נאָכן אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט) און האָט זיך תיכף אָנגעשלאָסן אין דער „סאַמאָאָבראָנע".

אין דעם טאָג, ווען מען האָט זיך אין שטעטל געריכט אויפן פּאָגראָם זיינען די קראָמען געווען פאַרמאַכט און אַלע זיינען געזעסן פאַרשפּאַרט אין די הייזער. בלויז

אונדזער שכנה, חיה־פייגע, איז ניט געווען אין שטוב, מיר האָבן זיך פשוט ניט געקאָנט דערטראַכטן, ווו זי האָט געקאָנט נעלם ווערן, ווען אין גאַס האָט מען ניט געזען קיין לעבעדיקן נפש. ניט אַנדערש, אַז זי האָט געפונען אַ באַהעלטעניש ביי אירע פריינד.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז חיה־פייגע, אַ פּרימיטיווע יידענע, וואָס האָט ניט געוווּסט אַפילו, וואָס עס מיינט אַ פּאָגראָם, האָט זיך פאַרגלוסט צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם פּאָגראָם... זי האָט גענומען אירע צוויי קליינע קינדער פאַר די הענט און אַוועקגעשפּאַצירט אין מאַרק זען דעם פּאָגראָם...

באר עם גלגל וגגון מעליה



אַ ברונעם מיט אַ ראָד און אַ דעכעלע

צוריקקומענדיק האָט זי דערציילט אירע איבערלעבענישן: פּלוצים האָט זי דערזען ווי פון שול־הויף זיינען אַנגעלאָפן קאָזאַקן אויף פערד און האָבן געעפנט פון זייערע ביקסן אַ שיסעריי אין דער לופטן, כדי איבערצושרעקן די פויערישע כוליגאַנעס, וואָס

זיינען געקומען קיין איוויע אויף זייערע וועגענער, אָנגעפילטע מיט אייזנס און מכשירים אַ „הוליע צו טאָן”, מאָרדן און רויבן דאָס יידישע האָב און גוטס.

די שיסערייען האָבן אַרויסגערופן אַ פּאַניק און די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען ווי פאַרסמטע מיט זיך צעלאָפן הינטער די הייזער אָדער זיך באַהאַלטן הינטער זייערע וועגענער. גיך זיינען זיי פאַרשעמטע, נעבעך, אַנטלאָפן פון שטעטל. די צאַרישע מאַכט, וואָס האָט אין אַלע ישובים געמאַכט זיך „ניט־זעענדיק” און דערמוטיקט פּאָגראָמען, כדי צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין יידיש בלוט, האָט דאָס אין איוויע ניט דערלויבט. דער פּאָגראָם איז אַזוי אַרום אויסגעמיטן געוואָרן און איוויע איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. אָבער וועגן דעם ווי חיה־פייגע איז געגאַנגען זען דעם פּאָגראָם, האָט מען אין שטעטל גערעדט אַ לאַנגע צייט, איך געדענק בלויז ניט, צי עס איז איר געבליבן אַ צונאָמען פון דער שפּאַסיקער געשעעניש ?

## די „רעוואָלוציאָנערע” פיש...

דאָס איז געשען בערך אין די רעוואָלוציע־יאָרן, 5־1904.

דער עקאָנאָם פון איוויער הויף, צו וועמען עס האָט אויך געהערט דער איוויער טייך, האָט אָפּגעצוימט אַ טייל פון טייך און אַריינגעלאָזט דאָרטן טויזנטער קליינע קאַרפּן־פיש, די קאַרפּן האָבן זיך געמערט „פּאַרפּלאָדיעט” און „צוגענומען” אין וואָג.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך איינגעבראָכן דער צעפוילטער שוואַכער צוים און די פיש, וואָס האָבן ביז דאַן געלעבט און זיך געמערט אין אַ באַגרענעצטן וואַסער־שטח זיינען אַרויס אויף דער פריי. זיי האָבן געשפּרונגען אין דער לופטן פון שמחה צוליב דער דערוואָרבענער פרייהייט און אַזוי שפּרינגענדיק האָבן זיי אָנגעפילט בערנאַר־דינער גאַס מיט צאַפּלדיקע קאַרפּן...

די סענסאַציאָנעלע נייעס האָט זיך באַלד צעטראָגן איבערן שטעטל; בעלי־מלאכות האָבן איבערגעלאָזט זייערע וואַרשטאַטן, קרעמער — די קראָמען, חדר־יינגלעך — די חדרים און אַלע זיינען געלאָפן מיט רעשעטעס און טעפּלעך כאַפּן פיש... יענע וואָך האָבן איוויער יידן געגעסן געשמאַקע קאַרפּן אינגאַנצן אומזיסט.

דער עקאָנאָם פון איוויער הויף איז געקומען אַ צעטומלטער צו מיין פעטער אַברהם, זיך עצהן מיט אים, ווי אַזוי אָפּצושליסן פאַר די פיש דעם וועג צו דער בערנאַרדינער גאַס, דער פעטער האָט אים געעצהט, אַז מען זאָל אַריינקלאַפּן די סטאָלבעס טיפער אין גרונט פון טייך. מען האָט געעפנט די „זאַסטאַווקעס” און אַרויסגעלאָזט דאָס וואַסער פון טייך. קינד און קייט האָבן געבראָדיעט, אָנגעטאָענע אין הוליכע שטיוול, אין די טיפע בלאָטעס פון טייך און געזוכט פיש, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער בלאָטע און אין צעפוילטע געוויקסן. דערוויל האָט מען אויך געפונען פאַרשיידענע „מציאות”, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אויפן גרונט במשך פון אַזוי פיל יאָרן. צווישן אַנדערע — אויך אַן עופהלע, אַן אומלעגאַל געבוירן קינד, פון וועלכן מען האָט זיך ווייזט אויס באַפרייט דורך דערטרינקען אין טייך... אין איוויע איז דאָס געווען אַ סענסאַציע און אַ טעמע פאַר געשפּרעכן און השערות אַ לאַנגע צייט נאָך דעם.

דאָס שטעטל האָט שפּעטער געגאָסן פון ריין וואַסער צום טרינקען און קאָכן, נאָך דעם ווי מען האָט גוט אויסגערייניקט דעם טייך פון בלאָטע און צעפוילטע געוויקסן. די שפּרינגענדיקע פיש האָט מען אין גייסט פון יענע רעוואָלוציע־יאָרן, ווען אַלץ און אַלע האָבן גערעדט וועגן „סוואָבאָדאַ" (פרייהייט), געגעבן אַ נאָמען: „די רעוואָלוציאָנערע פיש". דרך אגב, מען האָט דאַן אין שטעטל דערציילט, אַז איינע פון די פריש־געבאַקענע רעוואָלוציאָנערקעס האָט צוריקקערנדיק זיך פון אַ געהיימער פאַרזאַמלונג געזאָגט צו איר מאַמען: „לאָז אַרויס די הינער פון „קאָטוך", אויב פרייהייט, איז פאַר אַלעמען..."

## אַן אומגליק מיט אַ טשאָלנט...

מיין מאַמע, ווי געזאָגט, איז געווען אַ שוואַכע, קראַנקע ייִדענע און האָט זיך אַרויס־געהאָלפן אין דער הויז־ווירטשאַפט פון אונדזער גרויסער משפחה מיט אַ שכנה, וועמענס מאַן איז געווען אין אַמעריקע. פאַר איר אַרבעט אין שטוב האָט מען איר באַצאָלט מיט אַן אומזיסטער דירה און פאַרשידענע פאַרגיטיקונגען. פאַר אָפּפליקן, אָפּסמאַליען, רייניקן און כשרן די גענדז, פלעגט מען איר פאַר יום־טוב געבן אַן אומזיסטע גאַנדז. אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט זי פליקן פעדערן, צוגרייטן אַן „אויסשטייער" פאַר די טעכטערס חתונות. האָט דער טאַטע געקויפט אַ קעלבל אין אַ מאַרקטאָג, האָט זי געהאָט ביי דעם פיל אַרבעט און דערפאַר געקראָגן די שיריים: אַ לונג און לעבער אָדער גרייזשיק.

פיל אַרבעט האָט זי געהאַט ביים אַריינפירן דעם שבת אין שטוב; דאָנערשטיק האָט מען שוין געבראַכט וואַסער פון טייך אָדער פון אַ ברונעם, אָנגעהאַקט האָלץ און צוגע־גרייט דעם גרויסן אויוון, וואָס האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע קיך. פרייטיק באַגינען, פלעגט מען שוין איינהייצן דעם אויוון. די ווייבער האָבן געאַרבעט שווער כדי אַריינ־צוברענגען דעם הייליקן שבת אין שטוב אַריין. די שבתדיקע הייליקייט האָבן מיר שוין געפילט פרייטיק, ווען די שכנות פלעגן ברענגען צו אונדז פאַררוקן זייערע טעפּלעך טשאָלנט.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַן אומגליק מיט אַ טשאָלנט פון אַ שכנה; אַרויסנעמענדיק דאָס טעפּל פון אויוון האָט זיך עס איבערגעקערט און אויסגעגאָסן. חיה־פייגע, די שול־דיקע אין איבערקערן דאָס טעפּל האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און זיך גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ, מיין מאַמע האָט איר קוים באַרואיקט און געגעבן די געטראָפענע שכנה אַנטשעדיקונג... אַ העלפט פון אונדזער טשאָלנט.

פון דאַן האָט מיין מאַמע זיך מער ניט פאַרלאָזט אויף חיה־פייגען. זי פלעגט אַליין אַריינרוקן און אַרויסנעמען דעם טשאָלנט.

ווער קאָן דאָס פאַרגעסן דעם געשמאַקן טעם פון היימישן טשאָלנט?

פיל צענדליקער יאָרן זיינען פאַריבער און ביזן היינטיקן טאָג פיל איך דעם טעם פון יענעם טשאָלנט...

**סיידי פעשקאָוו / אַמעריקע**
(זעלדע מערקע מענדלס)

# זכרונות וואָס מען קען ניט פארגעסן!

אַזוי פיל יאָרן טיילן אונדז אָפּ, זייט איך בין פון דאָרט אַוועק און דאָך שטייט ביזן היינטיקן טאָג פאַר מיינע אויגן דאָס ליבע שטעטעלע איוויע, מיט זיינע גאַסן, געסעלעך, פריסאַדעס, וועלדער און זיינע טייערע יידן. ניט קיין ווונדער. דאָרט איז געשטאַנען מיין וויג און דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די שענסטע יאָרן פון מיין לעבן — די קינדער־יאָרן. אַז איך הויב אָן אויפצוועקן אין מיין זכרון די פּייזאַזשן, געשעענישן און פאַר־לויפענישן פון יענע גליקלעכע יאָרן, קען איך קיינמאָל ניט פעסטשטעלן, וועלכע געשעעניש האָט זיך שטאַרקער און אמתדיקער איינגעקריצט אין זכרון. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב קיין זאַך ניט פאַרגעסן.

אָט זע איך פאַר די אויגן די קאַלטע הילצערנע שול, דעם שול־הויף, דעם טייך, דעם מאַרק, די קראָמען, די באַרג־אַראָפּ־גאַסן: בערנאַרדינער און פערד־מאַרק; דעם לאַבירינט פון אָרעמע שטיבעלעך, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אָן אַ סדר, וואָס מען האָט גערופן „גערטענער", דעם טייך און די בריק, אַלע וועגעלעך און שטעגעלעך.

אָט זע איך דאָס שטעטל אין אַ שבת־טאָג נאָכן טשאָלנט. די יוגנט, אָנגעטאָן אין די שבתדיקע בגדים, שפּאַצירט אונטערן קלויסטער, לענג־אויס די אַלייע, וואָס פירט צום גראַפס הויף (זאַמאָיסקי), אָדער גאָר צו די וועלדער וואָס רינגלען אַרום דאָס שטעטל פון אַלע זייטן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג: אין איינעם פון די שבתים פון 1903 זיינען מיר, אַ קאָמפּאַניע יונגע מיידלעך, אַרויס שפּאַצירן אויסגעפּוצטע, צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן היטעלעך, וואָס רישע דעם רבס האָט געבראַכט פון ווילנע. ווי נאָר מיר האָבן זיך באַוויזן אין בערנאַרדינער גאַס, האָבן יינגלעך אָנגעהויבן נאָכלויפן און וואַרפן אויף אונדז שטיינער... אונדזערע היטעלעך זיינען געווען אַ סענסאַציע אין שטעטל, ביז דאַן האָט מען אין שטעטל ניט געזען יונגע מיידלעך אין היטעלעך.

ווער פון מיין דור געדענקט ניט משה דעם לערער? ביי אים האָט מען געלערנט העברעאיש, חומש און תנ"ך. דאָס חדר איז געווען אין ווילנער גאַס און געלערנט האָבן בלויז מיידלעך (יינגלעך האָבן געלערנט ביי רביים דאַווענען, סידור און גמרא) פון פאַרשידענעם עלטער. איך דערמאָן די נעמען פון אַ טייל שילערינס: מלכה און גאַילע אָרע־לייבעס, חיה־גיטע און שרהקע פּוליעס, דינקע חאַסיע־פּעשעס, קראַינע ישראל־בערעס, באַשקע מאַילעס א. אַנד.

איך דערמאָן זיך אַז מיר האָבן געדאַרפט קענען אויף אויסנווייניק אַ העברעאישן שיר, וואָס מיר פלעגן זינגען מיט אַ שיינער מעלאָדיע. איך געדענק בלויז דעם אָנהייב פון שיר: „עוץ נדכא, עוץ אומלל, צער לי עליך" וכו׳. די מעלאָדיע איז געווען אַ געגוג שווערע און מיר פלעגן עס כסדר איבערחזרן בכדי צו פאַרגעדענקען. איינמאָל זיינען מיר אַוועק צום לערער אין אַ קאַלטער, פינצטערער ווינטער־נאַכט, אויפגעוועקט אים פון שלאָף און געבעטן: אַז ער זאָל מיט אונדז נאָך אַ מאָל איבערזינגען דאָס ליד. דער לערער האָט גאָרניט געהאַט קיין פאַראיבל אויף אונדז. ער האָט מיט אונדז עטלעכע מאָל איינגעזונגען דאָס ליד און מיר זיינען גליקלעכע געגאַנגען שלאָפן...

מיין ברודער, יוסף גאָלדשמידט, איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפרייטן צווישן דער יידישער יוגנט קולטור און וויסנשאַפט. אין אונדזער הויז פלעגט קומען די אינטעליגענץ פון איוויע, כדי צו פירן דיספוטן און שמועסן וועגן ליטעראַטור און שרייבער, וועגן די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, וואָס זיינען דאַן געווען אין דער מאָדע אין צאַרישן רוסלאַנד, ווי די עס־ערן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, „בונד", פועלי־ציון א.אַנד. איך געדענק גוט די שרייבער, וועלכע זיי פלעגן דערמאָנען: אחד־העם, ביאַליק, שלום־עליכם, פרץ, מענדעלע מוכר ספרים, און פון די רוסישע: טורגעניעוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי א.אַנד. עס זענען שוין געווען ויכוחים וועגן ציוניזם, ארץ־ישראל, און די קריגערייען און געשרייען האָבן ניט אויפגעהערט. איך געדענק פון די אַריינגייער צו מיין ברודער: אשר סלאָנימסקי, חיים באָיאַרסקי, ישראל־דוד גוטעלעווסקי, שכנא עפשטיין, נאָטקע (נתן) ראָגאָוו און פיל אַנדערע.

איך בין שפעטער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, אַלע יאָרן האָב איך געבענקט און געהאָפט צו זען נאָך אַ מאָל מיין שטעטעלע, איוויע. אין יאָר 1932 איז פאַרווירקלעכט געוואָרן מיין חלום. איך האָב אָבער פאַרשפעטיקט צו זען זיך מיט מיינע עלטערן (מערקע און מענדל גאָלדשמידט), זיי זענען שוין ביידע געווען אויפן עולם־האמת.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם טאָג ווען דער קליינבאַן האָט געבראַכט מיך און מיין פאַמיליע קיין איוויע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונדז אָפּגעוואַרט ביי דער סטאַציע אויפן שול־הויף. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך בין אויפגעשטאַנען פון אַ טיפן שלאָף. איוויע האָט אויסגעזען אַנדערש ווי איך האָב איר פאַרלאָזט; אַנשטאָט די קליי־נינקע הילצערנע הייזלעך מיט שינדל־ אָדער שטרוי־דעכער — ציגלנע מויערן מיט בלעכענע דעכער, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן נאָך דער גרויסער שריפה אין 1929. עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ שיין, מאָדערנע שטעטל.

אָבער די פיזיאָנאָמיעס און די מענטשן זענען געווען די זעלבע. איך האָב דאָס שטעטל דערקענט און נישט געקענט זיך אָנזעטיקן דערמיט. עס האָט אויפגעוועקט אין מיר אַ כוואַליע פון זיסע זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך לעב נאָך אַ מאָל יענע יאָרן מיט אַלע זייערע געשעענישן און פאַרלויפענישן.

אונדזער באַזוך איז שנעל אַדורך ווי אַ חלום. געווען זייער שווער זיך צו שיידן פון אַלץ און אַלעמען. ווידער איז געקומען דאָס גאַנצע שטעטל זיך צו געזעגענען און באַגלייטן אונדז. אָט זיץ איך שוין אין קליינבאַן, נאָך אַ קוק, נאָך אַ טרער און ווידער זיך צעשיידט. דאָס מאָל אויף אייביק...

# די איוויער באָד

אַ קלייניקייט צו זאָגן, וואָס די באָד איז געווען פאַר דעם שטעטל? ערשטנס, דער הינטערן באָד... אפשר אַ האַלב שטעטל איז געגאַנגען הינטערן באָד... און מען איז באַלד צוגעגאַנגען צום דערבייאיקן קליינעם טייכל, געוואַשן די הענט און געזאָגט „אשר יצר"...

די ווייבער זענען געגאַנגען אין באָד טמאות און אַרויס טהורות. יעדע פרוי האָט מיט־גענומען מיט זיך אירע צוויי דריי מידלעך, אויסגעוואַשן און אויסגעצוואָגן די קעפּעלעך און די גופימלעך. די טוקערין האָט לויט די טבילה־דינים געוואַשן דער פרויס קערפּער דריי מאָל, געשניטן די נעגל, געטובלט איר אין מקוה, געשריען „כשר" און געווונטשן, אַז גאָט זאָל געבן עס זאָל שוין דאָס מאָל זיין אַ יינגל... אַלע ווייבער האָבן איינע די אַנדערע געווונטשן בקולי־קולות, אַז דאָס מאָל זאָל שוין זיין אַ יינגל... בפרט פאַר די וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ פיר פינף מידלעך זיינען געווויס די ברכות געווען אָנגעלייגט...

מאָשקע דער בעדער, אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, האָט געוווסט זיין אויפגאַבע: אויסער אָנהייצן דעם אויוון, צוגרייטן הייס וואַסער און אַ ריינע, פולע כשרע מקווה, האָט ער אויך ניט פאַרגעסן צו שטיין מיטן פּנים צו די ווייבער ביים אַרויסגאַנג כדי זיי זאָלן קענען זיך „פאַרקוקן" אויף אים, ניט חלילה אָנטרעפן אויפן וועג עפּעס אַ חיה טמאה און מען זאָל נאָך אַ מאָל זיך דאַרפן טובלען פונדאָסניי...

פרייטיק אין שוויץ־באָד פלעגן יידן זיך אויסבעזעמען אויף דער הויכער באַנק, שווער אָפּאָטעמען, קרעכצנדיק מיט הנאה פון דער זודיקער פאַרע, שרייען צו די וואַסער־גיסער, „דערלאַנג פאַרע!" און דערפילן דעם טעם פון אַ ריינעם גוף. גייך אַהיים פלעגט מען מיט רויטע, צעפּאַרעטע פּנימער, האַלטנדיק די שמוציקע וועש פאַרבונדן אין אַ קאַ־לאַשע פון די גאַטקעס..

ערב פסח פלעגט מען דאָ טובלען די כלים אין אַ גרויסן טשאָפּ און פאַרברענען דעם חמץ.

נאָך אַ מעלה האָט געהאַט די באָד: זי האָט ניט געהאַט קיין מזוזות, אַז זי האָט ניט געהאַט קיין מזוזות האָבן דאָרט זיך געקענט אויפהאַלטן „מאַלעכאַיטשיקעס" (שדים) און ניט־גוטע... אומגעפער אין יאָר 1913 איז געקומען קיין איוויע אַ גרופּע „מאַלעכאַי־טשיקעס", זיך ניט פאַררעגיסטרירט ביי קיינעם און זיך גלייך „איינגעקוואַרטירט" אין באָד... די פאַרשטעלונג האָבן זיי געמאַכט אין די פענצטער וואָס אונטערן דאַך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צום בריק.

אַלע פאַרנאַכט מיטן זון־אונטערגאַנג איז פאָרגעקומען אַ פאַרשטעלונג מיט טענץ. דערוווסט האָט מען זיך פון דעם אין שטעטל צופעליק, ווייל קיין פלאַקאַטן האָבן זיי ניט אַרויסגעהאָנגען... עמעצער איז צופעליק געשטאַנען אין איינעם אַ פאַרנאַכט אויפן בריק,

געקוקט אויף דער באָד און דערזען דורך די פענצטער טענץ. ער האָט דאָס בסוד דערציילט אַ צווייטן, דער צווייטער אַ דריטן און אַזוי איז ווי מען זאָגט: „דער סוד אַרויס פון באָד"...

יעדן פאַרנאַכט פלעגן שטיין אויפן בריק קינד און קייט, יונג און אַלט, כדי צו זען די אומזיסטע פאַרשטעלונג פון די מאַלעכייטשיקעס אין באָד... געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן געגלויבט אין דעם באמונה שלימה. מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך, ווי זיי מאַכן פאַרשי־דענע פיגורן ביים טאַנצן. געוועזן ווידער אַזעלכע, וואָס כאָטש אין האַרצן האָבן זיי טאַקע מורא געהאַט, אָבער דאָך אָנגעטאָן זיך אַ כוח און געלייקנט שטיין און ביין, לא דובים ולא יער. פאַרשטענדלעך, אַז זיי זענען שוין געווען פון די „פאָרגעשריטענע"... די „פאָר־שטעלונגען" פלעגן אָנהאַלטן כל זמן די זון־שטראַלן האָבן אַריינגעשיינט אין די באָד־פענצטער. ווי נאָר די זון האָט זיך געזעצט הינטערן אָלעשניק פלעגן די מאַלעכייטשיקעס פאַרשווונדן...

אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען די יידן און ידענעס ניט געגאַנגען פּריוויליק, נאָר מען האָט געטריבן אין באָד מיט גוואַלד. אַז דער דייטשער פּאָליציי־מאַן מיט די גרויסע וואָנצן, פלעגט זיך אַרויסלאָזן איבער די יידישע גאַסן און הייזער טרייבן אין באָד אַריין, פלעגט מען זיך פאַרבאַהאַלטן, אָבער אַלע קונצן האָבן ניט געהאָלפן און מען האָט נעבעך, לא עלינו, געמוזט גיין אין באָד אונטער פּאָליציי־באַגלייטונג...

גאָרניט קיין וווּנדער וואָס מען האָט ניט געוואָלט גיין אין באָד. די יעקעס האָבן איינגעפירט טושן (אין איוויע האָט מען ביז דאַן ניט געוווּסט פון דעם). מען שטייט און פון אויבן גיסט זיך וואַסער ווי אַ רעגן. אויך זיינען די דייטשן געווען נייגעריקע און אַריינ־געקוקט אין די קעפּ און אין די בערד... עס איז זייער באַבעס דאגה וואָס עס איז פאַראַן צווישן די האָר... עס זענען געווען פאַלן ווען דער דייטשער דאָקטער האָט באַשלאָסן אָפּ־שערן די האָר, אַ שיינעם קאָפּ האָר פון אַ יונג מיידל, אָדער די הדרת־פנימדיקע באָרד פון אַ בכבודיקן יידן... אַ נס, וואָס עס איז געווען אַ יידישע „שוועסטער". געהייסן האָט זי, מערע די ליובטשערין (לעבט אין ישראל), און זי האָט געפּועלט ביים דאָקטער ער זאָל מבטל־מאַכן די ביטערע גזירה...

**יוכבד בוקס (שמוקלער)**

סאָניע אַיעראָף / אַמעריקע

# איוויע אין די יאָרן 1907—1904



אין איוויע האָט מען מיך געקענט אַלס שיינע באַקשט, זישע שאַכנעס טאָכטער.

איך געדענק איוויע פון די יאָרן 1907—1904. דאָס שטעטל איז געווען קליין, אָרעם און אָפּגע־שטאַנען. די מענטשן זיינען געווען איינגעטיילט אין אָפּגעשלאָסענע „קאַסטעס". די כלי־קודש, לערנערס און דאָס ביסל רייכערע בעלי־בתים (באַלעבאַטים), האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער און געקוקט מיט ביטול אויף די פּראָסטע יידן: קאַראַבעלניקעס, בעלי־מלאכות א. אַנד. וואָס האָבן הינטער זיך ניט געהאַט קיין יחוסדיקע אָפּשטאַמונג, ניט געהערט, ווי מען פלעגט זאָגן, צום באַלעבאַטישן „שטאַנד"...

אין איוויע איז דאַן געווען אַ לערער, וועמען מען האָט גערופן „פּעטקע די רביצין", ווייל ער פלעגט לערנען די רבנישע טעכטער לייענען און שרייבן. איך האָב דאַן אָרגאַ־ניזירט אַ קלאַס, געקויפט פאַר מיין אייגן געלט העפטן, כדי צו לערנען לייענען און שרייבן רוסיש. די שילערינס זיינען געווען: פייגל, (נחמיה דעם בעקערס), פריידקע (דעם באַלעגאָלעס), און אַ טאָכטער פון יאַנקל דעם שמיד.

אין די קינדערשע יאָרן האָב איך געלייענט טייטש־חומש, געבענטשט ליכט און געווען זייער פרום, געהיט זיך ניט צו זינדיקן חלילה מיט די „לעפצן", ווי אַלע גוטע און פרומע יידישע קינדער אין יענע יאָרן. דאַן איז געקומען קיין איוויע אַ לערער פון קרעמענטשוג מיטן נאָמען, מאָיסעי אָוסייעוויטש. ער איז געווען אַ לערער פון דער רוסישער שפּראַך און גראַמאַטיק. איך האָב, פאַרשטענדלעך, זייער געוואָלט לערנען ביי אים, אָבער ליידער ניט געהאַט צו באַצאָלן די געפאָדערטע פינף רובל. זיינע שילערינס זיינען געווען: קראַיִנע באַקשט (ישראל־בערעס), פייגל רישעס (די רביצין), דוד גוטעלעוו־סקי, יוסף גאָלדשמידט (יאָשקע מערקעס) און אשר סלאָנימסקי; שכנא עפּשטיין איז שוין דאַן געווען אין וואַרשע און געלערנט אין גימנאַזיע. איך האָב געזוכט אַ וועג צו קענען לערנען ביי מאָסעי אָוסייעוויטש און איך האָב באַשלאָסן געבן אים מיטאָגן און אַזוי אַרום באַצאָלן אים פאַר די לעקציעס.

מאַיסעי אָוסייעוויטש איז געווען ניט נאָר אַ גוטער לערער, נאָר אויך אַן אויסגעצייכנטער דערציער. ער האָט אונדז געגעבן צו לייענען די ביכער פון די רוסישע קלאַסיקער: טורגעניעוו, נעקראַסאָוו, גאָנטשאַראָוו, דאָסטאָיעווסקי א אַנד. נאָכן לייענען די ביכער, פלעגן מיר צוזאַמען מיט אים דיסקוטירן און קריטיקירן די ווערק. ער האָט באַקומען פון ווילנע וויכטיקע גרונט־ביכער וועגן דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, אַנטוויקלונג פון פּרימיטיווע פעלקער, דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון רעליגיעס, דאַרווינס טעאָריע וועגן אָפּשטאַם פון מענטשלעכן מין א אַנד. ביכער. ער האָט ניט מסכים געווען מיט מיין אָרטאָדאָקסישן לעבנס־שטייגער און געזאָגט, אַז דאָס שטערט צו מיין פאָרשריט אין לערנען. נאָכן אַדורכשטודירן אַ ריי ביכער אין סאָציאָלאָגיע, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז גאָט איז אַ פּראָדוקט פון פּרימיטיווע געדאַנקען־גאַנג, און וואָס מער דער מענטש איז געבילדעט און פאָרגעשריטן, אַלץ וויי־ניקער גייטיקט ער זיך אין גאָט. ביסלעכווייז בין איך געוואָרן אַן אַפּיקורסטע און אויפגעהערט מיט מיין רעליגיעזן לעבנס־שטייגער.

אין צווישן האָבן אונדזערע קרייזן פאַר זעלבסטבילדונג זיך שטאַרק אויסגעברייטערט. אונדזערע פרומע עלטערן האָבן, פאַרשטענדלעך, זיך אַקעגנגעשטעלט אונדזער טעטיקייט (צו וואָס דאַרפן יידישע טעכטער בילדונג, נאָר כדי אַראָפּצוגיין פון גלייכן וועג ?...). מיר זיינען געווען געצוווּנגען צו לערנען ביי קראַינען, אין אַ קליין שטיבעלע, אויפן הויף, ווו מיר זיינען דורך קיינעם ניט באַמערקט געוואָרן. איינמאָל האָבן מיר, זייענדיק פאַרטיפט אין לייענען קאָלעקטיוו אַ רוסישן בוך, דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר. דאָס איז געווען דער פאָטער פון דוד גוטעלעווסקי (אָרע־לייבע), וועלכער האָט נאָכגעשפּיאָנירט וואָהין זיין זון גייט אַוועק יעדן פרייטיק צו נאַכט. ער האָט אויף אונדז געשריגן: „חצופות, גייט אַהיים;" אָבער מיר האָבן אונדזער זעלבסטבילדונג און אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער איוויער יוגנט ניט אויפגעגעבן. דאַן האָט אונדז געהאָלפן אין דער אַרבעט אַ לערער, שמולאָוויטש פון סמאָרגאָן, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין איוויע.

מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועלכער האָט אַרומגענומען דאָס ביסל שניידערינס און אַפילו אָרגאַניזירט אַ שטרייק פאַר קירצן דעם אַרבעטס־טאָג (מען פלעגט אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג און אַפילו מער). איבעריק צוצוגעבן, אַז מיר זיינען אַלע געווען פאַרברענטע סאָציאַליסטן, געגלייבט אין פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן פאַר דער מענטשהייט און פאַרן יידישן פאָלק.

געווען אויך קוריאָזן. פריידקע די שניידערקע, וועלכע פלעגט אָפט פאָרן אין דער גרויסער שטאָט ווילנע, האָט זיך דאָרט אָנגעזאַפּט מיט „קולטור" און געוואָרן זייער „פאָרגעשריטן"... אַז איר מוטער איז געשטאָרבן האָט זי ניט געוויינט, זי האָט דערקלערט, אַז פון דער מוטער איז בלויז אַרויס די עלעקטריע... (אין יענע יאָרן איז עלעקטריע געווען אַ דערקלערונג צו פיל געהיימניספולע דערשיינונגען).

אונדזער ציל איז געווען צו פאַרשפּרייטן קולטור און וויסנשאַפט צווישן די יידישע מאַסן. אויך אין די שכנישע שטעטלעך: באַקשט, ליפּנישאַק און ליובטש האָבן זיך געשאַפן קרייזן פאַר בילדונג. די ליטעראַטור, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון ווילנע,

האָט שפּעטער געוואַנדערט פון שטעטל צו שטעטל. פאַר דעם האָט שוין געזאָרגט דער לערער, שמולאָוויטש. ווי געזאָגט, זיינען מיר אין אונדזער אַרבעט געשטערט געוואָרן דורכן עלטערן דור. ישעיה וואַטע־מאַכער (געלעבט אין אליהו דרייזשעס הויז), איז געקומען צו מיינע עלטערן פאַרמאַסערן אויף מיר. זיין תירוץ איז געווען, כלומרשט רעדן אַ שידוך מיינס אַ שוועסטער. ער האָט אָבער געזאָגט, אַז צוליב דעם, וואָס איך בין אַראָפּ פון גלייכן וועג, וועט קיינער ניט וועלן חתונה האָבן מיט מיין שוועסטער...

מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ ביבליאָטעק אין שטעטל. צו דעם צוועק האָבן מיר געמאַכט אַ געלט־אַקציע צווישן אונדזערע חברים און סימפּאַטיקער, וועלכע האָבן געשפּענדעט זייערע לעצטע גראָשנס. אונדזער „חוצפּה" און האַפּערדיקייט איז שוין דער־גאַנגען צו דעם, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ באַל אין הויז פון משה־אלי פּערטשיק. זיינע צוויי קינדער, פאַלקע און הינדע האָבן געהערט צו אונדזער קרייז פון די פאָרגעשריטענע. מיר האָבן געטאַנצט און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער אין רוסיש און יידיש, צוגעשיקט פון שכנא עפּשטיין, וועלכער האָט שוין דאַן געלעבט אין וואַרשע און אָנגעהויבן ווערן פּאָפּולער אַלס אַרבעטער־פירער.

די פרומע יידן האָבן געמאַכט אַן אַסיפה און באַשלאָסן אַרויפצולייגן אַ „חרם" אויף אונדז און ניט פאַרדינגען קיין צימער פאַר אונדזער ביבליאָטעק. עס איז געקומען צו קריגערייען און אַפילו צוזאַמענשטויסן צווישן קינדער און זייערע עלטערן.

איינמאָל איז געקומען צו אונדז אַ פרוי און דערציילט, אַז מאָרגן וועט די פּאָליציי מאַכן רעוויזיעס און זוכן אומלעגאַלע ליטעראַטור. איך האָב באַלד באַגראָבן אין גאָרטן אַלץ, וואָס מען האָט געקענט אָננעמען פאַר טריף אין צאַרישן רוסלאַנד, און בין באַלד געלאָפן צו דוד גוטעלעווסקי, וויסנדיק, אַז אויך ביי אים איז דאָ פיל אומלעגאַלע ליטע־ראַטור. ער האָט עס טאַקע באַלד פאַרשטעקט. צומאָרגנס, בעת דער רעוויזיע, האָט די פּאָליציי גאָרניט געפונען.

איך בין געווען זייער אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פלעג אָפט פאָרן קיין וואַרשע אין פאַרשידענע שליחותן. אין שטעטל האָט מען דאָס געוווּסט און מען האָט שוין פאַר מיר געהאַט דרך־ארץ.

איוויע שטייט מיר ביז היינטיקן טאָג פאַר די אויגן, טראָץ דעם, וואָס פיל צענדליקער יאָרן טיילן אָפּ זייט איך האָב איר פאַרלאָזט און אַוועק קיין אַמעריקע. דוכט מיר, אַז איך זע פאַר זיך יעדע שטוב, יעדע גאַס, און די איינוווינער. געווען זייער ווייניק גבירים אין איוויע, דער דלות האָט געפייפט אין די הייזער פון די אָנשטענדיקסטע בעלי־בתים, געלעבט האָט מען פון אָרעמען פויער.

פון דעם איינציקן מאַרק־טאָג אין דער וואָך, האָט מען ניט געקענט שפייזן פאַמיליעס. פלעגט מען צעשיקן די יינגלעך אין די תלמוד־תורהס און ישיבות אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווו זיי האָבן געלערנט תורה און געגעסן „טעג". די מיידלעך האָבן געשטריקט זאָקן אויף מאַשינען, וועלכע עס פלעגט אָפּנעמען אַ קאָמיסיאָנער, וואָס האָט דאָס געשיקט קיין ווילנע. די מיידלעך האָבן נעבעך פאַר גראָשנס געאַרבעט שווער און ביטער. דער איינציקער, וועלכער האָט גענאָסן פון זייער אַרבעט, איז געווען דער קאָמיסיאָנער. אַזוי האָט מען געלעבט אין אָרעמקייט און פרומקייט פון דור־דורות.

איך האָב ניט געקענט צוזען דעם צער פון מיין פרומער מוטער, זישע, וואָס האָט זיך זייער שטאַרק גענומען צום האַרצן מיין גוי׳אישער פירונג און זיך געשראָקן פאַר מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקײט און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָרט האָב איך געאַרבעט ביי היט, אָרגאַניזירט און אַפילו געוווּנען אַ שטרייק. מיר איז אויסגעקומען צו הונגערן אין תקופות פון אַרבעטסלאָזיקייט (און עס האָבן ניט געפעלט אַזעלכע תקופות). שפּעטער געפאָרן קיין פּענזאַ (ביי מאָסקווע), אָבער געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט צוליבן ניט האָבן קיין וווינרעכט (פּראַוואָזשיטעלסטוואָ). שפּעטער בין איך, ווי פיל אַנדערע יוגנטלעכע, אַוועק קיין אַמעריקע, כדי פאָרצוזעצן דעם קאַמף, וואָס מיר האָבן געפירט אין דער אַלטער היים און אָנצוהויבן אַ ניי לעבן אין דעם גרויסן פרייען אַמעריקע.

**יוסף שמוקלער / אַמעריקע**

(זון פון טוביה־טעווקע)

# איוויע, ווי זי איז מיר פארבליבן אין זכרון (1908—1890)

## כלי־קודש



סוף 19־טן יאָרהונדערט, אָנהויב 20־סטן יאָר־הונדערט איז איוויע געווען אַ שטעטל פון זייער פיינע בעלי־בתים און לומדים. עס זיינען ניט געווען אין שטעטל קיין אַנאַלפאַבעטן.

אין אַלטן בית־מדרש זיינען געווען אַזעלכע באַלעבאַטים, ווי: יאָשע דער בעקער, יוסף־חיים קאבאק, אהרן־לייב גוטעלעווסקי, מאָטע קאבאק, באַיאַרסקי דער אַפטייקער, חיים־אריהס (לעווין), דוד פרומקעס (מאַלאָכאָווסקי), מאיר דעם רבס (גאָסקינד), יעקב־משה שישקעס (בלאָך) און אַנ־דערע. אין נייעם בית־המדרש זיינען געווען אַזעלכע בעלי־בתים, ווי: אייזיק גאָלדבערג, יצחק ישראלס, לייזער ראַטושער און אַנדערע.

אין יענע יאָרן איז געווען רב אין איוויע ביז זיין טויט, ר׳ שלמה־דוד גראָדזענסקי, ר׳ חיים עוזרס פאָטער. נאָך זיין טויט איז געוואָרן רב זיין אידעם, ר׳ יצחק קאָסאָווסקי. ער איז געווען פאַרהייראַט צו דעם רבס טאָכטער, זי איז געשטאָרבן יונג, נאָך עטלעכע יאָר פון זייער חתונה. ער האָט דאַן חתונה געהאַט מיט זיין געוועזענער פרויס פלימעניצע, פייגל גאָסקינד (מאיר דעם רבס טאָכטער).

עס זענען געווען אין איוויע צוויי דיינים: ר׳ הירש, אין אַלטן בית־מדרש, און ר׳ אליהו אין נייעם בית־מדרש. זיי זענען בידע געווען איידעלע, טייערע יידן און גרויסע לערנערס. מען האָט זיי אין שטעטל געאַכט, אָבער זיי האָבן געלעבט זייער אָרעם, ווייל די בעלי־בתים אַליין זיינען אויך געווען אָרעמעלייט.

עס איז געווען אין איוויע אַ חזן. מען האָט אים גערופן „פּאַטשקע". ער האָט געהאַט אַ שיינע האַרציקע שטימע, אָבער מען האָט אים נישט ליב געהאַט. ער האָט געהאַט אַ כאָר פון 5 משוררים און פלעגט דאַווענען בלויז שבת מברכים אין נייעם בית־מדרש און אַמאָל אין אַלטן. ער פלעגט אויך העלפן דעם שוחט, ווייל אַיין שוחט איז נישט געווען גענוג פאַרן שטעטל. נאָך זיין פאַרלאָזן איוויע איז געווען אַ חזן מיטן נאָמען קלמן. איך גלייב, אַז ער איז געשטאָרבן אין איוויע. דער שוחט פון שטעטל איז געווען ר׳ נח, אַ פיינער ייד. נאָך זיין טויט, האָט זיין זון רפאל איבערגענומען די שחיטה.

איוויע האָט פאַרמאָגט פיל בעלי־בתים וואָס זיינען געווען זייער גוטע בעלי־תפילות: אין אַלטן בית־מדרש איז געווען אליהו דרייזשעס, קלמן בענדער, מאיר דעם רבס א אַנד. אין נייעם בית־מדרש איז געווען פוליע באקשט, העצע, בערל שעפקעס, טוביה דער קרעמער א אַנד.

שמשים זיינען געווען: אלי קריטשניקער — אין נייעם בית־מדרש און לייבע — אין אַלטן. לייבע איז געווען זייער אַ קלוגער ייד, די בעלי־בתים האָבן אים אַמאָל גע־זאָגט, אַז זיי ווילן אים מאַכן אויס שמש, איז ער אַרויף אויף דער בימה און האָט אויס־גערופן: אַזוי ווי לייבע איז אויס שמש איז ער דאָך אַ באַלעבאָס גלייך מיט אַלעמען, זאָגט ער, אַז לייבע זאָל ווייטער זיין שמש...

אויפן שול־הויף אין הקדש־שטיבל האָט געוווינט טוביה. ער איז געווען אַ שמש אין דער גרויסער הילצערנער שול. ער איז אויך געווען דער קברות־מאַן. פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט ער זיך שטעלן ביים ברעג פון יעדער גאַס און רופן אין שול אַריין. צו אַ לוויה פלעגט ער רופן: „גייט צו מת־מצוה!" ווען עס פלעגט קומען די צייט פון זאָגן „סליחות" פלעגט מען קלאַפּן פאַרטאָג אין די פענצטער, אַז מען זאָל אויפשטיין צו סליחות.

יעדן שבת פאַרטאָג (3—4 אַזייגער) פלעגט חיים־יצחק דער שוסטער גיין ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט קלאַפּן אין די פענצטער מיט אַ ניגון: „שטייט אויף צו עבודת הבורא!"

עס זענען געווען צוויי גבאים אין די בתי־מדרשים, די גבאים פלעגן טיילן די עליות. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן צופרידן צו שטעלן די בעלי־בתים. איי־נער פון די מתפללים פון נייעם בית־מדרש האָט געהאַט שמיני־עצרת יאָרצייט נאָך זיין פאָטער און ער פלעגט יעדן יאָר קריגן מפטיר. איין מאָל איז געווען אַ חשובער גאַסט אין שטעטל, האָט דער גבאי, יצחק ישראלס, געגעבן דעם גאַסט די עליה מפטיר און דעם שטעטלשן געגעבן אַ געוויינלעכע עליה. איז דער ייד מיט זיין זון אַוועק גלייך צום אַקציז־ניק און געמסרט, אַז דער גבאי פאַרקויפט בראָנפן. דער אַקציזניק האָט באַלד געמאַכט אַן אונטערזוכונג און באמת געפונען שנאַפּס ביי דעם גבאי אין שטוב. אַלע יידן אין שטעטל האָבן אויסגעמיטן דעם מסור און ער איז אַ לאַנגע צייט געווען ווי אין חרם.

שמיני־עצרת בייטאָג פלעגן קומען די מתפללים צום גבאי אויף כיבוד (אין אַלטן בית־מדרש איז געווען גבאי, יאָשקע דער בעקער, אין נייעם בית־מדרש, יצחק ישראלס). פלעגט מען ביי די גבאים פאַרברענגען ביז עס פלעגט ווערן נאַכט, נאָכהער פלעגט דער גאַנצער עולם פירן דעם גבאי אין בית־מדרש אַריין מיט געזאַנג און טענץ.

איידער דאָס יונגוואַרג איז געוואָרן אַפּיקורסיש געשטימט, פלעגט מען אין ראש־

חודש אלול לויפן יעדן טאָג אין בית־מדרש הערן שופר־בלאָזן. מען פלעגט זיך גרייטן צו די יום־טובים ווי צו גרויסע געשעענישן. ראש־השנה פלעגט דאָס גאַנצע שטעטל גיין אַראָפּצו בערנאַדינער־גאַס צו תשליך, צום טייך.

ערב יום־כיפור פלעגט מען אין בית־מדרש אויסשפרייטן די פּאָדלאָגע מיט שטרוי. יידן פלעגן פאַרן מנחה־דאַווענען זיך לייגן אויף די קני מיט דער פּלייצע אַרויף און דער שמש פלעגט מיט אַ רימען שלאָגן מלקות. ביים אַריינגאַנג אין די בתי־מדרשים און אויפן שול־הויף פלעגט מען שטעלן טעלערס פאַר פאַרשידענע צוועקן און יידן האָבן מקיים געווען די מצוה פון געבן צדקה. הושענא־רבה פלעגן ווייבער שטיין אויף דעם שול־הויף און פאַרקויפן פירעשקעס און טייגלעך, אַ סימן אויף אַ זיסן, גוטן נייעם יאָר.

## אַ חתונה אין שטעטל

אַ חתונה אין שטעטל איז געווען אַ גרויס געשעעניש און אַלע האָבן זיך מיטגעפרייט מיט דער משפחה. דעם שבת פאַר דער חתונה פלעגט מען דעם חתן אויפרופן צו מפטיר, מען פלעגט בשעת מעשה וואַרפן ניסלעך און צוקערקעס. מיר, יינגלעך, פלעגן פיל מאָל זיך שלאָגן כאַפּנדיק די ניסלעך און זיסקייטן. אַ וואָך פאַר דער חתונה האָט די כלה נישט געטאָרט זיין ביחידות, עמעצער האָט געדאַרפט זיין מיט איר.

אַ טאָג פאַר דער חתונה פלעגן קומען כלי־זמרים פונעם שכנישן שטעטל ליובטש. ליובטשער כלי־זמרים האָבן געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט און די קאַפּעליע איז באַשטאַנען פון 6—7 שפּילער. פיל מאָל פלעגן זיי נעמען צו הילף דעם איוויער כלי־זמר, משה די פידעלע. זיי פלעגן אויך נעמען צו הילף, זלמן, דעם איוויער בדחן. פאַר דער חתונה פלעגן זיי גיין צו די הויפּט־מחותנים אין די הייזער אויפשפּילן אַ „דאָברי־דזשען", געוויינלעך פלעגט יעדער מחותן באַצאָלן פאַרן אויפשפּילן דעם „דאָברי־דזשען".

באַזעצן די כלה פלעגט זלמן דער בדחן אויף אַן איבערגעקערטער דייזשע; אַלע קינדער האָבן שוין געקענט זיך באַזעצן: „כלהלע, כלהלע, וויין", אויף אויסנווייניק. די כלה פלעגט זיך טאַקע גוט אויסוויינען. דער בדחן פלעגט אויך אָנמעלדן: „אַ פיינע מחותנתטע פון כלהס צד,ביילע חיה־שרקהס, גייט זיך „וויטעווען" מיט דער כלה. די קאַפּעליע פלעגט אַ קלאַפּ טאָן אַ פיינעם מאַרש און די מחותנתטע פלעגט זיך צע־קושן מיט דער כלה, וויינענדיק... צו דער חופּה פלעגט מען פירן חתן־כלה צום שול־הויף. די כלה פלעגט זיך דרייען אַרום חתן זיבן מאָל. צוריקקוועגס פון דער חופּה אַהיים, פלעגט אָנקומען אַנטקעגן, יאַשקע דער שטומער מיט אַ פולן עמער וואַסער, מען פלעגט אַריינ־וואַרפן קליינגעלט אינעם עמער, אַ סגולה אויף גליק און מזל פאַרן יונגן פאָרפאָלק.

אין שטוב פלעגט מען געבן אַ צוגעגרייטן מאָלצייט. בעת דעם מאָלצייט פלעגט זלמן דער בדחן אויסרופן אין גראַמען די נעמען פון די מחותנים און די דרשה־געשאַנק־מתנה וואָס זיי גיבן דעם יונגן פאָרפאָלק. איך געדענק ווי ער פלעגט אויסזינגען: „אַ שיינער מחותן פון דער כלהס צד, מיט גרויס פאַראַד, גיט דרשה־געשאַנק אַ טוץ־טעלער". נאָכן עסן פלעגט מען פּראַווען שבע־ברכות, דאָס פלעגט זיך איבערחזרן אַ גאַנצע וואָך. דעם שבת וואָס נאָך דער חתונה פלעגן קומען די מחותנתטעס צו דער כלה און פירן זי אין

שול אַריין. פיל מאָל פלעגן גיין מיט דער כלה אין שול אַ 60—70 פרויען. עס פלעגט אויסזען ווי אַ פייערלעכע פּראָצעסיע.

## ישוּבניקעס

אין די דערפער און הויפן אַרום איוויע האָבן געלעבט זייער פיל ישובניקעס, פּיינע, אָרנטלעכע און אַרבעטזאַמע מענטשן. צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט גוט לערנען. אַ טייל פון זיי איז געווען בעלי־מלאכות: בעקערס, שמידן, אַ טייל איז געווען מעקלערס, אייניקע האָבן געהאַלטן אַ שענק. מען האָט זיי גערופן מיט די נעמען פון די דערפער ווו זיי האָבן געלעבט, בעיקר זענען געווען זייער פיל ישובניקעס אַרום לאַזדון, ווי משה־איטשע לאַזדונער, שאַיע דער ציווניעוויטשער, לייבע זשיקעוויטשער, שמואל־הערש יאַנצעוויטשער, לייבע דעווערגער, מאיר באָברעוויטשער, משה גוזשענאַטער, לייבע גוזשענאַטער א. אַנד.

אין דאָרף גוזשענאַט האָבן זיי געהאַט אַ קליין שולכל, ווו זיי פלעגן דאַווענען שבת מיט אַ מנין און צו ימים־נוראים פלעגן זיי דינגען אַ בעל־תפילה פון איוויע. פיל פון די ישובניקעס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מנין אין זייערע דערפער פלעגן קומען מיט ווייב און קינדער אויף די וועגענער קיין איוויע אויף יום־טוב.

## אַגענטן און „אַמעריקאַנצעס"

אין יענע יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון עמיגראַציע קיין אַמעריקע. עס זיינען געווען דערצו פאַרשידענע סיבות: יונגע בחורים, וואָס האָבן געדאַרפט מאַכן דעם פּריזיוו און האָבן ניט געוואָלט דינען „פאָניען" גאַנצע פיר יאָר, זיינען אַוועק קיין אַמע־ריקע. פיל ייִדן, וואָס האָבן ניט געקענט מאַכן אַ לעבן אין דעם אָרעמען איוויע, זיינען געפאָרן זוכן אַ בעסערע פּרנסה פאַר זייערע משפחות. יונגע מענטשן וואָס האָבן חתונה גע־האַט — און נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען — זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, „ווו מען שאַרט גאָלד אין די גאַסן". אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1904—1905 און שפּעטער נאָכן איינברעכן זיך פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, זיינען זייער פיל אַוועק קיין אַמעריקע, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער צאַרישער פּאָליציי און פאַרשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע קיין סיביר.

פון די מענטשן אין מיטעלן עלטער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט פאַמיליעס און זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, האָבן פיל זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן ביים איינאָר־דענען זיך דאָרט: אַ טייל איז געווען רעליגיעז און עס איז זיי געווען שווער זיך צוצופּאַסן צו דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער, זיי האָבן אויך נישט געפילט קיין טעם אינעם שנעלן טעמפּאָ פונעם אַמעריקאַנער לעבן און נישט געזען קיין מעגלעכקייט צו ברענגען די פאַמיליעס קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע איז דעמאָלט אויסגעקומען שווער צו אַרבעטן אין שניידעריי־שאָפּן, זייער פיל האָבן זיך גענומען צו פּעדלעריי. מען האָט זיך נישט פאַרגונען צו לעבן ווי מען דאַרף. מען האָט געשפּאָרט פון אַלץ, כדי אויפצוקלייבן עטלעכע הונדערט דאָלאַר און מען איז צוריקגעפאָרן צו דער פאַמיליע קיין איוויע.

אין רוסלאַנד האָט מען פאַר אַן אַמעריקאַנער דאָלאַר באַקומען צוויי רובל. אַ ייד, וואָס האָט פאַרמאָגט טויזנט רובל איז אין איוויע געווען אַ רייכער ייד. אָבער עס איז אַוועק אַ פּאָר יאָר, מען האָט אויפגעגעסן דאָס געבראַכטע געלט, אָדער מען האָט נישט מצליח געווען אין די „ביזנעס", איז מען ווידער געפאָרן אַ צווייט מאָל קיין אַמעריקע מאַכן אַ פּאָר טאָלערס. פיל זיינען געפאָרן צו דריי און פיר מאָל קיין אַמעריקע און צוריק. פיל זיינען געווען לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע אָן זייערע משפחות און זיי פלעגן שיקן געלט פאַר זייערע פאַמיליעס אין איוויע. ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן זיינען זיי אויך געפאָרן קיין אַמעריקע און געהאָלפן אַראָפּברענגען די גאַנצע פאַמיליע. אין יענע יאָרן האָבן זייער פיל יידן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. עס איז נישט געווען אין שטעטל אַ פאַמיליע, וואָס האָט נישט געהאַט וועמען עס איז אין אַמעריקע.

די קריסטלעכע איינוואוינער פון אַרום איוויע האָבן אָנגעהויבן פרעגן מיין טאַטן וואָס מען דאַרף טאָן, כדי צו פאָרן קיין אַמעריקע? מיין טאַטע פלעגט פאָרן קיין ווילנע קויפן שניט־סחורה, האָט ער זיך דאָרט צונויפגערעדט מיט די אַגענטן און אָנגעהויבן זיך באַ־שעפטיקן מיט דעם. אַרויספאָרן לעגאַל פון צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אוממעגלעך. פאַספאָרטן האָט מען נישט געמאַכט, ווייל זייער ווינציק מענטשן האָבן געקענט קריגן אַ גובערנאַטאָרסקן פאַספאָרט און אַלע האָבן „געגנבעט" די גרענעץ קיין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך.

אין ווילנע זיינען געווען צוויי אַגענטן, וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט מענטשן וואָס וואוינען נעבן דער גרענעץ. די גרענעץ־שמוגלערס פלעגן ביינאַכט אַריבערפירן די „פאַסאַזשירן" אויף דער צווייטער זייט גרענעץ. די נעמען פון די ווילנער אַגענטן זיינען גע־ווען: קרייזאָווסקי און גערשינאָוויטש. די קריסטן פון אַרום איוויע האָבן געהאַט פיל צוטרוי צו מיין טאַטן, פלעגן זיי קומען צו אים זיך פאַרטרויען, אַז זיי ווילן עמיגרירן. מיין טאַטע האָט זיי געשיקט צו די ווילנער אַגענטן און ער פלעגט דערביי זייער גוט פאַרדינען.

מיט דער צייט האָבן אַלץ מער קריסטן אָנגעהויבן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. „אַגענטסטוואָ" איז געוואָרן זייער אַ גוטע פרנסה, האָבן נאָך יידן אויך זיך אָנגעהויבן באַ־שעפטיקן מיט דעם.

די ערשטע איז געווען מיין טאַטנס שוועסטער, ביילע קאַשטשער, נאָכהער האָט זיך גענומען צו דעם הירשקע יענטעס, ישראל־משהקע מונעס (דער קצב), יאַנקל ווערעביי, גוטקע גוטעלעווסקי א אַנד. די אַלע אַגענטן פון איוויע האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט און געמאַכט שותפות, כדי נישט צו קאָנקורירן צווישן זיך. אויך די בעלי־עגלות, וואָס פלעגן פירן די „פאַסאַזשירן" צו דער באַן קיין באַסטון (דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן די באַן־ליניע) האָבן זיך אויך פאַראייניקט, כדי מען זאָל נישט אויסכאַפּן איינער ביי דעם אַנדערן די פרנסה.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז אַמעריקע האָט פאַרמאַכט די טויערן און אָפּגעשטעלט די אימיגראַציע. יידן האָבן זיך דאַן געריסן פון די אָרעמע, פאַרחושכטע שטעטלעך אין די לענדער, ווו מען האָט זיי אַריינגעלאָזט.

## די באַרעדינשטשיקעס

שווער צו דערמאָנען זיך נעמען און דאַטעס נאָך אַזוי פיל יאָרן. פיל מענטשן האָט מען ביי אונדז אין שטעטל גערופן מיטן נאָמען פון פאָטער אָדער מוטער און נאָך מער בלויז מיטן צונאָמען.

איך האָב זיך געהאַדעוועט אויף בערנאַרדינער גאַס. איך האָב געהאַט זייער פיל חברים, מיר זענען געווען גרויסע שטיפערס, מען פלעגט אין שטעטל אונדז רופן „די באַ־רעדינשטשיקעס".

איך געדענק, אַז צו אונדזער שכן אליהו זעליג צאַלעלס טאָכטער, נאַכאָמקע, איז געקומען אַ חתן פון לידע אויף אַ וויזיט (מען האָט דאָס גערופן אָפּאָכטן). זיי האָבן גע־מאַכט דעם סאַמאָוואַר און אים אַרויסגעשטעלט אויפן גאַנעק, האָבן מיר יינגלעך געעפנט דעם קראַן און אַרויסגעלאָזט דאָס גאַנצע וואַסער.

פסח צום סדר פלעגט אליהו זעליק צאַלעלס פּראַווען פאַרשידענע צערעמאָניעס: ער פלעגט ווייזן זיינע קינדער ווי משה האָט געשפּאָלטן דעם ים־סוף פאַר די יידן. מיר יינגלעך האָבן צוגעבונדן אַ ציג צו זייער טיר, ווען זיי האָבן געעפנט די טיר צו „שפוך חמתך" פאַר אליהו הנביא, איז אַריין די ציג אין הויז און מיר קינדער זיינען אַרומגע־שטאַנען און געלאַכט...

## דער אַרטיסט יחיאל גאָלדשמיד

צווישן אונדזערע יינגלעך איז געווען איינער מיטן נאָמען יחיאל (נאַכאמעס) גאָלד־שמיד, מען פלעגט אים רופן, יחיאלקע קאַטשקע, ווייל ער איז געווען זייער אַ גוטער שווי־מער. ער האָט שוין דאַן אַרויסגעוויזן זיינע אַרטיסטישע פעאיקייטן. ער פלעגט געבן אַ פאָרשטעלונג פון דעם גאַנצן פּורים־שפּיל, אויפן גאַס, און מיר, די יינגלעך, זענען געווען זיינע צושויער. זיין פאָטער און די עלטערע ברידער אין אַמעריקע האָבן אים אַריבערגע־נומען צו זיך נאָך זיין מאַמעס טויט. אין אַמעריקע האָט ער זיך אויסגעלערנט צושניידעריי פון קליידער און אין זיין פרייער צייט האָט ער זיך באַטייליקט אין אַ דראַמאַטישן קלוב.

מיט דער צייט האָט דער אַקטיאָרן־פאַראיין אָנערקענט זיינע אַרטיסטישע פעאיקייטן און האָט אים אַריינגענומען אַלס מיטגליד. ער האָט געשפּילט מיט יעקב פּ. אַדלער, מיט קעסלערן און אַנדערע באַרימטע אַקטיאָרן. ער איז געווען איינער פון די בעסטע אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע אין אַמעריקע. ווען מאָריס שוואַרץ האָט געעפנט זיך „פאָלקס־טעאַטער" אין ניו־יאָרק האָט ער איינגעשלאָסן יחיאל גאָלדשמידן אין זיין אַנסאַמבל. ליי־דער האָט דער גורל געוואָלט, אַז ער זאָל שטאַרבן אין זיינע בעסטע יאָרן. זייענדיק פאַר־שוויצט נאָך אַ פאָרשטעלונג, האָט ער זיך געמאַכט אַ קאַלטן טוש און זיך שטאַרק צוגע־קילט. מען האָט אים באַלד אָפּערירט און ער איז געשטאָרבן. ער איז דאַן אַלט געווען צוועלעכע און פערציק יאָר. די יידישע בינע האָט מיט זיין טויט געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט. אין דעם בוך זכרונות פון צילע אַדלער ווערט פיל דערציילט וועגן גרויסן איוויער אַקטיאָר יחיאל גאָלדשמיד.

## מלמדים און לערערס

געווען אין שטעטל פאַרשידענע מלמדים: אין אונדזער גאַס איז געווען אַ דרדקי־מלמד, יאָשקע דער פלעקל; געווען אַ מלמד, אַרטשיק פּרוזשינער, אַ קלוגער ייד, ווען די קינדער האָבן ליב געהאַט און ער פלעגט ליב האָבן די קינדער. אַ מלמד, סענדער יצחק, ער איז געווען אַ כעסן, ער פלעגט די קינדער נישט שלאָגן, נאָר קנייפּן. איך אַליין האָב פיל מאָל פון אים געקריגן געקניפּט. זייער אַ גוטער מלמד איז געווען, ר׳ מאיר־חיים באַברעוויצער, ער איז געווען אַן איידעלער ייד, ביי אים האָבן געלערנט גמרא־יינגלעך. פּלוצלינג האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן איוויע און ער איז טאַקע אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. עס האָט געמוזט זיין, דוכט מיר, אין יאָר 1897.

די עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען תנ״ך און העב־רעאיש פלעגן זיי שיקן צו ברוך סטאַצקי (גאַוויער). ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער, אַ משכיל. אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז ווער עס לערנט ביי ברוך גאַוויער קריגט אַ שיינע האַנטשריפט (פּאָטשעראַק). ער האָט געהאַט אַ גוטן איינפלוס אויף זיינע תלמידים און די תלמידים האָבן אים זייער רעספּעקטירט.

געווען אין איוויע, נעבן נייעם בית־מדרש, זייער אַ גוטער מלמד — הירשע־אהרון, אַ שטילער און אָרנטלעכער מענטש, אַלע האָבן אים ליב געהאַט. אין ווילנער גאַס, איז געווען אַ מלמד, אַ וועלטלעכער, אינטעליגענטער מענטש — שמואל־חיים (משה פּיסע־לעווסקיס פאָטער), ער פלעגט לערנען גמרא מיט דערוואַקסענע קינדער.

ביים אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט די יוגנט אָנגעהויבן זיך פאַראינ־טערעסירן מיט וועלטלעכע לימודים. אין איוויע זיינען געקומען לערער פון אַנדערע שטעט און געלערנט מיט קינדער די רוסישע שפּראַך און גראַמאַטיק. איך האָב אָנגעהויבן לער־נען רוסיש ביי אברהם דעם פעלדשערס זון, אַשר סלאָנימסקי. דער טאַטע מיינער האָט נישט געטאָרט וויסן וועגן דעם, די מאַמע האָט מיר דווקא געהאָלפן. ער האָט גענומען 75 קאָפּיקעס אַ חודש.

אין איוויע איז דאַן געווען אַ קליינע ישיבה, דער ראש־הישיבה איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען זיסקינד. ער פלעגט זאָגן דעם שיעור אין טלית און תפילין. דער משגיח איז געווען דער פּרוש, ר׳ שלמה (שפּעטער פאַרברענט געוואָרן בעת אַ שריפה אין בית־מדרש).

## ליבעס אין שטעטל

פאַרברענגען פלעגט מען בעיקר אום שבת: פּרייטיק־צונאַכטס האָט די יוגנט אַרומ־שפּאַצירט אין בערנאַרדינער גאַס און אין ווילנער־גאַס; שבת נאָך מיטאָג, פלעגט מען שפּאַצירן הינטערן קלויסטער לענגאויס די אַלייע צום הויף, מען פלעגט אויך שפּאַצירן דורך דער ווילנער גאַס לענגאויס די „פּריסאַדעס״ צום הויף. זומער פלעגט די יוגנט קומען אין די פּרוכט־סעדער, וואָס איוויער סאַדאָווניקעס פלעגן האַלטן אין אַרענדע, אין זאַ־קאָשטשעלצע — אין דעם גלחס סאָד און אין גרויסן הויפישן סאָד. אין ווילנער־גאַס זיי־

נען אויך געווען עטלעכע קליינע סעדלעך, מען פלעגט דאָרט קומען קויפן פּרוכט און דערוויל פלעגט מען זיך טרעפן מיט מיידלעך.

חתונות צו יענער צייט פלעגן פאָרקומען נאָר דורך אַ שדכן. עס האָט פּאַסירט אַ פאַל מיט מיין שוועסטער: מען האָט איר גערעדט אַ שידוך פון נאָוואָרעדאָק, זי האָט בלויז איין מאָל געזען דעם בחור, אָבער די עלטערן האָבן געדאַרפט באַשליסן וועגן שידוך. געדענק איך ווי די עלטערן האָבן אָפּגערעדט מיטן שדכן צו טרעפן זיך מיטן בחור האַלב־וועגס אין דעם שטעטעלע שעליב. מיין שוועסטער איז געבליבן אין שטוב און די עלטערן האָבן געמאַכט אַ תנאים מיטן חתן אין דער אָפּוועזנהייט פון דער כלה.

עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען פאַרשיידענע ליבעס אין שטעטל: אין עק ווילנער־גאַס איז געווען אַ פיינער ייד, ר׳ הירש דער דיין, האָט מען אים גערופן. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינע טאָכטער, רחל־מינקע. האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן, אַז זי ליבט זיך מיט יאַנקל־דוד דעם קירזשנערס זון. אין קליינעם שטעטל איז דאָס געווען אַ סענסאַציע און מען האָט וועגן דעם גערעדט ווי דאָס וואָלט געווען אַ וועלט־געשעעניש. זיי האָבן חתונה געהאַט, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און דאָרט געלעבט אַ גליקלעך לעבן.

אָנהויב ווילנער־גאַס, אַנטקעגן שול־הויף האָט געלעבט אייזיק גאָלדבערג, ער האָט געהייראַט צום צווייטן מאָל. זיין פרוי האָט געהאַט אַ טאָכטער פון איר ערשטן מאַן, וועלכע האָט געהייסן אַלטע. זי איז געווען זייער אַ שיינע און אינטעליגענטע. אייזיק האָט געהאַט אַ זון, דוד, האָט ער זיך פאַרליבט אין דער שטיף־שוועסטער און זיי האָבן געהייראַט און געלעבט גליקלעך.

איינע פון די ליבעס האָט זיך געענדיקט טראַגיש: באַיאַרסקי דעם אַפּטייקערס טאָכטער, גאָלע, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שיינהייט און זייער אַ געראָטן מיידל. זי איז נאָך געווען גאַנץ יונג: 16־17 יאָר. אין איוויע איז דאַן געקומען אַ לערער פון רוסיש, זייער אַ שיינער בחור. גאָלע האָט זיך אין אים פאַרליבט איבער די אויערן. מען האָט דאַן גערעדט אין שטעטל, אַז ער האָט צוריקגעוויזן איר ליבע. איינמאָל ביינאַכט, ווען אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן האָט זי איינגענומען סם און איז באַלד געשטאָרבן. עס האָט געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק אויף אַלעמען און יעדער אין שטעטל האָט מיטגעפילט די עלטערנס אומגליק.

## נאָוועבראַנצעס

יעדן האַרבסט פלעגט פאָרקומען דער פּריזיוו: בחורים, וואָס זענען געוואָרן 21 יאָר, האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. פיל יידישע בחורים האָבן נישט געוואָלט גיין דינען „פּאָניען" גאַנצע פיר יאָר, פלעגן זייער פיל זיך מאַכן פאַרשיידענע קערפּערלעכע פעלערן: אייניקע פלעגן זיך אָפּשניידן פינגער, אַנדערע פלעגן מיט דער הילף פון דאָקטוירים זיך אָנמאַכן פאַרשיידענע קראַנקייטן; זייער פיל בחורים פלעגן זיך צוזאַמענ־נעמען אַ געוויסע צייט פאַר דעם פּריזיוו, מען פלעגט זיך אַ שטיק צייט „מאָרען", ד. ה. מען פלעגט נישט עסן און טרינקען, נישט שלאָפן און נעמען פאַרשיידענע מעדיצינען, אַז מען זאָל ווערן דאַר און נישט האָבן די מינימום וואָג לויטן מיליטערישן סטאַטוט. אַ שטיקל צייט פאַר דעם פּריזיוו פלעגן די „נאָוועבראַנצעס", ווי מען האָט זיי גערופן,

קומען אין בית־מדרש און פאָדערן, אַז די בעלי־בתים זאָלן זיי געבן געלט און פלעגן נישט לאָזן אַרויסנעמען די ספרי־תורות צום לייענען („אויסנעמען"). זייער אָפּט פלעגט דערביי קומען צו גרויסע געשלעגן צווישן די יידישע נאָוועבראַנצעס און די בעלי־בתים...

די קריסטלעכע נאָוועבראַנצעס פלעגן קומען אין שטעטל מיטוואָך (אין מאַרק־טאָג) זיך גוט אָנשיכורן און כאַפּן פון די מולטערס געבעקס אָדער פרוכט. עס פלעגט דערביי קומען פיל מאָל צו געשלעגן מיט יידישע בחורים.

איך געדענק, אַז ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל בין איך איינמאָל פאַרבליבן אין בית־מדרש נעכטיקן מיט נאָך יינגלעך יום־כיפור נאָך כל נדרי. האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן אויף דעם שטרוי, וואָס מ׳פלעגט ערב יום־כיפור אויסשפרייטן אויף דער פאָדלאָגע פון בית־מדרש. מאָשע פיסעלעווסקי האָט געדאַרפט זיך שטעלן צום פריזיוו, איז ער געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און געזאָגט תהילים, אַז ער זאָל באַפרייט ווערן...

## די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג

מיינע עלטערן האָבן מיך געגעבן לערנען צו די בעסטע מלמדים אין שטעטל און שפּעטער האָבן זיי מיך געשיקט אין די ישיבות פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך. דער טרוים פון מיינע עלטערן, ווי פון אַלע יידן אין יענע צייטן, איז געווען, אַז זייערע קינדער זאָלן ווערן רבנים, אָדער לכל הפחות גוטע לערנערס.

אָבער אין יענע יאָרן, האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן; עס זענען אויפגעקומען פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וועמענס ציל איז געווען צו שטירצן די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט („סאַמאָדערזשאַוויע") און אויסקעמפן אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. באַזונדער פּאָפּולער איז דאַן געווען אויף דער יידישער גאַס דער „בונד".

איך בין אויך מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט דעם שטראָם פון יענער צייט, איך פלעג לויפן אויף די געהיימע „סכאָדקעס", ווו מען פלעגט הערן רעפעראַטן, דיסקוטירן און פונאַנדערטיילן פּראָקלאַמאַציעס קעגן צאַרישן רעזשים, וועלכע מען פלעגט ברענגען קיין איוויע פון די גרעסערע שטעט. איך געדענק זייער אינטערעסאַנטע פאַרזאַמלונגען, אין די הייזער פון יאָשקע מערקעס, מיילעך יענטעס, אשר סלאָנימסקי, פרץ קאָטלער, משה סטאַצקי, שכנא עפּשטיין א אַנד. איך האָב פיל געלערנט פון די וויכוחים און דער אָנטייל אין די פאַרזאַמלונגען פון די אינטעליגענטן האָט מיר פאַרשאַפט אַ גייסטיקן געניוס. מיר האָבן איינע די צווייטע זייער ליב געהאַט און מיר פלעגן זיך רופן „שוועסטער און ברידער" און מיר האָבן טאַקע זיך געפילט ווי שוועסטער און ברידער.

אין איוויע האָט מען זיך דאַן געגרייט צו פייערן דעם ערשטן מאַי פון 1904. מיר האָבן באַקומען אַ ווענדונג פון דער שכנישער לידער אָרגאַניזאַציע, אַז מיר זאָלן צו זיי שיקן צום ערשטן מאַי אַ גרופּע חברים, העלפן זיי צו רעאַליזירן זייערע פּלענער. איך בין געווען איינער פון דער גרופּע, וואָס איז אַרויסגעפאָרן קיין לידע. דאָרט זיינען מיר געגאַנגען פון פאַבריק צו פאַבריק און אַגיטירט, אַז די אַרבעטער זאָלן ניט אַרבעטן אין טאָג פון ערשטן מאַי. איך געדענק, אַז מיר זיינען אַריין אין פופּקעס ביר־פאַבריק און די אַרבעטער האָבן ניט געוואָלט וואַרפן די אַרבעט. האָבן מיר אַראָפּגענומען די פּאַסן

פון די רעדער און די אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיר האָבן געהאַט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער אויך מיר, די גרופּע איוויער, האָט מאַרשירט. עס איז דאַן ניט געקומען צו קיין צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי.

צוריקגעקערט זיך פון לידע קיין איוויע זיינען מיר גלייך אַוועק אין די „פּראַסאַדאַס", ווו עס האָבן אויף אונדז געוואַרט פיל חברים, וואָס זיינען געווען נייגעריק צו הערן אונדזער באַריכט פון לידע. צווישן זיי איז אויך געווען פייגל, מאיר דעם רבס טאָכטער (שפּעטער געהייראַט מיט הרב קאָסאָווסקי). זי איז געווען פון די אָנפירערס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין איוויע און האָט אַפילו געמאַרשירט בראש פון רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציעס אונטער דער רויטער פאָן.

אויף ווי וויט די אַפּיקורסות איז שוין דאַן דערגאַנגען אין די א. ד. קרייזן, קאָן מען זען פון פאָלגנדיקן עפּיזאָד:

דאָס איז געשען אין הייליקסטן טאָג יום־כיפור בייטאָג. איך געדענק בלויז ניט דאָס יאָר; אַ גרופּע בחורים און מיידלעך זיינען אַרויף אויפן בוידעם פון הויפּיקן מויער אין בערנאַרדינער־גאַס (אויפן באַרג). איינער פון די בחורים האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ שוועבעלע, נאָכן פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס. אויף דעם בוידעם פלעגן איוויער סוחרים טריקענען די „געגנדזעלעך" פון פלאַווושקע. עס איז באַלד אויסגעבראָכן אַ שריפה. די גרופּע יוגנטלעכע איז גלייך אַראָפּ פון בוידעם און אָנגעהויבן לעשן די שריפה. דער ווינט האָט געטריבן דאָס פייער אַראָפּ בערנאַרדינער גאַס און די שריפה האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי ווינגדער קוטשאַקס שטוב. מיין פאָטער ע"ה איז דאַן געשטאַנען אין בית־מדרש ביים עמוד אַלס שליח־ציבור צו מוסף. אַלע מתפללים, דערהערנדיק די געשרייען: „פּאַזשאַר", זיינען זיך צעלאָפן אין זייערע הייזער. בלויז מיין פאָטער איז געבליבן שטיין ביים עמוד און בשום אופן ניט געוואָלט מפסיק זיין די תפילה. ענדלעך האָט מען אים איבערצייגט, אַז צוליב פּיקוח נפש, מעג ער איבעררייסן די תפילה.

מיין פאָטער האָט געלעבט אין פחד, אַז צוליב מיין אומלעגאַלער טעטיקייט וועט מען די גאַנצע משפחה פאַרשיקן קיין סיביר. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן און פאַרשיקונגען. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט זיך אָפּגעהאַלטן. אין יאָר 1905 בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, גנבענענדיק די גרענעץ.

מיין גאַנץ לעבן איז מיר מיין געבורטס־שטעטעלע איוויע ליב און טייער. זי איז מיר איינגעבאַקן אין האַרצן. איך געדענק ביזן היינטיקן טאָג די מענטשן און די פּאַסי־רונגען. ווען איך טרעף זיך מיט איוויער, איז ווי איך וואָלט זיך געטראָפן מיט מיין אייגענער משפחה.

לאָמיר האָפן, אַז דאָס ביסל געבליבענע איוויער אין דער וועלט, צווישן זיי אויך די געציילטע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערס פייער ימ"ש, וועלן מיט זייערע מעשים און לעבנס־שטייגער ניט פאַרשעמען די טייערע, אומפאַרגעסלעכע איוויער יידן. לאָמיר אויך געפינען אַ טרייסט אין דער אויפגעריכטער מדינת ישראל. אַ שאָד, אַזאַ שאָד, וואָס די מיליאָנען אומגעבראַכטע יידן, צווישן זיי אויך די אומגליקלעכע קרבנות פון אונדזער שטעטעלע, האָבן ניט זוכה געווען צו זען דעם נס פון אונדזער מדינה מיט זייערע אויגן. הי"ד!

# א. רבני קהילת איביה

משה צינוביץ / תל־אביב

## ראשוני הרבנים באיביה

### א. התורני „המופלא" ר' ניסן בן משה — אב"ד איביה

את זכרו של הרב הזה מעלה לנו רש"י פין בספרו „קריה נאמנה" (דפוס האחים ראם ווילנא, תר"ך), בו הוא מפרסם את גדולי ווילנא, שמקום מנוחתם האחרונה בבית העלמין הישן של הקהילה המפוארת הזאת, הידועה בשם „ירושלים דליטה".

ר' ניסן הנ"ל, מקום מנוחתו האחרונה אף הוא בבית העלמין הנ"ל ורש"י פין העלה בין יתר חכמי ווילנה הקבורים במקום זה גם שם חכם תלמודי זה, כפי שמצא רשום על מצבתו כדלקמן:

„ענו וקוננו זאת להגידה
איה תורה תלמוד והלומדה
אוי ואבוי לזעוק על זאת האבידה
ה"ה התורני המופלא שהיה
אב"ד ומגיד משרים ומורה צדק
בק"ק לעכוויץ ובק"ק איבי'
מו"ה ניסן במו"ה משה זצ"ל
וי"נ כ"ח ניסן תקל"ב תנצב"ה"

רש"י פין אומר בספרו הנ"ל ש„לא ידענוהו" כי אם ממה שנאמר ממצבתו הנ"ל. ואמנם כותב רשימה זו לא הצליח לגלות כל מקורות אחרים לזיהויו של רב זה, שהיה גם אב"ד בלכוויץ (הסמוכה לניסביז). כפי הנראה היה רב זה אב"ד באיביה לפני לכוויץ, כי כן מקובל היה בימים ההם, לציין בראשונה את מקום הרבנות האחרון לפני שקדם לו. לפי זה יוצא שר' ניסן בן משה הנ"ל היה רב באיביה כעשרים שנה לכל הפחות לפני פטירתו בווילנה, בערך בשנת תקי"ב (1752).

היות והרב, הצדיק ר' משה'לה איוויער נפטר בשנת תקל"ג (1773) בוואסילישוק, יוצא שהוא חי ופעל באיביה בתקופת כהונת הרב ניסן במו"ה משה, כאב"ד איביה.

## ב. ר׳ אהרן — אב״ד איביה

סמוך לתקופת הזמן הנ״ל אנו רואים בתור אב״ד איביה את הרב אהרן, בן הרב המופלג אורי שרגא פייבוש, בן הרב הצדיק ר׳ יקותיאל. דבר זה ידוע לנו מתוך הספר „עיר ווילנא״ להלל נח מגיד שטיינשניידר (ווילנא תר״ס). פרטים לתולדות רב זה לא נשתמרו. ידוע לנו לפי הספר הנ״ל רק זה שאחיו של ר׳ אהרן היה הגביר המפורסם נח בלוך מווילנה, הנקרא נח פעטליצר (ע״ש ישוב ממנו הגיע לווילנה, ושם השתקע). יש לציין, כי הרבה אישים בווילנה ומחוצה לה, נמנים למשפחת בלוך זו, ביניהם כמה משפחות וותיקות באיביה עצמה.

כפי הנראה המוצא של משפחה זו הוא מאשכנז ואיטליה, משם נתפזרה ברחבי פולין והגיעה עד לליטה, איביה — ווילנה, כי השם בלוך מזדהה עם השם וואלאך המונה את יחוסו להשר והקצין ר׳ שאול וואהל מבריסק דליטה, מגזע מהר״ם מפדובה ור׳ שמואל יהודה קצנלבויגן.

## ג. הרב מאיר שלום הכהן קרליץ

הרב ר׳ מאיר שלום היה יליד העיירה קארליץ (מחוז נובארדוק), לאביו שמריה הכהן גורן, למשפחת כהנים מיוחסת המונה את יחוסה עד לנקדימון בן גוריון הכהן והוא אבי משפחה רבנית גדולה בליטה, שעליה נמנים רבנים־גאונים ואישים מפורסמים בישראל. ר׳ מאיר שלום היה תלמידו של הגאון רבנו חיים בישיבתו הגדולה שייסד בוואלוז׳ין ושימשו בתורה קרוב ל־י״ד שנה. השתקע אחר־כך בווילנה ונתמנה למלא תפקיד ראש־ישיבה־ראשון בקלויז ה„יסודי״ שנפתח אז והעמיד בישיבה זו תלמידים גדולי תורה, מהם רמי״ם מפורסמים שהיו לימים למאורות בישראל.

והנה בגלל קנאותם של כמה מתלמידי הגאון ר׳ חיים מוולוז׳ין, על התמנותו של ר׳ מאיר שלום לתפקיד רם זה בחשבם את עצמם כראויים יותר ממנו לכך, היו כאלה מביניהם שהיו מטרידים אותו בהלכה על־ידי כל מיני קושיות ופירכות שהכינו להם מקודם לכך. היות ובגלל ענוותנותו הגדולה וצניעותו המופרזת לא ידעו כל אלה את ערכו הגדול כלמדן מובהק. כשנודע הדבר הזה למורו ורבו הגר״ח, שתלמידו־אהובו שרוי בצער, נסע ישר לווילנא, התמהמה כחודשיים בישיבת תלמידו. נוהג היה אז רבנו חיים, לשמוע שיעוריו של ר׳ מאיר שלום, כשהוא מעוטף בטלית ותפלין, כאחד התלמידים. האורח מקשה לו והר״ם מתרץ לו כיד חכמתו הטובה עליו על־ידי כך נתבסס שם מעמדו הרוחני ונחל כבוד רב בעיני כולם.

הג״ר מאיר שלום הכהן נפגש עוד בירושלים עם הרה״ג הצדיק ר׳ יוסף זונדל מסאלאנט, שעלה ארצה לירושלים עיה״ק בשנת תקצ״ח. הרב הצדיק הזה מורו ורבו של

הגאון ר׳ ישראל סאלאנטר בחכמת המוסר ותלמיד ישיבת וולוז׳ין, אף הוא (זמן מסויים) הביא בשם ר׳ מאיר שלום מנוהגי מורם ורבם רבנו חיים מוולוז׳ין וגם חידושים על בבא בתרא ששמע רמ״ש מרבו ר׳ חיים. (דבר זה מובא בספרו של אליעזר ריבלין „הצדיק ר׳ יוסף זונדל ורבותיו״, בהוספותיו והשלמותיו לספר „תולדות חכמי ירושלים״ הנ״ל).

זמן כהונתו של ר׳ מאיר שלום הכהן קארעליץ הנ״ל, כרב־מו״צ באיביה, לא ניתן לברר, אולם בוודאי שזה היה לפני בוא הג׳ר משה לייב מנובארדוק (אבי הרב דוד שלמה גרודזנסקי), להיות רב בעיירה זו.

בתקופת הזמן, אנו רואים את ר׳ מאיר שלום כרב־מו״ץ באיביה ובמאלאטי ומשם עלה לארץ־ישראל (בערך שנת תקצ״ז), התיישב בירושלים ויהי מחכמי התורה הראשונים מבין תלמידי הגר״א וחבורתם, שהניח את היסוד לצביון התורני של קהל עדת הפרושים בישוב הישן בעיר הקודש הנ״ל. ר׳ אריה לייב פרומקין מביא בספרו „תולדות חכמי ירושלים״ (חלק ג׳) שממנו נלקח חומר זה בקשר לר׳ מאיר שלום, כי גם בירושלים „לא עזב דרכו, דרך הקודש, והיה מרביץ תורה ברבים לפני הלומדים גדולי התורה בגפ״ת ובפוסקים, והיה מתאוה לקבוע בית תלמוד אך לא עלתה בידו״.

הרב מאיר שלום נפטר ט״ז סיון תקצ״ט בירושלים ומנוחתו כבוד על הר הזיתים. בפנקס החברה־קדישא נזכר רב מפורסם זה, כ„הרב המובהק, הדיין המצויין נחית לעומקא דדינא כבוד קדושת תורתו מו״ה מאיר שלום בהרב ר׳ שמריה הכהן. הרב המנוח הזה נספד ע״י הגאון הגדול הישיש ר׳ משה סופר (בעל „החתם הסופר״) בפרשבורג והספד זה נכלל בספר „תורת משה״ (הוצאה שניה).

הג״ר מאיר שלום הכהן זכה להשאיר אחריו בליטה שלשה בנים רבנים מפורסמים, שהאירו עיני הלומדים בגדולתם התלמודית והליכותיהם בקודש, כאנשי מופת ודוגמא לאחרים. שלשת בניו אלה שתקופת אביב ימיהם עברה עליהם באיביה, בה קבלו על־ידי אביהם הדגול הנ״ל חנוכם התלמודי היסודי, הרי הם: ר׳ יהודה לייב קארעליץ, ר׳ אהרן שאול זעליג מאירוב, ור׳ משה יואל גורין.

ר׳ יהודה לייב — נתפרסם בילדותו כבעל כשרון מופלא. בגיל צעיר נסמך כבר להוראה מהגאון ר׳ אברהם פאסוואליער, ראב״ד ווילנה ותודות להמלצתו נתמנה צעיר זה לרב במיכאלישוק (פלך ווילנא), מקום שם פעל לברכה קרוב לששים שנה, עד ליום פטירתו בשנת תר״ם.

ר׳ אהרן שאול זעליג — נחשב כאחד מגאוני ליטה בדורו. בגיל י״ח נתמנה כבר לראש־ישיבה במינסק, בישיבה שהחזיק שם על חשבונו הגביר התורני ר׳ צבי הירש שימחוביץ. כבר אז בתקופת פעליו כר״ם במינסק (כ״א שנה), התפרסם ר׳ אהרן שאול זעליג כמחדש נפלא, כמעיין המתגבר בחידושיו וכנחל נובע בסברות ישרות ועמוקות וחרדו לקראתו גאוני הדור הקשישים. חידושיו מאותם הימים הובאו בספר שו״ת „באר

יצחק" (חלק יורה־דעה), סימנים כ"ז, כ"ח להגאון הגדול ר' יצחק אלחנן ספקטור (אח"כ אב"ד קובנה). זמן רב לאחר פטירתו של הגאון ר' אהרן שאול־זעליג פורסם חלק מתשובותיו בדפוס (ווילנה, תרפ"ט), בשם „תשובות לשואל" והם עשו רושם כביר על לומדי התורה ונתחבבו מאד על הבנן ותלמידיהם (מדברי הגרי"א הלוי הרצוג, ראש רבני ארץ־ישראל). בשנת תשי"ד יצא לאור ספר שני של גאון זה בשם „מגן שאול" (בהוצאת מוסד הרב קוק), שיש בו חידושים וביאורים על המסכתות: ברכות, שבת, עירובין ופסחים.

המו"ל של החיבור השני הזה היה נכד המחבר, ד"ר יהודה מאירוב, שאצלו מונחים היו חידושי הסבא, על כל הש"ס. בפתח השער ל„מגן שאול", מוסר לנו הנכד, כי היה לו הכבוד לבקר פעמים אחדות בנדון כתבים אלה אצל הגאון בעל „החזון איש" ז"ל ואחרי שעבר עליהם הטיל עליו הגאון הנ"ל חובה מוסרית, להוציא את הספר לאור וכרגע הוא מדפיס חלק מזה על המסכתות הנ"ל.

הרב משה יואל גורין — אף הוא נחשב כגאון בתורה ובהוראה. היה רב בקהלת אניקשט שבזאמוט, קרוב לחמישים שנה (נפטר בשנת תרנ"ח) ואף הוא כאיש עתיר נכסים, לא היה תלוי בקופת הקהל והיה מוותר על משכורתו כרב. בעולם הלמדנות ידוע חבורו שו"ת „ראשי בשמים" בו הראה את כשרונותיו בחריפות ובקיאות וכבעל שכל ישר ועמקן גדול. הג"ר משה יואל גורין התענין בפועל בישובה של ארץ־ישראל. עשה הרבה לטובת מוסדות התורה והחסד של הישוב הישן בירושלים והיה גם הממונה על „כולל ווילנה־זאמוט".

יש עוד לציין כי על שמו של הרב מאיר שלום הכהן, אב"ד איביה, נקרא נכדו ר' מאיר שלום, רב בריינסק (פלך גרודנה). ר' מאיר זה היה בנו של ר' שאול בנימין, רב ז'ולודוק וראַדושקביץ'.

**אברהם הכהן אליאב (אליוביץ') / תל־אביב**

# הרב הגאון ר' משה אריה־לייב גרודזנסקי זצ"ל



נולד בנובארדוק לאביו הרה"ג ר' אהרן, רב העיר. לא מצאנו מקורות על שנת לידתו. לפי המשוער נולד בראשית המאה התשע־עשרה או בסופה של המאה השמונה־עשרה. בצעירותו כבר התפרסם בכל הסביבה בכשרונותיו ובהתמדתו וקנה לו את השם „העלוי הצעיר מנובארדוק". בהיותו צעיר לימים נתבקש לשבת על כסא הרבנות בקהילת איישישוק, שהיתה מפורסמת ברבניה ובלומדיה. לאחר תקופה קצרה של רבנות באיישישוק נבחר לרבה של איביה, בה כיהן 37 שנים רצופות עד יום פטירתו.

ברם כשנתקבל ר' משה אריה־לייב כרב באיביה היה חשוך בנים במשך תקופה ארוכה. בדעתו היה לתת גט־פיטורין לאשתו לפי ההל־כה. לבסוף החליטו (הוא ואשתו) לחכות עוד שלוש שנים, כי בינתיים נתקבל לאב בית־דין של קהלת איביה וכידוע, משנה מקום, משנה מזל (מתקבל על הדעת שזה היה אחד משיקוליו לעבור מאיישישוק לאיביה). לשמחתם נתקבלה תפילתם ונולד לר' משה לייב בן באיביה, שקראו את שמו בישראל, דוד־שלמה. ואכן קיימו את נדרם שלא לעזוב את קהילת איביה לעולם.

ר' משה אריה לייב נחשב כאחד מגדולי הרבנים בכל הסביבה. העובדות הבאות מעידות על כך.

הסכמתו על הספר „שמע־יעקב" (חידושי תורה דרושים והספדים) לר' יעקב בן נתן נטע, ר"מ נובארדוק (הופיע בעיר ליק שבפרוסיה המזרחית, בשנת תר"ג — 1843) ביחד עם הסכמות גאוני ליטה.

בספר „מנחת יעקב" לר' יעקב אליעזר בן יהודה הלוי סגל מדינאבורג (דווינסק,

לטביה) הכולל חידושי גפ״ת על כמה מסכתות הש״ס (ורשה, תר״ן — 1890). מציין המחבר הנ״ל כי „למד ארבע שנים בפרישות באיוויע, ב׳ השנים הראשונות אצל ר׳ יוסף מופלג גדול, שהיה ד״ץ (דיין צדק) בעיר זו ושתי שנים האחרונות למד אצל הרב דמתא מו״ה משה לייב זצ״ל, מילידי נאווארידאק, שהיה גאון מפורסם בדורו חריף גדול ובקיא נפלא״.

הגאון ר׳ חיים עוזר מווילנה, נכדו של ר׳ משה אריה לייב, מציין בהקדמתו לספרו שו״ת אחיעזר״ (חלק ראשון) את אבי זקנו כ„גאון גדול בדורו״. לפי דבריו השאיר אחריו סבו חיבורים מסודרים לדפוס, שנשרפו בדליקה הגדולה באיביה בשנת תרנ״א (1891).

ר׳ משה אריה לייב נקרא לישיבה של מעלה אור לערב יום הכפורים תרי״ח (1857) אחרי כהונה רצופה כנ״ל של 37 שנים על כסא הרבנות באיביה.

לאחר פטירתו של ר׳ משה אריה לייב, מצאו רשום בכתב־ידו על גליון הגמרא שלו, על מה שאמרו חז״ל „מת בערב יום־הכפורים סימן רע לו״ (מסכת כתובת, דף ק״ג, עמוד ב׳), בזה הלשון: „הני מילי כשמת בערב יום הכפורים לפנות ערב, לאחר שהכין את עצמו להכנס לקדושת היום הקדוש ולא הניחוהו מן השמים, הרי אז זה סימן רע לו. אבל אם מת בערב יום הכפורים — בבוקר בטרם הכין את עצמו לקדושת יום הקדוש, הרי זה כאילו מת באחד משאר ימות השנה ואין בזה כל חשש לסימן רע בשביל הנפטר״. ויהי הדבר לנס שניבא את יום פטירתו בדיקנות כזו. (כמובא בהקדמתו של הרב ר׳ יצחק קוסובסקי לספרו „שבת ומועד״ חלק ראשון).

השאיר אחריו בכתובים שאלות ותשובות וחידושי דינים. אולם כפי האמור לעיל, לא זכו כתביו לראות אור, מפאת הדליקה באיביה בה נשרפו.

בנו הרב ר׳ דוד שלמה פירסם בשבועון החרדי „הלבנון״ משנת תרל״א—תרל״ב (1871—1872) במדור „דברי חכמים״, מאמר בשם „קרן דוב״, בו הוא מביא דברי תורה בשם אביו ומבטיח לפרסם בדפוס חידושיו ושו״ת של אביו. במאמר הנ״ל הוא גם מעריך חשיבותו של כתב־עת חרדי כגון „הלבנון״, הנאמן לקודשי ישראל.

# הרב הגאון ר׳ דוד שלמה גרודזנסקי זצ״ל

נולד באיביה לאביו, רב העיירה ר׳ משה אריה לייב בשנת תקפ״א (1821) קיבל את חינוכו התורני אצל אביו. לאחר מכן למד באחד הכוללים מיסודו של ר׳ ישראל סאלאנטר בקובנה, בעל תורת המוסר. לאחר מספר שנים של לימודים בישיבת קובנה עבר לוולקוביסק. בשנות לימודיו בעיר זו נשא לו לאשה בגיל ט״ז את בתו הבכירה של אחד מנכבדי העיר, ר׳ חיים עוזר איינהורן, ושמה רבקה־עלקע.



משפחת איינהורן היתה אחת מהמשפחות המיוחסות שבליטה, שאליה מתיחסים אישי־רוח מפורסמים בתורה, השכלה ומדע. לר׳ ח״ע איינהורן היו ששה בנים ושלוש בנות. ביניהם רופאים ומהנדסים מפורסמים (הסופר והמשורר הידוע בלשון יידיש, דוד איינהורן הוא בנו של ד״ר בנימין איינהורן, אחיה של הרבנית רבקה־עלקע).

בוולקוביסק בילה שנים מספר בהיותו סמוך על שולחן חותנו הנכבד בלימוד תורה בחברת אברכים גדולי תורה בעתיד, ביניהם הגאונים ר׳ יחיאל הליר (בעל „עמודי אור״)

חיה לעוויטין (וואָלאַנסקי) / רמת־גן

# הייזער אין שטעטל

## א. מאָשע פיסעלעווסקיס שטוב



אין בערנאַרדינער גאַס האָט זיך מאָשעס שטוב אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע הייזער מיט זיין לאַנגן הילצערנעם גאַנעק, וואָס האָט אַ קיי־לעכדיקן זומער געדינט ווי אַ פאַרברענג־אָרט, וווּ מען האָט געפּאָליטיקירט, גע׳לצ׳עוועט און דיסקוטירט.

ר׳ מאָשע אַליין איז געווען אַ געלאַסענער, מיושבדיקער און גוטמוטיקער. ער האָט גע־שפּרודלט מיט לעבנס־חכמה און פאָלקסטימלעכן הומאָר. ער פלעגט זיך אַפילו וויצלען ניט נאָר אויף זיין ווייבס חשבון, נאָר אויך אויף זיין אייגענעם:

— ווען איך בין געווען אַ בחור פלעגט מען לאַכן פון מיין בייכל, פולן פּנים און ברייטער נאָז. אַז איך האָב חתונה געהאַט בין איך גע־וואָרן אַ שיינער יונגערמאַן. פאַר אַ באַלעבעסל פּאַסט אַ בייכל, אַ ברייט פּנים, געדיכטע וואָנסעס און אַפילו אַ פלאַטשיקע נאָז...

אין שטעטל האָט מען איבערדערציילט זיינע חכמות און וויצן. בעתן ריקצוג פון דער צאַרישער אַרמיי אין יאָר 1915 האָט אַ קאָזאַק פאַרהאַלטן מאָשען און געפּאָדערט, אַז ער זאָל אים באַווייזן דעם וועג דורך נאָווארעדקער גאַס. רבקה, וועלכע האָט דאָס געזען דורכן פענצטער האָט געשריען: — „מאָשע, וואָס האַלטסטו דעם קאָזאַק?". —„רבקה". — האָט מאָשע געענטפערט — „דער קאָזאַק האַלט מיך"...

אַ ישיבה־בחור אין דער יוגנט, האָט ער זיך שפּעטער פאַרטיפט אין דער השכלה־ליטעראַטור און „איינגעשלונגען" אַלץ וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט אין יידיש און העברעאיש. פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ שטיקל „אפּיקורס", וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין ספיקות און שאלות וועגן דעם, ווי דער רבונו של עולם פירט זיין וועלט, כאָטש ער איז זיין גאַנץ לעבן, לויטן שטייגער פון די ליטווישע יידן, געווען אַ פרו־מער ייד. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער זיך אָנעקגעזעצט לערנען די פוילישע שפּראַך,

וואָס איז אים נעבעך אָנגעקומען זייער שווער... זיין פרנסה האָט ער געפונען אין דעם צוקערקעס־פאַבריקל, וואָס האָט געבילדעט אַ טייל פון דער דירה. ער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט קאָנקורירן מיט די גרויסע שאָקאָלאַד־פאַבריקן, אָבער זיינע צוקער־קעס, כאַלווע, קאַנדל־צוקער, האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען אין דער גאַנצער געגנט.

זיין עזר כנגדו איז געווען רבקה חוהס, אַ הויכע, דאַרע, קרענקלעכע פרוי, וואָס איז געווען אַ דינאַמישע, האָט אָנגעפילט די שטוב מיט איר הייזעריקן קול און געשטעלט אין שאָטן איר געלאַסענעם, באַזאַכטן מאַן. זי האָט זיך געמישט אין אַלע שטעטלשע קהלשע ענינים און אומעטום געזאָגט איר וואָרט. איז עס געווען ביים קלייבן אַ רב, אַ חזן צי אַ שוחט, ביי וואַלן צו דער קהילה און די גמינע, שטעטלשע סיכסוכים און קריגערייען, האָט זי מיט אַנטשיידנקייט געקעמפט פאַר איר מיינונג, און לויט איר שטייגער מיט אַ גרויסן טומל.

די משפחה איז געווען אַ קינדערלאָזע און איר ענערגיע און אימפעט האָט זי אויס־געלאָדן אין פירן געשעפרעכן און „דרייען גרויסע רעדער". רבקה חוהס האָט יאָרן־לאַנג געהאַט די קאָנצעסיע פון מלוכהשן בראָנפן (צוזאַמען מיט קאָסאָווסקי) און געהאַט אַ „חלקל" אין כל מיני אַנדערע מסחרים, אָבער אָן אַ גרויסן טאָלק און אַ סברא, אַז פאַרדינט האָבן די שותפים, וואָס האָבן געמסחרט מיט איר... מאָשע פלעגט זאָגן: „וואָס איך פאַרדין שטילערהייט פון מיין קליין צוקערקעס־פאַבריקל, פאַרלירט רבקה אין אירע גרויסע געשעפטן"...

די שטוב איז געווען אַן אָפענע און שטענדיק פול מיט געסט, וועלכע זיינען געזעסן בנעימותדיק אַרום לאַנגן טיש און געזופט די טיי מיט איינגעמאַכטס, כאַלווע און שאָקאָ־לאַדקעס פון ר' מאָשעס פאַבריקל. מאָשע פלעגט זאָגן: „מיך קאָסט מיינס אַ גלאָז טיי זייער טייער. אַז איך זאָג: רבקה, גיב מיר אַ גלאָז טיי, זאָגן דאָס זעלבע נאָך 30 מענטשן, וואָס זיצן אַרום טיש"... ער פלעגט זאָגן, אַז עס האָט נאָך ניט געטראָפן, אַז ווער עס איז זאָל אין איילעניש עפּעס איבערלאָזן ביי אים... אין שטעטל האָט מען באַצייכנט זייער שטוב ווי אַ וואָקזאַל. מענטשן זיינען אַריין און אַרויס און קיינער פון די באַלעבאַטים האָט זיך ניט פאַראינטערעסירט נאָך וואָס און צוליב וואָס. מען האָט דערציילט, אַז איינמאָל אין אַ גרויסן טומל האָט אַ גוי אומגעשטערט אַרויסגעטראָגן פון שטוב אַ פולן סאַמאָוואַר מיט זודיקער טיי...

אַלע זיינע יאָרן איז ר' מאָשע געווען אַ כלל־טוער. אַ מיטגליד (קאַסירער) אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אַ לערנער אין חברה ש"ס אין נייעם בית־מדרש, מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק און פאַרשיידענע אַנדערע אַנ־שטאַלטן און אינסטיטוציעס. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן זיין צושטייער, ווי איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים פאַר אַלע נייטיקע צוועקן. ער איז געווען אַ קלוגער ייד און געשפּרודלט מיט לעבנס־חכמה און טיפזיניקן הומאָר. מענטשן האָבן זיך מיט אים געעצהט אין זייערע ענינים און פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ טרייסט־וואָרט און אַ גוטע עצה. ער האָט געקענט דערציילן מעשהלעך און אַנעקדאָטן און אַלעמאָל דאָרט ווו זיי האָבן געפּאַסט.

די גוטהאַרציקע רבקה האָט פון איר זייט געטיילט צדקה בסתר און געוווסט פון אַלע

נויטבאַדערפטיקע און צעבראָכענע הערצער אין שטעטל. זי האָט ניט יוצא געווען מיט איר ברייטהאַרציקער נדבה, נאָר איז כסדר אַרומגעלאָפן איבער די הייזער פאַר הכנסת כלה, פאַר אַ באַלעבאָס אַ יורד, פאַר אַ קראַנקן און פאַר אַ קאַראַבעלניק, וועמענס פערד איז געפאַלן. זי האָט גענומען אונטער איר שוץ די סאַמע געפלאָגסטע און געשטראָפטע דורכן גורל, פון וועלכע אַלע אַנדערע האָבן זיך דערווייטערט.

געווען אין שטעטל אַן אַלטער בחור מיט אַ קינדערישן שכל, אויף וועמענס חשבון עס פלעגן זיך פריילעך מאַכן די שטעטלשע לצים. נחום־דוד, דער קאַליקער פלעגט זיך שטעלן אין די מאַרק־טעג מיט זיין גאַלאַנטעריע־געשטעל — אַ בענקעלע און דערויף פאַרזשאַווערטע פויערישע קנעפלעך, און ערב פסח האָט ער נאָך ערגעץ ווו אויסגעקאַלכט מיט זיין גרויסער פּאָמעליע אַ פּאָר שטיבלעך פאַר גראָשנס. נאָך אַלעמען האָט ער אַ קיי־לעכדיק יאָר שטילערהייט אונטערגעהונגערט. רבקה פלעגט אים כסדר אונטערשטיצן. איינמאָל אין אַ ברוגזער מינוט האָט זי אים געעצהט, אַז ער זאָל ווי אַלע נויטבאַדערפ־טיקע יידן גיין איבער די הייזער. וויסנדיק אָבער, אַז דער נאַרישוואַטער, שעמעוודיקער נחום־דוד וועט דאָס אַליין ניט טאָן האָט זי באַשלאָסן „אַריינצופירן אים אין פאַך" און אַדורכגיין מיט אים איינמאָל איבער די הייזער. זי האָט צו אים געזאָגט מיט איר הייזעריקן קול: „נו, קום שוין, קום פאַרשמיינדל!"... זי האָט אויסגעשפרייט איר שוץ אויך אויף דעם אומגליקלעכן שטאָט־משוגענעם, זיידל. זי האָט געזאָרגט, אַז ער זאָל ניט הונגערן און ניט אַרומלויפן אַ נאַקעטער און שמוציקער. זי איז דערגאַנגען ביז דעם, אַז זי האָט איינמאָל אַליין אַרומגעוואַשן דעם פאַרלייזיקטן זיידל...

רבקה חוהס איז געשטאָרבן אין יאָר 1937 פון טובערקולאָז און זוכה געווען צו אַ גרויסער לוויה און רירנדיקע הספדים.

דער הומאָרפולער תלמיד־חכם און קלוגער מאָשע האָט אַדורכגעמאַכט דעם ביטערן ליידנס־וועג אונטער דער נאַציש־מערדערישער אָקופּאַציע און אַוועק צו די סטאָנעווי־טשער גריבער אין דער גרויסער שחיטה (12 מאַי 1942). מען האָט דערציילט, אַז ער צוזאַמען מיט אַלטער גירשאָוויטש זיינען געגאַנגען דעם גאַנצן וועג ביז די גריבער געזאָ־רעמט און געזונגען די „התקוה"...

## ב. יאַנקל נחמיהס שטוב

כאָטש בערנאַרדינער גאַס האָט זיך גערופן לויט אַ קאַטוילישן אָרדן, וואָס האָט גע־האַט זיין זיץ־אָרט אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער אין קלויסטער, וואָס אויפן באַרג ביים סוף פון גאַס, איז דאָך די גאַנצע גאַס געווען באַוווינט דורך יידן. דאָ האָט זיך אויך געפונען יאַנקל נחמיהס שטוב. אַ שלאַנקער, דינאַמישער און פריילעכער ייד, וואָס איז אַלעמאָל געווען אין אַ גוטער שטימונג. זיין עקרת־הבית, יאָכע, האָט געלייענט צייטונגען און „גענומען אַ וואָרט" אין אַלע וועלט־פּראָבלעמען. די משפחה האָט געלעבט באַשיידן פון אַ שפּיַיז־געשעפט און ווי די מערסטע איוויער יידן זיך גוט געמאַטערט מיט דער פרנסה.

דערפאַר האָבן זיי אָבער געהאַט אַ גרויסן אוצר: פיר שיינע, שלאַנקע, געזונטע בחורים

און אַ בת־יחידה, חיה־רישע. דער עלטסטער זון, מלך, אַ בוכהאַלטער אין דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק און שפּעטער קאַסירער אין דער האָלץ־פירמע העלער (נאַכימאָווסקי) האָט זיך געליבט אין חאַשע־טויבען (מרדכי די היטעלעס טאָכטער). דער שוואַרץ־חנעוודיקער קושע האָט זיך אויך פאַרליבט אין אַ סימפּאַטיש מיידל, וואָס האָט געאַרבעט אין שכנא׳ס אַפּטעטשנעם סקלאַד. די מאַמע יאָכע איז געווען קעגן די ליבעס פון אירע זין. חאַשע־טויבע איז ניט געווען געננוג שיין פאַר איר און קושעס געליבטע איז געווען צו אָרעם פאַר איר. זי פלעגט טענהן: „הלוואי אויף מיינע שכנים אַנטקעגן געזאָגט געוואָרן אַזעלכע ליבעס!“

אַנטקעגן זיי איז ווי באַקאַנט געווען דאָס הויז פון דער רייכער מאַנופאַקטור־קרעמערקע שישקע בלאָך, ווו עס זיינען אַרומגעגאַנגען אירע זין שלמה און אהרן, אַלטע בחורים, וואָס האָבן זיך ניט געאיילט חתונה צו האָבן... קושע און מלך האָבן חתונה געהאַט מיט זייערע אויסדערוויילטע, אויפגעשטעלט משפחות און געלעבט גליקלעך ביז זייער אומקום (מלכס משפחה אין די נאַצישע שחיטות אין איוויע, קושע איז געשטאָרבן אין די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד, זיין פרוי און קינדער לעבן אין ישראל).

יאָכע האָט באַזונדערס שטאָלצירט מיט איר זון פּאָטשע (רפאל). ער איז ניט נאָר געווען אַ שטעטלשער „קראַסאַוויעץ“, אַ שלאַנקער בחור מיט אַ שוואַרצער, גרויסער טשופּרינע און שיינע בלויע אויגן, וואָס האָט געהאַט דערפּאָלג ביי מיידלעך, נאָר אויך דער אינטעליגענט פון דער משפחה. זיין בילדונג איז בעיקר געווען פון אַן אויטאָדידאַקט. ער האָט געלייענט אַלץ, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט און, וויזט אויס, גוט פאַרדייעט דאָס געלייענטע. (שפּעטער, זיצנדיק אין דער פּוילישער תפיסה, האָט ער באַוויזן צו פאַרטיפן זיינע ידיעות און אויך דערוואָרבן עטלעכע שפּראַכן). ער איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מיטשמועסער. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו עקסטראַוואַגאַנץ, זיין אַנדערש ווי די אַרומיקע און צי׳ען אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אַזוי פלעגט ער דווקא אין די זומער־טעג אָנטאָן וואַרעמע בגדים און ווינטער לייכט־ספּאָרטמעניש. אין שטעטל האָט מען געקוקט אויף אים ווי אויף אַ „טשודאַק“, בפרט, אַז צו פאַרדינען איז ער גאָרניט געווען קיין העלד... פון אַ חבר אין „החלוץ“ איז ער אַריבער צום קאָמוניסטישן לאַגער, געזעסן פיר יאָר אין תפיסה און חתונה געהאַט נאָך דער באַפרייאונג. אין די יאָרן 1939—1941 האָט ער זיך אַנטוישט אין סאָוויעטישן רעזשים. געפאַלן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אַלס זעלנער (זיין פרוי און טאָכטער לעבן אין רוסלאַנד).

דער ייִנגסטער זון, יודל, אַ בחור אַ גבר, איז אין די מלחמה־יאָרן מגולגל געוואָרן קיין רוסלאַנד און געקומען קיין ארץ־ישראל מיט אַנדערס פּוילישער אַרמיי.

די טאָכטער חיה־רישע האָט חתונה געהאַט „אויס ליבע“ (ווי מען פלעגט זאָגן אין איוויע) מיט יעקב (ניאָנטשיק) מייעראָוויטש, אַ פילזייטיק באַגאַבטער בחור. נאָכן לערנען איייניקע יאָר מוזיק ביים באַקאַנטן ווילנער דיריגענט סלעפּ, האָט ער זיך צוריקגעקערט און געוואָרן דער לעבעדיקער גייסט פון מוזיק־לעבן אין שטעטל ער איז איייניקע יאָר געווען דער קאַפּעלמייסטער פונעם בלאָז־אָרקעסטער פון דער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע“, לערער פון מוזיק און דיריגענט פון שטרייך־אָרקעסטער און שילער־כאָר אין דער העברעאישער פאָלקס־שול.

אָבער זיין האַרץ און נשמה האָט ער געווידמעט דער בינע. זיינע פרייע אָוונטן זיינען געווען הייליק פאַר דעם דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרייז. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס רעזשיסער און אין די ערשטע יאָרן אויך אַלס אַרטיסט. ער פלעגט שרייבן טעקסטן, פאַר־פאַסן מוזיק און זיך געקויפט זיין נאָמען אין די רעווי־פאָרשטעלונגען, וועמענס דערפאָלג איז געווען אין דער ערשטער ריי זיין פאַרדינסט. זיין חיונה האָט ער געהאַט פון אַ קרעמל פון שרייב־מאַטעריאַלן. זיין „האָנאָראַר״ פאַר דער אומדערמידלעכער אַרבעט, וואָס ער האָט אינוועסטירט אין די פאָרשטעלונגען איז געווען דאָס, וואָס מען פלעגט ביי אים קויפן דאָס פּאַפּיר און רעקוויזיט־זאַכן. אַפילו די געצירקלטע אַפּישן, וואָס ער האָט גע־צאַצקעט זיינען געווען אומבאַצאָלט. ער איז אַזוי געווען פאַרטאָן אין זיין הייליקער אַרבעט פון פאַרשפרייטן מוזיק און קונסט, אַז ער איז כלל ניט געווען צופרידן פון אַ קונה, וואָס האָט אים געשטערט אין דעם. — „וואָנץ (וואָס) ווילסטו וואָנץ״ — האָט ער געזאָגט מיט כעס צו אַ יינגעלע וואָס איז געקומען קויפן אַ העפט...

יאַנקל נחמיהס אַליין האָט ניט געהאַט קיין גרויס מזל. זיין פרוי, יאַכע, איז געשטאָרבן. ער האָט צוויי מאָל געפּרוווט חתונה האָבן אָבער, ווי מען זאָגט, ניט געטראָפן. אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער. דער טאַלאַנטפולער ניאָנטשיק, פרוי און קינד זיינען אומגע־קומען אין די טאָרף־זומפּן פון באָריסאָוו (מערץ 1943).

## ג. האָטעל בלאָך

איוויע איז ניט געלעגן ביי אַ מאַגיסטראַלער אייזנבאַן־ליניע. די אייזנבאַן־סטאַנציע, וועלכע האָט איר פאַרבונדן מיט דער גרויסער וועלט, איז געווען די סטאַנציע גאַוויע (9 ק״מ פון שטעטל). אָנגעהויבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ קליינבאַן פאַרבונדן דאָס שטעטל מיט דער סטאַנציע. אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַן אויטאָבוסן־קאָמוניקאַציע (די ליניע איוויע־לידע).

אין שטעטל זיינען געווען דריי האָטעלן, וואָס האָבן זיך גערופן אויפן נאָמען פון די אייגנטימער: אַשעראָווסקי, צונזער און דער חשובסטער פון זיי — בלאָך, אין גאַסן־ווינקל בערנאַרדינער־מאַרק. דער פאָטער, אברהם ז״ל, איז געשטאָרבן פריצייטיק און די לאַסט פון אויסהאַלטן אַ גרויסע משפחה איז געפאַלן אויף דער מוטער, גאָלדע ז״ל. זי איז געווען אַ הויכע, פולע, שיינע פרוי און בלויז דער קאָפּ גרויע האָר האָט געמסרט איר עלטער. גאָלדע איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון האָטעל.

אַ רואיקע, גלאַסענע און גאַסטפריינדלעכע, האָט זי געוווסט ווי זיך באַליבט צו מאַכן ביי די געסט. די אידעאַלע זויבערקייט, די געשמאַקע, היימישע מאכלים, די רואיקייט און די וואַרעמע פאַמיליאַרע באַציאונג פון דער משפחה, האָבן באַווירקט באַליבט צו מאַכן דעם האָטעל ביי די דורכרייזנדע.

איבערהויפּט פלעגט זיך אָנפילן דער האָטעל ווינטערצייט, ווען עס פלעגן אין שטעטל אָנקומען וואַיאַזשאָרן, האָלץ־סוחרים, שאַפּאַרעס, סוחרים פון פלאַקס, חזיר־האָר, פּוטערוואַרג אד״גל. אין סעזאָן פלעגט די פאַמיליע זיך פאַרענגען און אָפּגעבן זייערע

צימערן און בעטן פאַר די רייזנדע. דאַן פלעגט גאָלדע זיין צופרידן, עס וועט שוין זיין פרנסה...

דער האָטעל איז געווען אַ צענטער פון געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענטרעפן. איבער־הויפּט, ווען עס פלעגט קומען אַ דעלעגאַט, אַ שליח פון ארץ־ישראל אָדער סתם אַן אינ־טערעסאַנטער אורח. דאָ פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן די יוגנט, אויסזינגען אַלע פּאָפּולערע לידלעך און שלאַגערן און אויסדערציילן זיך איוויער געשיכטעס און פאָלקלאָר. דאָ איז אויך געווען דאָס אָרט פאַר געלעגנהייטלעכע באַנקעטן (עליה קיין א״י אאַז״וו).

אין די יאָרן פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט (1939־41), איז דער האָטעל נאַציאָ־נאַליזירט געוואָרן און קראַינע איז נאָמינירט געוואָרן אַלס דירעקטאָרין פון האָטעל.

די דייטשע אָקופּאַציע האָט געמאַכט אַ סוף מיטן האָטעל און פאַמיליע בלאָך. דער עלטערער זון, נח, האָט חתונה געהאַט אין זשעטל און דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע

מאַנצל (שמעיה), וועלכער האָט געענדיקט דעם ווילנער טעכניקום און זיך ניט גע־קענט איינאָרדענען, איז פאַר דער מלחמה אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און פון דאַן זיינען אַלע שפּורן נאָך אים פאַרשוווּנדן.

גאָלדע מיט איר טאָכטער פריידל זיינען אַוועק מיט דער גאַנצער קהילה צו די סטאָ־נאָוויטשער גריבער אין דער גרויסער שחיטה. מען האָט געוואָלט איבערלאָזן קראַינען אַלס אַרבעט־פעיקע צווישן די לעבעדיקע, אָבער זי האָט ניט מסכים געווען: „איך האָב געלעבט מיט דער מאַמען און איך וועל שטאַרבן צוזאַמען מיט דער מאַמען“ — האָט זי שטאָלץ געזאָגט צו די שוחטים־סאָרטירער...

צילע האָט אין די 30־ער יאָרן עולה געווען און לעבט מיט דער משפחה אין ישראל.

**משה נבט (נובופרוצקי) / גדרה**

# מאורעות ואנשים

## א. לאיביה — ברכבת הצרה (קליינבאן)



רכבת צרה חיברה את איביה לרכבת הרגילה — בתחנת גאָביה.

היתה זאת מעין רכבת־צעצוע מוגדלת, שבראשה צעד קטר שחור ומפוייח, ואחריו נסחבו כאילו באי־רצון כמה קרונות קטנים — בנידנודים וחריקות. וכאילו לטשטש את המראה העלוב של ממדיה, נסתה רכבת זו לבלבל את החושים בתנועותיה וקולותיה, כדי להשאיר רושם בל־ימחה...

עוד בטרם החלה לנוע — פצחה בשריקה מחרישת אזניים, וכדי שגם העין תהנה מהמראה הגדול פלטה עשן מגרה דמעות.

לקהל הנוסעים בתוכה הכינה הרכבת חוויה נוספת, כדי שהדרך לא תהיה משעממת חס וחלילה. הקטר נשף ונשם בכבדות ולבו פעם בחריקות בלתי קצובות. מסך העשן ליוה אותו כל הדרך והקרוניות טולטלו בתנועות שונות משונות, ימינה ושמאלה, למעלה למטה, דחיפה פתאומית קדימה וקצת עצירה, והגלגלים דפקו וחרקו ללא קצב וללא ארגון — כל גלגל וסדיריו, כל ציר וחריקותיו. ומה יעשה נוסע ברכבת זאת? אם יעמוד — יהפוך ללולב, אם ישב על הספסל הבלתי מרופד — יספוג מכות טריות במקום, שרגיל היה לקבל בילדותו...

מבקר הכרטיסים נמצא ביחס הפוך לרכבת: גבוה, רחב־גרם, פניו מקושטות בשפם שחרחר, כשמעליו מתנשא אף אדום ולצדדיו עיניים קטנות וממצמצות. הוא היה מאוהב בטיפה המרה והיה תמיד בגילופין. נראה דוקא, שעצם היותו קצת שכור השפיע לטובה על תפקידו, והא־ראיה: תנודותיו הרחבות, עקב שתיית היי״ש, יצרו שווי־משקל עם הטלטולים של הרכבת והוא הצליח להשאר בעמידה ואף לנקב את הכרטיסים בהצלחה.

פלא זה הרגיז כמה ליצנים, שביקשו אגב להפיג את השעמום. היו לוקחים את הכרטיס (שהיה תלוש של נייר דק), מקפלים אותו עד היותו כגודל ציפורן הזרת, ומגישים אותו למבקר. הלה לא התרגש, מה יש למהר? תפס עמדת עמידה והחל פותח את הקיפולים

והחבריה נהנו מהמראה המשעשע: כיצד הוא מנסה להתגבר על שתי פעולות בבת אחת — לעמוד במקום ולפתוח את קיפולי הכרטיס. על בעית שווי המשקל התגבר על ידי הוצאת אחת הרגלים — פעם ימנית ופעם שמאלית, פעם קדימה ופעם אחורה, כשגופו מתנועע פעם בכיוון ישר ופעם בעיגול. אצבעותיו המגושמות טיפלו בכרטיס וכנראה לא מעט עמל פיזי ורוחני השקיע האיש עד שפתח ונקב את הכרטיס. בכל זאת, לא התאונן ולא התרגז. יתכן שהיה מרוצה להוכיח לעצמו ולאחרים, ששום משימה בעבודתו אינה מעל לכוחותיו...

ולקטר לא איכפת כל זה. נהגו מציץ החוצה ותר אחרי משהו. ניחר גרונו של הקטר... יבשו עצמותיו... צמאון תקף אותו... מים, הבו מים! והנה באמצע הדרך, בצד המסילה, רומז צינור גדול — „בוא קטרי הנחמד ואשקך מים". הרכבת נעצרת, לשמחתה ולחדות כל נוסעיה. הקטר שותה בצמאון, עוד כברת דרך לפניו. ועד שהקטר ירווה את צמאנו — אף הנהג ומבקר הכרטיסים יעשו כן (במה?) — אפשר לרדת לשדה, לקטוף פרחים באביב או בקיץ, או — לשחק בכדורי שלג בחורף.

אולם, שריקה רעננה של הקטר קורא לנוסעיו פנימה ובאי רצון, אחרי חילוץ עצמות קצר, נדחפים חזרה לקרונות. במשנה כוח מתחילה הרכבת לנוע קדימה, כשהיא ממשיכה ללוות את עצמה בשירת „הקקופוניה" שלה.

...מרחוק נראים כבר גגותיה החומים של איביה. הגאולה קרובה! עוד מעט וכל חבילת נוסעיה של הרכבת הצרה יתפזרו בתוך העיירה היהודית החמימה והחביבה.

## ב. איביה עולה בלהבות

בדמדומי אחד הערבים בחדש מאי 1929 שמו לב תושבי לידה, שבשמים הופיע מעין כתם אדמדם. לאט־לאט התפשט הכתם והתרחב, השמים האדימו כאילו נדלק האופק בלהבה לוהטת. לא היה ספק, שרפה גדולה פרצה אי־שם. מפה לאוזן התפשטה השמועה — העיירה איביה עולה בלהבות. כל מי שהיה לו קרוב משפחה או ידיד באיביה רץ לתחנת הרכבת, בתקוה להגיע למקום האסון. הצטרפו גם אנשים רבים אחרים המוכנים לעזור בעת צרה.

ואמנם — הנהלת התחנה העמידה רכבת משא מיוחדת לרשות מכבי האש בלידה והרשתה להצטרף לכל אלו שמוכנים היו להושיט יד עוזרת. המתיחות היתה רבה, כל רגע היה יקר, כלי־הכיבוי של מכבי־האש הועלו מהר והרכבת זזה.

הורגשה עצבות עמוקה. המחשבה והלב היו עם אלה, שפקד אותם האסון. פה ושם נשמעה בכיה חרישית, מאיזו פינה פרצה אנחה, ופתאום: צעקות היסטריות והתיפחות קולנית — נערה כבת 18 לא יכלה לכבוש את צערה והוא התפרץ ללא מצרים.

ניגשנו אליה וניסינו להרגיעה, את בת איביה המסכנה, בדברי הסבר הגיוניים: הרי צרת רבים היא, והנה נוסעים אנו לעזור, ואולי הבית שלך לא נשרף... הכל לשוא, בין היללות וההתעלפויות הצלחנו להוציא מפיה, שהנה בעוד כשבועיים היא עומדת להגר לאמריקה וכל הניירות והמסמכים עלולים להשרף — ומה יהיה עליה? באיזה עמל השיגה אותם! כל עולמה נחרב עליה. כל הדרך טיפלנו בנערה אומללה זו — פחדנו שמא

יקרה לה אסון עוד לפני שתגיע לעיירתה. ניחמנו אותה: „אולי בני משפחתך יוציאו את המסמכים, אולי בכלל לא נפגע ביתך".

כשהתקרבנו לאיביה — הפך הכתם האדום שבשמים לערבוביה של עשן סמיך ולשונות אש. התמונה שנתגלתה לעינינו היתה מזעזעת: כמעט כל בתי־העיירה עמדו בלהבות. פה ושם נראו ערמות מטלטלין, כשעליהם יושבים מכורבלים ומקופלים נשים וילדים קטנים. מכבי האש, הגברים, נערים ונערות התרוצצו ממקום למקום בנסיון נואש להציל שרידי רחובות מכליון.

מעט מאוד ניתן להציל. בתי העץ עלו באש בטרם באה העזרה מבחוץ. עיקר הערך של הבאים ברכבת המיוחדת היה לנחם ולעזור לנשארים בלי קורת־גג, בלילה אפל המואר בלפידי בתיהם ורכושם.

כשהאיר הבוקר, שככו הלהבות. הם כילו את טרפם עד תום, בהשאירם אודים לוחשים בלבד... סחוטים ועיפים, חיוורים ומפוייחים, סחבנו את רגלינו דרך רחובות ללא בתים של איביה. והנה הולכת לקראתי הנערה, שכל הדרך סבלה מהתקפות היסטריות, כשעל פניה נסוך חיוך רחב: „אני מודה לכם בעד הטיפול המסור" אמרה בשקט נפשי, המעורר תמהון.

— נו?

— כל המסמכים נשרפו...

## ג. המנצח על המקהלה

ניונצ׳יק מאירוביץ — אדם צנום ונמוך, פנים מאורכות, עיניים ערניות וסקרניות וזוג אזניים, שהשתרעו מקצה הלסת באליפסה גדולה עד קו המצח. לא היה שום ספק: האיש הזה הוא „כולו אוזן..."

ואמנם לניונצ׳יק שמיעה חדה ורגישה. שטח רחב כזה של אזניים קלט בודאי כל רשרוש קל וכל צליל דק מן הדקים.

אין לומר, שכשרון קליטה כזה בוזבז לריק. האיש למד מוסיקה והפך למנצח על מקהלת איביה. תרבות השירה היתה מפותחת בימים ההם בכל עיר ועיירה בפולין ואיביה לא היתה בין הנחשלות. הנוער בא ברצון „לתת את קולו" למפלגת המוסיקה, וניונצ׳יק נתן מלוא החופן משירתו, שזרמה מעומקי לבו לתוך הנערים והנערות שביטאו את הצלילים במקהלה מלוכדת.

הקהל נהנה, חברי המקהלה נהנו ובודאי יותר מכולם המנצח. הוא ניצח בכל רמ״ח אבריו. גופו כולו אמר שירה. הבעת פניו השתנתה עם תוכן השיר והצליל.

ידענו: בכל טרדות הפרנסה של האיש היתה לו הדרכת המקהלה המזון החיוני והיקר ביותר...

## ד. לייבקה באקשט

לייבקה באקשט — פעיל מפלגתי טיפוסי היה: דינאמי, מלא מרץ ועשיה. רחב־גרם ופרוע בלורית ידע להתלהב ולהלהיב אחרים למטרות הפוליטיות, אותן ראה

לנגד עיניו באופן ברור כל כך. לב ציוני והגיון סוציאליסטי היו לו. את שניהם ידע למזג באופן הרמוני לאידיאה אחת.

כשהיה נואם בפני קהל — היה הופך בעצמו לדגל חי של התנועה: פניו המלאים היו מאדימים כדם — זה דגל האדום של הפרולטריון — ועיניו התכלת כשמים על רקע לבן — זה דגל הלאום היהודי — העידו כאלף עדים, כי אמנם שייך האיש למפלגת „פועלי־ציון" (מאוחדת עם צ.ס.).

לא היה באיביה פרולטריון יהודי ממש, אך הרעיון של מיזוג הציונות והסוציאליזם קסם גם לשכבות זעיר־בורגניות ובודאי לנוער היהודי חסר מקצוע ונטול עתיד.

לייבל ראה גם שמץ של פרולטריון ממש — אבל אלו היו גויים. בעבודתו כמנהל עבודה במנסרה, שבחוות הפריץ, הרגיש בודאי חייו של פועל מה הם. את תורת בורוכוב ספג לייבקה באקשט דרך אמיתות החיים היהודיים סביבתו ושאף לפתרון האחד והיחיד: בנית ארץ־ישראל על יסודות הצדק החברתי.

חסיה קאַרפּילעווסקי / פּאַריז

# פריילעכע און אומעטיקע טעג אין שטעטל



עס זיינען שוין אַריבער פיל צענדליקער יאָרן זינט איך האָב פאַרלאָזט דאָס קליינע, שטי־לע געבורט־שטעטל, איוויע. דער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן אין דעם פילמיליאָניקן, רוישיקן פּאַ־ריז. פיל וועלט־שטורעמס זיינען אַריבער איבער אונדז, פיל דראַמאַטישע געשעענישן און אויפ־טרייסלונגען האָט יעדער פון אונדז מיטגעמאַכט. דאָך לאָזט זיך ניט פאַרגעסן דאָס געבורט־שטע־טעלע, ווו מען האָט געלעבט, געטרוימט, ווו עס זיינען אַדורך די פריילעכע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, ווו מען האָט געפילט דעם וואַרעמען אָטעם פון דער משפחה און אינטימע חברים און חבר־טעס, ווו דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ווי איין גרויסע משפּחה, צו פרייד און לייד, אויף שמחות און טרויער...

איך געדענק און זע אָפּט פאַר זיך דאָס שטעטל מיט אירע צוויי אַרויף־און־אַראָפּ־באַרג־גאַסן, בערנאַרדינער און פערד־מאַרק, די צוויי ריאַדן קראָמען, די באַשאָטנטע גאַסן ווילנער און נאָוואַרעדקער, מיט די געדיכטע גערטנער און סעדער, ווו מיר, די יוגנט, האָבן שפּאַצירט און געחלומט וועגן גליקלעכע טעג און בעסערע צייטן. ניט נאָר די לאַנד־שאַפטן און פּייזאַזשן פון שטעטל און איר סביבה, נאָר אויך די מענטשן האָבן זיך אַזוי טיף איינגעקריצט אין זכרון, אַז ווען איך טראָג זיך אין מיינע מחשבות אַריבער אין יענע צייטן, זע איך זיי אַלעמען פאַר זיך ווי לעבעדיקע, ווי איך האָב זיי געקענט מיט זייערע גוטע און שלעכטע אייגנשאַפטן און אין פאַרבינדונג מיט געשעענישן און פאַרלויפענישן. אַלע, אַלע, גאַנץ איוויע איז אַריבער אין גריבער נעבן די סטאָנעוויטשער וועלדער! שווער תופס צו זיין די טראַגעדיע, אוממעגלעך עס צו באַנעמען, אוממעגלעך עס אַרויסצולאָזן פון זכרון!

*

## א. דעם טאַטנס טויט

מיין טאַטע איז געווען אַ זייגערמאַכער און יוּוועליר (פון דאַנען אונדזער ביינאָמען „דובעלירערקע"). איך געדענק, אַז דער „אוריאַדניק" (צאַרישער פּאָליציי־עלטסטער)

און „פּריסטאַוו" פלעגן באַוווּנדערן זיין פּרעציזע אַרבעט. זיי פלעגן זאָגן, אַז אַזאַ ערלעכן ייד, וואָס גיט אָפּ צוזאַמען מיט דעם גאָלדענעם פינגערל אָדער בראַסלעט, אויך דעם גאָלדאָפּפאַל, האָבן זיי נאָך ניט געטראָפן. מיין מוטער, אַ הויכע, שיינע און שטילע פרוי, איז געווען גליקלעך, וואָס איר מאַן האָט אַ גוטן שם אַלס אָרנטלעכער, ווי זי האָט עס זיך געווונטשן. שטיל און רואיק פלעגט זי פירן די ווירטשאַפט פון אונדזער משפחה, וואָס האָט שוין דאַן געציילט פיר קינדער. מיין מאַמע, אסתר־רחל, האָט אין שטעטל געהאַט אַ נאָמען פון אַ גוטער באַלעבאָסטע. אַלע פלעגן באַוווּנדערן אירע געשמאַקע געריכטן און די ריינקייט אינעם קליינעם דירהלע.

פלוצלינג לאָזט זיך אַראָפּ אַ שוואַרצע כמאַרע אויף אונדזער רואיקער שטוב. מיין טאַטע ווערט קראַנק און דער דאָקטער שטעלט פעסט און היילט אים דעם מאָגן, אַנשטאָט די בלינדע קישקע... אונדז, קליינע קינדער, דערציילט מען ניט, וואָס עס איז געשען. איך זע נאָר, ווי מיין מאַמע וויינט אָן אויפהער. גוטע שכנים נעמען אונדז אַוועק פון שטוב, צערטלען אונדז און מיר בלייבן ביי זיי נעכטיקן.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אַהיים, האָט די מאַמע אַ בלאַסע און צעטומלטע, צוגעטוליעט אונדז צו זיך, געקושט און געשעפּטשעט צו זיך: — „ווי וועל איך אייך שפּייזן און אויפהאָדעווען, איינע אַליין?" ערשט דאַן האָבן מיר אָנגעהויבן באַגרייפן דאָס אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן מיטן טאַטנס טויט...

די מאַמע האָט אָנגעהויבן אַליין אויספּאַרקויפן פון שטוב, כדי אירע קינדערלעך זאָל גאָרניט פעלן. עטלעכע חדשים נאָכן אומגליק, איז צוגעקומען נאָך אַ ברודערל אין אונדזער משפחה. ווי דער מנהג איז, האָט מען אים געגעבן אַ נאָמען נאָכן טאַטן, הלל־יצחק. איך בין געווען גליקלעך מיט מיין צוגעקומענעם שיינעם, חנעוודיקן ברודערל.

די מאַמע, וואָס האָט געזוכט פּרנסה פאַר דער גרויסער משפחה, האָט אָנגעהויבן באַקן דעליקאַטע געבעקסן און צעטראָגן עס אין די רייכע הייזער. אירע זעמעלעך, פּירעשקעס, טאָרטן, לעקעכער און שטרודלען האָבן גיך געקראָגן אַ גוטן שם אין שטעטל און מען פלעגט קומען צו אונדז אין שטוב קויפן. די מאַמע פלעגט באַקן אין די נעכט די זיסע געבעקסן. אונדז פלעגט זי זאָגן מיט אַ פריילעך פּנים: — „גאָט צו דאַנקען, איך פאַרדין ערלעך מיין ברויט. אייך, קינדער, וועט גאָרניט פעלן"...

פרייטיק פלעגט די מאַמע צוגרייטן דעם הייליקן שבת. זי פלעגט פאַרדעקן איר פּנים מיט די אויסגעהאָרעוועטע הענט און זאָגן פרום די ברכות. אויך איך האָב געהאַט צוויי קליינע לייכטערלעך. די מאַמע פלעגט מיך לערנען ליכט־בענטשן. — „לייג דיינע הענטעלעך אויפן פּנים און זאָג מיט מיר די ברכה פון ליכט־בענטשן"... די מאַמע האָט ניט געוואָלט פאַרשטערן דעם הייליקן שבת, אָבער ביים מאַכן „קידוש" פלעגט זי אויסברעכן מיט אַ געוויין און מיר, די קינדער, פלעגן מיטוויינען און זיך דערמאָנען, אַז מיר האָבן ניט מער, ווי אַנדערע קינדער, וועמען צו לויפן אַנטקעגן ווען מען גייט שבת פון בית־מדרש...

באַלד נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען מיר אַריבערגעפאָרן צו אונדזער זיידן קיין נאָוואַרעדאָק. דאָרט זיינען מיר אין די שווערסטע באַדינגונגען

אַדורך די מלחמה־יאָרן און צוריקגעקערט זיך קיין איוויע, ערשט נאָכן דייטשן ריקצוג פוו אונדזער געגנט.

## ב. איוויע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (1917)

איוויע האָט אויסגעזען גאָר אַנדערש, ווי מיר האָבן זי געקענט פאַר דער מלחמה. דער דייטשישער אָקופּאַנט האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך איינריכטונגען, וואָס האָבן מיט־געהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון שטעטל.

ווי אַ שטעטל הינטער די פראָנט־ליניעס, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט פיל מילי־טער, וואָס האָט געדינט אויך ווי אַן אורלויב־אָרט פאַר סאָלדאַטן פון דער ערשטער ליניע, האָט זיך די מיליטער־מאַכט געניייטיקט אין פיל וואַסער (וועשערייען, באָד, שפּיטאָלן א״אַנד). אַ געוויסער דייטשער פּראָפעסאָר, מיגע, האָט אַראָפּ פערדמאַרק־גאַס, ניט ווייט פון באָד, אַנטדעקט אַן אַרטעזיאַנישן קוואַל פון לויטער, קאַלט וואַסער, וואָס פלעגט שטראָ־מען דורך רערן אומאויפהערלעך, טאָג און נאַכט. שוין ניט מער וואַסער פון די ברונעמס, וואָס מען ציט אַרויף מיט אַ ראָד, אָדער פּשוט דורך אַראָפּלאָזן אַן עמער אויף אַ שטריק, ווי עס איז ביז דאַן געווען אָנגענומען אין שטעטל, שוין ניט מער דאָס שמוציק־שטינקנ־דיקע טייך און קרענעצע־וואַסער, וואָס מען פלעגט שלעפּן פון מרחקים. מיגע־ברונעם און מיגע־וואַסער איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער אומגעגנט און געסט פלעגן גיין אָנקוקן דאָס גרויסע וווּנדער פון וואַסער, וואָס שיסט אומאויפהערלעך אַרויף פון זיך אַליין...

די דייטשן האָבן אויך באַזאָרגט דאָס שטעטל מיט עלעקטרישער באַלייכטונג פון אַ גענעראַטאָר, וואָס איז דאַן נאָך ניט געווען קיין פּאָפּולערע דערשיינונג אַפילו אין גרעסערע שטעטלעך ווי איוויע. עס האָט גענומען אַ סוף צו די רויכערנדיקע, פינצטערע נאַפט־לעמפּלעך און אַפילו די גאַסן זיינען באַליכטן געוואָרן מיט עלעקטריש ליכט.

זיי האָבן אויך איבערגעלאָזט בירושה די קליינבאַן (אָדער, ווי מען פלעגט זי רופן, „דער פייפער״), וואָס האָט פאַרבונדן איוויע מיט דער סטאַנציע, גאַוויע (9 קילאָמעטער), ווו עס איז אַדורך די נאָרמאַלע באַן, וואָס האָט געפירט צו דער נאָענטסטער גרויסער שטאָט און אייזנבאַן־מאַגיסטראַלע, לידע. אַזוי אַרום איז דורך דער קליינבאַן אונדזער שטעטל געוואָרן פאַרבונדן און נאָענט צו דער גרויסער וועלט און פיל מיטגעהאָלפן צו אירווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. די קליינבאַן פלעגט אַדורכשניידן דעם שולהויף (נעבן קלויז) און ווילנער גאַס און זיך אָפּשטעלן ממש אין צענטער פון שטעטל, נעבן דער גמינע. פאַר דער יוגנט בעיקר, וואָס האָט ניט געוווּסט ווי צו „פאַרטרייבן די צייט״ איז געוואָרן אַן „אַטראַקציע״ באַגעגענען און באַגלייטן די אָפּפאָרנדיקע און אָנקומענדיקע... אַן אורח פון אַמעריקע, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך צו קרובים, רעדנער אָדער פאַרטיי־פירער פלעגן באַגעגנט ווערן דורך קינד־און־קייט, דורכן גאַנצן שטעטל. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אויפגעקומען אַן אויטאָבוסן־קאָמוניקאַציע דירעקט קיין לידע. אָבער דאָס האָט ניט געמינערט די חשיבות פון דער קליינבאַן, וואָס פלעגט מיט אַ שוואַרצן רויך און לאַנגער פייפעריי אָנזאָגן דעם שטעטל איר אָנקום און אָפּפאָר.

ווילהעלמס דייטשן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געווען פיל פריינדלעכער

צו די יידן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געקענט צוניפריידן, ווי צו די „פּאָלנישע שווײנען״. זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך פיל צעבראָכענע הערצער פון איוויער מידלעך און איינקע זיינען אַפילו נאָכגעפאָרן זייערע געליבטע קיין דייטשלאַנד... שווער צו גלייבן אין דעם, ווען מען דערמאָנט זיך ווי די זעלבע דייטשן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין שוחטים פון אונדזער פאָלק בלויז מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער...

שלושה צעירים עם מנדלינות ע״י מפל המים



מימין לשמאל: א. אושרובסקי, נ. מייאָרוביץ, ק. בלוך.

### ג. פאַרווײלונגען אין שטעטל

די פוילישע מאַכט האָט אויך צוגעטראָגן איר טייל צו דער מאָדערניזירונג און פאַר־שענערונג פון איוויע. אין די גאַסן האָט מען פאַרלייגט הילצערנע טראָטואַרן, כדי צו פאַרשפאָרן בראָדזשען אין די בלאָטעס און טיפע שנייען אין אָסיען־ און ווינטער־צייט. לענגאויס די גאַסן האָט די גמינע געפלאַנצט טאָפּאָל־ביימער, וועלכע האָבן במשך פון איניקע יאָר געשאַפן שיינע, שאָטנדיקע אַלייען. די פוילישע מאַכט האָט שטאַרק מקפּיד

געווען אויף דער ריינקייט פון די גאַסן און מען האָט צוויי מאָל אַ טאָג געמוזט אויסקערן די גאַסן און טראָטוארן. אין רעגנדיקע אָדער שנייאיקע טעג פלעגט אַפילו קומען צו קריגערייען צווישן שכנים וועגן „גרענעץ" אין גאַס, וואָס מען דאַרף פאַרקערן. עס פלעגט אַפילו טרעפן, אַז מען פלעגט זיך צוליב דעם „אויסבעזעמען" די פנימער... די רינוועס פלעגט מען זומער מוזן קאַלכן און אויסרייסן דאָס ווילדגראָז, וואָס פלעגט עקשנותדיק וואַקסן צווישן די שטיינער אין גאַס און אין די הייף. די פּאָליציי האָט זיך דער עיקר פאַרנומען מיט היטן די ריינקייט און אַרויפלייגן געלט-שטראָפן.

שבת נאָכן טשאָלנט פלעגן גאַנצע פאַמיליעס און יוגנטלעכע גרופּעס שפּאַצירן אויסגעפּוצטע לענגאויס ווילנער גאַס און פון דאָרט מיטן „פּריסאַדעס" ביזן הויפיקן סאָד. אַ שפּאַציר-גאַס איז אויך געווען בערנאַרדינער, פון וואַנען מען פלעגט לענגאויס דעם קלויסטער און גלחס סאָד, אָדער דורכן בלאָטיקן „אָלעשניק", פאַרביי דעם גלחס טייך גיין דורך דער שיינער, צעצוויגטער אַלייע, וואָס האָט זיך געצויגן איניקע קילאָמעטער ביזן איווער הויף. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָט מען ידן ניט דערלויבט אַריינגיין אין הויף, וואָס האָט געהערט צו דער פּוילישער גראַפן-פאַמיליע, זאַמאָיסקי. בלויז פאַר אַלטע סטאַצקי, וועלכע פלעגט אַרענדירן דעם גרויסן הויפיקן סאָד און פּסח (פּיישקע חאַימאָטש), וועמענס טאָכטער פלעגט קויפן די מילך און צעטראָגן זי איבער די הייזער, איז געווען דערלויבט אַריינצוגייך אין הויף. שפּעטער איז די „גזירה" בטול געוואָרן, אָבער באָדן זיך אין הויפיקן ריינעם טייך מיט זיין וואַסערפאַל, האָט מען קיין מאָל ניט דערלויבט...

אין זומערדיקע לבנה-נעכט און פאַרנע טעג פלעגט די יוגנט גיין פאַרברענגען אין די נאָענט-ליגנדיקע וועלדער („פליער-וואַלד" פון בערנאַרדינער גאַס א. אַנד.), איבערהויפּט שבת נאָכמיטאָג. אין די חדשים, ווען עס פלעגט צייטיק ווערן דאָס אויבסט, פלעגן די סעדער זיין אַן אָרט פון שפּאַציר. אין דאַטשע-צייט פלעגט מען דערגיין ביז כאָוואַנשציזנע, פּאַלעוויטש און אַפילו ביז זבאָיסק ביים ניעמאַן (5 ק"מ), ווו איוויער פלעגן אַרויספאָרן כאַפּן פרישע לופט.

## ד. איך ווער אַן אַרטיסטין

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט אין שטעטל דאָס קולטור-געזעלשאַפטלעכע לעבן. איך האָב זיך פאַרשריבן אין דער שטעטלשער ביבליאָטעק און בין געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכע לייענערין, מען האָט מיך ניט געקענט אָפּרייסן פונעם בוך. יידישע קלאַסיקער, רוסישע און פראַנצויזישע קלאַסיקער (פאַרשטייט זיך איבערגעזעצטע אויף יידיש), אַלץ, וואָס עס איז געווען אין דער יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק, האָב איך דאָרשטיק געשלונגען. איך האָב באַקענט די גרויסע וועלט, פעלקער און לענדער, זייערע פּראָבלעמען, געשיכטע און לעבנס-שטייגער. איך האָב אויסגעברייטערט און פאַרטיפט מיינע האָריזאָנטן, ווייט איבער די באַגרענעצטע ראַמען פון קליינעם שטעטל. די איוויער יוגנט האָט אין יענע יאָרן פיל געלייענט און דערוואָרבן בילדונג און וויסן.

איך בין געוואָרן אַן אַריינגייערין אין הויז פון לערער עקיבא (קיווע) באַקשט. קיווע, אַ לערער אין דער אָרטיקער יידישער פאָלקסשול, איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון

דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרייז. ער און זייך פרוי, האָדעס, האָבן זיך אויסגעצייכנט אַלט פּעאיקע אַרטיסטן. ער איז אויך געווען דער רעזשיסער פון קרייז. אין זייער הויז זיינען פאָרגעקומען די רעפּעטיציעס פון דראַמאַטישן קרייז.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָב איך זיך צוגעהערט צו די פּראָבעס און אין האַרצן שטאַרק מקנא געווען די, וואָס האָבן זוכה געווען אַרויפצוגיין אויף דער בינע. מיר האָט זיך גערדוכט, אַז געוויסע ראָלן וואָלט איך אויסגעפירט בעסער ווי אַנדערע. מיר האָט אָבער געפעלט די דרייסטקייט פאָרצולייגן מיין פערזאָן אַלס אָנטיילנעמער. איין מאָל, ווען

הקומדיה „החותן בתור חתן" בביצוע להקת ה„חובבים".




די קאָמעדיע „דער שוועער אַלס איידעם" אין דער אויפפירונג פון שטעטלשע „ליבהאָבער".

מען האָט זיך צונויפגעקליבן אויף צו רעפּעטירן דריי איינאַקטערס, האָט פונקט אויסגע־פעלט אַן אַרטיסטין פאַר דער ראָל פון אַ כלה־מיידל. עמעצן פון דראַמאַטישן קרייז איז איינגעפאַלן פאָרצולייגן מיך אין דער דאָזיקער ראָל. איך בין ממש געווען אין זיבעטן הימל פון גליק... איך האָב מצליח געווען אין דער ראָל און פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן אַן אַרטיסטין, וועלכע פלעגט מיט דערפאָלג אויספירן ראָלן פון אַ פאַרליבטער (יונגע ראָלן). נאָך דער פאָרשטעלונג זיינען אַרויף די שטעטלשע טעאַטער־מבינים און מיר גראַטולירט

מיין גרויסן דערפאָלג. איבערהויפּט האָט מיך דערמוטיקט דוד קאַגאַנאָוויטש, מיט וועמען איך האָב געשפּילט די ראָלן פון אַ פאַרליבטע אין אייניקע פאָרשטעלונגען.

איך האָב דאַן אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז איך בין חאַשקע די דובעלירערקעס און גע־געלעבט אין אַן אַנדערער וועלט — די וועלט פון פאָרשטעלונגען. פּלוצים גייט אַרויף מיין מוטער אויף דער בינע און זאָגט צו מיר: — „מיין קינד, איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט שפּילן אַ ראָל, ווו עס קומט דיר אויס צו שטאַרבן. איך בין זייער דערשראָקן און פול מיט ציטערניש“...

איך האָב אָנטיילגענומען אין פיל פאָרשטעלונגען פון דראַמקרייז ביז דער גרויסער איוויער שריפה (מאַי, 1929). יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַ גרויסער יום־טוב אין שטעטל און מען האָט זי אָפּגעוואַרט, ווי אַ גרויס געשעעניש. אין מיין זכרון זיינען פאַר־בליבן זיסע זכרונות פון די רעפּעטיציע־אָוונטן און פון די פאָרשטעלונגען.

## ה. אַ געזעגניש אויף אייביק...

אין די צוואַנציקער יאָרן איז אין איוויע געגרינדעט געוואָרן די אָרגאַניזציע „החלוץ“. צוגלייך מיט מיינע חברטעס: חוה בלאָך, לאה בענדער א״אַ, האָב איך זיך פאַרשריבן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. דאָרט זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די מחיצות צווישן קינדער פון באַלעבאַטישן שטאַנד און פון בעלי־מלאכות, ווי עס איז ביז דאַן געווען אָנגענומען אין קליינעם שטעטל. יעדן אָוונט פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען אין לאָקאַל פון „החלוץ“ (תלמוד־תורה) און אויסהערן מיט פיל אינטערעס די רעפעראַטן און פאַרלעזונגען. עס זיינען אויך פאָרגעקומען קעסטל־אָוונטן און ליטעראַרישע משפּטים. אין נודנעם, אויס־זיכטלאָזן לעבן פון דער קליינשטעטלדיקער יוגנט, וואָס האָט ניט געוווּסט ווי צו פאַר־טרייבן די לידיקע צייט, איז דער „החלוץ“ געווען אַ שטראַל, וואָס האָט געגעבן אַ זין דעם לעבן און אַ קולטורעלן צייט־פאַרטרייב.

איך האָב ערנסט געטראַכט וועגן עולה זיין קיין ארץ־ישראל און אַפילו געפאָרן צו די „עקזאַמענס“ פאַר דער קאָמיסיע אין לידע. איך בין „געשטרויכלט“ געוואָרן ביים ענטפערן אויף אַ פּאָר נאַרישע פראַגן און מען האָט מיך ניט באַשטעטיקט. אין צווישן האָב איך באַקומען אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן פון אַן איוויער בחור, יצחק אַמאַסאָוויטש, וועלכער האָט אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין פּאַריז. אַזוי אַרום ביז איך מגולגל געוואָרן אין דעם מיליאָניקן פּאַריז אָנשטאָט אין ארץ־ישראל.

צום לעצטן מאָל האָב איך געזעגן מיין געבורט־שטעטל, איוויע, מיין משפחה, חברים און חברטעס אין די דרייסיקער יאָרן, ווען איך בין דאָרט געקומען אויף אַ באַזוך. איוויע, נאָך דער גרויסער שריפה, האָט זיך אָפּגעבויט פיל שענער, ווי איך האָב עס געקענט. אַנשטאָט די הילצערנע נידעריקע הייזלעך מיט די שינדל־ און שטרוי־דעכער, — שיינע ציגל־מויערן מיט בלעכענע דעכער, וואָס האָבן געגלאַנצט און שימערירט אַנטקעגן די זון־שטראַלן. דאָס שטעטל וואָס האָט זיך אָפּגעבויט פּלאַנמעסיק, האָט איצט געהאַט סימעט־רישע גאַסן און געסלעך. עס איז פאַרשווּנדן דאָס בלאָטיקע, הילצערנע איוויע, און אַנשטאָט דעם איז אויסגעוואַקסן אַ מאָדערן פּלאַנירט שטעטל.

ווער האָט דאַן געקענט טראַכטן, אַז דאָס וועט זיין מיין לעצטער באַזוך ביי מיין ליבער פאַמיליע און אין מיין געבורט־שטעטל? וועמען איז דאַן איינגעפאַלן אין געדאַנק, אַז איך געזעגן זיך מיט אַלץ און מיט אַלעמען אויף אייביק, אויף אייביק?...

מהנדס יצחק (איצ'ה) גורדון / אמריקה

# העיירה בשנות השלושים

## א. חיי הרוח והתרבות של העיירה



איביה, היתה אמנם עיירה קטנה לפי שטחה ואוכלוסיתה ואילו גדולה במעשים ובהווי יהודי. היא היתה, כיתר הישובים היהודיים, אי בתוך ים של שנאה גואה שעברה מדור לדור, שנאה שמקורה בהבדלי אמונה, מסורת, תרבות, הווי וצורות חיים. על רקע השכנות הקשה התפתחה העיירה במשך דורות ועל רקע זה מצאו ההתפתחויות והקורות של יהודי איביה את ביטויים.

יהודי, כבר משחר ילדותו, ידע והרגיש שה־מקום הזה השקט והיפה עם כל מכמני הנוף שמסביב, זר לו לחלוטין. במשך דורות רבים מצאו יהודים את נחומם ומקלטם הרוחני בבתי הכנסת, בשקידה על התורה ובאמונה בימות המשיח. רוחות חדשות התחילו לנשוב עם התפתחות התנועה הציונית, ומקומות כמו איביה היוו כר נרחב לתנועה זאת, אשר החדירה זיק תקווה בלבות היהודים המדוכאים והציבה מטרה מעשית לדור הצעיר.

בית הכנסת וההווי היהודי המסורתי היוו את עמודי־התווך של החיים הרוחניים. קיום מצוות הדת ומנהגי המסורת היהודית נמסר מדור לדור כדבר שאין עליו עוררין. נוסף להיותו מקום תפילה היה בית הכנסת המקום בו נפגשו אנשים גם לשיחת רעים, מקום בו היהודי יכול היה לשכוח לזמן־מה את דאגות הפרנסה החמורות. כבר בשעות הקדומות של הבוקר יכולת לפגוש אנשים רבים המשתתפים במנינים הראשונים של התפילה, דבר נדיר מאד בימינו. זוכרני, בתור ילד אהבתי לבוא עם הורי למנין הראשון וקשה לתאר את החמימות שהרגשתי בתפילה מוקדמת זו. מפירקה לפירקה היו באים „מגידים" למיניהם, במשכם לדרשותיהם ציבור מגוון. בית הכנסת היה המרכז לכל מיני פעולות צדקה וחסד ורב היה היקף פעולות הצדקה באיביה. הלב היהודי הוכיח את עצמו יום־יום, תמיד נמצאו גברים ונשים מתנדבים שהיו יוצאים לאסוף כסף או מזון לנצרכים,

שלא יהיו חס וחלילה רעבים ללחם בימות החול ולחלה בשבת. כל הסיפורים שלמדנו בבית־הספר על היהודי המסכן ההופך לבן מלך ביום השבת התאמתו אצלנו במלואם.

התנועה הציונית על שלוחותיה השונות הפיחה רוח־חיים ויוזמה לפעילות תרבותית ענפה ורב־גוונית שהתבטאה בעיקר בהרצאות, אסיפות־עם, הקראות, ערבי־ויכוחים, ערבי שאלות ותשובות, משפטים ספרותיים וכו׳. שיא הפעילות היה ה„בזר" השנתי של הקרן הקיימת בפורים. הבזר היה למאורע השנתי לקטן ולגדול. הוא נתן ענין רב לחוגים שונים שעבדו בהתנדבות בהכנת מוצרי תצוגה, בהכנה לתכניות בידור והצגות. אולמות בית הספר העברי משכו מדי ערב בערב המונים תוך אווירה חגיגית מאד. הצגות של בית הספר, תזמורת כלי־הנגינה של בית הספר, דואט של שני הכנרים באיביה, שעיקר פרנסתם היה בתור „כלי זמר" בחתונות וחגיגות.

הצגות תיאטרון של להקות חובבים התקיימו לעתים רחוקות בעיקר במוצאי החגים. וכ"כ היו גם הופעות של יחידים או להקות מקצועיות שהיו מגיעים ממרכזי התרבות בערים הגדולות. גם אלה עוררו ענין רב. במובן התרבותי והחברתי לא היה לקהילה היהודית כל מגע וקשר עם הנוצרים שחיו בתוך העיירה בשכנות, שברובם היו שונאי ישראל כקתולים אדוקים. כאלף עדים תעיד על כך העובדה, שיהודי איביה לא דיברו פולנית ביניהם, וודאי לא חינכו את ילדיהם בשפה זו. הסביבה והתרבות הפולנית היתה זרה לנו בכל. שפת־הדיבור היתה אידיש והשפה שרצו להקנות לדור הצעיר היתה עברית. העתונים „דער מאָמענט" ו„היינט", שהיו מגיעים מוורשה הבירה, היו מקור אינפורמציה רב־ערך על המתרחש בעולם הגדול, במדינה, בעולם היהודי ובא"י, בעיקר בתקופה בה תנאי התחבורה היו קשים ומכשיר הרדיו טרם הגיע לעיירתנו. ההתענינות בעתונים היתה רבה והמאמרים היוו נושא לשיחות וויכוחים. אלפי הקהילות הקטנות והנידחות בפולין, מהן גם ללא מנהיגות ראויה לשמה, היו זקוקות ליד מדריכה ומכוונת. במידת מה מילאו העתונים היהודיים המצויינים את התפקיד הזה. העתונות הפולנית היתה ברובה עוינת לנו והיהודים לא מצאו בה למעשה שום ענין.

איביה, כיתר עיירות הסביבה, היתה כר נרחב לפעולות המפלגות. שלא כמו בווילנה, שהיתה גם מרכז למפלגות אנטי־ציוניות, הרי בעיירות פעלו אך ורק המפלגות הציוניות. אם כי בדרך כלל היתה הפעילות המפלגתית מבורכת וגרמה לפעילות תרבותית וחברתית, הרי היו גם מקרים של שילהוב יצרים ושנאת־אחים על רקע הבדלי מפלגות. הרעיון הציוני הפיח רוח חדשה בנוער היהודי ואיפשר להתעלם מהמציאות האפורה. בפולין האנטישמית לא היה נשקף שום עתיד לצעיר היהודי. המלחמה הכלכלית ביהודים, מלווה מעשי אלימות לא השאירה צל של ספק באשר לעתידם.

חלק גדול מהנוער היה מאוגד בתנועות הנוער של המפלגות הציוניות. הפעילות התבטאה בעיקר בהתכנסות לאסיפות באולמות הקטנים של התנועות. כמו כן היו יוצאים בקיץ למחנות ביערות הסביבה, ומפעם לפעם היו גם משתתפים במחנות במקומות מרוחקים, בשיתוף עם אחים לדעה מעיירות אחרות. הפעילות בתנועה נתנה לנוער ענין, אמונה ועיסוק בזמנם הפנוי, שהיה מצוי בשפע, בעיקר אצל בני הנוער שגמרו את חוק לימודיהם בבית הספר העממי. לא היו בעיירה מוסדות השכלה יותר גבוהים ולא היתה אפשרות חומרית להמשיך בלימודים וגם לא היתה להם שום תעסוקה אחרת. אלה היוו

למעשה את החוליה העיקרית של תנועות הנוער למיניהן. כפי שכבר צויין לעיל היה לזה גם צד שלילי, מאחר שהפנטיזם המפלגתי גרם לשנאת חינם בין אנשי תנועות נוער יריבות והדבר היה מאד מורגש בעיירה, בה הכיר איש אחד את רעהו.

בית הספר העברי באיביה מילא תפקיד מרכזי ראשוני במעלה בחייה התרבותיים של העיירה. אם כי זה היה בית ספר פרטי והלימוד בו חייב מאמץ כספי — רוב ההורים התאמצו מעל יכולתם, לשלוח את ילדיהם לביה״ס לקבל חינוך עברי וכללי. רמת הלימודים היתה גבוהה, המורים מצוינים ומסורים לתפקידם והדרישות לגבי התלמידים גבוהות. הנהלת בית הספר השתדלה להעניק, נוסף ללימודים העבריים והכלליים, גם לימודי יהדות מובהקים, כגון: תלמוד, טעמי המקרא, וכ״כ הוכללו שעורים באידיש, כדי לתת לילד ידיעות גם בשפה המדוברת של המוני היהודים. מאחר ולא היו בעיירה מוסדות־חינוך גבוהים הרי מילא ביה״ס העממי תפקיד בל ישוער בהעלאת הרמה התרבותית של העיירה. בודדים היו בני־הנוער, שמתוך חוסר אמצעים, נאלצו ללמוד בבית הספר העממי הפולני „פובשכנה״. למותר לציין שהם לא הרגישו את עצמם בטוב בין חבריהם הפולניים לספסל הלימודים. אולי יראה מוזר להחשיב היום עד כדי כך את בית הספר העממי, אך על רקע התקופה ההיא, בפולין הנחשלת, הרי בית הספר בעיירה היה כעמוד אש המאיר את החשיכה שמסביב.

## ב. רחובות וסימטאות

הצורה הארכיטקטונית של איביה היתה דומה לזו של יתר העיירות ברחבי פולין. הרחוב המרכזי ה„שוק״, רחוב רחב־מידות וממנו מסתעפים רחובות לכיוונים שונים. הצורה הזאת נשתמרה גם אחרי השריפה הגדולה במאי 1929. לא בכדי כתב מנדלי מו״ס באחד ממאמריו על חיי העיירה היהודית שמאורע או אירוע כגון שריפה או מגיפה היה משמש כנקודת־מוצא בהיסטוריה של הישוב. כן היו גם באיביה של שנות השלושים מונים, שמאורע מסויים קרה שנה לפני השריפה, שנתיים לאחר השריפה וכד׳.

השריפה הגדולה (15 במאי 1929) אכלה את רוב בתי העיר ומשפחות רבות נשארו בין לילה ללא גג על ראשם וחסרי כל. הציוד הדל שעמד לרשותם של מכבי־האש לא עמד להם במערכה הכבדה, אך הקצרה, נגד האש. בתי העץ הפכו מהר לאבוקות־אש בוערות ולקראת הבוקר נשארו רק מתי מספר של בתים בקצווי העיר. עשן כבד עלה מתוך מפולות הבתים ותנורי הלבנים המפוחמים היו השרידים היחידים של מה שהיה לפני כן בתי־מגורים של מאות משפחות של יהודי העיר. בתי הנוצרים כמעט ולא נפגעו בשריפה הגדולה הזאת. העזרה מקהילות יהודיות בפולין ומבני־איביה בארצות חוץ, בעיקר בארה״ב, לא איחרה לבוא ותוך תקופה לא ארוכה נבנתה איביה מחדש והפכה לעיירה יותר יפה וייצוגית. בתי העיר והמוסדות היו עכשיו בתי לבנים שרופות. משפחות נכנסו לגור בבתים חצי גמורים, ללא רצפה. הבתים הספורים של היהודים שנותרו, וכ״כ בתי הנוצרים ברחובות ווילנה, נובוגרודק, קרומער והכפר הסמוך, הפכו למקלטים ארעיים למשפחות רבות. רגש האחווה והעזרה ההדדית היה אופייני לתקופה ההיא, שהלכה מבלי שוב גם מבחינה זו. העיירה החדשה והמודרנית שהיתה לגאוות הקהילה היהודית היתה קצרת ימים.

הבתים שנבנו בדם וזיעה הפכו למצבות לבוניהם, והם נשארו אחריהם להנאתם של הפולנים, שונאי ישראל, שעזרו ברצח אחינו, וגם ירשו את רכושם ועמל כפיהם מדורי דורות.

כפי שנזכר לעיל, היה רחוב השוק מרכז העיר, מאחר וסביב השוק התרכזו חיי־הכלכלה של העיירות, שרוב תושביהן היו בדרך כלל יהודים. עיקר פרנסתו של הסוחר, בעל־המלאכה והרוכל היהודי היה על האיכר, שהיה בא לעיירה אחת לשבוע, מוכר את תוצרתו החקלאית וקונה מוצרי צריכה. יום זה היה מאז ומתמיד באיביה יום רביעי בשבוע, ולפרקים היה גם מתקיים יריד, שהיה מביא לעיירה המוני אכרים, מקרוב ומרחוק. הירידים היו מתקיימים בעיקר לפני ואחרי החגים הנוצריים. ההמולה והרעש היו ממלאים את רחובות העיירה עד לשקיעת השמש. לא פעם השתוללו אכרים, שהתבסמו יתר על המידה והשוטרים המעטים, ידיהם היו מלאות עבודה בהשלטת סדר.

במרכז רחבת־השוק היו שורות של חנויות, ערוכות בבנינים ארוכים בנויים במקביל לאורך הרחוב („ריאד"). הרחובות שהסתעפו ממרכז העיר לצדדים נקראו ברובם על שם ערי הסביבה:

הנה רחוב ווילנה (ווילנער) הארוך שממנו יצאה כל התנועה לכיוון לידה ווילנה, המרכז התרבותי הגדול של הגליל כולו. הנה תחנת הרכבת הקטנה („קליינבאן") מאחורי בתי הכנסת, שהובילה לתחנת גאוויה במרחק תשעה ק"מ, בערך, שממנה יכולת להתקשר אל רשת הרכבות שהובילה לאורכה ולרוחבה של פולין.

כאן היה גם בנין בית הספר העברי. בערבי הקיץ היה רחוב זה מתמלא בני נוער, מתנועות הנוער וכ"כ בבני־העיירה שהיו יוצאים לטייל להנאתם, בעיקר היה הרחוב שוקק מטיילים בשבתות אחר הצהרים.

רחובות ברנרדינר ופילסודסקי (פערד־מארק), מקבילים אחד לשני ומובילים לכיוון מזרח־העיירה בירידה תלולה. כאן היינו מבלים שעות רבות בערבי החורף בהחלקה על מגררות. בקצה הרחוב ברנרדינר — הנהר „איבינקה", ההופך לאגם רחב, עם מפל־מים, מתחת הגשר. הנהר משך מאות מתרחצים בקיץ, מחליקים על הקרח בחורף ובו משתקפים עצי ה„פריסאדס" הסובבים אותו. בהמשך הנהר, מקום בו נהפך לנחל קטן, היו ילדים ובני נוער מתרחצים בימי החום. מרחוב זה היו יוצאים בימי הקיץ לטיולים ליערות הסביבה, ללקט פטריות, גרגירים שחורים ואדומים ולנוח בצל העצים העבותים. ובקצה הרחוב ברנרדינר — הכנסיה הקתולית על צריחיה המתנשאת על גבעה. בנין הכנסיה היה מפיל אימה על כל יהודי וגם עלינו, הילדים אכן לא מוגזמת היתה הרגשת־הפחד. המקום הזה שימש לא פעם מרכז להסתה חסרת מעצורים ולליבוי יצרים פרימיטיביים על רקע דתי. רחוב ברנרדינר היה גם רחוב המוות בו צעדו קדושינו בני איביה בדרכם האחרונה לבורות המות.

ומהצד הדרומי של העיירה — רחוב נובוגרודק ועל ידו הרחוב העקום (קרומער), המוביל לכיוון העיירה לובצ'.

מרחוב „קרומער" הסתעף רחוב הטטרים („קידרים"), שתושביו טטרים, בני דת מוחמד. הדבר המאחד אותם עם שכניהם הנוצרים — השינאה העיוורת ליהודים. רבים

מבני העיר היו באים אחת בשנה לחזות בטכס הזבחים („קורבאן באיראם") במסגד המוסלמי, הניצב במרכז שכונת הטטרים.

אין לתאר את העיירה בלי להזכיר את בית העלמין העתיק, מוקף חומת האבן, שהיווה את גבול העיירה, בחצר בתי־הכנסת, מקום בו הובאו למנוחת עולמים דורות של יהודי איביה, כולל רבנים ומשכילים בעלי שם — העצים הרכונים מעל למצבות האבן הגדולות היו מזכירים לנו, הילדים, את מראה קבר רחל בצל העץ העבות, כפי שהכרנוהו מתמונות.

שתי בנות יפות



משמאל לימין: היצלה קגנוביץ' ואיטה (איטקע) שאַצקס.

## ג. הוי־חיים וחגים

החיים באיביה התנהלו בשקט האופייני לעיירה באותה תקופה. מכוניות כמעט ולא היו. האוטובוסים המעטים שהיו נוסעים ללידה הסמוכה והחל משנות השלושים גם לווילנה ולנובוגרודק, היו אמצעי התחבורה החשובים ביותר. „תחנת האוטובוסים" ברחבת השוק מול ביתו של דוד גולדברג היתה תמיד מושכת קהל נוסעים, מלווים וסתם סקרנים. הכבישים מסביב לעיירה היו עלובים, בחלקם רצופים אבנים ובחלקם תשתית אדמה

מוצקה ובסתיו הגשום היו מתהוות שלוליות מים ובורות וחוסמות את הדרכים. פרט לימי שוק וירידים היה השקט בה, דומה לזה של כפר. הרעש בא בעיקר מילדים ונערים משחקים בכדור באמצע הרחוב השקט. החנוונים היו יושבים וממתינים שעות לקונה, בקיץ בפתחי החנות ובחורף מעל סיר ממולא גחלים לוחשות. לפנות ערב ובערבי הקיץ היו המבוגרים יושבים בנחת על מפתני הבתים („גאַנאַק"), ו„הורגים" את זמנם בשיחות חולין, רכילות, בדיחות וכו' ובני נוער היו יוצאים למועדוני התנועות או לטיול ברחובות העיר וב„פריסאדעס" שמסביב. בערבי החורף הארוכים היו מתכנסים שכנים ומבלים זמנם בעיקר בשיחה או במשחק. אם כי השלג הלבן היה משמש כוח משיכה לילדים, הרי לגבי המשפחות העניות (והן היוו את רוב האוכלוסיה), קור החורף היה דבר מאד מעיק. גם כאן כבמקרים אחרים עמד להם רגש האחווה של היהודי, ויהודים טובים היו אוספים כסף לקנות להם עצים לחימום בתיהם.

איביה היתה יוצאת משגרתה לפני החגים היהודיים: פסח נחרת בזכרונו של כל תושב איביה. התנועה אצל החייטים והסנדלרים העידה על בוא חג האביב, בו כל ילד, יזכה בחליפה חדשה ובנעליים חדשות. אפית המצות העסיקה את המשפחות, בעיקר את הנשים. ומספר שבועות לפני הפסח היו מסדרים „פודריאַדים" בבתים פרטיים. מי שלא ראה את זה בעיניו, לא יכול לתאר לו את שמחת היצירה באפית המצות. שכנות וידידות היו עוזרות אשה לרעותה באפיה ומה גדולה היתה השמחה כשהמצות כבר „הוכנסו" הביתה. למותר להזכיר, שגם מי שידו לא השיגה, דאגו לו מטעם „מעות חיטים", והמצות היו בביתו בעתו. וכשחל חג הפסח בעונת הפשרת השלג, הרי שמחת החג היתה כפולה.

תשעה באב, יום האבל הלאומי, שאינו מורגש כמעט בימינו, הורגש בכל מקום באיביה, החל מהבית עם האוכל המיוחד לפני יום הצום ואחריו, אווירת האבל המיוחדת בבית הכנסת, וגמור בבית העלמין שם היו אנשים משתטחים על קברות יקיריהם, והילדים היו מיידים איש בחברו קוצים עוקצניים („שישקעס") כזכר לחורבן.

חגי ה„ימים הנוראים", ראש־השנה ויום כיפורים, השתמרו בתור החגים, שצביונם כמעט ולא השתנה עד ימינו, אך חג הסוכות רישומו היה ניכר במיוחד, מאחר וכל משפחה דאגה לסוכתה היא ולפני הושענא־רבה היו נערים הולכים בחבורות מחוץ לעיר ומלקטים את הערבות להושענות. זה היה לנו חוויה עזה, מה עוד שלרבים זה היה בבחינת „עסק".

חג החנוכה היה קשור, לפי מיטב המסורת היהודית, עם דמי החנוכה, משחק בסביבונים ו„ערבי לביבות" במסגרת המשפחות ובחגיגות. אינני יודע, מה היתה הרגשתם של המבוגרים, אך בהיותנו אז ילדים ונערים, השאירו החגים עלינו רושם בל ימחה. שמחת החג וחוויותיו היו כה עזות שהלב היה עובר על גדותיו שבועות ואולי חדשים לפני התקרב החג. נראה לי, שבימינו ובתנאינו החגים איבדו את משמעותם. יהודי איביה, כיהודי עיירות אחרות בפולין, ידעו יפה למזג אווירה דתית עם רגש שמחה שבלב, שמחה ממש המורגשת בכל פינה ופינה. אותה הרגשה היתה בשבת, ונראה לך כאילו שהגעת לנווה־מדבר של יום אחד. עוד היום מרגיש אני את העצב שהיה נסוך בתפילת ההבדלה של אבא במוצאי־שבת. אין זו גוזמא כלל שהיהודי היה בן מלך ליום אחד: הרבה מלכים ובני מלכים כאלה היו באיביה, ששמחו לברוח מתלאות חיי החול לאווירת השבת שיצרו בביתם ובלבותיהם.

## ד. גל האנטישמיות בשנות השלושים

הגוף הרשמי שייצג את הצבור היהודי בעיירה היה ועד הקהילה. אחד התפקידים החשובים שלו היה, ייצוג הצבור היהודי כלפי השלטונות הפולניים. קיום שירותים הדתיים וכלי הקודש, הגשת עזרה משפטית, סידור עניינים שונים והתערבות פעילה אצל השלטונות — כל אלה נימנו על תפקידי ועד הקהילה באותה תקופה. חשיבותה של הקהילה היתה רבה, מאחר שחוסר ידיעת השפה הפולנית והשכלה כללית מתאימה אצל רוב הצבור היהודי, העמידו אותו חסר־אונים בקשרים ההכרחיים עם השלטונות.

גוטל שפטל כחייל בצבא פולין.



גוטל שעפטעל אַלס זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי.

תפקידים אלה נעשו לחיוניים ביותר בשנים האחרונות שלפני מלחמת־העולם השניה, כשהגל האנטישמי הציף את פולין, והתערבותו של ועד הקהילה אצל השלטונות בעיר המחוז („פוביאט") לידה, העבירו פעמים רבות את רוע הגזירה. לדוגמא יכול לשמש ענין ה„קואופרטיב", החנות הפולנית שהוקמה במרכז העיר. בעלי החנות ניהלו תעמולה אנטישמית עזה והשתמשו באמצעים שונים להשפיע על האכרים הפולניים שלא יקנו אצל יהודים, לפי הסיסמה הידועה „סוי דו סווגו" (כל אחד לשלו). בשריפה שפרצה באחד מלילות הקיץ של שנת 1937 עלתה החנות באש. תדהמה אחזה את יהודי העיירה ובתקופה בה פוגרומים היו לענין נפוץ בעיירות פולין (פשיטיק, מינסק־מזוביצק וכו'), היו לפחד זה

רגליים. נדרשה התערבות מידית אצל השלטונות, כדי שתבוא תגבורת משטרה לפני ה„שוק" שהיה צריך להתקיים כרגיל ביום רביעי של השבוע. החשש היה מבוסס, מאחר שקל היה להסית את המוני־העם האנטישמיים, שהנה „היהודים שרפו את החנות". המשלחת שנסעה לעיר המחוז („פוביאט") לידה, הצליחה להניע את השלטונות („הסטארוסטה") לפעולה מידית ואסון בטוח נמנע מיהודי העיירה. הרב זאב פרלמן ז"ל, נוסף להיותו משכיל ובר אוריין בחכמת היהדות, היה גם שליח צבור מצויין כלפי השלטונות, עקב שליטתו הרהוטה בשפה הפולנית ובעל השכלה גבוהה. למרות חלוקי הדעות שביניהם, ידעו תמיד היהודים להתארגן לפעול בעת צרה, ואיביה לא היתה יוצאת דופן במובן זה.

השלטונות המקומיים רצו להפיק טובת הנאה ממצב היהודים, שאם כי היו מוגנים מטעם החוק לפי הקונסטיטוציה בפולין הדמוקרטית, היו למעשה חסרי הגנה ונתונים לעתים לשבט או לחסד לרצונו של כל פקיד זוטר או שוטר. ועל רקע זה אפשר להבין מה רב התפקיד שהיה מוטל על מוסדות־הייצוג של הצבור היהודי. ללא ספק מילאו תפקידם זה באמונה לפי מיטב יכולתם בתנאים הקשים.

קורות יהדות פולין הם שרשרת ארוכה של רדיפות אנטישמיות מלוות סבל והתפרעויות מצד שכניהם הנוצרים. היחס העוין הלך ולבש יותר ויותר צורה רשמית, לאחר תפיסת השלטון ע"י היטלר בגרמניה בשנת 1933. עם מותו של מרשל פילסודסקי בשנת 1936 הותרה לגמרי הרצועה. יהודי מזרח פולין היו בין האחרונים שהרגישו על בשרם את הרוחות הרעות שהתחילו לנשב במחצית השניה של שנות השלושים. הרמז הרשמי שאין הגנה על היהודים בא בנאום הידוע לשימצה של ראש הממשלה דאז, סקלדקובסקי: „להכות יהודים אסור, אך חרם כלכלי — אובשם (בבקשה)". כמובן שתחת הכסוי הרשמי של חרם כלכלי התחילו להתפשט בפולין מעשי אלימות נגד קונים נוצריים בחנויות של יהודים. „פיקטים" (משמרות) הועמדו בפתחי החנויות של היהודים והדבר הוליך במהרה לפרעות. הד נרחב היה לפוגרום בעיירה פשיטיק, מקום שם יהודים יצאו עם נשק ביד נגד הפורעים, ונשפטו לשנות מאסר ארוכות. אך משום מה אזורנו טרם נפגע אז ואין ספק שרק המלחמה הפסיקה את התהליך הזה. היתה כבר הרגשה של שרב שלפני גשם סוער, ואכן לא איחר הגשם לבוא, אך לאסוננו, בצורת מבול סוחף, שכמעט ולא השאיר אחריו זכר מבני־עמנו.

## ה. שנות השלטון הסובייטי (1939—41)

על רקע זה פרצה מלחמת העולם השניה (ספטמבר 1939). עוד לפני פלישת גייסות היטלר לפולין הרגשנו את הסערה המתקרבת. רבים מהצעירים גויסו לצבא הפולני, ואין לתאר את החרדה שאחזה את כולם, אך עוד פעמה התקווה בלב, שתמנע המלחמה. עם פרוץ המלחמה עוד קיווינו שצבא פולין בעזרת בני־בריתו יצליחו להדוף את גייסות הפולשים הגרמניים. יום יום היינו מתכנסים באחד מחדרי בית הספר להאזין לשידורי החדשות הכוזבות והמטעות על „נצחונות" הצבא הפולני. קשה לתאר את החרדה שתקפה אותנו עם המחשבה שחילות־המרצחים הגרמניים הולכים ומתקרבים.

**והנה פתאום** קרה הנס שהציל אותנו לזמן מה (**תקופה של 20 חודש**) מציפורני היטלר:

השלטונות הפולניים התחילו להעלם מהאופק ואיש מאתנו לא הצטער לראות את השוטרים והשליטים שמצצו את לשד היהודים, נמלטים, כעכברים מספינה טובעת. טרם ידענו איך ימולא החלל הריק שנוצר? והנה פשטה השמועה, שהרוסים יבואו לשחרר את אחיהם תושבי בלורוסיה המערבית. אך באותם הימים גם לא ידענו מהו העתיד הצפוי לנו תחת שלטונם של הסובייטים. אך אין ספק שכניסת הצבא האדום לאזורנו הפיחה תקווה בלב כל אחד מאתנו: הנה נמנע כיבוש אזורנו ע״י המפלצת הנאצית וגם נפטרנו מהפולנים.

לאחר כמה ימים של חוסר שלטון, רבה היתה שמחתנו עם הופעת חיילות הרוסים, שעברו דרך איביה בהתקדמותם לגבולות החדשים. במשך כמה ימים ולילות נמשכה הצעידה הזאת ורבים היו מתגודדים סביב החיילים, שהיו מספרים ניסים ונפלאות על החיים הטובים ברוסיה הסובייטית. יש ונתגלה ביניהם גם חייל או קצין יהודי ורבה היתה השמחה של פגישת אחים. „ירח הדבש" היה קצר למדי ועד מהרה עמדנו על טיבו של המשטר החדש. ואם כי אסור היה לנו להתלונן על הגורל, הרי גם מאידך לא היתה שום סיבה מיוחדת לצהלה. חוץ ממעטים, חסידי המשטר הסובייטי מאז ומתמיד (ורבים מהם אף התאכזבו מהר), הרי הצבור היהודי ברובו היה אדיש לגמרי לשלטון הקומוניסטי. המשטר הנוקשה, המחסור במצרכים, התורים הארוכים ע״י החנויות הממשלתיות הריקות, היו דיים לקבוע יחסנו זה. עכשיו גם נחסמו שערי היציאה לעולם החופשי ובעיקר לא״י. הפגיעה הגדולה ביותר מצדם באה, לדעתי, עם שלילת חופש הפולחן הדתי, ושיאה — הפיכת בית הכנסת „הישן" למחסן תבואה, כביכול לפי „דרישת" האוכלוסיה היהודית. אינני יודע על משהו שהיה יכול לעורר יותר את חמתם של יהודי איביה מאשר התנקשות זאת בקודש קודשנו!

היו צעירים אמיצים שסיכנו את נפשם וניסו לעבור לווילנה, שהיתה אז זמנית תחת שלטון הליטאים, מתוך מגמה להגר משם לחו״ל ובעיקר לא״י. אך רובם נתפסו, נאסרו ונשלחו לסיביר ביחד עם משפחותיהם.

למדתי אז בבית הספר התיכון בגרודנה, לשעבר הגמנסיה העברית „תרבות", שנאלצה להתאים את עצמה למשטר החדש: מפאת האיסור על השפה העברית, הוכנסה שפת האידיש כשפת ההוראה ולימים השפה הרוסית. על הלך הרוח שלנו כלפי המשטר תעיד העובדה שיום אחד בעת ההפסקה פרצו פתאום התלמידים בריקודי „הורה". המורים הנדהמים, מחנכיהם לשעבר, התחננו בפנינו שנפסיק, בידעם מה מצפה לנו, באם דבר זה יוודע ברבים. לא ארכו הימים וכל הנהלת בית הספר עברה מידי מורי „תרבות" לשעבר לידים „נאמנות"... מבחינה רוחנית עלה הכורת על כל מחשבה עצמאית. לא אגזים אם אומר, שאם כי התקופה שלאחריה סימלה את הקץ ממש, הרי 20 החודשים תחת שלטון הרוסים היו מלאות דאגה, פחד מתמיד וחסרות טעם ותכלית.

באותה תקופה טרם ידענו, או אולי לא רצינו לדעת על הרציחות וההתעללות ביהודי פולין שחיו תחת מגפי הגרמנים. אני זוכר כי היו בין יהודי איביה כאלה שאמרו שהם מעדיפים שלטון גרמני על סובייטי, בעיקר חנוונים שסחורתם הולאמה. ואכן, לא היו צריכים לחכות זמן רב כדי לטעום על בשרם את טעם החיה הגרמנו־נאצית. לפי לוח הזמנים של היטלר היינו מהראשונים „בתור" ואכן, כפי שידוע לכולנו, השואה לא בוששה לבוא.

משה קאַגאַנאָוויטש / תל־אביב

# זכרונות פון אַ „באַרעדינשטשיק“

## א. בערנאַרדינער — די הויפּט־גאַס פון שטעטל

אונדזער שטוב איז אויף בערנאַרדינער גאַס און דערפאַר רופט מען מיך, פונקט ווי אַלע קינדער פון דער גאַס „באַרעדינשטשיק“. וואָס מיינט אַ זשוליקל, אַ צעלאָזענער שטיפער, אַ חברה־מאַן. מיר, די קינדער, האָבן עס אַפילו אָנגענומען ווי אַ קאָמפּלימענט און שטאָלצירט דערמיט. ערשטנס, איז בערנאַרדינער גאַס די הויפּט־גאַס פון שטעטל. צווייטנס, שטייט דאָ דער קלויסטער * צופוסנס פון אַ הויכן באַרג און אין די זונטיקן און חגאות איז די גאַס פול מיט גויים און גויעס פון דער גאַנצער פּאַראַפיע. דריטנס, איז דאָס אַן אַריינפאָר־גאַס פון אַ גרויסער געגנט, וואָס ציט זיך ביז באַקשט און באָריסאָווקע און ציט זיך (ווי מען פלעגט זאָגן אין איוויע „אין אַלדע קלאָגן“...) ביז וואָלאָזשין. פערטנס, געפינט זיך דאָ ביים סאַמע אָנהויב פון גאַס דער טייך מיט דער מיל, די הילצערנע בריק און די זאַסאַדזקע, וואָס איבער זיי פאַלט אַראָפּ דאָס וואַסער מיט אַ גערויש. ווייטער, פירט פון דאַנען דער וועג צום בלאָטיקן פּריסאַדעס, צום הויף און הויפישן סאַד, צום נאָענטן שאָטנדיקן דאָרף, זאַקאָשטשעלצע, צו טונקל־גרינע שאָטנדיקע וועלדער און, וואָס איז צו ריידן, די שענסטע הייזער זיינען אין „אונדזער“ גאַס. בכל אופן, אַזוי האָבן מיר, די קינדער פון בערנאַרדינער גאַס, געגלויבט און געגרויסט זיך דערמיט פאַר די קינדער פון די אַנדערע גאַסן...

היינט, וואָס איז ווערט, וואָס אונדזער גאַס איז איינע פון די צוויי גאַסן (די צווייטע — פערדמאַרק) אין שטעטל, וואָס האָט אַ גרויסן באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף? אַ קלייניקייט, ווו צעפּוזשעט זיך אַ פערד און טראָגט אַראָפּ דעם וואָגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אַלע צעלויפן זיך פון שרעק אין די הייזער און אויף די הויפן, און דערנאָך לויפט מען קוקן דעם צעבראָכענעם וואָגן, און אַז גאָט העלפט אַ צעבלוטיקטן גויציק, וואָס הערט זיך ניט אויף צו צלמען פון שרעק? ווו קען מען אַזוי הנאה האָבן פון „אָנהייגען“ זיך בגניבה פון הינטן אויף אַ גוי׳אישן שליטן. ביז אַ יינגעלע מסרט אונטער „פּושקאַ דאַוואַי“ (גיב מיט דער בייטש), אָדער „אַראָפּקאַטאַיען“ זיך אין די שנייאיקע ווינטער־נעכט פון אַרויף־באַרג ביז באַרג־אַראָפּ אויף אַ געגנבעטן שליטן, אָדער אַפילו אַ שליטעלע צו פירן וואַסער?

ניטאָ וואָס צו ריידן, עס לוינט זיך זיין אַ „באַרעדינשטשיק“.

---

* פון דאַנען אויך דער נאָמען, קלויסטער־גאַס (קאָשטשעלנאַ).

אין די זונטיקן און חגאות זעט מען שימערירן, זומער אין די זון־שטראַלן און ווינ־טער אויפן פאָן פון ווייסן שניי, אַ ים פון פאַרבן. ווייסע קאָפּ־טיכלעך און פאַרביקע סטענגעס פון די שיקסעס מישן זיך אויס מיט אויסגענייטע לייוונטענע רובאַשקעס און אָפּגעפּוצטע מיט דזשעגעכץ שטיוול פון די שקצים. מיר, די קינדער פון בערנאַרדינער גאַס, לויפן נאָך די שיקסעס און בעטן זיך: „קוויעטקאָ דאַואַי" (גיב אַ בלימל). ווי גרויס איז אונדזער פריידׂ ווען איינע באַוויליקט צו געבן אַ בלימל שמעקעדיקן מאַי, אָדער אַ צווייגל, געהייליקטע מיט די הייליקע וואַסער!

מיר לויפן נאָך די חתונות, וואָס גייען אַרויס פון קלויסטער מיט די דאָרפישע מוזיק: אַ דריפּעדיקע פידל, אַ הילצערן פייפל און צימבאַלן, אויף וועלכע דער מוזי־קאַנט כישופט מיט צווי שטעקעלעך. מיר טאַנצן אונטער גייענדיק און באַוועגן זיך צום טאַקט פון די מאַרשן, וועלכע מיר קענען שוין אויף אויסנווייניק, ווי עס טוען דאָס די שקצים, און באַגלייטן די חתונות ביז זיי גייען אַריין אין אַ שענק פאַרגיסן מיט בראָנפן די שמחה...

פאַרקערט, אַז עס ציט זיך דורכן גאַס אַ לוויה (אָדער ווי מען פלעגט זאָגן אַ פּגירה) מיטן גרויסן צלם פאַרויס, מיט הייליקע בילדער, מיט שקצימלעך אין ווייסע קיטלעך, וואָס קלינגען מיט גלעקעלעך און דער גלח אין דער שוואַרצער סוטאַנע מיט אַ גרויסן צלם אויף דער ברוסט און אַ זיידענע אויסגעהאַפטענע עטרה אויפן האַלדז זינגט אויס פייערלעך זיינע תפילות, פלעגן מיר זיך פאַר שרעק פאַרבאַהאַלטן הינטער אַ שטוב אָדער הינטערן פענצטער און דערמיט שטילן אונדזער נייגיר (אויך דערוואַקסענע פלעגן זיך אָפּרוקן אין אַ זייט, כדי ניט צו דאַרפן אַראָפּנעמען די היטל)...

דערפאַר, אַז מיר פלעגן פאַרבייגיין נעבן קלויסטער, פלעגן מיר אָן פּחד אויס־שפייען דריי מאָל און אין כאָר אויסרופן: „שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא — טפו! טפו! טפו!...

## ב. טאָליע סאַלאָחעס — דער אייוויער ביטניק...

אויב איר מיינט, אַז מיר, די „באַרעדינשטשיקעס" האָבן מקנא געווען גראַף זאַמאָי־סקין אָדער דעם פּריץ שעלעזניצקין, האָט איר אַ גרויסן טעות. וועמען האָבן מיר מקנא געווען מיטן גאַנצן האַרצן? טאָליע סאַלאָחעס!

די סאַלאָחעס, ווי מען האָט זיי גערופן, איז געווען אָן אָרעמע (און אפשר די אָרעמ־סטע) פאַמיליע אין שטעטל. זייער האַלב־איינגעפאַלן שטיבל איז געווען אין אַ זייטיק געסל, וואָס האָט געפירט פון בערנאַרדינער גאַס צום „וויהען" (וויגאָן). אין דער פיטשעמאַנטשיקער שטיבעלע מיט דער ערדענער פאָדלאָגע האָבן געלעבט אַחוץ די אַלטע סאַלאָחיכע, פיר זין, פון זיי דריי פאַרהייראַטע, וואָס האָבן ניט געקאַרגט צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט... באַלד ביים אַריינגאַנג האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף בעטן, פון וועלכע עס האָט זיך געשאָטן „מעל"... אַ גרויסער טיש האָט פאַרשטעלט דעם דורכ־גאַנג צווישן וואַנט און די בעטן. דער טיש האָט זיך געהאַלטן אויף צווי פיסלעך און צווי אונטערגעשטעלטע שייטלעך האָלץ... די קליינינקע, צעשפּאָלטענע פענצטערלעך

האָבן אַדורכגעלאָזט וויניק ליכט פון דרויסן און בלויז דער גרויסער, אָפּגעווייסטער אויוון האָט געוואָרפן אַ ביסל העלקייט אויף די נאַסע, פלעקיקע ווענט. ווינטער פלעגן שמאַטעס און אויסגעקראָכענע קאָלדרעס דינען ווי טאָפּלט־פענצטער קעגן די פרעסט און שניי־זאַווערוכעס. צוויי זין, זלמן און מאיר, זיינען געווען שוסטער־לאַטוט־ניקעס. גוטל און טאָליע זיינען געווען, ווי מען רופט דאָס היינט „ביטניקעס". דער אמת איז, אַז גוטל פלעגט פון צייט צו צייט פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן פון צופעליקע פרנסות: קויפן און פאַרקויפן אין אַ מאַרק־טאָג אַ קעלבל, אָדער אַ פּאָר קילאָ פיש, וואָס זיין ווייב פלעגט צעטראָגן אין באַלעבאַטישע הייזער. אָבער פון גוטלס פרנסות און פון זלמנס און מאירס שוסטעריי האָט מען ניט געקענט שפּייזן די גרויסע משפחות און אויף שבת פלעגן פרומע ווייבער אַריינטראָגן אין שטוב אַריין אַ קויש מיט חלה און ברויט...

טאָליע איז געווען אַ פּרינציפּיעלער אַלטער בחור, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן ניט „איינגעטונקט אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער". טעג און נעכט, זומער און ווינטער איז ער געשטאַנען אויפן בריק און געקוקט אין טייך אַריין. אין שטעטל האָט מען זיך געוויצלט אַז ער היט נאַכימאַווסקיס פאַרמעגן... ווי איז געווען דעם יינגל, וואָס האָט געפּרוווט אָנרירן די „זאַסטאַווקעס", אָדער וואַרפן שטיינער אין טייך. טאָליע האָט שטאָלצירט, וואָס עס איז דאָ אַ יידישער גביר, ווען עס געהערט די מיל, דער טאַרטאַק, די עלעקטרישע סטאַנציע און די וועלדער. כאָטש אין שטעטל האָט מען אים גערופן „נאַכי־מאַווסקיס שותף", איז ער אַליין געווען פיל באַשיידענער און האָט זיך בלויז געווונטשן „זיין אַ לויז ביי נאַכימאַווסקין"...

ער פלעגט ניט דורכלאָזן קיין שמחה אין שטעטל. ער איז געווען דער געשוווירענער אומזיסטער אָרדענונגס־האַלטער ביים אַריינגאַנג אין „סאַראַי" צו טעאַטער־פאָרשטעלונ־גען. פלעגט צעטרייבן די קינדער, וואָס זיינען נאָכגעלאָפן די „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע" בעת זייערע רעפּעטיציעס, אָדער זיך געשטופּט נענטער צו אַ שריפה. אין די פּאַראַדנע טעג פלעגט ער גיין מיט זיין שטעקעלע פאַר דעם אָרקעסטער און איז אויך געווען דער, וואָס פלעגט מאַכן אַ וועג פאַר חתן־כלה צו און פון דער חופה אויפן שול־הויף...

אין שטעטל איז דער נאָמען „סאַלאָחע" געווען אַ זידלוואָרט. אַ יינגל, וואָס האָט ניט געוואָלט לערנען, אָדער אַרבעטן, פלעגט דער טאַטע מוסרן: „וואָס וועט פון דיר זיין, אַ סאַלאָחע?"...אַ יינגל, וואָס האָט געהאַט אַ „גראָבן קאָפּ" (אַ שוואַכן זכרון אָדער תפיסה) פלעגט מען רופן „נחום סאַלאָחעס". אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז זייער זיידע, נחום, האָט געדינט גאַנצע 25 יאָר אין דער צאַרישער אַרמיי אַלס קאַנטאָניסט. דאָרט האָט מען אים געפּרוווט אַריינהאַקן אין קאָפּ „סלאָוועסטנאָסט". דריי מאָל אין טאָג, בעת די מושטרעס, האָט מען געלערנט די נעמען פון צאַר, צאַריצע (קייסערין) און צאַרעוויטש (קרוינפּרינץ). אַז נחום האָט זיך צוריקגעקערט אין שטעטל פלעגן לצים אים פרעגן: — נחום, ווי רופט מען דעם רוסישן קייסער? און נחום פלעגט מיט כעס ענטפערן: — די קלאָג זאָל אים וויסן, פון וואַנען זאָל איך וויסן ...

אויב מיר קינדער האָבן מקנא געווען טאָליען, איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער באַלעבאָס פון דער איינציקער לאָדקע און מיר האָבן געוווסט, אַז בלויז מיט זיין חסד קען מען זיך אַ ביסל „קאַטאַיען" (פאָרן) אויפן טייך. ער האָט בלויז געגעבן אַ

קוק אויף אונדז און מיר האָבן שוין געוווּסט וואָס ער מיינט. מיר פּלעגן גיך אַרויספּאַקן פון די קעשענעס די אָנגעגנבעטע גוטע זאַכן פון שבתדיקן טיש: קיכל, אַ שטיקל געפילטן שטרודל, געפּילטע פיש, אַ „נאַקראַיעץ״ חלה, וואָס טאַליע פּלעגט קונציק באַלד אַראָפּלאָזן אין די טיפע קעשענעס פון זיין אָפּגעריסענעם, צעלאַטעטן, לאַנגן מאַנטל.

— גיכער! — פּלעגט ער געבן אַ קאָמאַנדעווע און אַראָפּציען טיפער זיין היטל איבער די אויערן (מיר האָבן געוווּסט, פאַרוואָס ער טוט קיינמאָל ניט אויס דאָס היטל און עס איז ביי אים אַראָפּגערוקט איבער די אויערן. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז אַלע סאַלאָחעס זיינען „קיסאַרים״ ד. ה. פאַרכעס...).

איך און מיינע צוויי ברידער: דוד און ראובן ז״ל זיינען אַריינגעשפּרונגען אין דער הוידנדיקער לאָדקע. — גאָט צו דאַנקען, קיינער האָט ניט געזען — פּלעגן מיר זיך אַליין באַרואיקן, און כדי צו זיין זיכער, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן זיך ניט דערוויסן (אונדזער שטוב איז געווען די פערטע פון טייך) פּלעגן מיר איינטענהן מיט אים, אַז ער זאָלן פאָרן ווייט אין די היי־שטרוי, אָדער לענגאויס די טרעשניק מיטן שמאָלן וואַסער־וועג, וואָס פירט צום הויפישן סאָד. אָבער טאַליעס האַרץ איז ווי אַ קיזלשטיין, זיין לעבנס־פילאָזאָפיע איז אַ ביטניקישע: פאַמעלעך, פאַראַן צייט, „טישע יעדיש, דאַלשע בודעש״ (פאָר פאַמעלעך, וועסטו זיין ווייטער). אָפּגעפאָרן אַ פאָר מעטער און אַוועקגעלייגט רחבותדיק די וויאַסלע, פּלעגט ער אָנהייבן קנייפּן פון דער טיפער מאַנטל־קעשענע די גוטע זאַכן און מיט פאַרמאַכטע אויגן באַלעקן זיך פון די זיסקייטן און פעטע מאכלים. כדי מיר זאָלן אים נישט שטערן אין זיין הנאה און דרייען אַ קאָפּ, אַז ער זאָל בעסער אָפּפאָרן ווייטער פון ברעג, פּלעגט ער פּלוצלינג געבן אַ געשריי: — קינדער, מע קוקט! — מיר פּלעגן זיך גלייך אויסציען אין דער נאַסער, פאַרבלאָטיקטער לאָדקע און מיט צאַפּלדיקע הערצער געוואַרט אויף דער בשורה, אַז מיר קענען זיך שוין אויפהייבן. כדי צו פאַרגיטיקן, האָט ער אָנגעריסן פאַר אונדז געלע וואַסער־„קאַראַסקעס״ (בלומען), וואָס זיינען געוואַקסן אויף די קלעפּיקע, גרויסע בלעטער, גענדזעלעך פון די טרעשניק און שפּיצן פון טרעשניק, וואָס מען קען אויספּייפן אויף זיי קלאַנגען, וואָס זיינען, אמת, ווייט פון מוזיק, אָבער דאָך קולות, וואָס מען קען ניט אַרויסברענגען אָן דעם.

ער האָט אונדז אויך געלערנט ווי צו וואַרפן אַ ווודע אין וואַסער אַריין און פּרוּוון אַרויסציען אַ פישעלע. זאָגן אַז טאַליע האָט געהאַט גרויס מזל צו כאַפּן פיש, וואָלט געווען אַ גוזמא, אָבער מיר האָבן געהאַט גענוג שרעק פון זיינע פישפאַנג־לעקציעס. ס׳רוב פּלעגט זיך די ווודע פאַרפּלאָנטערן אין דער טייכיקער בלאָטע אָדער אין די צעוואָרצלטע, צעפּוילטע געוויקסן, און וועלנדיק אַרויסציען זי פּלעגט זיך די לאָדקע קערן אין אַלע זייטן און אונדזערע קינדערישע הערצעלעך האָבן זיך געצאַפּלט פאַר שרעק... אַמאָל פּלעגט ער סתם, וועלנדיק באַווייזן זיין העלדישקייט און שרעקלאָזיקייט, טרייסלען די לאָדקע און מיר פּלעגן מיט טרערן אין די אויגן אים בעטן, אַז ער זאָל שוין אויפהערן אונדז צו שרעקן און אָפּפירן צום ברעג, אין די טרעשניק נעבן וויהען, ווו מיר קענען גלייך אַריינגיין אין שטוב.

טאַליע פאַרגעסט ניט אָנצוזאָגן אונדז צום ווייפּלטן מאָל, אַז מיר זאָלן דעם קומענדיקן מאָל ברענגען מער שטרודל. פאַר דעם וועט ער אונדז פירן דורכן שמאָלן וואַסער־

וועג אַזש ביז צום הויפּישן סאַד, און וועט אַראָפּגיין אין בלאָטיקן אַליעשניק וועלדל אַנקלייבן פאַר אונדז מאַלינעס...בגניבה כאַפּן מיר זיך אַריין דורכן הויף שטילערהייט אין שטוב, איבערבייטן די נאַסע בגדים און פאַרבלאָטיקטע שיך, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן ניט דערקענען, ווי זייערע „תכשיטים" זיינען געווען... גאָט צו דאַנקען, אַראָפּ אַ שטייך פון האַרצן. אָפּגעזאָגט דעם צוגעגרייטן ליגן און אַלץ איז אַדורך בשלום. איצט דאַרף מען ווידער אָנהייבן גרייטן גוטע זאַכן פאַר טאַליע סאַלאָחעס, ער זאָל אונדז קאַטאַיען אויפן טייך, זאָגט אַליין, דאַרף מען אים ניט מקנא זיין ?...

## ג. חיקה נחמהס גייט „לייגן קלאַפּטער"...

וואָס קען זיין אַ גרעסערער פאַרגעניגן פאַר קינדער, ווי צו פּלושקענען זיך אין אַ פאַרנעם תמוז־טאָג אין קילן וואַסער ? מיר באָדן זיך נאַקעטע האַרט ביים ברעג טייך. טיפער איז אַ סכנה. שווימען קענען מיר ניט. אַז מען וויל זיין זיכערער, גייט מען אונ־טערן בריק, ווו עס פאַלט אַראָפּ אויף גליטשיק־מאָכיקע ברעטער דאָס וואַסער פוו איבער די זאַסטאַווקעס. דרייסטערע טוען זיך אָן אַ כוח און שטעלן אונטער אויף אַ רגע די פלייצעס ממש אונטער די זאַסטאַווקעס און מען פילט, ווי דער וואַסער־שטראָם קלאַפּט אויפן קליינעם גופל און וואַרפט דיך שיר ניט אום. אָבער, אַז מען וויל זיין אינגאַנצן זיכער, גייט מען זיך באָדן אין דעם קליינעם טייכל, ווו אַז מען שטעלט זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ, דערגרייכט דאָס וואַסער איבער די אויערן. ייִנגלעך „ריזיקאַנטן" גייען צום טיפערן וואַסער נעבן די גרויסע מיל־רעדער, ווו עס פאַלט אַראָפּ מיט אַ גערויש און צע־שפּריצט זיך אין פינקלענדיקע טראָפּנס דאָס וואַסער, וואָס באַוועגט די רעדער. ס׳רוב פאַרענדיקט זיך דאָס באָדן מיט קריגערייען און קלעפּ. דאַן כאַפּט מען אַרויף אויפן נאַסן גופל די הייזלעך און ס׳העמדל און מען לויפט אַהיים...

פאַר אונדז איז אַפילו אַ סענסאַציע צו זען ווי מען באָדט אַ פערד. ס׳רוב באָדט מען פערד אין די זומערדיקע, פרייטיקדיקע נאָכמיטאָגן, ווען די קאַראַבעלניקעס, באַלעגאָ־לעס און פערד־הענדלער, האָבן זיך שוין צוריקגעקערט פון די דערפער, טראַכטן און שליאַכן צו זייערע היימען אויף שבת. דאָס פערד זעט אויס ווי אַן איבערגעשראָקנס און וויל בשום אופן ניט אַריינגיין אין וואַסער. דאָס פערד האַלט זיין מאָרדע אויסגעשטרעקט פאָרויס איבערן וואַסער, זעצט זיך און זינקט דוכט זיך אין וואַסער אונטער דער משא פון רייטער. ער בלאָזט פון זיינע נאָזדרעס און מויל בלעזלעך וואַסער, שווימט מאַיעס־טעטיש, רייסט מיט זיינע פּאַדקאָוועס די פלאַנצן, רירט אויף דעם בלאָטיקן גרונט און מאַכט מוטנע דאָס אַזוי אויך ניט איבעריק קלאָרע וואַסער פון איוויענקאַ... אַרויס־גייענדיק פון טייך אַן אָפּגעצוואָגנס, הירזשעט עס פריילעך און טרייסלט אַראָפּ פון זיך דאָס וואַסער, וואָס גיסט זיך פון זיין גוף.

אָבער דאָס גרעסטע פאַרגעניגן פאַר אונדז קינדער איז צו זען ווי עס שווימען די דערוואַקסענע. געווען אין איוויע עטלעכע גוטע שווימערס, וואָס פלעגן באַווייזן קונצן אין וואַסער, ווי לייגן קלאַפּטער, שווימען ווי אַ פיש, טוקן אין וואַסער און באַווייזן זיך אויף דער אויבערפלאַך העט־העט ווייט, איבערקוליען זיך שווימענדיק און אַנדערע קונצשטיק,

וואָס פלעגן אונדז פאַרכישופן און אַרויסרופן ביי אונדז התפעלות און דרך־ארץ צו די שווימערס. געווען בלויז איין פרוי אין שטעטל, וואָס האָט געקענט שווימען, חיה׳קע נחמהס. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ סענסאַציע אויף וועלכער מיר האָבן קיינמאָל ניט מוותר געווען...

אָט טראָגט זיך דורך דער בערנאַרדינער גאַס אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט אַ געשריי: „חיה׳קע נחמהס גייט לייגן קלאַפּטער". חיה׳קע נחמהס, אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ ברוין פּנים, מעסט אָפּ מיט אַ שפּאָטישן בליק פון אויבן אַראָפּ די טאָלפּע ייִנגלעך, וואָס לויפן פאָרויס און גייט זיך מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איר וועג. אַ פּאָר טריט פאַר איר שפּאַנט איר זון, חעמעלע, אויך אַ ברוינפּנימדיקער מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, פאַר וועמען מיר האָבן מורא און היטן זיך ניט צו זיין צו נאָענט נעבן אים. אַז חעמעלע מאַכט בלויז אַ בייזע מינע אָדער גיט אַ געשריי: „ממזרים, אַהיים!", צעלויפן מיר זיך, כדי זיך צו באַוואָרענען פון זיינעם אַ „גלעט"...



קבוצת נוער על העץ החלול בדרך המובילה מרח׳ וילנר לחוה (הויף).

באַלד זעט מען ווי זי שווימט אַרויס פון אונטער דער ווייבערישער קופּאַלניע. זי שווימט אין דער אונטערקלייד (אין יענע יאָרן האָט מען ניט געוווּסט פון באָד־קאָסטיו־מען און ביקיני...) רואיק, שטיל, דאַן גיט זי זיך פּלוצעם אַ וואָרף מיט איר לאַנגן קער־פּער, קערט זיך איבער אויפן פּלייצע און ליגט אַ פּאָר מינוט רואיק ניט באַוועגנדיק זיך. מיטאַמאָל ווערט זי פאַרשווונדן אונטערן וואַסער אויף אַ פּאָר מינוט און דאַן באַווייזט זי זיך אויף דער אויבערפלאַך אַזש נעבן די היישטרוי ביים אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג פון

טייך. מיר קינדער שטייען אויפן בריק און קוקן זיך פאַרגאַפטע צו, וואָס פאַר אַ קונצן זי באַוויזט אַלץ. אָבער די גרעסטע אַטראַקציע קומט ערשט: לייגן קלאָפּטער. זי צע־שפּריט די הענט ווי פליגלען, פּאַטשט מיט זיי איבערן וואַסער און שווימט מיט אַ ראַ־שיקער שנעלקייט. פּלוצים גיט זי אַ כאַפּ פאַרן קאָפּ אַ פאַרבײַשווימענדיקן מאַנצביל און טוקט אים אונטערן וואַסער, איינמאָל און נאָכאַמאָל. דער מאַנצביל (פאַרשטייט זיך אין גאַטקעס אָדער הויזן) שרייט אַ דערשראָקענער: גוואַלד! אָבער זי טוקט אַראָפּ זיין קאָפּ נאָכאַמאָל טיף אונטערן וואַסער, ביז יענער גייט צוריק אַרויף אַ האַלב פאַרחושטער און גיסט פון האַלדז און נאָז דאָס וואַסער... חיה'קע נחמהס לאַכט אויף אַ קול און מיר, די קינדער אויפן בריק, לאַכן אויך פון די שטיפערייען פון אַ דערוואַקסענער ידענע...

אַז מיר זיינען אונטערגעוואַקסן פלעגן מיר זיך גיין באָדן ביי דער קלאַדקע נעבן הויפישן סאָד, מיר פלעגן גיין מיטן וויהען (וויגאָן) לענגויס, ניט זעלטן אַריינרוקן אַ פוס אין בלאָטיקן גרונט, ביז מיר פלעגן דערגייך אַהין. דאָרט האָבן זיך געבאָדן נאָר מאַנצביל און, פאַרשטייט זיך, נאַקעטע. עס פלעגט טרעפן, אַז מיר פלעגן ריזיקירן, אַדורכגנבענען זיך מיטן וואַסער אונטערן פאַרקאַן פון הויפישן סאָד און מיט ציטעריקע הערצער פרוּוון זיך אַרייַנגנבענען אין ריינעם, גרויסן טייך. אָבער כמעט אַלע מאָל פלעגן מיר מוזן צוריק־לויפן פאַרסאָפּעטע און איבערגעשראָקענע ביז טויט, פאַר אַ שייגעץ מיט אַ גרויסן הונט, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך אונדז (פאַרן הונט האָבן מיר זיך געשראָקן נאָך מער ווי פאַרן שייגעץ...). געקומען צו לויפן צו דער קלאַדקע, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט. ניטאָ וואָס צו רידן, מיר זיינען אין גלות. דאָס האָבן מיר געוווּסט פון דער פריסטער קינדהייט... די גוֹאישע הינט, להבדיל, האָבן דאָס, ווייזט אויס, אויך געוווּסט...

## ד. גוואַלד! פּאָזשאַר! עס ברענט!

שריפות זיינען אין שטעטל געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. אין שטעטל פלעגט מען אַלע געשעענישן דאַטירן לויט די שריפות, וואָס זיינען אויסגעבראָכן. אַחוץ אַ פּאָר גע־ציילטע געמויערטע הייזער (פון ציגל געדעקט מיט דאַכוווקעס), זיינען די אַלע איבעריקע הייזער געווען הילצערנע און געדעקט מיט שינדלען. שוין ניט רייִדנדיק וועגן די פיל היל־צערנע הייזער און שייערן אין ווילנער, נאַוואָרעדקער און קרומע גאַסן, וואָס זיינען געווען מיט שטרוי־דעכער. דער הייסער סעזאָן איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין זומער, ווען די אויסגעטריקנטע הילצערנע בערוועגעס, שינדלען און שטרוי האָבן געברענט ווי קינעלעך. די הייזער זיינען געווען געבויט געדיכט, באַזונדערס אין די זייטיקע געסלעך אָדער די „גערטנער", וווּ די הייזלעך זיינען ממש געווען איינע אויף די אַנדערע.

פאַר אונדז קינדער איז אַ שריפה (פּאָפּולערער איז געווען דאָס וואָרט — פּאָזשאַר) געווען די גרעסטע, און איך שעם זיך ניט צו זאָגן, די פריילעכסטע געשעעניש... טאַטע־מאַמע ברעכן איבערגעשראָקענע די הענט, קוקן אויפן פאַררויטלטן הימל און פּרוּוון טרעפן, וווּ עס ברענט. מיר דערהערן נאָר דאָס געשריי „פּאָזשאַר!" און די פּאָזשאַרנע טרובקע (שפּעטער איז די טרובקע פאַרביטן געוואָרן מיטן „שרייער", וואָס פלעגט יללהדיק אָנזאָגן אַ שריפה), פלעגן מיר שוין לויפן מיט די לעצטע כוחות צום אָרט פון דער שריפה.

אויב נאָר עס איז געווען ווייט פון דער אייגענער שטוב (אויב ניט, האָט מען זיך גע־דאַרפט פּאַקן און אַרויסכאַפּן פון שטוב אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט), איז דאָס ממש געווען אַ סעפּקטאַקל, וועגן וועלכן מען האָט לאַנג, לאַנג גערעדט אין שטעטל. עס פלעגט טרעפן, אַז אַ ידענע פלעגט לויפן איבערן גאַס און באַרואיקן: „עס איז גאָרניט, עס ברענט ווילנער גאַס" (געווען באַוווינט בעיקר דורך גויים...). דאַן איז, פאַרשטייט זיך, די שמחה געווען אַ פולע...

מיר לויפן לויטן רויטן הימל, לויט די געשרייען און אין שליאַד פון דער „פּאָזשאַר־נער קאָמאַנדע" (די שריפות פלעגן ס'רוב אויסברעכן ביינאַכט). די פּאָמפּע־מאַשינעס און די הילצערנע צווייִרעדלדיקע וואַסער־פעסלעך לויפן מיטן גאַנצן אימפּעט איבערן שטיינערנעם ברוק, באַגלייט מיטן אַליאַרם פון דער טרובקע אָדער „שרייער". אַ קיילעכ־דיק יאָר פלעגט מען לערנען די פּאָזשאַרניקעס ווי אַזוי צו לעשן אַ שריפה, ווער עס דאַרף פּאָמפּען, ווער עס האַלט די קישקעס און ווער דעם „נאַסאָס" און אַלץ, פאַרשטייט זיך, לויט אַ סדר, לויט „קאָמאַנדעס". אָבער ביי אַ שריפה האָט מען פאַרגעסן אַלע תורהס. יעדער האָט געהאָלפן, געגעבן באַפעלן און עצות ווי צו לעשן און וואָס צו טאָן. ניט זעלטן איז געקומען צו קריגערייען און אַפילו צו קלעפּ: — רייסט די בערוועגעס! רייסט ניט, אַ שאָד! דערלאַנג דאָס וואַסער אויף לינקס! גיט דעם שטראָם אויף די שכנותדיקע הייזער! די וויכוחים האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די געוויינען און געשרייען פון די נשרפים, וואָס האָבן געפּרוּווט אַרויסראַטעווען פון די פייער־צונגען עפּעס פון שווער־פאַרהאָרעוועטן האָב־און־גוטס...

מיר זיינען געשטאַנען און הנאה געהאַט צו זען ווי די פייער־צונגען שיסן אַרויס אין דער הייך, ווי עס פאַלט אַראָפּ מיט אַ טראַסק דער ברענענדיקער דאַך און עס ברעכן זיך איין די סופיטן און די ווענט. מיר האָבן געפילט אויף אונדזערע צערויטלטע פּנימער די וואַרעמקייט פון גרויסן פייער און זשעדנע געשלינגען דעם סמאָליעדיקן רויך. אמת, ניט אַלעמאָל האָבן אונדז די פּאָזשאַרניקעס פאַרגונען דעם פאַרגעניגן. ניט איינמאָל פלעגט דער „נאַסאָס"־האַלטער, וואָס האָט געקירעוועט דעם וואַסער־שטראָם (די „יחסנים" זיינען געווען די ברידער באַראַן, אָדער ווי מען האָט זיי געקענט אין איוויע אונטערן צונאָמען „די סאַגאַנטשיקעס") מיטאַמאָל געבן אַ קער דעם „נאַסאָס" און אָפּגיסן אונדז פון אויבן ביז אַראָפּ...

אויב דער רבונו־של־עולם האָט געהאָלפן און דאָס פייער האָט זיך פאַרשפּרייט אויף די אַרומיקע הייזער, איז אונדזער פרייד געווען אין לשער. מיר פלעגן דאַן אויך אַריינכאַפּן אַ מצווה: העלפן די באַדראָטע, שכנותדיקע הייזער זיך ראַמען, אַרויסכאַפּן פון די פייער־צונגען דאָס ביסל בעבעכעס, מעבל און בעטגעוואַנט. אַהיים פלעגן מיר זיך צוריקקערן פאַרטאָג מיט צעפּלאָמטע, פאַרסאַזשעטע פּנימער און צעריסענע בגדים און פלעגן, פאַרשטייט זיך, כאַפּן אַ „פּסק" פון טאַטע־מאַמע... צומאַרגנס פלעגן מיר, ווי דאָס גאַנצע שטעטל, גיין זען די אַרויסשטאַרצנדיקע קוימענס, דאָס איינציקע, וואָס עס איז פאַרבליבן ווי אַן עדות, אַז נאָך נעכטן זיינען דאָ געווען הייזער...

מיר האָבן אַלעמאָל געבעטן גאָט, אַז זאַקאָשטשעלצע, דאָס דאָרף וואָס הינטערן קלויסטער זאָל אָפּברענען. געווונטשן האָבן מיר זיך, אַז דאָס זאָל טרעפן אָסיען־צייט,

מצעד מכבי האש המתנדבים עם תזמורת כלי הנשיפה.
אויפמאַרש פון דער „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע" מיטן בלאָז־אָרקעסטער.



**בשורה הראשונה מפקד מכבי האש — ישעיהו בקשט. מנצח התזמורת — יצחק־יוסף בקשט.**

תהלוכת „3 למאי" ברחוב ברנרדינר (1927).




די פייערונג פון „3־טן מאַי" אין בערנאַרדינער גאַס (1927).

ווען די רייכע „מיעשטשאַנעס" פירן אַרייַן אין די שייערן דעם שניט פון די פעלדער און מיר קענען עסן געבאַקענע קאַרטאָפל... אָבער זיי האָבן געהאַט אַ גויאישקן מזל, זיי האָבן ניט געברענט. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז אַ „גוטער ייד" זאָל זיי אַמאָל האָבן געבענטשט, אַז עס זאָל זיי קיין פייער ניט נעמען, מיר, די קינדער, האָבן ניט תופס געווען פאַרוואָס עס קומט זיי, די שונאי ישראל, די רייכע מיעשטשאַנעס, אַזאַ ברכה פון אַ „גוטן יידן". אָבער, פאַרפאַלן, אַזוי איז דעם אייבערשטנס רצון.

אַז עס האָט געטראָפן דאָס גרויסע אומגליק און דאָס שטעטל איז אין די ערשטע מאַי־טעג פון 1929־סטן יאָר אַוועק מיטן פייער, זיינען די גויאישקע הייזער פון ווילנער, נאָוואָרעדקער און קרומער גאַסן געשווינט געוואָרן און, פאַרשטייט זיך, אויך די אָפּגע־וויטערטע זאַקאָשטשעלצע...

אָבער דאַן האָט מען זיך געשושקעט, אַז די יידן האָבן „פאַרסטראַכירט" אַפילו די וואַנצן און די באַלעבאַטים האָבן געלאָשן זייערע הייזער מיט...נאַפּט, פשוט, געמאַכט די ברכה: „בורא מאורי האש"...

## ה. משוגעים, טשודאַקעס און ניט קיין דערבאַקענע...

מיר האָבן אין שטעטל ניט געהאַט קיין אויסוואַל פון פאַרגעניגנס. עס זיינען ניט געווען קיין סענסאַציעס, פאַרווייַלונגען און ראַשיקע געשעענישן אין קליינעם שטעטעלע, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך, אַחוץ אין מאַרק־טעג אָדער ירידן, געווען פאַרשלאָפן און אידיליש־שטיל. מיר האָבן ניט געהאַט ווו אויסצולאָדן אונדזער קינדערישע, זאַרגלאָזע פרייד, ענערגיע און... ווילדע אינסטינקטן. בלית ברירה, האָבן מיר דאָס געפּרוווט מיט אויפ־רייצן משוגעים, ווילן זיך מיט „טשודאַקעס", ניט קיין דערבאַקענע און סתם „טיפּן", וועלכע זיינען געווען יוצאי דופן מיט זייער אויסזען און אויפפירונג (היינט באַצייכנט מען עס „דעפעקטיווע", „דעווילע", פּסיכאָפּאַטן, טעמבעלס א. אַנד. כּאָדערנע באַציי־כענונגען).

אַחוץ די „פירמאָווע" משוגעים זיינען געווען „טיפּן", וואָס האָבן זיך, ווי מען זאָגט, ממש געבעטן מען זאָל זיך פריילעך מאַכן אויף זייער חשבון. ווי איז געווען דעם, אויף וועמען מיר האָבן געוואָרפן אַן „אויג". אויב ער איז נאָך ניט געווען משוגע, האָבן מיר אים שוין געמאַכט פאַר אַ משוגענעם...

עס איז געווען זיידל, וואָס איז אַראָפּ פון זינען פון צופיל לערנען תורה (אַזוי האָט מען דערציילט). ער איז געווען דער שטעטלשער משוגענער לאַנגע יאָרן. איינמאָל איז ער אַרויף אויף דער בימה אין נייעם בית־מדרש, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און מכריז געווען: — אַזוי ווי אַ שטעטל אָן אַ משוגענעם קען ניט עקזיסטירן, מעלד איך אייך, אַז איך גיי אַוועק קיין נאָוואָרעדאָק און זוכט אייך אַן אַנדערן משוגענעם". מיר פלעגן אים נאָכשרייען: „זיידל, די טרייפענע לאַטקע", אַ רמז, אַז ער פלעגט אין גויאישע הייזער עסן טרייפענע לאַטקעס. ווינטער פלעגט ער זיין ביים זינען און אַפילו געשפּרודלט מיט חכמה און תורה. דערפאַר זומער, אַז די זון פלעגט אַ באַק טאָן, פלעגט ער לויפן איבער די גאַסן, ריידן צו זיך און זינגען ניבול־פּה־לידער.

עס איז געווען „חאַשקע די ציג", וואָס האָט געשטאַמט פון אַ באַלעבאַטישער, שיינער

משפחה (מאַלאַכאָווסקי). מיר האָבן דערטאַפּט איר „שוואַכקייט". זי איז געווען משוגע אויף איר פּאַרמעגן — אַ שטוב מיט אַ גאָרטן. פלעגן מיר, קינדער, אונטערצינדן פּאַפּירן נעבן איר שטוב און זי פלעגט מיט ווילדע קולות שרייען: „פּאָזשאַר!" און נאָכיאָגן אונדז. מער ווי דאָס האָבן מיר ניט געדאַרפט... מיר פלעגן אויף איר וואַרפן שטיינער און שרייען: „חאַשקע די ציג! אַז זי פלעגט דורכגייך די גאַס פלעגן מיר פון הינטער אַ הויז זיך פונאַנדערמעקען: „מאַ—מע", אויסציענדיק דעם „מע", וואָס פלעגט, פאַרשטייט זיך, איר דאַרפן דערמאָנען איר צונאָמען...

עס איז געווען הערשל בערעזינער, אַ פריילעכער קבצן, וואָס האָט אַמאָל געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי און געווען אַריינגעטאָן אין „פרעס" און עס איז געווען יאַנקעוו־לייבעלע, וואָס פלעגט פאַר אַ פּאַפּיראָס שרייען אויף קולי־קולות: „אַטודרענע".

געווען אַ דעפעקטיוו יינגל, אַ וואַסערטרעגער, וואָס מען האָט אים גערופן „טאַפּ־טאַ־לאַלאַ" און געווען דער לעמישעוואַטער, נחום דוד דער קאַליקער און געווען... ווער קען זיי אויסרעכענען די אַלע משוגעים, טשודאַקעס און ניט־דערבאַקענע פון שטעטל, וואָס זיינען פאַר אונדז געווען אַ מאַטעריאַל פאַר אָנלאַכן זיך, פריילעך מאַכן זיך און רייצן זיך מיט זיי?

אין שטעטל זיינען געווען אַ היפּש ביסל לצים, באַלעבאַטישע יונגעלייט און אַפילו בעלעבאַטים, וואָס האָבן צוגלייך ווי מיר, קינדער, געהאַט אַ שוואַכקייט זיך אָנצוהייבן מיט די אומגליקלעכע, געשטראָפטע, יוצא־דופנדיקע טיפּן און זיך פריילעך מאַכן דעם קליינשטעטלדיקן, לאַנגווייליקן און מאָנאָטאָנעם לעבן (דאַנציק לייבמאַן, חיים־עוזר גאַסקינד, ראובן וויסמאַנסקי און אַנדערע).

אויב עס זיינען אונדז געווען וויניק די שטעטלשע, אָדער זיי זיינען אונדז צוגעגעסן געוואָרן, פלעגן מיר זיך אויסזוכן „קרבנות" פון די אָנגעפאָרענע אַרעמעלייט. מיר פלעגן שוין „אָנשמעקן פון זיי אַ „טיפּ", וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין אויסזען, באַוועגונגען אָדער מינעס. צוערשט פלעגן מיר אים נאָכלויפן און נאָכשרייען אַ צונאָמען, וואָס מיר פלעגן טרעפלעך צופּאַסן. אויב דאָס האָט ניט געהאָלפן און ער האָט ניט רעאַגירט, פלעגן מיר אים אַרויספירן פון גלייכגעוויכט דורך וואַרפן שטיינער אויף אים. דאָס פלעגט ס׳רוב העלפן. ער פלעגט אונדז נאָכיאָגן איבער די גאַסן און הויפן און מיר האָבן אונדזער ציל דערגרייכט... די דערוואַקסענע „לצים" פלעגן אונדז העלפןביים אויסוואַל: „טשעפּע אים ניט, ער איז ניט קיין משוגענער" און פלעגן שטילערהייט אַ וואָרף טאָן צו אים אַ שטיינדל, אָדער רופן אים ביים פריש־געבאַקענעם צונאָמען...

אַז מיר זיינען שוין געווען דערוואַקסענע יינגלעך, איז נאָך אונדזער גרעסטער פאַרגעניגן געווען אַריינצוכאַפּן זיך אין בית־מדרש, פאַרשפּאַרן די טיר און פּראָוואָצירן אַ „טיפּ" אָדער אַ משוגענעם, אַז ער זאָל אונדז נאָכיאָגן אַרום בעלעמער (בימה)... מיר פלעגן ניט רוען, וואַרפן אויף אים נאַסע האַנטעכער, שטענדערס און נאָכשרייען אים זיין צונאָמען, אָדער פשוט: „משוגענער".

דאָס איז געווען אַ שפּיל פון קליינע רוצחים, וואָס האָבן ניט געוווסט פון קיין רחמנות, אַבי עס זאָל זיין פריילעך, אַבי מאַכן אינטערעסאַנטער דאָס מאָנאָטאָנע קליינשטעטלדיקע לעבן און אויסלאָדן די אָנגעזאַמלטע קינדערישע ענערגיע. און אפשר איז

דאָס געווען די אינסטינקטיווע רשעות, וואָס האָט זיך ביי אונדז, קינדער, אויסגעלאָדן אין איזדעקעווען זיך איבער אומגליקלעכע, געשטראָפטע פון גורל ? ווער ווייסט ?

## נאָש באָח — וואָש באָח (אונדזער גאָט — אייער גאָט)...

אַ קיילעכדיק יאָר איז אונדזער שטוב פול מיט ריחות פון פעלד און וואַלד. די האַרבסט־צייט רייצט די נאָזלעכער דער שאַרפער זויערלעכער ריח פון שוועמלעך. די ווייס־רויטע שוועמלעך שטעלן אין שאָטן די ברוינע גרויסע באַראַוויקעס און די לעצטע פאַרנעמען דעם אויבנאָן אַנטקעגן די ווייס־געשוואָלענע קאָרענעס. מיר, די קינדער, העלפן זיי אָנציען אויף קרענצלעך לויטן סדר פון זייער גרייס, ליציטירן זיך, ווער וועט דאָס מאַכן שנעלער, און שמעקן זיך אָן מיט די וואַלד־ריחות.

ווינטער איז די לופט פול מיט די פעל־ריחות פון די וואַלד־חיות: שוואַרצע טכוירן, פוכיקע ווייס־רויטע פיקסן, בלאָע ביעלקעס געשפרענקלטע פילפאַרביקע האָזן, שניי־ווייסע קליינינקע גאַרנעסטייקעס מיט ווייס־שוואַרצע עקעלעך (די רוסישע קייסערין טראָגט אַ מאַנטל פון גאַרנעסטייקעס — האָט מען געוווּסט צו דערציילן) און די יחסנות־דיקע טייערע פעלן: שוואַרצע ווידרעס און בלוילעכע מאַרדערס. אַפילו די חזיר־האָר און עקן היטן אויף זייערע ריחות פון די בעלי־חיים, פערד, בהמות און חזירים.

פרילינג־צייט ברענגען די אָנגעשוואָלענע מיט נעציקייט סמאָרשקעס (מאָרכעלן) — אַ גרוס פון צעבליען זיך פון די וועלדער — (מיר האָבן געוווּסט אַז אין די מערב־אייראָ־פעאישע לענדער מאַכט מען פון דעם קאָנפיטורן), די פלאַוושקע (ליקאָפּאָדיום) — גראָזן, וואָס מיר פלעגן צעשפרייטן אויף בוידעמער צו טריקענען און פון וועלכע עס פלעגט זיך אויסשיטן דאָס ווייסע מעל, די ריחות פון קעלבערנע פעלעכלעך, וואָס מען פלעגט טריקענען אין אָנגעהייצטע „סושניעס" און פלעגן אָנפילן די לופט מיט „שמע־קנדיקע" ריחות, קאָנינעס (פעל פון בהמות און פערד) און איידעלע געלאָקטע פעלן פון די זשרעבטשיקעס פון וועלכע מען האָט גענייט טייערע פוטער־מאַנטלען פאַר שטאָטישע דאַמען, סחורות פון פעלד און וואַלד האָבן אַ קיילעכדיק יאָר אָנגעפילט אונדזער שטוב מיט פאַרשידנאַרטיקע ריחות און אַריינגעפירט אונדז, קינדער, אין די סודות פון דער נאַטור...

יעטוועדן שבת־צו־נאַכט קלייבן זיך צוזאַמען אַרום לאַנגן טיש אין אונדזער שטוב. צענדליקער דאָרפס־פּאָרער, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „קאָראַבעלניקעס". מען פּיפּקעט די מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן, מען דערציילט מעשיות און מען רעדט וועגן די פּרייזן אויף סחורות. מיין טאַטע ע"ה, אַ סוחר, וואָס קויפט די אַלע סחורות, וואָס עס ברענגען די קאָראַבעלניקעס פון די דערפער, נעמט אַוועק אין אַ זייטיקן צימער, דאָ דעם, דאָ יענעם, און מאַכט מיט אים אַ חשבון, וויפל געלט עס קומט אים פאַר זיינע סחורות.

זופנדיק געמיטלעך די הייסע טיי, האַלטנדיק דאָס שטיקל צוקער אין מויל, דער־ציילט מען זיך מעשיות אָן אַ סוף. פאַר אונדז, קינדער, זענען דאָס דערציילונגען פון אַ געהיימנישפולער וועלט, וואָס איז וויט פון אונדזער אַרום, און העלפט צעשפּילן אונ־דזער קינדערישע פאַנטאַזיע. אַ מעשה וועגן וועלף, וואָס האָבן גראַמניץ־צייט (פאַלט אויס אין דעצעמבער), ווען זיי גייען אַרום טשאַטעסוויז הונגעריקע, פאַרשטעלט דעם

וועג פאַר דורכפאַרנדיקע; וועגן גזלנים און באַנדיטן, וואָס פאַלן אָן אויף זייטיקע סטעזשקעלעך אין די וועלדער, באַרויבן און דערהרגענען; וועגן שלעכטע און גוטע גויים, וועגן דעם, ווען עס פאַלט אויס דאָס יאָר „סיאמיכע", „טזשי קרולע", און די גרויסע יאַרידן; וועגן „אָנמאַכן" אין משקל (ד. ה. אָפּנאַרן אויף דער וואָג) און נאָך און נאָך מעשיות, וואָס שעפּן זיך קיינמאָל ניט אויס...

אונדז, קינדער, אינטערעסירן קודם־כל די אמונה־דיסקוסיעס, וואָס עס פירן די קאַראַבעלניקעס מיט די גויים, אין נוסח פון „נאָש באָח — וואַש באָח" (אונדזער גאָט — אייער גאָט), ווו יעדער צד באַמיט זיך אויפצוווייזן, אַז זיין רעליגיע איז די בעסערע. ס׳רוב דרייט זיך עס אַרום קעגנזייטיקע גאַליקע וויצן וועגן גלהים און, להבדיל, רבנים, מנהגים און יום־טובים, וווּ יעדער צד נוצט אויס די שוואַכקייטן פון צווייטן צד און ענדיקט זיך מיט די יידישע באַרימערייען, אַז מיר האָבן אייך געגעבן אונדזער יויזלען פאַר אַ גאָט...

היינט די שפּראַך! חשלרע (חתונה), פאָטערלא, מוטערלא, שוויגערלא, ברודערלא. יידיש געמישט מיט גויאישע ווערטער, האַלב־פאַריידישטע, מיט גויאישע פּעטע שפּריכווערטער, ווו ניבול־פּה און פּויערישע לעבנס־חכמה גייען האַנט אין האַנט, און לשון־הרע וועגן קאַראַבעלניקעס, וואָס טשעפּען זיך צו גויעס אין די דערפער און ליצנות איינער וועגן אַנדערן, ביז מען הייבט זיך אויף פון די ערטער.

מאָרגן, זונטיק, דאַרף מען צוריק אַרויספאָרן מיט פערד און וועגל איבער דער „פּאַראַפּיע", וואָס גייט איבער בירושה פון טאַטן צום זון און זוכן דאָס שטיקעלע בידנע, ניט־בכבודיקע חיונה ביים אָרעמען, קאַרגן פּויער. אָוועק דער הייליקער רו־טאָג שבת, מיט די שבתדיקע מאכלים, מיטן געשמאַקן נאָכטשאָלנט־שלאָף, מיטן חזן, מיטן מגיד, מיטן קאַפּיטל תהילים, און צוריק איבער די שליאַכן, טראַקטן און דערפער, אין רעגן, שניי־זאַווערוכעס און פרעסט, זוכן ס׳ביסל חיונה פאַר דער משפּחה...

## מען לאָזט ניט אויסנעמען...

זינט דורות האָט זיך איינגעוואָרצלט אַ מנהג: אויב עמעצער האָט זיך געפילט געטראָפן אָדער באַעוולהט דורך קהל, האָט ער געפאָדערט זיינע רעכט אין בית־מדרש דורך „פאַרהאַלטן די קריאה" (דאָס לייענען), אָדער ווי מען פלעגט עס באַצייכענען „ניט לאָזן אויסנעמען"... מיט דער צייט איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מען פלעגט פאַרהאַלטן די קריאה פאַר יעדער קלייניקייט, ס׳רוב צוליב פּערזענלעכע ענינים און סכסוכים, און אָזוינע האָבן ניט געפעלט אין קליינעם שטעטל. עפּנט ווער אַ נייע קראָם פון גאַלאַנטעריע, נעבן אַן עקזיסטירנדיקער קראָם פון זעלבן מין, לאָזט דער פריערדיקער קרעמער ניט אויסנעמען. סטייטש, מען רויבט אים צו זיין פּרנסה. איינער פאָדערט, אַז קהל זאָל זיך אַריינמישן און ניט דערלאָזן, אַז זיין שכן זאָל אים אַריינשטעלן אַן „אָטכאַזשע" (בית־שימוש) פונקט אין פענצטער.. איינער ווידער וויל, אַז קהל זאָל זיך „אַריינלייגן" און צווינגען אַ בעל־חוב אָדער אַ שותף אומצוקערן אים זיין בלוטיק געלט, און אַפילו אַן אָפּגעלאָזענער שידוך אָדער אַ צעשטערטער שלום בית האָט אויך געדינט פאַר אַ סיבה

זיך אָוועקצושטעלן ביים אָרון־קודש און ניט לאָזן בשום אופן אַרויסנעמען די ספרי־תורהס צום לייענען...

געוויינלעך, האָבן זיך די מתפללים באַלד צעטיילט אויף צדדים, וואָס האָבן זיך געקריגט און געשריען, און ניט זעלטן פלעגט דערגיין צו אַ געשלעג. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז פאַר אונדז, קינדער, איז עס געווען אַ געשעעניש און אַ שטאַרקע איבערלעבונג צו זען ווי בעלי־בתים רייסן זיך פאַר די בערד. די אויסגעהונגערטע מתפללים, וועלכע האָבן ניט געוואָלט זיך אַנגאַזשירט אין די דאָזיקע סכסוכים און קריגערייען, האָבן גיך פאַר זיך, אָדער אין דערנעבנדיקן שטיבל אין „פּאָליש", אָפּגעדאַוונט מוסף, צונויפגעלייגט די טליתים און געלאָפן אַהיים עסן דעם שבתדיקן טשאָלנט און כאַפּן אַ זיסן שבתדיקן דרימל.

אַ שטענדיקע סיבה פאַר קריגערייען איז געווען דער ברוק נעבן הויז. די פּאָליציי האָט זייער מקפּיד געווען אויף ריינקייט און געפאָדערט ווינטער אויפצוראַמען דעם שניי און זומער די גאַס און רינוועס. געווען אַלכע, וואָס האָבן חושד געווען, אַז דער שכן פאַר־קערט צו אים די בלאָטע אָדער רייניקט ניט גענוי זייך העלפט פון ברוק. נו, דאָ איז געווען אַ געלעגנהייט צו „פאַרהערן" זיך אין שפּראַך, ליציטירן זיך מיט צונעמענישן, קללות און זידלווערטער; און אַז די „יוכע" צעקאָכט זיך, האָט מען זיך אויסגעטענהט מיט די בעזימער און רידלען...

עס פלעגט טרעפן, אַז גייענדיק אין גאַס האָט מען זיך אנגעטראָפן אויף אַ „רעדל" יידן, וואָס האָבן זיך געקריגט: — „שטעל! — שטעל ניט! — שטעל, עלי ועל צוארי!" (ד. ה. אויף מיין אחריות). סך־הכל איז דאָס געווען אַ קריגעריי פון שכנים וועגן שטעלן אַ בית־שימוש אויפן הויף... ניט זעלטן פלעגן מיר, קינדער, לויפן אויף „בייז וווּנדער" קוקן ווי יידן אָדער יידענעס שלאָגן זיך, און אָנקוועלנדיק פון אומזיסטן ספּעקטאַקל, פלעגן מיר צוגעבן מוט די צדדים: — אַהאַ, ער האָט דיר בעסער דערלאַנגט! — וואָס שווייגסטו אים?

אין קליינעם שטעטל זיינען דאָס געווען „געשעענישן" וועגן וועלכע מען פלעגט ריידן און קאָמענטירן אַ לאַנגע צייט. זיי האָבן באַרייכערט און געמאַכט פאַרביקער דעם נודנעם, מאָנאָטאָנעם לעבן.

## דער שול־הויף — ס'האַרץ פון שטעטל

ניט נאָר דער עלטערער דור, נאָר אויך אַ קענטיקער טייל פון דער יוגנט, איז געווען רעליגיעז, פרום. דאָס איז ניט געווען די פאַנאַטישע פרומקייט פון די חסידישע יידן אין קאָנגרעס־פּוילן און גאַליציע, נאָר אַ באַלעבאַטישע פרומקייט פון מתנגדים. יאָ, אַ מאמין, ניט אַ מאמין, שבת דאַרף מען גיין דאַוונען מען האָט דאָס גערופן: „פירן שטאַט".

דער שול־הויף איז געווען דער צענטער פון שטעטל. דאָ זיינען געווען די צוויי בתי־מדרשים, די גרויסע, קאַלטע, הילצערנע שול, דאָס קליינע בעל־מלאכישע קלייזל, די „תלמוד־תורה", דער „הקדש", די לאַדאָוניע (לידוינע) און דער בית־עלמין. אין די וואָכנטעג, שבתים און יום־טובים האָט מען דאָ געטראָפן יידן. אַהער, נעבן אַלטן בית־

מדרש האָט מען געפירט מיט מוזיק דורך די גאַסן חתן־כלה צו דער חופה, אַהער האָט מען געטראָגן צו איביקער רו. דאָ האָט מען דורך מודעות זיך דערוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין שטעטל, דאָ האָט מען גע׳לצ׳עוועט, געמאַכט פּאָליטיק, געגעבן עצות די הערשער פון די מדינות, ווי אַזוי צו פירן מלחמות און וואָס צו טאָן. די נייעס פון די ציטונגען, די געשעעענישן אין שטעטל, די פליאָטקעס און העצעס, דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, פּאַרטיי־קריגערייען, מחלוקתן — אַלץ איז דאָ קאָמענטירט געוואָרן און וועגן אַלעם האָט מען דאָ דיסקוטירט.

פאַר אונדז, קינדער, איז דער שול־הויף געווען אונדזער „לעבנס־רוים״, דאָ האָבן מיר זיך געפּילט ווי אין דער היים. דאָ האָבן מיר געשפּילט אונדזערע קינדער־שפּילן. דאָ האָבן מיר געפירט „מלחמות״, נאָכמאַכנדיק די גרויסע. דאָס געווער איז געווען שטיינער און די קהלשע „אָפּטריטן״ די פּאָזיציע, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַרנעמען און אַרויסטרייבן פון דאָרט דעם „שונא״... אַמאָל איז דער „שונא״ געווען תלמידים פון אַן אַנדער חדר און אַמאָל — סתם קינדער, וועלכע האָבן אונדז פּראָוואָצירט. איך געדענק אַ לאַנג דויערנדיקע מלחמה צווישן די קינדער פון לפּידוסעס חדר און דוד מיילעס חדר. דער לערער לפּידוס האָט געלערנט, אַז מען דאַרף זאָגן נ״ך (נביאים, כתובים) און דער לערער בענדער — תנ״ך (תורה, נביאים, כתובים). אַלע מאָל האָבן זיך געפונען „קריגס־העצער״, ווען עס האָבן „געפּאַרעט״ די הענט און געוויינלעך זיינען זיי געוואָרן די גענעראַלן פון די אַרמייען...

ראש־השנה איז דאָ געשטאַנען די „פּאָבאַראָווע״ קאָמיסיע פון בחורים און סאָר־טירט די מידלעך, וואָס זיינען געקומען הערן שופר־בלאָזן, אַלס געוועזער־כלים. פון דאַנען האָבן זיך געטראָגן די קולות פון די ישיבה־בחורים, די פּסוקים פון תהילים, וואָס האָבן זיך צעטראָגן אין שטילן שבת נאָכמיטאָג פון דער הילצערנער, אָקוסטישער שול, די סקאַרבאָווע ניגונים פון די בעלי־תפילות. דאָס ציקלען זיך פון חזן שבת מברכין (ראש־חודש). דאָס האַרציקע מגידות פון דורכפאָרנדיקע מגידים און דרשנים און דעם רבס דרשות, וואָס האָבן גערופן צו תשובה און מעשים טובים.

ראש־חודש אלול פלעגן זיך, אין די פאַרטאָגן, צעטראָגן איבערן שטעטל די נאָגנ־דיקע ניגונים פון סליחות און די סיגנאַלן פון די אָנקומענדיקע „פאָרכטיקע טעג״ — דאָס שופר־בלאָזן. אונדז האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די נאַטור, דער אָנקומענדיקער האַרבסט, מיט זיינע דריפּענדיקע רעגנס, גיסט זיך האַרמאָניש צונויף מיט די טריבע, אומעטיקע שטימונגען פון די ימים־נוראים. אַזוי האָבן מיר געזען דעם זונפאַרגאַנג פרייטיק אָדער ערב יום־טוב אַנדערש ווי אין אַלע אַנדערע וואָכן־טעג פון יאָר. אַן אַנדערע זון, אַנדערע הימלען, וואָס האָבן פאַרשפּרייט פייערלעכע רו און טיפע נשמה־פרייד. פאַר־וואָרצלטע מנהגים, דינים, טראַדיציעס, האָבן פאַרטיפט די באַזונדערקייט און טעם פון די שבתים און יום־טובים און אויב דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אויסגעלעבט פול און גאַנץ אין יידישקייט, איז פאַר אַלעמען דער שול־הויף געווען דאָס האַרץ פון שטעטל.

ווי זינגט זיך אין יידישן פּאָפּולערן פאָלקס־ליד:

קינדער־יאָרן, זיסע שיינע בלומען,
צוריק צו מיר וועט איר שוין מער ניט קומען...

**סאָניא וויקטאָר** (בת אהרן קאשטשער ז״ל) / אַמעריקע

# ניטאָ מער איוויע *

וועו איך דערמאָן זיך מיין שטעטעלע איוויע,
גייט מיר אַ שוידער אַדורך די ביינער,
איך קען ניט פאַרגעסן דעם גרויליקן חורבן,
אַז אַלע דערמאָרדעט, ניטאָ מער דאָרט קיינער!

איך וועל אייביק געדענקען די פרייטיק צונאַכטן,
דעם שבתדיקן טיש, אונדזער ליבע משפחה,
די מאַמע גיסט אָן מיט כוונה דעם וויין,
דער טאַטע מאַכט קידוש, און איבערן וויין אַ ברכה.

צווישן יעדן מאַכל, וואָס די מאַמע סערווירט,
זינגט דער טאַטע מיט אונדז די זמירות.
ווי זיס האָט געקלונגען זיין האַרציקע שטים?
ס׳איז בעסער געווען ווי די גרעסטע עשירות!

איך וועל שטענדיק געדענקען די הייזעלעך, די קראָמען,
די געסעלעך, גערטנדלעך, דעם טייך און די מיל,
דעם וואַלד און פריסאַדעס, דעם סאַד, פול מיט פרוכטן,
עס האָט זיך געלעבט דאָרטן גליקלעך, רואיק און שטיל.

ניטאָ מער איוויע און וועט קיינמאָל ניט זיין מער!
נאָר אייביק וועט זי בלייבן איינגעקריצט אינעם זינען!
גאָט זאָל אונדז שטאַרקן און געבן אונדז כוח!
און אין גוטע מעשים זאָלן מיר אַ טרייסט געפינען!

---

* די לידער קענען, פאַרשטענדלעך, ניט קלאַסיפיצירט ווערן אַלס פּאָעזיע און האָבן אויך ניט קיין פּרעטענזיעס דערצו. זייער ווערט באַשטייט אין דעם, וואָס זיי שפּיגלען אָפּ אויפריכטיק און תמימותדיק דעם איוויער לעבנס־שטייגער און מנהגים.

יעקב לעווין / תל־אביב

# איוויע שטייט מיר פאַר די אויגן

איוויע, שטייסט מיר שטענדיק פאַר די אויגן,
עס לאָזט זיך ניט קיין זאַך פאַרבויגן,
איך זע דיינע גאַסן: גלייכע, קרומע,
וועלכע שטייען היינט ווי פאַרגליווערטע — שטומע.

דיינע בתי־מדרשים: ימים נוראים, געפּאַקט פול.
די קלויז, אַלטער, נייער, ווי אויך די שול:
דער קול פון די בעלי־תפילות,
דער טומלביים פאַרקויפן „עליות"...
די מחלוקת איבער רבנים,
מבינים אויף חזנים.
עס קען ניט שילדערן קיין שרייבער,
דעם געוויין ביי „ונתנה תוקף",
אין שול ביי די ווייבער.

פירן חתן־כלה דורכן שטעטל, צום שול מיט טראָמפּייטן
און להבדיל, דער געשריי: „צדקה תציל ממות"
ביים טראָגן אַ טויטן.
אויפן שול־הויף דער בית־עולם,
דער שוואַרצער טויער מיטן שטיינערנעם צאַם,
תשעה־באב אויף קבר־אָבות, דעם גאַנצן טאַראַראַם.
די שרעק פאַר פּאַזשאַרן, פון אויסברעכן אַ פייער...
שנעל אָבער אויפגעבויט, פיל שענער און נייער...

שטאַרק דער ווייטיק, ניטאָ קיין טרייסט צום טרויער.
ווען עס פעלן פון די הייזער, די שעפער, די בויער.

איוויע, מיין וויג פון די קינדער־יאָרן,
וואָס איז פון דיינע יידן געוואָרן?
עס איז זיך שרעקלעך פאַרצושטעלן דאָס בילד
הינטער סטאָניעוויטשער וועלדל — דיין אַדרעס, דיין שילד...
דאָרט רוען עלטערן, קינדער צעשאָסענע,
האַלב טויטע, מיט כלאָר פון די רוצחים באַגאָסענע.
די גריבער פון לידן און פּיק
דענקמעלער פון פינצטערן באַרבאַריזם, וועלן זיי אויף אייביק זיין!



אָסנע בראַנד (קאשטשער) / תל־אביב

## אַ חתונה אין איוויע

אַז אַ חתונה האָט אין שטעטל געדאַרפט זיין
זיינען חתן־כלה געווען פון די הויפּט־טעמען,
גערעדט האָט מען וואָס אַלץ די כלה האָט זיך גענייט.
ווי שיין איז דאָס חופּה־קלייד
און אויף דער חתונה בעטן וועט מען וועמען.

אָנגעהויבן אַ חתונה האָט זיך פרייטיק פאַרנאַכט
מחותנים פון ביידע צדדים זיינען געקומען די כלה גראַטולירן,
באַגלייט מיט מוזיק און אַ גרויסן עולם
פלעגט מען חתן־כלה צום שול־הויף, צו דער חופּה פירן.

מיידלעך און בחורים מיט בלומען אין די הענט
פלעגן באַגעגענען חתן־כלה, גייענדיק פון דער חופּה,
אויך פלעגט ווער זאָגן, אַ טאָסט אַ שיינעם
נאָכדעם פלעגט מען זינגען: „לאָמיר אַלע אין איינעם".

שבת צו נאַכט פלעגן די טענץ זיין,
און טאַנצן פלעגט מען אַ גאַנצע נאַכט ביזן העלן טאָג אַריין.
ווו איז דאָס אַלץ פאַרשווונדן? אַזאַ חתונה זעט מען ניט היינט פאַר די אויגן,
אַזוי ווי אַ חלום וואָלט דאָס געווען,
און שנעל ווי אַ חלום איז דאָס אַלץ פאַרפלויגן.

# פורים אין איוויע

פריילאַך און לעבעדיק,
איז געווען פורים בייטאָג אויף די איוויער גאַסן,
ווען ס׳האָבן זיך אַרויסגעלאָזט די קאָמפּאַניע,
פּורים־שפּילער, בראש מיט חאָנע בוטלאַסן.

געגאַנגען זיינען זיי מיט שטאָלץ,
ווירדע און התלהבות,
ניט שטענדיק פלעגט מיטגיין מיט זיי,
אויך איטשע־אַבעס.

געווען זיינען זיי אויסגעפּוצט מיט פּילפּאַרביקע פּאַפּיר,
אין די הענט האָט יעדער פון זיי געהאַלטן אַן אויסגעפּוצטן שטעקן,
די געלטער וואָס זיי האָבן געזאַמלט,
איז באַשטימט געווען פאַר קהלשע צוועקן.

יידן פלעגן זיך באַשטייערן מיט אַ ברייטער האַנט;
עפּעס אַ קליינקייט, דעם נס פון פורים
איז דאָך גאָרנישט צו באַשרייבן.
עס שטייט דאָך בפירוש געשריבן:
„אַלע יום־טובים וועלן אונטערגיין,
נאָר דער יום־טוב פורים וועט בלייבן״.

און דאָס שיקן זיך פורים שלח־מנות,
וויפל איז פאַר אונדז, קינדער
ווערט געווען וואָס,
חאַנקע ראָשקעס האָט געשיקט צו חנה־רייזשע גדליה׳ס
אַ נייענקען קעמעלע און זי האָט איר צוריקגעשיקט
אַ ביינערנע בראָש...

דעם יום־טוב פורים פייערן מיר אויך דאָ
און מיר וועלן נאָך אים פייערן,
ווי לאַנג גאָט וועט אונדז לעבן באַשערן!
אָבער יענער איוויער פריילעכער פורים,
וועט זיך שוין מער צו אונדז צוריק,
קיינמאָל, קיינמאָל נישט אומקערן!

אריה שמוקלער / רמת־גן

# געשעענישן און סענסאַציעס אין שטעטל

## א. מאַטוס דער שוסטער און זיין אורח



אַז מאַטוס דער שוסטער האָט חתונה געמאַכט זיינע קינדער, האָט ער גענומען טראַכטן ווי אָפּ־צושפּאָרן אַ ביסל געלט, כדי ער און זיין ווייב זעלדע זאָלן אויף דער עלטער ניט דאַרפן חס וחלילה אָנקומען צו פרעמדע מענטשן. צוליב דעם פלעגט ער אַרבעטן אומדערמידלעך ביז שפּעט אין דער נאַכט, דערלויבנדיק זיך בלויז דעם „לוקסוס" פון אַ שפּרונג טאָן אין בית־מדרש דאַווענען מנחה און מעריב בציבור.

איינער פון די וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, וואָס איז דורך אים פאַרבעטן געוואָרן צום שבת־דיקן טיש האָט זיך „איינגענאַזשעט" און גע־וואָרן אַן אָפטער גאַסט אין זיין שטוב. ער פלעגט אַריינטראָגן האָלץ, איינהייצן דעם אויוון, ברענ־גען אַן עמער וואַסער פון „מיגע"־ברונעם און אפילו זיך ניט געפּוילט אַפּפּליקן אַן עוף. פאַר דעם האָט אים זעלדע מכבד געווען מיט אַ טעלער זופּ, אַ גלאָז פאַרזיסטע טיי און אפילו מאַטעסעס אָפּגעטראָגענע הויזן. זיי האָבן ניט געלייגט קיין באַזונדערע אַכט אויף דעם נייעם בן־בית, וואָס פלעגט זיצן גאַנצן טעג און אָונטן נעבן וואַרעמען אויוון און נאָכקוקן אויפמערקזאַם אויף זייער יעדער באַוועגונג. מאַטוס פלעגט אין זיין אָנוועזנהייט אַוועקלייגן און אַרויסנעמען געלט פון אונטערן שעניק אין בעט.

אין איינעם פון די שבתים איז דער „אורח" געקומען פרימאָרגנס ווען מאַטוס איז אַוועק דאַווענען און געבעטן ביי זעלדן, אַז זי זאָל פאַר אים קויפן ביי איר טאָכטער, וואָס האָט געהאַט איר שפּייז־קרעמל אין שכנות, אַ פערטל קילאָ צוקער, פאַר וועלכן, ער וועט איר מיט דאַנק באַצאָלן באַלד צומאָרגנס. זעלדע האָט ניט געקלערט קיין סך און אַוועק כאַפּן אַ מצוה. דער אָרעמאַן איז באַלד צוגעגאַנגען צום בעט, אויפגעהויבן דעם שטרויע־נעם שעניק און צוגענומען מאַטוסעס אָפּגעשפּאָרטן גאַנצן פאַרמעגן. אַז זעלדע האָט זיך אומגעקערט אין שטוב מיט דעם צוקער, האָט זי שוין דעם אורח ניט געטראָפן.

זי האָט לאַנג ניט געדאַרפט זוכן אַ באַשייד פון דער רעטעניש. דער שטרויענער שעניק איז ניט געווען אויף זיין שטענדיקן אָרט. זי האָט זיך ניט פאַרלוירן און מיט די לעצטע כוחות אַוועקגעלאָפן אין בית־מדרש אָנזאָגן איר מאַן דעם אומגליק, וואָס עס האָט זיי געטראָפן. ווען מאַטוס האָט דערהערט די שלעכטע בשורה, איז ער באַלד געפאַלן אין חלשות. זיין זון חיים־דוד דער שמש האָט אים אָפּגעמינטערט און גוטע פריינד, קאַראַבעל־ניקעס האָבן געשפּאַנט פערד־און־וואָגן און זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַלע שליאַכן, וואָס פירן צו די שכנישע שטעטלעך. פאַרנאַכט־צו האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אין שטעטל מיטן ליידיקן. דער גנב איז נעלם געוואָרן, ווי ער וואָלט אַריין אין וואַסער... מאַטוס האָט פונדאָסניי אָנגעהויבן שפּאָרן אַ גראָשן צו אַ גראָשן, כדי ניט דאַרפן אָנקומען אויף דער עלטער צום חסד פון מענטשן...

## ב. מענדקעס רעטזלהאַפטער אורח

מענדקע דער פערד־הענדלער איז זיין גאַנצן לעבן געווען אַ ביטערער אָרעמאַן. ער איז געווען פאַרמיטלער מער ווי סוחר. ער איז געווען אַ מזיק אויסצופוצן אַ גריווע און אַן עק, געוווסט ווי אַדורכצולויפן מיטן פערד, אַז אַפילו אַ פּגירה זאָל מוזן טאָן זיין ווילן און אַזוי אַרום פאַרדינען אַ זלאָטע „פּעט”... אין קליינעם, נידעריקן שטיבעלע האָבן זיך אַרומגעדרייט דריי טעכטער, איינע אונטער די אַנדערע, רייפע צו גיין אונטער דער חופה. אָבער אַריבער אַ יאָר נאָך אַ יאָר און קיין חתנים האָבן ניט אָפּגעקלאַפּט די שוועלן... מענדקע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער און זיך געשראָקן, אַז זיינע טעכטער זאָלן חס ושלום נ״ט פאַרזעסן ווערן ביזן גראָען צאָפּ... מענדקע האָט ניט פאַרדינט אויפן טאָג חיונה און די טעכטער האָבן געאַרבעט אַלס שניידערקעס, אָבער ניט געווען קיין האָפע־נונג אָפּצושפּאָרן פון דער בידנער שניידעריי אַ פּאָר זלאָטעס אויף נדן.

אין איינעם פון די זומערדיקע פאַרנאַכטן פון יאָר 1932, ווען די משפּחה האָט געגעסן דעם באַשיידענעם אָוונטברויט, האָט ווער איידל געקלאַפּט אין טיר. ווען מענדקע האָט געעפנט די טיר איז פאַר אים געשטאַנען אַ שלאַנקער, שוואַרץ־חנעוודיקער בחור, וועמענס אויסזען האָט געמסרט, אַז ער שטאַמט פון אַ בעסערער היים. אַ ביסל פאַרשעמט האָט ער אָנגענומען די איינלאַדונג אַריינצוגיין אין שטוב און נאָכדעם מיטהאַלטן מיט זיי אָוונט־ברויט. די דריי מיידלעך האָבן זיך לכתחילה צעטומלט פונעם אומגעריכטן גאַסט און פון דער ערשטער מינוט האָבן זיי זיך אַלע פאַרליבט אין דעם „קראַסאַוויעץ”. דער בחור האָט פון דער ערשטער מינוט געוואָרפן אַן אויג אויף דער בלאָנדער, דיקלעכער לאהקע, ווען זי האָט אים צוגעטראָגן דעם פרישן, רויטן באָרשטש און געבעטן עסן. מענדקע האָט באַטראַכט זיין העל געשפּריצטן אָנצוג, די ווייסע אויסגעפּרעסטע העמד און געבלומטן שניפּס און אין האַרצן האָט אָנגעהויבן טליען אַ האָפענונג, אַז אפשר געשעט דאָ אַ נס און דער רבונו של עולם האָט צוגעשיקט אַ באַשערטן פאַר איינער פון זיינע טעכטער...

בעתן עסן האָט דער בחור דערציילט, אַז ער האָפט צו קריגן אַרבעט אַלס בראַקער אין די וועלדער אַרום שטעטל און ער זוכט אַ צימער אויף אַ וואָך צייט ביז ער וועט זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט. מענדקע האָט אים איינגעלאַדן צו זיין ביי אים און ער האָט

דאַנקענדיק אָנגעקומענע די איינלאַדונג. פאַר די טעכטער איז די וואָך געווען אײן גרויסער יום־טוב. זיי פלעגן מיט אים אַרויסגיין שפּאַצירן און געצויגן אויף זיך די קנאה־בליקן פון אַלע שטעטלשע מיידלעך. ווער איז געווען גלייך צו זיי?



בני המשפחה ושכנים ע״י גויתה של מלכה שמוקלר ז״ל (כ״ח תשרי 1925).

אָבער די גליקלעכע וואָך איז שנעל פאַרביי און דער אומבאַקאַנטער איז אַוועק, נאָכן אָפּדאַנקען פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט פון דער אָרעמער פאַמיליע. מענדקע האָט אים געבעטן צו קומען אָפטער און די טעכטער האָבן אים באַגלייט מיט אומעטיקע בליקן. וועט ער צוריקקומען? איז דאָס געווען בלויז אַ זיסער חלום?

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך איבערן שטעטל צעטראָגן אַ ידיעה, אַז מען האָט געבראַכט נעבן בית־עלמין אַ טויטן בחור, וועמען מען האָט געפונען אַ הענגענדיקן אויף אַ בוים אין אָלעשניק. מענדקעס טעכטער זיינען גלייך אַוועקגעלאָפן אויפן שול־הויף, פאַרפילנדיק עפּעס שלעכטס. זיי האָבן אָפּגעדעקט דאָס ליילעך און אויסגעבראָכן מיט אַ הויך געוויין. דער טויטער איז געווען דער בחור, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי זיי אַ וואָך צייט און אַרויסגערופן אַזוי פיל האָפענונגען אין זייערע מיידלשע הערצער... די אָרעמע האָבן ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט דער טויטער פרעמדער יונגערמאַן אַזוי דערשיטערט די מיידלעך. קיינער האָט ניט געוווסט ווער ער איז, פון וואַנען איז ער געקומען און צוליב וואָס האָט ער געמאַכט אַ סוף צו זיין יונג לעבן. ער האָט דעם סוד מיטגענומען אין קבר אַריין און פאַראומערט אויף אַ לאַנגער צייט מענדקעס טעכטער...

### ג. אַ דונער האָט דערהרגעט מיין שוועסטער טשערנע

מיין שוועסטער טשערנע איז געבוירן געוואָרן אין אַ שלימזלדיקער שעה. זייענדיק אַ יאָר אַלט האָט מען זי אַוועקגענומען פון דער מוטערס ברוסט. טשערנע איז געוואָרן אַ יתומה און פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף וויינען... איר עלטערע שוועסטער האָט איר פאַרביטן די מאַמען, דערצויגן און געזאָרגט פאַר איר. צו 13 יאָר האָט זי זי אַוועקגעגעבן צו ריישקע דער שניידערקע, אַז זי זאָל האָבן אַ פאַך אין האַנט. טשערנע האָט זיך אויס־געפאַרמירט ווי אַ שיין מיידל, מיט אַ צאַרטן איידעלן פּנים און ברוינע ליכטיקע אויגן. איר ליבלעכער שמייכל איז קיינמאָל ניט פאַרשוווּנדן פון אירע דינע ליפּן, אַפילו ווען זי האָט געליטן נויט. אין איר קורץ לעבן האָט זי געפילט, אַז עס פעלט איר אַ מאַמע, וואָס זאָל זי צוטוליען צו זיך אין אירע שווערע מינוטן.

אין איינעם פון די פאַרנע תמוז־טעג פון יאָר 1933 איז טשערנע געזעסן מיט נאָך עטלעכע מיידלעך און געניית ביי ריישקע די שניידערקע אין פערד־מאַרק (פּילסודסקעגאָ). זי האָט אַרויסגעקוקט בשעת מעשה אינעם פאַררעגנטן דרויסן און געטראַכט וועגן איר שווערן גורל. פאַרנאַכט איז פּלוצעם געוואָרן אַ שטורעם, וואָס האָט אָנגעזאָגט עפּעס ניט גוטס. די פייגעלעך זיינען זיך צעלאָפן פון די ביימער זוכן אַ באַהעלטעניש. אַ שוואַרצע וואָראַנע האָט אָנגעהויבן קראַקען איבערן הויז און געשראָקן די נייטערינס. די גאַס האָט זיך אויסגעליידיקט פון מענטשן. פּלוצעם זיינען אָנגעלאָפן שוואַרצע וואָלקנס, וואָס האָבן פאַרשטעלט די זון און עס האָט אָנגעהויבן אַ פלייץ־רעגן באַגלייט מיט דונערן און בליצן. אַ קאַלטער שוויס האָט באַדעקט טשערנעס קערפּער און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן טיאַכ־קען פון שרעק. כדי זיך צו באַרויקן האָט זי אַלץ מער אָנגעהויבן ווענדן אירע בליקן צו די אַנדערע נייטערינס.

פּלוצלינג האָט אַ בליץ געטאָן אַ שטיק פייער אין אירע אויגן און די ווענט זיינען באַלויכטן געוואָרן. איר ווייס פּנים איז געוואָרן שוואַרץ. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. אין דער פּאַניק וואָס איז אויסגעבראָכן איז איינע פון די מיידלעך אַוועקגעלאָפן און געבראַכט דעם ד״ר מלמד. נאָכן פעסטשטעלן דעם פּולס האָט ער באַלד באַפוילן אויסגראָבן אַ גרוב און אַריינשטעלן זי ביי די גרוב־ווענטלעך, אפשר וועט די ערד נייטראַליזירן דעם עלעקטרישן שטראָם. די פאַמיליע האָט געוויינט, די אָנגעלאָפענע שכנים האָבן געשלוכצט און אַלע האָבן מתפלל געווען, אַז דער רבונו של עולם זאָל רחמנות האָבן אויף דער אומגליקלעכער יתומה.

צוויי פולע מעת־לעתן איז מען געשטאַנען נעבן גרוב און מיט ציטער געוואַרט צו הערן דעם ד״ר מלמדס דיאַגנאָזע. דאַן האָט ער דערקלערט, אַז צום באַדויערן איז ניטאָ קיין שום האָפענונג, אַז זי זאָל זיך צוריקקערן צום לעבן...

דאָס גאַנצע שטעטל האָט זי באַגלייט צו איר אייביקער רו און באַוויינט די יונגע, 13־יאָריקע יתומה, וואָס האָט ניט באַוויזן צו געניסן פון לעבן...

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז איינער פון דער פאַמיליע קאַרפּילעווסקי (דובעלירערקע) איז געטראָפן געוואָרן פון אַ דונער. מען האָט אים גלייך אַריינגעלייגט אין אַ גרוב און עס

איז געשעך אַ נס. ער איז געבליבן לעבן. אין שטעטל האָט מען אים בלויז געגעבן אַ צו־נאָמען „דער דונער״...

### ג. איוויער פריזיוויניקעס „מאָרען״ זיך...

יידישע פריזיוויניקעס האָבן אַלץ געטאָן, כדי זיך אַרויסצודרייען פון פוילישן מיליטער־דינסט. געווען פשוט אַ שאָד די עטלעכע טייערע יאָרן, בפרט, אַז יידן זיינען געווען שיקאַנירט דורך דער פוילישער מאַכט אין זייערע בירגערלעכע רעכט, און דעם יידישן סאָלדאַט איז אויסגעקומען אויסצושטייק בזיונות און שיקאַנעס אויף שריט און טריט. כדי געפסלט צו ווערן דורך דער „פּאָבאָראָווער קאָמיסיע״ אַלס אומפעיק צום מיליטער־דינסט, פלעגן יידישע בחורים וואָכן־לאַנג פאַרן שטעלן זיך צום „פריזיוו״, זיך אָפּצערן דורך אונטערהונגערן און ניט־דערשלאָפן, די לאַנגע, נודנע נאַכט־שפּאַצירן אין די שטעטלשע שטילע גאַסן, האָבן געבראַכט צום געדאַנק אָפּצוטאָן פאַרשיידענע קונצשטיקלעך, וואָס זאָלן מאַכן פריילעך אין שטעטל...




האגודה המוסיקלית־דרמטית (דצמבר 1923) — תזמורת מכבי האש ושחקני התיאטרון ה„חובבים״.

אונדז, די פריזיוויניקעס פון 16טן יאָרגאַנג, איז אויסגעקומען צו „מאָרען״ (אָפּצערן) זיך אין די לעצטע וואָכן פאַר פסח. אין שטעטל האָט מען זיך שוין געגרייט צום גרויסן יום־טוב, פסח. מען האָט אַרויסגעטראָגן די בעטן און די אַנדערע מעבל אויסצולופטערן און אויסצורייניקן זיי נאָכן לאַנגן ווינטער. די ערשטע נאַכט־שעהען האָט מען פאַרבראַכט

אין די וואַרעמע „פאָדריאַטן", ווו מען האָט צוגעהאַלפן באַקן די מצות און דערוויל גע־כאַפּט אַ „פלירט" מיט די מידלעך־וואַלגערקעס. שפּעטער איז מען אַוועק און פאַרביטן די בעטן און שילדן. מען האָט אויפגעהאַנגען אַ שוסטערס אַ שילד אויף אַ הויז פון אַן אויפגעקומענעם גביר, ווען עמענס פּאָטער איז טאַקע געווען אַ שוסער און אַ שילד פון אַ היטלמאַכער אויף אַ הויז פון אַ פלאַקס־סוחר, וועמענס צונאָמען איז געווען „די היטעלע"... צומאָרגנס איז געווען פריילעך אין שטעטל.

אין איינער אַ נאַכט האָט מען געכאַפּט אַ ציג און צוגעבונדן זי צו דער טיר־קליאַמקע פון חאַשקע די ציג, אַן אַלטע, האַלב־משוגענע מויד, וואָס אי זגעווען באַקאַנט מיט איר שרעק פאַר אַ ציג... קינדער און אַפילו דערוואַקסענע פלעגן זי פאַרטשעפּען מיט דעם צונאָמען „ציג", אָדער מיט אַ מעקען פון אַ ציג, כדי זיך פריילעך מאַכן אויף איר חשבון. אַז חאַשקע האָט אינדערפרי געעפנט די טיר, האָט די ציג אַ שפרונג געטאָן איר אין פנים און אַריינגעריסן זיך אין שטוב. חאַשקע האָט געמאַכט אַ געוואַלד ביז אין הימל אַריין און געשריען: „פאָזשאַר!" די אָנגעלאָפענע שכנים האָבן זי קוים צאַרואיקט...

אין דער זעלבער נאַכט האָבן זיי איבערגעטראָגן די שוואַרצע מיטה פון בית־עולם צו באָיאַרסקי דעם אַפּטייקער שטוב. זיי האָבן צעהאַנגען מודעות אין שטעטל וועגן טויט פון חשובן בעל־הבית און אַפילו אָנגעגעבן די שעה פון דער לוויה. אַז באָיאַרסקי האָט געעפנט די טירן פון דער אַפּטייק, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ געפּלעפּטער. די שוואַרצע מיטה ממש אויפן שוועל פון אַפּטייק און פיל מענטשן, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם אָנגעזעענעם נפטר. אַלע זיינען אויסגעבראָכן מיט אַ גע־לעכטער, געווונטשן באָיאַרסקין אַריכות ימים און באַלד פאַרשטאַנען וועמענס איינפאַל דאָס איז געווען...

אהרן־נח מאַרגאַלין, דער שטעטלשער שוחט, איז געווען אַ בטלן, וואָס איז ניט געווען געבענטשט מיט איבעריקער חכמה. אין שטעטל זיינען אַרומגעגאַנגען פיל קאָמישע מעשיות וועגן אים. דער שטעטלשער לץ, ראובן וויסמאַנסקי, האָט זיך געמאַכט פריילעך מיט אים און די קצבים האָבן געהאַט די חוצפה צו וואַרפן אים גרייזישקעס אין פנים אַריין. ער איז געווען זייער אַ נערוועזער און פלעגט זיך „צעקאָכן" פון יעדער נאַרישקייט.

שפּעט ביינאַכט זיינען מיר אַוועק צו זיין שטוב אין פערד־מאַרק, אָנגעקלאַפּט אין די די לאָדנס און מיט אַ ימים־נוראימדיקן ניגון אויסגעזונגען: — „אהרן־נח, דער רבונו של עולם רופט דיך זיך שטעלן פאַרן כסאהכבוד". מיר האָבן געוווּסט, אַז דער היציקער, נערוועזער אהרן־נח וועט אַרויסגיין אונדז פאַרטרייבן פון זיין שטוב. מיר האָבן אָנגעטאָן אַ הונט אין מלבושים און צוגעבונדן צו דער קליאַמקע פון דער טיר. נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעזונגען עטלעכע מאָל די איינלאַדונג, האָט אהרן־נח געכאַפּט אַ שטעקן און געלאָפן אונדז צעטרייבן. ווי ער האָט נאָר אַן עפן געטאָן די טיר איז דער צוגעבונדענער הונט אַריינגעלאָפן אין שטוב מיט אַ בילעריי. דער האַלב־פאַרשלאָפענער אהרן־נח און נאָך דאָס ווייב מיט די קינדער, האָבן אָנגעהויבן שרייען: „פאָזשאַר!", וואָס האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל, און עס איז אָנגעלאָפן די פאָזשאַרנע־קאָמאַנדע. ערשט דאַן האָט מען זיך געכאַפּט, וואָס עס איז דאָ געשען און באַרואיקטע אַוועק ענדיקן דעם זיסן פרי־מאָרגן־שלאָף...

איין מאָל ביינאַכט זיינען מיר אַוועק צו יאָשקע „שטשאַוויע" — יוסף קאָפּשטיין, און נאָכמאָכנדיק אַ פּויערטעס שטים אים פאָרגעלייגט צו קויפן שטשאַוו — זיין באַליבט מאַכל. מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין שטאַל, אַרויסגעפירט זיין שוואַרץ, מאָגער פערדל, אַריבערגעפירט אים אין שטאַל פון שטעטלשן גיבר און פלאַקס־סוחר, דוד גאָלדבערג, און פון דאָרט איבערגעפירט אין יאָסלס שטאַל, גאָלדבערגס ווייסן אָגער... אַז יאָסל האָט פאַר־טאָג דערזען, אַז זיין דאַר שוואַרץ פערדל איז מגולגל געוואָרן אין אַ ווייס, געזונט פערד, האָט ער ניט אַנדערש געטראַכט, אַז „מאַלעכאַיטשיקעס" האָבן אים דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצל... ער איז אַוועקגעלאָפן אַ דערשראָקענער אין בית־מדרש און דערציילט די מתפּללים פון ערשטן מנין, וועגן גלגול פון זיין פערדל. יענע זיינען באַלד מיטגעגאַנגען מיט אים און דערקענט דוד גאָלדבערגס ווייסן אָגער... אין שטעטל האָט מען געלאַכט און מיר, די פּריזיוויקעס, זיינען געווען שטאָלץ מיט אונדזערע געלונגענע שפּיצלעך...

# דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן

## א. איוויער בייטש־שטעקעלעך

שוין דער צונאָמען פון אונדזער שטעטל „איוויער בייטש־שטעקעלעך“, זאָגט אָמ־בעסטן וועגן איר סאָציאַלער סטרוקטור. דעם דאָזיקן צונאָמען האָט איוויע געקראָגן, ווייל זי האָט געלעבט פון דער בייטש (פערד־ און בהמות־הענדלער, קאַראַבעלניקעס און באַלעגאָלעס). דער אמת איז, אַז אַחוץ קאַראַבעלניקעס, וועלכע האָבן געבילדעט אָ קענ־טיקע שיכט פון דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען פאַרהעלטנישמעסיק ניט געווען אין איוויע מער פערד־ און בהמות־הענדלער ווי אין די אַנדערע שטעטלעך.

איוויע, צוגלייך ווי די אַלע אַנדערע שטעטלעך פון דער אומגעגנט, האָט געלעבט פון פויער, פון לאַנדווירטשאַפטלעכן הינטערלאַנד. הונדערטער דערפער און „כוטאָרס“ (איינצל־ווירטשאַפטן), וואָס האָבן געציילט צענדליקער טויזנטער פויערים, האָבן געקויפט אַלדאָס נייטיקע ביים יידישן קרעמער און בעל־מלאכה און פאַרקויפט זייער וואַלד־ און פעלד־פּראָדוקציע דעם יידישן סוחר און דאָרפסגייער. דאָס שטעטל האָט געצויגן חיונה, בעיקר פון מיטוואָכדיקן מאַרק־טאָג און פון די 6—7 גרויסע יערלעכע יאַרידן. כאָטש דער פויער איז געווען אָרעם, געלעבט אויף אַ נידעריקן לעבנס־ניוואָ און געווען אַ באַגרע־נעצטער קאָנסומענט, איז דאָך זייער קויף־קראַפט און ווירטשאַפטלעכע אַקטיוויטעט געווען אַ קענטיקע צוליב זייער גרויסער צאָל.

## ב. קראָמען און קרעמערס

ניט האָבנדיק פאַר זיך קיין סטאַטיסטישע ציפערן, איז שווער פעסטצושטעלן, וויפל עס האָבן געלעבט פון קרעמעריי. אָן שום ספק, אַז קרעמעריי איז געווען די פרנסה פון גרעסטן טייל איוויער יידן (געגנוי ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך). קראָמען זיינען געווען ניט נאָר אין די צוויי „ריאַדן“ (שורות) קראָמען אין מאַרק, נאָר אויך אין די אַנדערע גאַסן. געווען אויך קרעמען אָן אַ טיר צו דער גאַס, ד. ה. פשוט אין איינעם פון די שטוב־צימערן. האָט מען חתונה געמאַכט אַ קינד, פלעגט מען עפענען אַ טיר, און נאָך אַ קראָם איז צוגעקומען אין שטעטל....

אָן איוויער קאָלאָניאַל־ אָדער גאַלאַנטעריע־קראָם איז געווען אַ מין „כל־בו“, ווו מען האָט פאַרקויפט מאַזשע, נאַפט, צוזאַמען מיט הערינג און שפייז. אַחוץ עטלעכע גרעסערע הורט־קראָמען, וואָס האָבן צוגעבלעך צום דעטייל־פאַרקויף אויך פאַרקויפט סחורה די דאָרפס־פאַרער און קליינע קרעמערלעך, זיינען די אַלע איבעריקע געווען „געשעפטן“, ווו

דער גאַנצער אינוועסטירטער „קאַפּיטאַל" האָט זיך געדרייט אַרום עטלעכע הונדערט זלאָטעס, צוזאַמענגעשטעלט דורך הלוואות פון באַנק און „גמילות־חסד"...

די קליענטעלע פון יעדער קראָם איז אין אַ קענטיקן טייל געווען לויט „פּאַראַפּיעס" און דערפער, מיט וועלכע דער קרעמער איז געווען פאַרבונדן (די פאַמיליע האָט פריער געלעבט אַלס ישובניקעס אין דאָרף אאַז"וו). די קאָנקורענץ איז די לעצטע יאָרן געווען אַ גרויסע און ניט זעלטן פלעגט מען זיך קריגן פאַרן קונה און מען פלעגט שלעפּן די פּויערים און פּויערטעס פאַר די אַרבל צוזאָגנדיק זיי הרים וגבעות...

בקיצור, אַ קראָם איז געווען אַן אייביקע אָרעמקייט, געבויט אויף הלוואות און סחורה, גענומענע אויף קרעדיט.

אַחוץ געציילטע גרעסערע קראָמען, וווּהין אַלע פּויערים האָבן זיך געשטופּט, צוליבן גרעסערן אויסוואַל פון סחורות, צוליבן גוטן נאָמען אַלס ערלעכער ייד, אָדער געוויינ־שאַפט, זיינען די אַלע איבעריקע ניט ליקווידירט געוואָרן, בלויז צוליב דעם, ווייל קיין אַנדערע פּרנסות זיינען אין שטעטל ניט געווען. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די קרעמער געליטן פון דער קאָנקורענץ פון די פיל קרעמערלעך, וואָס האָבן זיך געעפנט אין די דערפער, פון די פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון און פון דער אַנטיסע־מיטישער באָיקאָט־העצע.

### ג. קאַראַבעלניקעס

די צווייטע קענטיקע סאָציאַלע גרופּע זיינען געווען די קאַראַבעלניקעס (דאָרפס־פאָרער). אַחוץ געציילטע „פּיעכאָטניקעס" (פוסגייער), זיינען אַלע אַנדערע אַרומגעפאָרן מיט פערד־און־וואָגן. איוויער קאַראַבעלניקעס זיינען דערפאָרן ביז לידע, נאָוואַרעדאָק, באַקשט, ליובטש און אַפילו ביז וואָלאָזשין. יעדער קאַראַבעלניק האָט געהאַט זיין „פּאַראַפּיע", ווּ קיין אַנדערע פלעגן ניט אַריינפאָרן. אַ ניי־צוגעקומענער פלעגט דאַרפן אויסזוכן פאַר זיך אַ ווייטערדיקע געגנט, אָדער טיילן זיך מיט זיין פאָטער מיט דער פּאַראַפּיע. דאָס איז געווען אַ שווערע, ביטערע פּרנסה, פון וועלכער מען האָט קוים געצויגן חיונה פאַר דער משפּחה און... פערדל. ניט געווען קיין רייכע קאַראַבעלניקעס.

אַ קיילעכדיקע וואָך, פון זונטיק ביז פרייטיק, פלעגט מען זיך שלעפּן אין רעגן און קעלט איבער די דערפער, נעכטיקן אויף די וואַרעמע אויוונס אָדער אין די שייערן און שטאַלן, זומער — אויף די וועגענער, און אָפּקומען מיט אַבי־וואָס, מיט דער האָפענונג צו ברענגען אַהיים אויף שבת די פאַר זלאָטעס פאַר דער משפּחה. מען פלעגט אָנקלאַפּן אין די קליינע דאָרפישע פענצטער, פאַרלייגן די געבראַכטע גאַלאַנטעריע־סחורות און קויפן זיין פעלד־ און וואַלד־פּראָדוקציע: סמאָרשקעס, שוועמלעך, חזיר־האָר, פעלכלעך, ליקאָ־פאַדיום (פלאַוושקע), פלאַקס, פוטערוואַרג א"אַ. בקיצור, אַלץ פון וואָס מען האָט געקענט האָבן צו פאַרדינען אַ זלאָטע. דער פּויער איז געווען אָרעם און קאַרג און פלעגט זיך דינגען אָן אַ סוף און ניט איינמאָל פלעגט מען דאַרפן אָנקומען צו פאַרשידענע מיטלען, כדי „איינצובייסן" דעם גוי. די סחורה פלעגט מען פאַרקויפן צו די סוחרים (חיים אַריהס), חיים־אהרן קאַגאַנאָוויטש און זיינע זין, חיים בלאָך, דוד גאָלדבערג, דוד לידסקי א"אַנד.), ביי וועלכע מען פלעגט אויך נעמען הלוואות אויפן חשבון פון שפּעטערדיקער סחורה.

מען דאַרף דאָ אויך דערמאָנען עטלעכע צענדליק באַלעגאָלעס, וועלכע פלעגן ברענגען אָדער פירן משאות צו דער באַן־סטאַציע גאַוויע, לידע־פאָרערס און ווילנע־פאָרערס, וועלכע פלעגן פירן סחורות אין בידע ריכטונגען.

## ד. האַנטווערקעריי און אינדוסטרי

אין בוך „יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין פוילן" (וואַרשע, 1923), האָבן מיר געפונען אַן אַנקעטע וועגן איוויע, באַאַרבעט פון אינזשיניער אליעזר העלער. די אַנקעטע A און A1, זייט LXX) איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1921 און נעמט אַרום ניט בלויז איוויע, נאָר אויך די אומגעגנט (11.023 איינוווינער) און בעיקר אונטער־נעמונגען פון האַנטווערקעריי:

אַלגעמיינע צאָל איינוווינער 11.023. איינגענומען אונטערנעמונגען 138, פון זיי טעטיקע 131. צאָל באַשעפטיקטע פּערזאָנען 290, פון זיי: אייגנטימער 47.6%, מיטהעלפנדיקע פאַמיליע־מיטגלידער 25.9%, לוין־אַרבעטער 26.5%, פון די לוין־אַרבעטער זיינען 98.7% יידן.

פון די אָנגעגעבענע אַלגעמיינע צאָלן קומט אויס אויף די באַזונדערע פּראָדוקציע־קלאַסן:

| אונטערנעמונגען | באַשעפטיקטע | פּערזאָנען | לוין־אַרבעטער |
|---|---|---|---|
| שטיין, ליים, גלאָז | 0,7 | 0,3 | — |
| מעטאַל | 6,5 | 4,8 | 1,3 |
| מאַשינען, אַפּאַראַטן | 0,7 | 1,0 | — |
| האָלץ | 3.6 | 3,4 | 1,3 |
| לעדער | 4,3 | 12,4 | 27,3 |
| טעקסטיל | 3,6 | 3,4 | — |
| באַקליידונג | 59,4 | 48,6 | 50,6 |
| דערנערונג | 12,3 | 21,0 | 16,9 |
| בוי | 6,5 | 3,1 | — |
| גראַפישע אינדוסטרי | 0,7 | 0.3 | — |
| רייניקונג | 1,5 | 1,4 | 2,6 |

ניט געווען קיין אינדוסטרי אין שטעטל, אויב ניט רעכענען אַלס אַזעלכע די גע־ציילטע זאַוואָדטשיקעס" (קאַלטע גערבערנקן), די וואַלנאַטשאַסקעס" (מאַשינען צו קעמען וואָל), די צימבלערס (מאַשינען צו רייניקן זוימען), עטלעכע פּרימיטיווע גאַרבערייען (גאַר־בערס זיינען אויך געווען די קידרים) און בערל באַקשטס שיך־פאַבריקל. די האָלץ־פירמע „העלער—נאַכימאָווסקי" האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געעפנט אַ קאַנטאָר אין שטעטל און אָנגעהויבן עקספּלאָאַטירן די וועלדער אין דער סביבה. זיי האָבן אין נאָענטן

איוויער הויף אויפגעשטעלט אַ טאַרטאַק, אַ פּאַראָווע מיל און די עלעקטרישע סטאַנציע, וועלכע האָט אויך געגעבן ליכט פאַר דעם שטעטל. דער טאַרטאַק האָט אין ווינטער־סעזאָן באַשעפטיקט קרוב 100 אַרבעטער, פון זיי אַ צענדליק יידן, צוגאָבלעך צו די באַאַמטע פון קאַנטאָר און שאָפערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין די וועלדער. באַלעגאָלעס האָבן ווינטער געפירט דאָס געהילץ צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע גאַוויע. די האָלץ־אינדוסטרי האָט מיטגעהאָלפן דירעקט און אומדירעקט צו פאַרגרעסערן די פרנסה־מקורות פון שטעטל.

איוויער בעלי־מלאכות האָבן געהאַט אַ גוטן שם אין דער געגנט. זיי פלעגן פאַר־קויפן זייערע אויסאַרבעטונגען אויך אויף די מערק און ירידן פון די אַרומיקע שטעטלעך (ליפּנישאָק, טראָב, ליובטש א״אַנד). אַחוץ די גרויסע צאָל שוסטער, שניידער און סטאָ־ליער איז אויך געווען אַ קענטיקע צאָל רימער און שמידן. אַלע האָבן געטרבעט פאַרן פויער, בעיקר צוגאָבלעך צו די קאָנסומענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די זין האָבן געלערנט ס׳רוב דעם טאַטנס פאַך. עס האָט זיך געמערקט אַן איבערפלוס, און פיל פון די בעלי־מלאכות האָבן פאַרדינט אויף חיונה נאָר אין סעזאָן. אויף פרנסה האָבן פאַרדינט בלויז די קליינע צאָל גוטע פאַכמענער. אַלע אַנדערע האָבן זיך געמאַטערט אויף צו מאַכן אַ באַשיידן לעבן.

דער איוויער פּראָלעטאַריאַט איז געווען זייער אַ באַגרענעצטער, עטלעכע שמידן, סטאָליערס, שניידערקעס. די בעלי־מלאכות האָבן ס׳רוב געאַרבעט בלויז מיט זייערע פאַמיליע־מיטגלידער. מיט דער צייט פלעגט דער אַרבעטער ווערן זעלבשטענדיק און אויפהערן צו זיין אַ פּראָלעטאַריער.

דער באָדן פון דער איוויער אומגעגנט איז געווען באַזונדערס געאייגנט פאַר פלאַקס. דער פלאַקס־האַנדל און עקספּאָרט פון הונדערטער וואַגאָנען אין סעזאָן, האָט געגעבן חיונה ניט נאָר די געציילטע גרויסע סוחרים, נאָר אויך הונדערטער הענדלערס. די הונ־דערטער דאָרפישע גויעס, וואָס האָבן אַ גאַנצן ווינטער „געטרעפּליעט״ (געריייניקט) דעם פלאַקס אין די שטעטלשע שטאַלן, האָבן איבערגעלאָזט זייער אַרבעטס־לוין אין די שטעטלשע קראָמען. עס האָבן דערביי געמאַכט אַ לעבן אויך אַ ביסל פעקערס און באַלע־גאָלעס, וואָס האָבן געפירט די באַלן קיין גאַוויע.

געציילטע כלי־קודש, עטלעכע בוכהאַלטערן און אָנגעשטעלטע, לערערס, איין דאָק־טאָר, צוויי פעלדשערס, האָבן געבילדעט די פרייע פּראָפעסיעס אין שטעטל.

געווען ניט ווייניק פאַמיליעס, וואָס די שטיצע פון אַמעריקאַנער קרובים איז געווען זייער איינציקער חיונה־מקור אָדער אַ צושטייער צו דער פרנסה. געווען אויך ניט ווייניק אָרעמע־לייט, וואָס האָבן געלעבט פון דער גוטהאַרציקייט פון אַנדערע.

ניט קוקנדיק אויף דער אַנטיסעמיטישער באַיקאָט־פּאָליטיק, דעם אומדערטרעגלעכן שטייער־דרוק און די קאָנקורענץ, איז דאָך געשטיגן דער לעבנבס־ניוואָ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די דרייסיקער יאָרן. איוויער יידן זיינען געווען פול מיט איניציאַטיוו און דערפינדערישקייט אינעם שווערן געראַנגל צו מאַכן אַ לעבן. דאָס שווער־פאַרהאָרע־וועטע האָב־און־גוטס פון דורות, איז אַריבער אין די הענט פון זייערע רוצחים, צוזאַמען מיטן טראַגישן אומקום פון זייערע בעלי־בתים.

**משה קאַגאַנאָוויטש**

# הוי־חיים ופולקלור
# לעבנס־שטייגער און פאלקלאר

חיים בילבסקי / תל־אביב

## איוויער פאָלקס־טיפּן און פאָלקלאָר



אין שטעטל האָט מען אים גערופן שמעון איז־בויסקער, שמעון דער סאָלטיס, אָדער פּאַרקירצט: שימאָנקע. צוויי שוואַכקייטן האָבן כאַראַקטעריזירט שמעונען: ער איז געווען אַ קאַרגער ביז צו משוגעת און פלעגט ריידן מיט אַ וויינענדיקן טאָן. זומער און ווינטער איז ער אַרומגעגאַנגען אָנגעטאָן אין ווינטערדיקע האַלב־צעריסענע בגדים. ווינטער פלעגט ער אַרומוויקלען דעם פּנים מיט אַ גרויסער פאַטשיילע, פון וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעזען בלויז אַ רויטע אָפּגעפרוירענע נאָז און פאַררויטלטע טרערנדיקע אויגן. ער האָט פון האַנט קיין מאָל ניט אַרויסגעלאָזן זיין שטעקן, אונטערגעקלאַפּט מיט אַ גרויסן טשוואָק, וועלכער פלעגט זיך לאָזן הערן איבער די שטילע גאַסן פון שטעטל.

## שמעון קאָוועבסקי ע״ה

מען האָט דערציילט, אַז ווי פיל אַנדערע, איז אויך שמעון, אַלס בחור, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע „מאַכן" דאָלאַרן. שמעון איז ניט אַוועק ווי אַלע אַנדערע אין „שאַפּ" נייען הייזקעס, נאָר זיך באַלד אַוועקגעזעצט מיט אַ וועגעלע פרוכט אין „דאַון טאַון" (יידישער טייל פון ניו־יאָרק) און פון דעם געמאַכט אַ לעבן. שמעון, ווי פיל אַנדערע, האָט זיך ניט געקענט איינלעבן אין דער גרויסער, רוישיקער ניו־יאָרק. זיין חלום איז געווען צו מאַכן אַ פּאָר „טאָלער" און זיך אומקערן צו דער שטילער רואיקער שטעטל, ווי אַ גביר. שמעון

האָט געשפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט און אַפילו זיך נישט דערלויבט צו דינגען אַ צימער, דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט פלעגט ער גיין פיל קילאָמעטערס צום ניו־יאָרקער פּאָרט און זיך אַריינלייגן אין איינעם פון די גרויסע פעסער און דאָרט איבערנעכטיקן... אַז די גרויסע האַפן־שטשורעס האָבן דערשמעקט דעם „אורח" און זיך גענומען אים גלעטן און גריזשען, פלעגט שימאַנקע גאַנצע נעכט האַלטן מלחמה. מיט דער הילף פון זיין שטעקן, פּרוּוונדיק זיי אָפּצוטרייבן פון זיך... דער קאַרגער שמעון פלעגט דאַן אַוועקגיין אַ פּאָר קילאָמעטער ווייטער און פלעגט זיך אַריינזעצן אין אַ צווייטער פאַס...

אין איינעם פון די ווינטערדיקע טעג איז שמעון געשטאַנען נעבן זיין פּרוכט־וועגעלע און מיט צער געזען, אַז די ווייבער קומען ניט קויפן ביי אים. מיט אַ מאָל איז שמעון אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעך געוויין:

— האַלט איך שוין ליגן ווו זי ליגט; האַלט איך שוין זיך, ווו זי איז...

די אַרומשטייענדיקע ווייבער זענען פון רחמנות וועגן צוגעגאַנגען און געקויפט ביי אים.

— ווען האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט אייער פרוי? — האָבן די ווייבער געפרעגט מיט מיטלייד.

— וואָס געשטאָרבן, ווער געשטאָרבן. זי ליגט אונטער דער וואַרעמער פּערענע און איך שטיי דאָ אין פריר ווי אַ הונט...

אַז „פריילעכע מיידלעך" פלעגן אים פאַרטשעפּען אין גאַס, פלעגט ער אָפּהאַרציק זאָגן:

— טאָכטערקע, קיין געלט האָב איך ניט און קיין טרחה זשאַלעווע איך ניט...

שמעון האָט זיך צוריקגעקערט קיין איוויע מיט זיינע אָפּגעשפּאָרטע טאָלערס, געקויפט אַ קליין שטיבל מיט אַ גרויסן גאָרטן אין נאָוואָרעדקער גאַס און צוגעבלעך אַ ראַסאָווון באָק — אַלץ, כדי צו שאַפן פאַר זיך אַ זיכערע חיונה. זיין קאַרגשאַפט האָבן גוט געפילט אויך זיין ווייב און קינדער. אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז ער האַלט זיי אויף אַ הונגער־דיעטע... אָבער אַז אין איוויע איז געוואָרן אַ מאָדע, אַז אַ טאָכטער מוז קענען אַ ביסל רוסיש, האָט שמעון ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו געבן זיין עלטערע טאָכטער אַן „אוראָק" (לעקציע). דער לערער איז געווען חיים בלאָך (דער קליינער). שמעון פלעגט שטיין אין צווייטן צימער פאַר דער ענדע פון דער לעקציע, קוקן אויפן וואַנט־זייגער, קלאַפּן מיטן שטעקן אין פּאָדלאָגע און טענהן מיט אַ וויינענדיק קול: — פינף מינוט פאַר צוועלף, בלוטיק געלט, פינף פאַר צוועלף, בלוטיק געלט...

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט אונדזער געגנט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער קאָמענדאַנט האָפמאַן נאָמינירט שימאַנקען אַלס בירגערמייסטער. זיין אויפגאַבע איז בעיקר געווען, צונויפיאָגן מענטשן צו „פּאַני־קאַפּאַני"־אַרבעט אאַז״וו.

שימאַנקע האָט געוואָלט באַווייזן דעם קאָמענדאַנט, אַז ער קען האַלטן אָרדענונג. האָט ער געגעבן אַ קאָמאַנדע צו די יידן און יידענעס, וואָס זיינען געגאַנגען אויסגראָבן קאַרטאָפל פון די הויף־פעלדער:

— שטעלט זיך צו דריי אין אַ ריי! — פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט פון אים געמאַכט

ס׳גרויסע געלעכטער. איז שימאָנקע אויסגעבראָכן מיט אַ קוויטשעדיק געווין: „יידן, האָט רחמנות, שטעלט זיך צו דריי. איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי...

כאַפּנדיק מענטשן צו שיקן אויף אַרבעט אין „פּאַני־קאָמפּאַני״ האָט ער איין מאָל אַריינגעשטופּט בגוואַלד אויך אלתר לעווין (געלעס) און געזאָגט צום קאָמענדאַנט: „הער קאָמענדאַנט, דער יודע גייט פרייוויליק״. עס האָבן ניט געהאָלפן אַלתר געלעס פּראָטעסטן, אַז ער וויל ניט גיין פרייוויליק. שימאָנקע האָט אים אַריינגעשטופּט אין די רייען פון די אַרבעטער, שרייענדיק: „פרייוויליק, פרייוויליק״... פון דאַן פלעגט מען אין איוויע זיך באַנוצן מיטן וואָרט „פרייייליק״ ביי ענלעכע געלעגנהייטן.

איין מאָל האָט דער קאָמענדאַנט אים געשיקט רופן די פרוי רעבעקאַ פון בערנאַרדינער גאַס. שמעון האָט צוליב צניעותדיקע טעמים ניט געוואָלט איבערחזרן האָפּמאַנס ווערטער, האָט ער מיט אַ ווייגענדיקן טאָן געזאָגט: „אַ גוטן אָוונט דיר, רבקהלע, דער קאָמענדאַנט האָפּמאַן האָט מיך געשיקט די״ך רופן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל דיר דערציילן אַ מעשה״.

דער סוף איז געווען, אַז צוליב אַ מסירה וועגן שוחד האָט דער קאָמענדאַנט האָפּמאַן אים פאַראורטיילט אויף אַ יאָר תפיסה אין דייטשלאַנד.

שמעון, וועלכער האָט, ווי געזאָגט, געשפּאַרט אַ גראַשן צו אַ גראַשן קישקע־געלט, פלעגט אויסבאָרגן געלט אויף הויכע פּראָצענטער. זיין איידעם, אברהמל, האָט געקויפט חיים לעווינס מויער האָט ער „אויסגעמאַנצלט״ ביי זיין שווער אַ קענטיקע סומע אַלס הלוואה אויף פּראָצענט. אברהמל, טראַכטנדיק, אַז ער, אַלס גרויסער „פּראָפעסאָר״, וואָס האָט אַראָפּגענומען אַ האָרב פון זיין שווערס פּלייצעס, איז ניט מחויב אים צוריקצוגעבן די הלוואה. שמעון האָט אויפגעהויבן דאָס שטעטל. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן און ווייענדיק געטענהט: „מיין איידעם האָט דאָך מיר געמאַכט אָפּעלע ק.״... (אין איוויע פלעגט מען אַזוי זאָגן צו קליינע קינדער, ווען זיי פלעגן זיך איינריכטן).

שווער פעסטצושטעלן צי שמעון האָט דערלעבט די צווייטע וועלט־מלחמה און די פאַרניכטונג פון די איוויער יידן. די לעצטע יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה איז דער ווייגענדיקער, קאַרגער שמעון פאַרשוווּנדן פון איוויער האָריזאָנט.

## פיישקע חאַימאָטש ע״ה

קיינער געדענקט זיכער ניט זיין פאַמיליע־נאָמען, ווייל אין שטעטל האָט מען אים גערופן מיטן צונאָמען „חאַימאָטש״. זיין שטוב אין בערנאַרדינער גאַס, נאָכן „דאָם לודאָווי״, איז געווען אַ גרויסע ניט־צעצאַמטע ליידיקע דירה, ווו אַחוץ צעבראָכענע בעטן, אַ טיש און שטולן, איז קיין זאַך ניט געווען. ער האָט געאַרבעט ביי פיל מלאכות, אָבער געהאַט ווייניק ברכות...

ער איז געווען אַ דעקער פון שינדל־דעכער אין דער גאַנצער אומגעגנט, אַ קאַלכער פון גאָטס גענאָד, און אַ ברודיקער. פאַר פּסח פלעגט זיין גרויס ניט־צעצאַמט הויז מיטן גרויסן אויוון דינען ווי אַ „פּאַדריאַט״ צו באַקן מצות. פון די אַלע פּרנסות האָט די גרויסע משפּחה פון צוויי חתונה־געהאַטע טעכטער, ניט געהאַט אויף שבת. פיישקע, אַליין אַ

נידעריק יידל אין צעפּלאַטערטע, פאַרקאַלכטע בגדים, האָט קיין מאָל ניט פאַרלוירן זיין גוטן מוט און שטענדיק געשמייכלט.

זיין פּנים און בגדים זיינען אַ קיילעכדיק יאָר געווען פאַרגאָסן מיט קאַלך און פאַרבן, וועלכע ער האָט ניט באַוויזן אַראָפּצוואַשן אַפילו פאַר יום־טוב... פאַרשטענדלעך, אַז פּישקע האָט קיין קאַטאַלאָג פון פאַרבן ניט געהאַט. ער פלעגט בעטן אויסקלייבן די פאַרב פון זיין פּנים און בגדים... צופעליק האָב איך אים איין מאָל געטראָפן אין יוראַטשישאַק, ווּהין ער איז געקומען קאַלכן אין הויף פון דער פּריצטע רוטקעוויטש. וועלנדיק באַווייזן דער פּריצטע די קאָלירן מיט וועלכע ער וועט זיך באַנוצן, האָט ער, ווי שטענדיק, פאַר־קאַשערט די פאָלע פון זיין לאַנגן מאַנטל, פאַרגעסנדיק, אַז זיינע הויזן זיינען אין גאַנצן צעריסן... די פּריצטע האָט זיך מיט אַ געלעכטער שנעל אָפּגעטראָגן...



ר׳ פּסח „חאַימאַטש"
אַ באַקאַנטער איוויער פאָלקס־טיפּ



נחום־דוד דער קאַליקער נעבן זיין
„סחורה" אין אַ מאַרק־טאָג.

אין שטעטל פלעגט מען אים זען אַרומגייענדיק מיט זיינע אַרבעטס־מכשירים: אַן עמער מיט קאַלך און אַ לאַנגע פּאָמעלע... ער האָט שטענדיק געהאַט צו דערציילן ניסים־ונפלאות וועגן זיינע „דערפאָלגן" ביי די פּריצים און גראַפן, וועלכע פלעגן כלומרשט לויבן זיין גוטע אַרבעט...

פּישקע איז געווען אַ שטענדיקער אַריינגייער אין שישקעס (בלאַך) הויז. יעדן פרייטיק פלעגט די שטעטלשע גוטהאַרציקע גבירטע אים מכבד זיין מיט אַ טעלער צימעס. נאָכדעם

פלעגט פישקע לויבן פאַר מענטשן שישקעס צימעס: „וואָס רעדט איר, דאָס איז דאָך געווען אַ צימעס פון הוילע סאַכאַרין"... בכלל האָט פישקע זייער געהאַלטן פון שישקען. ער פלעגט פאַר מענטשן טענהן: „ פאַרוואָס זאָגט מען שטענדיק ר' חיים, ר' אברהם. פאַר־וואָס זאָל מען ניט רופן שישקען ר' (רעב) שישקע ?"...

כאָטש זיינע אייניקלעך זיינען געווען געשטראָפט דורכן גורל, האָט ער זיי דאָך ליב געהאַט און שטענדיק זיי געלויבט. ער האָט באַזונדערס שטאָלצירט מיט זיין עלטערן אידעם, ר' ישראל, וועלכער איז געווען אַ דרדקי־מלמד און דערצו אַ מוכר־ספרימניק. אין זיינע אויגן איז ער געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם. זיין יינגערן אידעם האָט ער גערופן ניט אַנדערש ווי „גראַף", צוליב זיין שיינעם פנים... פאַרשטייט זיך, אַז „גראַף" איז פאַרבליבן אין שטעטל, ווי אַ צונאָמען פאַר זיין איידעם...

זיינע צווי אייניקלעך זיינען געווען אָפּגעשטאַנענע, נעבעך, מיט זייער שכל. רחלע און איר ברודער, חיים „טאָפּטעלע", פלעגן כסדר לאַכן. חיים פלעגט פרווון פאַרדינען אַ פאָר גראָשן דורך ברענגען וואַסער פון „מיגעס" ברונעם אין גבירישע הייזער. פאַר אונדז, קינדער, איז ער געווען אַן אָביעקט פון פריילעך מאַכן זיך און איזדעקעווען זיך איבער אים.

פישקע האָט זיין גאַנץ לעבן שווער געאַרבעט, כדי צו שפייזן זיין אומגליקלעכע משפחה. ער האָט געלעבט און געשטאָרבן ווי אַ פראָלעטאַריער. דעקנדיק אַ שינדל־דאַך, איז ער אַראָפּגעפאַלן און געבליבן טויט אויפן אָרט....

## ר' לייזער (לייזשינקע) ע"ה

אַ נידעריקער, געפּאַקטער, מיט אַ גרויסן אומנאַטירלעכן בייכל, וואָס איז געקומען פון עסן פיל קאַרטאָפל, אָדער ווי אַ קרענקלעכע דערשיינונג. אַ רויטלעכער, פולער פנים, וואָס האָט שטענדיק געלאַכט און געמסרט טיפּשות און אַן אָפּגעשטאַנענעם שכל. כאָטש עס האָט געהייסן, אַז ער איז אַ דרדקי־מלמד, וואָס לערנט מיט קינדער אלף־בית, איז דאָך זיין הויפּט־פרנסה געווען: יעדן דאָנערשטיק גיין איבער די הייזער און עסן שבתים און אויך אין מיטן דער וואָך ביי באַלעבאַטישע טישן.

ווי געזאָגט, איז לייזשינקע געווען אַ גאָר קנאַפּער למדן. אָבער איוויער ליצנים ווי דניאל לייבמאַן (דאַנטשיק) משה קלמנס א. אַנד. האָבן אים איינגערעדט, אַז ער איז אַ גרויסער צדיק און אַ תלמיד־חכם. און אַז ער איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי איינער פון די ל"ו צדיקים... לכתחילה האָט ער שעמעוודיק געפּרווט דאָס אָפּלייקענען, אָבער סוף־סוף האָט ער זיך געלאָזט איינרעדן, אַז ער איז אַ פאַרשטעלטער לאַמעד־וואָווניק... נאָכמער, ער האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז ער איז מסוגל צו בענטשן און אַז זיינע ברכות ווערן מקוים... ער אַליין האָט זיך אַ מאָל באַרימט, אַז ער האָט געבענטשט אַ יידענע, אַז זי זאָל געבוירן אַ צווילינג, האָט זי, אַרויסגייענדיק פון שטוב, געפונען צוויי קאָפּיקעס...

חברה לצים האָט אָנגעהויבן „אונטערוואַרעמען" לייזשינקען, אַז ער זאָל שבת פאַר־נאַכט האַלטן אַ דרשה אין נייעם בית־מדרש. מודעות אין די בתי־מדרשים האָבן אָנגעזאָגט, אַז דער באַרימטער מגיד און לאַמעד־וואָווניק, ר' לייזער, וועט האַלטן אַ דרשה אין נייעם

בית־מדרש. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען הערן לייזשינ־קעס דרשה...

ר׳ לייזער איז אַרויף אויפן באַלעמער, אַ קוש געגעבן ווי אַ געניטער מגיד דעם פּרוכת און אָנגעהויבן מיט אַ מגידישן ניגון זיין דרשה:

— ווען עס טוט ווי דער קאָפּ זאָל לערנען תורה און ווען עס טוט ווי דער בויך, זאָל לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן. אַ טייבעלע איז אויף צווי פּיסלעך. די וועלט איז קיילעכדיק ווי אַ נוס. אַז מען צעברעכט דעם נוס, געפינט מען אַ יאָדרע. די וועלט איז געגליכן צו אַ ראָד, וואָס דרייט זיך...

אין דעם מאָמענט האָבן חברה יונגוואַרג און ליצנים אָנגעהויבן באַוואַרפן אים מיט נאַסע האַנטעכער און מיט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט...

לייזשינקע האָט זיך נישט שטאַרק איבערגענומען פון זייַן מפּלה און ווי די ליצנים האָבן אים איינגערעדט איז דאָס געווען אַ נקמה פון זיינע שונאים, און ער האָט שטאַרק געגלייבט אין זיינע טיפע געדאַנקען און פעיִקייט צו דרשענען...

אין די יאָרן פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט האָט זיך לייזשינקע געוואָרפן שטאַרק אין די אויגן מיט זיין גרויסן בייכל. קאָמסאָמאָלצעס, וואָס האָבן אים געזען האָבן אָנגע־וויזן אויף אים און געזאָגט: „סמאַטריטי, קאַק בורזשוי וויגלאַדיוואַיעט" (קוקט ווי אַזוי אַ בורזשוי זעט אויס)...

שווער צו זאָגן צי דער נאַרישעוואַטער, תמימותדיקער לייזשינקע האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע איווייער ידין, אָדער ער איז נפטר געוואָרן פאַר דעם...

## ר׳ יעקב־לייבעלע (יאַנקעוו־לייבעלע) ע״ה

ער איז געווען אַ זון פון אַ רייכער באַלעבאַטישער פאַמיליע (קאַגאַן), מאַנופאַקטור־קרעמער, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין שטעטל מיטן צונאָמען „לאַבאַטע".

מיין טאַטע ע״ה האָט מיר דערציילט, אַז לערנענדיק אין חדר אין עלטער פון 6 יאָר, האָט יאַנקעוו־לייבעלעס פאָטער אים געבראַכט צו פירן פאַרן האַנט (ער איז שוין דאַן געווען נאָך בר־מצווה), מיט אַ ליימענע פייפעלע אין מויל... ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט היינט „דעווילער", זיין מוח האָט זיך ניט אַנטוויקלט און ער איז געבליבן ביים קינדערישן שכל. שטעטלשע ליצנים און קינדער פלעגן אין געשפּרעכן מיט אים געפונען אַן אָנגענעמען, פריילעכן צייט־פאַרטרייב. אַ נידעריקער מיט אַ טיפשעוואַטן, לאַכנדיקן פּנים, פלעגט ער כסדר בראָדזשען איבער די גאַסן פון שטעטל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ פּאַפּיראָסל אין מויל. ער איז געווען איבערגעגעבן צו זיין משפחה אָן אַ גרענעץ. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער גייך צום „מיגע"־ברונעם און שלעפּן וואַסער. ער פלעגט קלייבן היי און שטרוי פון פויערישע פורלעך פאַר זייער קו. די פויערים פלעגן אים אַוועקטרייבן מיט בייטשן, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. ער האָט געטאָן דאָס זייניקע, אויסוויינען ביים פויער אַ הויפן היי, אָדער אומבאַמערקט אַפילו גנבענען. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ניט געטאָרט זאָגן קיין שלעכט וואָרט אויף דער פאַמיליע און דאָס האָט געדינט ווי אַ תירוץ זיך צו רייצן מיט אים און אַריינפירן אים אין אַ פאַרוויילנדיקן שמועס...

אין שטעטל האָט מען אים גערופן „יאַנקעוו־לייבעלע אַטודרענע". דער צונאָמען איז אים געקומען, ווייל ער פלעגט ניט קענען אויסריידן ווי געהעריק די ווערטער און פלעגט זיי קאָמיש פאַרגרייזן. ער האָט איין מאָל געפרעגט ביי זיינער אַ פּלימעניצע, וואָס האַלט זי אין האַנט? זי האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ „תעודה" (שול־צייגעניש). ביי אים האָט זיך דאָס פאַרגרייזט אויף אַ „טודרענע". ליצנים האָבן אויסגענוצט זיין שוואַכקייט צו רייכערן און ווען ער פלעגט, ווי זיין שטייגער, צוגיין צו יעדן איינעם בעטן אַ פּאָר ציִ אָדער איבערלאָזן דעם „עקעלע" פון סיגאַרעט (ער פלעגט קלייבן אין די גאַסן די עקעלעך און דרייען סיגאַרעטן) פלעגט מען אים שטעלן אַ תנאי: „זאָג אַ „טודרענע". אָבער נישט אַזוי גרינג איז אים אָנגעקומען אַרויסבאַקומען דעם ניט דעררויכערטן סיגאַרעט. ער פלעגט דאָס דאַרפן שרייען אַלץ העכער און העכער, ביז עס פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן אַ רעדל שטעטלשע לייד־קגייער, וועלכע פלעגן זיך פריילעך מאַכן אויף זיין חשבון.



יאַנקל (דער קברן) און חיים־ניסן טראָגן אַ זאַק מיט „שמות"
צו קבורה אויפן בית־עלמין.

יאַנקעוו־לייבעלע איז אויף זיין שטייגער געווען אַ פריילעכער און פלעגט אַפילו ליב האָבן זיך צו וויצלען איבער אַנדערע... ער פלעגט פאַרטשעפּען טיפּן פון זיין שטייגער, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט זייערע שוואַכקייטן. אַזוי פלעגט ער פּרווון אָפּלאַכן פון משהקע דעם גלעזער, אַ זאַאיקע, וואָס פלעגט צו יעדן וואָרט צוגעבן „באָטע", פון טאָפּ־טאַלעלע, פון חאַשקע די ציג א. אַנד. געשטראָפטע דורכן גורל, ווי ער.

ער האָט איין מאָל געזען ווי מען מאַכט ביי זייערס אַ שכן אַ גאַנעק, איז ער גלייך צוגעגאַנגען און געבענטשט: „טראָגט געזונט דעם נייעם גאַנעק"...

אַז מען האָט אים דערציילט, אַז די באַבע האַלט ביים שטאַרבן און, אַז ער דאַרף זיך מיט איר געזעגענען, איז ער צוגעגאַנגען צו דער גוססדיקער און זיך געזעגנט: באָבע, זיי געזונט...

איין מאָל האָט ער געזען אַ געזעמל מענטשן נעבן אַ שטוב. אַז ער האָט זיך דערוווּסט,

אַז עס איז גֿעשטאָרבן אַ קליין קינד, האָט ער געזאָגט: „אַוודאי, אַזוינע אויסברענגער, ביי זיי וועט זיך עפּעס איינהאַלטן...

איין מאָל, גייענדיק פון מנחה־דאַווענען אין בית־מדרש (ער האָט געקענט לייענען פון סידור, אָבער, ווי זיין שטייגער, האַלבע פאַרגרייזטע ווערטער) האָט ער דערזען אַ סך מענטשן נעבן זייער שטוב און זיך שטאַרק דערשראָקן. ער אַליין פלעגט דאָס שפּעטער איבערדערציילן מיט זיין שפּראַך: „אפשר דער טאַטע געפּייגערט, אפשר די קו געשטאָרבן, חס ושלום. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער ברודער זלמן איז געקומען צו גאַסט פון אַמעריקע. לויפט ער אַריין אין שטוב מיט אַ געוויין: זלמנקע, זלמנקע, וואָס מאַכסטו? גיב אַ פּאַפּי־ראָס...

מיר, די קינדער, האָבן אים ליב געהאַט. מיר פלעגן זיך פריילעך מאַכן איבער אים און ער פלעגט מיט זיין האַלב־ווערטערדיקער צעטומלטער שפּראַך דערציילן זיינע „חכמות", אַלץ מיטן צוזאָג פון געבן אים אַ פּאָר „צי", אָדער דעם עקל פון אַ פּאַפּיראָס... אַ גוטמוטיקער טיפּ, וועמען מען האָט געקענט אַרויספירן פון גלייכגעוויכט, נאָר דורך פּוגע בכבוד זיין, ווען עס איז פון זיין משפחה. דאַן איז ער געוואָרן געפערלעך און אָנגרייפעריש...

די אַלע וואָס זיינען געווען אין געטאָ, געדענקען ניט, אַז מען זאָל אים האָבן געזען. ווען איז יאַנקעוו־לייבעלע אַטודרענע פאַרשוווּנדן פון איווי־ער גאַס? שווער צו זאָגן.

# הירשל דער בערעזינער

ער האָט געשטאַמט פון דאָרף בערעזין. אַ פריילעכער ייד מיט אַ שוואַרץ בערדל, רויטע אָפּגעפּרוירענע בעקעלעך און אַ פּאָר ממזרישע אויגן, וועמענס אַלע מחשבות האָבן זיך געדרייט אַרום אַ געשמאַקן ביסן...

אין דער יוגנט האָט ער זיך, פּונקט ווי פיל אַנדערע יידן, דערשלאָגן קיין אַמעריקע. אָבער אַזוי ווי הערשל און אַרבעט זיינען געווען צוויי קאָנטראַסטן, האָט ער גאָר קיין חשק ניט געהאַט צו נייען „הייזשקעס" אין „שאַפּ", אָדער פירן דעם שווערן פּרעסאייזן איבער די בגדים, ווי דאָס האָבן געטאָן אין יענע יאָרן די עמיגראַנטן. אין אַמעריקע ווידער, איז דאָס גיין איבער די הייזער הירשלס „ספּעציאַליטעט", ניט געווען אין דער „מאָדע", האָט מען אים גאָר גיך אָפּגעטראַנספּאָרטירט מיט אַן אָקסן־שיף צוריק קיין איוויע, ווו ער האָט זיך צוריק גענומען צום אַלטן פאַך פון גיין איבער די הייזער. ער פלעגט זיך באַרי־מען, אַז דאָס פאַך האָט ער געירשנט פון זיין טאַטן און פון זיין זיידן...

אַפילו אין דער צאַרישער אַרמיי האָט זיך הירשל ניט פאַרלוירן. זייענדיק אַ „בעז־גראַמאָטנער" (אַנאַלפאַבעט) האָט ער ניט תופס געווען, וועלכער פוס איז דער לינקער און וועלכער דער רעכטער. האָט דער אָפיציר איין מאָל, בעת די מיליטערישע איבונגען,

באַפּוילן אים אָנבינדן אויפן רעכטן פוס אַ שטרוי און אויפן לינקן אַ היי. אָבער הירשל פלעגט זיך צעטומלען און פלעגט פאַרבייטן די פיס. אויך קלעפּ האָבן גאָרניט געהאָלפן. ער האָט געשפּילט די ראָל פון אַ תם. אויף אַלע געשרייען און קלעפּ פלעגט ער רעאַגירן מיט אַ געלעכטער. ביז דער אָפּיציר האָט זיך מיאָש געווען פון מאכן הירשלען פאַר אַ ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט, און אַ געשריי געטאָן: „סטופּאַי דוראַק דאַ קוכני!״ (גיי, נאַר, אין קיך). הירשל האָט אויף דעם באַפעל געוואַרט ווי אויף משיחן. פיר יאָר האָט ער געשיילט קאַרטאָפל און געוואַשן די קעסלען אין קיך אָבער גלייכצייטיק געקענט שטילן זיין וועלפישן אַפּעטיט און כאַפּן אַ בעסערן ביסן...

ער איז געווען אַ קריכער און געוווסט ווי צו מאַכן אַ „קאַריערע״. ווו נאָר עס איז געווען אַ שמחה אין שטעטל, א חתונה, אַ ברית, אַ בר־מצווה, צי סתם אַ סעודה, איז ער געווען פון די ערשטע מחותנים. ער פלעגט וואַרפן אין האַלדז און אין די לאַנגע קעשענעס אַלץ, וואָס עס איז געקומען אונטערן האַנט. ער האָט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף אָפּצוראַמען די שיריים פון די טישן אויף שמחות. ער איז געווען אַן אונטער־שמש, אַ שול־רופער ערב שבת, אַ תהילים־קלאַפּער (אויפוועקן פאַרטאָג צו תהילים און סליחות זאָגן), פלעגט באַגעגענען חתן־כלה, גייענדיק פון דער חופה מיט פולע עמערס וואַסער און פלעגט ניט אַדורכלאָזן קיין געלעגנהייט צו כאַפּן אַ לייכטן גראָשן און אַ גוטן „ביסן״...

פּורים פלעגט ער זיך אויסשמירן דאָס פּנים אין סאַזשע, אָנטאָן אַ קרוין פון קאַלירטן פּאַפּיר, צובינדן אַ הילצערנע שאַשקע און אַ מאַסקע אויפן פּנים. באַגלייט פון אַ כאַפּטע קינדער פלעגט ער אין יעדע שטוב אויסזינגען:

גוט פּורים, גוט פּורים, מיינע ליבע יידן,
הוליעט און הוליעט און זייט צופרידן א. אַ. וו.
היינט איז פּורים מאָרגן איז אויס,
גיט מיר אַ גראָשן און טרייבט מיך אַרויס.

איוויער יידן האָבן גערן אים גענומען צום שבתדיקן מאָלצייט. ער האָט געקענט דערציילן קאָמישע מעשיות און געווען אַ פריילעכער קבצן. אַ גאַנץ יאָר האָט ער גערעדט וועגן דער יערלעכער סעודה פון דער איוויער חברה קדישא. דאָס גאַנצע פאַרגעניגן זיינס איז געווען צו ריידן וועגן עסן. ער פלעגט זיך באַלעקן ווען ער פלעגט איבערדערציילן וועגן די פעטע קישקעס, געפילטע פיש און געפּרעגלטע לעבערלעך, וואָס ער האָט געפּרעסן אויף שמחות און מאָלצייטן ביי די רייכע בעלי־בתים. אין עסן האָט ער ניט געוווסט פון קיין געניג און געווען שטענדיק הונגעריק.

געשטאָרבן איז ער פון איבערעסן זיך בעת אַ שבתדיקער סעודה ביי אַ שטעטלשן גביר. קיינער ווייסט ניט, ווו עס איז געבליבן זיין געלט, וואָס ער האָט אַזוי אייפעריק געשפּאַרט זיין גאַנץ לעבן...

**אברהם־צבי מעקעל**

משה נאָוואָפּרוצקי (נבט) / גדרה

# איוויער רעווי־פאָלקלאָר

די פאָלקלאָר־לידער (פזמונים), וועלכע מיר גיבן דאָ (אויף וויפל דעם א. ד. מחבר איז געלונגען צו רעסטאַווירן לויט זיין זכרון, געוויס פעלן דאָ זאַצן און ווערטער), זיינען פון אַ רעווי־אָוונט א. נ. „עס לעבן די קבצנים", וועלכער איז פאָרגעקומען מוצאי־פסח, דעם 12טן אַפּריל 1933.
די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען לויט דער איניציאַטיוו פון דער פלוגת הכשרה פון קיבוץ „תל־חי" אין איוויע און די הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר דער פלוגת הכשרה. דער לעבעדיקער גייסט פון דעם רעווי־אָוונט איז געווען משה נאָוואָפּרוצקי (נבט), וועלכער איז ניט נאָר געווען דער רעזשי־סער, נאָר אויך דער מחבר פון גרעסטן טייל פון דעם פּראָגראַם און אויך דער מוזיקאַלישער לייטער. די מאָטיוון צו די לידער זיינען גענומען געוואָרן פון פּאָפּולערע לידער אין יענע יאָרן אויף דער יידישער גאַס. די לידער זיינען געווען באַליבט ביי דער איוויער יוגנט און געזונגען געוואָרן ביזן אויסברוך פון גרויסן שטורעם אין 1939. די געגעבענע לידער שפּיגלען אָפּ דעם איוויער לעבנס־שטייגער און דערציילן וועגן שטעטלשע געשעענישן און סענסאַציעס. (זע דאָס בילד).

(רעדאַקטאָר)

## צונעמענישן

אַ רעזידענץ איז איוויע,
אַן אייגענע מלוכה,
ס'איז דאָ אַ פּרינץ מיט פּרינצעלעך פאַראַן
צו יעדער צייט האָט איוויע
אַ לבנה, אַ פּאַגאָדע,
און ווען מ'דאַרף — אַן אייגענעם טומאַן.

אַ שטאָט מיט פּראָפעסאָרן,
אַסטראָנאָמען, אויגן־קוקערס
און גרויסע דיכטער אַזוי ווי שלום אַש,
אַ זשורנאַליסט פון לעמבערג
איז דאָ אין דער פאַנטאַזיע
און יעדער מיט זיין טומל, מיט זיין רעש.

פאַראַן אויך דאָ אַ טאַנץ־זאַל —
שפּילט מען אויף אַ פידעלע

הצגת־רביו „חיי קבצנים" ביוזמת פלוגת הקיבוץ „תל־חי" באיביה,
בביומו של משה נובופרוצקי.




יושב במרכז, שלישי מצד ימין.

און מ׳לערנט פרשה ויגש,
טאַנצט מען דאָרט אַ שימי, טאַנגאָ, רומבאַ
פאַרזופט מען מיט אַ פלאַש.

פאַראַן אויך דאָ אין איוויע
צוויי גרויסע קיבוצים
אַפּעטיט האָט יעדער ווי צען פערד
איז אָבער די צרה
ס׳איז ליידיק דער סאַגאַנטשיק
טויג דאָס טאַקע אין דר׳ערד.

און אַז אַמאָל די קוקלע
קומט צום קהילה־פּרעזעס
פאַרשטעלט ער איר דעם וועג ווי אין אַ שטייג
ענטפערט איר דער פּרעזעס
קאַלט ווי אַ שטשאַוויע,
קום אין „לאָקאַל" וועסט קריגן אַ פייג.

געוואַלד, באַנדיט, אַפּעריסט —
ביסט אַ חיה — האַ?
וועסט זען וואָס איך קען
קריגסט פון מיר אַ פּאַטש באַלד — נאַ!

די „ליגע"מאַכט אַ מיטינג
צו אַראָפּנעמען די גזירה
און פאָדערן אַ פרייע עליה
איז געקומען אין זאַל אַ פּייפער מיט אַ היטעלע
זיינען אַלע גלייך געבליבן — שאַ...

## איוויער יידן — גיט געלט

ווען ס׳צינדט זיך אָן אַ פייער
אין אַן איוויער שייער,
ביז עס קומט אָן די סטראַזש —
ווערט פון אַלץ אַ באַרג אַש!

דאָס וואַסער אין די פעסלעך פאַרפראָרן,
דער עולם גייט אַרום אין גרויס צאָרן,
דער נאַטשאַלניק פאָרויס מיטן בייכל —
זוכט אויף אַ רפואה אַ טייכל...

די כוונה פון די סטראַזשאַקעס איז גוט,
זיי אַרבעטן מיט פלייס און מיט מוט;
נאָר וואָס קען מען טאָן מיט די הוילע הענט —
אַז אין קאַסע איז ניטאָ קיין סענט...

רעפריין:

טאָ לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם
נישט שעמען זיך פאַר קיינעם —
לאָמיר אַלע גוט און פריילעך זיין,
איר זאָלט נאָר יידן קאַרג ניט זיין —
ס׳איז ניט פיין, ס׳איז ניט שיין,
איוויער יידן אין פושקע וואַרפט אַריין!

אין ארץ־ישראל אַ קריזיס איז,
דאָס איז דאָך, ברודער, אמת,
ווילסטו אויס קריזיסל —
טאַ גיב אויף קרן־קימת.

רעפריין:

טאַ לאָמיר אַלע אין אײנעם א. אַ. וו.

## אַ שטעטעלע פון גליקן

(לויט דער מעלאָדיע פון ליד „בין איך מיר אַ חלוצל")

רעפריין:

איוויע, איוויע, איוויעטשקע,
אַ שטעטעלע מיט גליקן,
מ'האָט זיך אויף דיר אָנגעזעצט,
מ'וויל דאָך דיר דערשטיקן.

גאָט האָט אונדז מזכה געווען
מיט אַ קראַנקן־קאַסע,
אויף צו היילן, מישטיינס געזאָגט,
די אָרעמע מאַסע.

רעפריין:

איוויע, איוויע א. אַ. וו.

מ'וועט דאָך פון איר דערלעבן
גאָר קליינע ישועות,
ווייל נאַטרום מיט קאַרבאָניקום
זיינען אירע גאַנצע רפואות.

רעפריין:

איוויע, איוויע, איוויעטשקע,
אַ שטעטעלע פון גליקן,
מ'האָט זיך אויף דיר אָנגעזעצט,
נאָר מ'וועט דיך ניט דערשטיקן.

## „באַקשטיאַדע"

רעפריין:

און באַקשט, אַ זעלנער ערגעץ ווו,
און באַקשט, וואָס שפּילט מיר איצטער צו,
און באַקשט, וואָס האַנדלט מיט חזיר־האָר,
און באַקשט, וואָס זינגט דאָ איצט אין כאָר
און באַקשט, וואָס שפּילט אויפן טרומייט
און באַקשט, אין שטאָט דאָס רעדל דרייט —
נאָך טוצן פאַראַן אַ פּאָר...

איך גיי אַריין אין באַנעלע
און זעץ זיך מיר אַוועק.
עס גייט אַריין אַ פּאַנעלע
מיט זיבן גרויסע פּעק.
העפלעך מאַך איך אָרט פאַר איר
פרעג איך: פריילין, ווער זענט איר?
— באַקשט, בערנאַרדינסקאַ פיר.

רעפריין:

און באַקשט אַ זעלנער א. אַ. וו.

איך פרעג אַמאָל אַ מיידעלע:
וווּ קויפט מען אַ פּאָר שיך?
גיט זי זיך אַ דריידעלע:
— צו באַקשטן לויף אויף גיך.
ווידער באַקשט — ס'ווערט מיר ניט גוט
חלש איך און פאַל אַוועק —
פירט מען מיך צו באַקשטן אין אַפּטייק...

רעפריין:

און באַקשט אַ זעלנער א. אַ. וו.

א. אל״ף / ת״א

# איוויע — אַ שטעטל מיט צונעמענישן

אין רייכן, פילפאַרביקן איוויער פאָלקלאָר האָבן פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט — די צונעמענישן. געווען וויניקע, וואָס האָבן ניט זוכה געווען צו קריגן אַ צונאָמען. דער צונאָמען איז מיט דער צייט געוואָרן אַ ביינאָמען, וואָס האָט פאַרביטן דעם פאַמיליע־נאָמען און ניט זעלטן אויך דעם ערשטן נאָמען. ווייניקע אין שטעטל האָבן געוווּסט, ווער עס איז, למשל, משה ב״ר נפתלי גאָלדשמיד, אָבער אַלע האָבן געקענט משה די פּאַלענע ווער האָט געוווסט, ווער עס איז ישראל ב״ר יוסף־יצחק גירשאָוויטש, מען האָט אים געקענט אונטערן נאָמען, ישראל פּאַסרעדניק.

די צונעמענישן זיינען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע קליינע שטעטלעך אין פּוילן. דאָס וואָס דווקא די שטעטלעך זיינען געבענטשט מיט דעם, ווייזט שוין אַליין אויף די סיבות פון דער מערקווירדיקער פּסיכאָלאָגיש־געזעלשאַפטלעכער דערשיינונג. אין שטעטל, ווו מען קען איינער דעם אַנדערן זייער גוט, ווו מען ווייסט אַלע אייערע חסרונות און מעלות, ווו מען ווייסט אַלץ וואָס איר טוט און טראַכט צו טאָן, ווו מען ווייסט וועגן אייך מער ווי איר ווייסט אַליין, ווערט שוין קלאָר דאָס צונעמעניש־רעטעניש...

אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך, איז איוויע געווען באַזונדערס רייך מיט צונעמענישן. אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט מען דערציילט, אַז האָנע בוטלאָס איז איין מאָל געקומען צום שטאָט־לץ, ראובן וויסמאַנסקי, מיט אַ טענה: — ס׳טייטש, עס דרייט זיך אַרום אין שטעטל אַ פרישער אידעם און האָט נאָך ביז איצט ניט קיין צונע־מעניש. וויסמאַנסקי האָט אים באַרואיקט: — איך האָב איצט ניט קיין צייט אויף דעם. רופט אים דערווייל „סמאָרך״ און שפּעטער וועלן מיר אים שוין צופּאַסן אַ טרעפלעכן צונאָמען... עס האָבן אין איוויע ניט געפעלט קיין יידן מיט אַ טיפן חוש פאַר הומאָר, לצים, וואָס האָבן זיך געלאַנגווייליקט און געזוכט וועגן ווי אַזוי אויסצולאָדן זייער שאַרפזין.

אינטערעסאַנט, אַז די צונעמעניש־אינהאַבער האָבן זיך באַצויגן גוטמוטיק צו זייערע צונעמענישן, ניט געזען אין דעם קיין באַליידיקונג און פלעגן זיך אַליין חכמהנען אויף דעם חשבון. ווילנדיק פאַראייביקן דעם לעבנס־שטייגער פון די איוויער יידן און זייער רייכן פאָלקלאָר, קענען מיר ניט איבערהיפּן אויך די צונעמענישן־פּרשה. איך בין זיכער, אַז קיינער פון אונדז וועט זיך ניט פילן באַליידיקט, אויב ער וועט אין דער פאָלגנדיקער צונעמעניש־זאַמלונג זיך אָנטרעפן מיט אַ צונאָמען פון זיין משפחה. דאָס איז אויך אַ וועג פון פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון די קדושים.

פאַרשטייט זיך, אַז ביים געבן אַ צונאָמען קומט פריער אין באַטראַכט דער פיזישער אויסזען פון דער באַטרעפנדיקער פּערזאָן. אויב דער מענטש איז אַ בעל־מום — וועט דער צונעמעניש זיין געשטיצט אויף דעם. אויב איינער איז אַן איבערגעוואַקסענער אָדער גאָר נידעריקער, וועט מען ניט אַדורכלאָזן אים אָן אַ צונעמעניש.

די באַשעפטיקונג לאָזט אויך אַ ברייט אָרט פאַר צונעמענישן, בפרט ווען דער בעל־

מלאכה איז אַ פּאַרטאַטש אין זיין פאַך. אויב אָבער מיר טיילן איין די צונעמענישן אין רובריקעס, דאַרף זיכער אָפּגעגעבן ווערן אַ גרויסער פּלאַץ פאַר די צונעמענישן אַרי־בערגעטראָגענע פון דער חיות־ און עופות־וועלט.

אַ סך צונעמענישן זיינען אויך פאַרבונדן מיט אַ געוויסער געשעעניש, היסטאָרישער פּאַסירונג. צייכנט איר זיך אויס מיט אַ מידה אָדער געוווינשאַפט, ווערט איר אויך ניט געשוינט פון באַקומען אַ צוגעפּאַסטן צונאָמען. עס איז גענוג זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַ נאַריש וואָרט, קען דאָס אומפּאָרזיכטיקע וואָרט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צונאָמען.

אין דער לעצטער צייט זיינען אויפגעקומען אַפילו „מאָדערנע" צונעמענישן. אַרי־בערגעטראָגענע פון דער פּאָליטישער וועלט.

צונעמענישן זיינען אַריבער בירושה פון טאַטן צום זון און דערפאַר האָבן זיי אויך געהאַט אַ לשון רבים: דער טערק, די טערקן, די יונקער, די יונקאַרעס אד"גל. די ביי־געלייגטע זאַמלונג פון איוויער צונעמענישן וועט אַמבעסטן אילוסטרירן דאָס געזאָגטע.

# איוויער צונעמענישן

דער צונאָמען פון שטעטל „איוויער בייטש־שטעקעלעך".

### צונעמענישן לויטן אויסערלעכן אויסזען, אייגנשאַפטן און מענטשלעכע שוואַכקייטן:

מאַיאַק, עוג מלך הבשן (זייער הויכע), קירבעס, קיילעלע, בולבעצקע, בייכעלע, פּול־ז'ידאַק (צונעמענישן פאַר זייער נידעריקע, בייכיקע).

דער געלער, דער שוואַרצער, די ווייסע קעפּל, דער פלעקל, קלומאַק (אַ פּעקל), בוטלאַס, לאַבאַטע (אַ גרויסער שטערן).

באַלבע, קאַלאַטוכע (פּלאַפּלערס), ראַזומנע (ווייסרוסיש: אַ קלוגער), גוזאַק, פּליאַמע, ציינדל, קאַבאַן, שוויצער, פּאַיס, פּופּ, קאָזאַק.

שבת־הגדול און קורץ פרייטיק, די פלעכטל.

אודאַלער, מלאך המות (פלעגט זיך איזדעקעווען איבער קעץ און הינט).

דער טשאָלנט, די וועטשערע, שטשאַוויע, די פּרי, (פּיירע), דער טאָפּ־צימעס (ליב געהאַט די מאכלים.

פּיטשע־מאַנטע, בעבעלע, פּאַלענע, סאַגאַנטשיק, אַבושקע, פוכלער (ניט געקאַרגט). בויטוס.

דער נאָז, די באָנדע נאַנגע (אַ שוטה), אַדוואַזשניק (ווייסרוסיש: אַ דרייסטער), קורח, עמלק (שלעכטע).

### צונעמענישן לויט באַשעפטיקונגען און פאַכן:

טשעטשע (געהאַנדלט מיט גענדז), קאַגוט (רוסיש: אַ האָן), די פליאַטקע (אַ קליין פישל), די פּידעלע (אַ קלעזמער), קופּיעץ (רוסיש: אַ סוחר), דער אוגעראַק (אַ גרינסער), די היטעלע (קירזשנער), דער טאַנדעטניק (שניידער פון פאַרטיקע מלבושים).

דער מילנער, דער בעדער, דער קאַניוך (פערד־הענדלער), דער מלמד (געקענט מיינען אויך אַ ייד אַ תּם.

שטשעמע (אַ שניידער), פּאָגאָדע (גערטנער בעטן שטענדיק אויף אַ גוטער פּאָגאָדע), פאַנטאַזיע (אַ מוליער, וואָס פלעגט זיך רימען, אַז זיין אַרבעט איז אַ פאַנטאַזיע).

**צונעמענישן פון דער חיות־וועלט:**

דער סוס, דער פערדל (פערדלעך), די קליאַטשע, די קו, די ציג, די קאַץ (די קעצע־לעך), דער האָז (לאַנגע אויערן), דער קאָרשון (אַ לאַנגע אויסגעבויגענע נאָז).

דער הענדלע, דער וואָראָביי, מאָטילאָק (רוסיש: אַ שמעטערלינג), די אַפּע (מאַלפּע), די קאַטשקע, דער באַץ, דער פערעזשימאָק.

**מאָדערנע צונעמענישן:**

דער פּרינץ, דער גראַף, די קולטורעלע, ציגאַנסקאַיאַ באַראָנעסאַ.

קאָלומבוס, פּראָפעסאָר (אַראָפּגענומען אַ האָרב פון טאַטנס פּלייצעס), די מציאה, דער יקרות (צונעמענישן פאַר יונגע איידעמס).

טשיטשערין, ד״ר הערצל, זשאַבאָטינסקי, זרובבל (פלעגן זיי פאַרגעטערן און כסדר ריידן וועגן זיי).

דער טערק, דער קיידער, פּאַניע, טשערקעס, מיקאָלאַיטשיק, דער קאַראַהים, מיס־טער, יונקער (יונקאַרעס), דער גוי, דער קייסער (אַן איידעם האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז זייַן שווער איז אין שטעטל ווי אַ קייסער, ווייל מען נעמט אָן זיינע צעטעלעך ווי געלט), דער פּאַניטש.

**צונעמענישן צוליב אַן איבעריק וואָרט אָדער קאָמישן עפּיזאָד:**

טימצאַסעם (ער פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט זאָגן: טימצאַסעם), קאַסאַץ, קאַסטראָץ, קוזעלע, טומאַן (טומאַנטשיק), מאַראָנאָק, פּאַטשע, חאַימאָטש, דער טרוס (פּחדן), דער גרעבצער, די פליאַוועקע

די גזירה, וועטשקע, טאַכעלע, טשיראָמבאָם, דער פייפער, פּאַסרעדניק, דער פּאַסאַק (ווייסרוסיש: נדן, אַ זון, וואָס מען ברענגט מיט זיך צום צווייטן מאָל), קאַטאָק, דזאַטשקע (רוסיש: אַ פעטער), די דזאַדזשיכע, פּוטשאַטקע (אַ שטעמפּל).

פּאָטע (פאַרגרייזט פון נאָמען, פּסח), מאַנדזשע (פון נאָמען, מאיר), גוט־מאָרגעלע (פלעגט אַריינגייענדיק אין אַ שטוב אינדערפרי זאָגן: „אַ גוט מאָרגעלע״), דער באַראַבאַן, די לבנה, די קאָנקורענציע, סאָלאָכע, דער דונער (ער איז געטראָפן געוואָרן דורך אַ דונער).

דער סוויראָנאָק (דער שטייער־באַאַמטער האָט ביי אים געפרעגט וואָס פאַר אַ הויז בויט ער, האָט ער געענטפערט, אַז ער בויט אַ סוויראָנאָק), דער בריליאַנט (געקויפט זייענדיק אין ווילנע אַ בריליאַנט פון דער צאַרישער קרוין...).

דער ראַטוש (געהאַט אַ גרויס הויז).

וואָדאַ רעטשינקאַ (ס׳וואַסער איז שיטער. אויף דער פראַגע פון אַ פויער פרילינג־צייט, ווען דער ניעמאַן לאָזט, ווי איז דאָס וואַסער, האָט ער געגעבן די אויבנדערמאָנטע תשובה). קורץ־יאָריקער (ער פלעגט זיך שווערן: זאָל איך האָבן קורצע יאָרן).

# איוויער גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן און אידיאָמען

איוויער האָבן געהאַט אַ נאָמען פון קלוגע יידן. געווען צווישן זיי לצים, יידן תלמידי־חכמים און פשוטע יידן, מענער און פרויען. איוויער שפּריכ־ווערטער, גלייכווערטלעך, וואָרט־שפּילן, שאַרפע „זאָגן" און טרעפלעכע אַנעקדאָטן זיינען געווען פּאָפּולער אין דער גאַנצער אומגעגנט.
איך גיב דאָ אַ זאַמלונג פון פּאָפּולערע ווערטלעך בשם אומרם. דאָס איז בלויז אַ נישטיקער טייל פון רייכן איוויער פאָלקלאָר. די מערסטע קענען ניט געדרוקט ווערן צוליב זייער צווייידייטיקן תוכן, געמישט מיט ניבול־פּה און גראָבע ווערטער. פיל זיינען, פאַרשטענדלעך, פאַרגעסן געוואָרן אין לויף פון דער צייט.

**די לעבעדיקע מיינען, אַז עס איז דאָ אַ באַזונדערע חברה פון שטאַרבערס...**
(הרב משה שאַצקעס)

**גייט, ר' פייווע, אַהיים, איר האָט געוווּנען די דין־תורה...**
(הרב משה שאַצקעס)

פייווע נאַצקעוויצער איז איין מאָל געקומען צו אַ דין־תורה מיט אַ קצב ביי הרב שאַצקעס. דער הייס־בלוטיקער פייווע האָט באַלד אַריינקומענדיק, אַנשטאָט צו טענהן, געכאַפּט אַ שטול און געוואָרפן אין קאָפּ פון זיין בעל־דבר. הרב שאַצקעס האָט צו אים תיכף געזאָגט: גייט אַהיים, ר' פייווע, איר האָט געוווּנען די דין־תורה...

**באָרשטש איז אַ ביליקער מאַכל, נאָר עס „נעמט" ברויט...**
(משה פּיסעלעווסקי)

**איך האָב אַ קו. אויף מילך געבן איז זי אַ ציג, נאָר אַז עס איז אַ מגיפה אויף בהמות, פּגרט זי ווי אַ קו...**
(רבקה חוה'ס — פּיסעלעווסקי)

**מיין קו איז גאָר „אויס מענטש"...**
(חנה'לע גאָלדשמיד)

**אָרום און אָרום, איז גאַנץ גוט...**
(מושע־רייזל זאַוולס — אַמאַסאָוויטש)

אַזוי פלעגט זי ענטפערן, ווען מען פלעגט ביי איר פרעגן אויף איר מצב. איר הויז איז געווען צווישן רייכע שכנים: יוסף־חיים קאַבאַק, חיים־אהרן קאַגאַנאָוויטש, חיקה יאַנקלס און אַנדערע.

**ברוך אדוני, יעם, יעם... (אַ דאַנק דיר גאָט, איך עס, איך עס)**

(בערל שעפּקעס)

דאָס איז אַ פּאַראַפראַזע פון אַ פּסוק אין דאַווענען „ברוך ד׳ יום יום" (אַ דאַנק דיר, גאָט, טאָג אין טאָג).

**ער גייט פרייוויליק, פרייוויליק...**

(שמעון קאָוועסקי — שימאָנקע)

שמעון איז געווען אַ פּאָליציאַנט בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין אויפגאַבע איז געווען צוזושטעלן אַרבעטער פאַר דער „פּאַני־קאָמ־פּאַני". וואָס פלעגן אַרבעטן ביי דער פראָנט־ליניע. איין מאָל האָט ער מיט כוח אַריינגע־שטופּט אַלטער געלעס צווישן די אַרבעטער, טראָץ יענעמס פּראָטעסטן, און געזאָגט צום קאָמענדאַנט: „הער קאָמענדאַנט, דער יודע גייט פרייוויליק"...

**איך בין גרעסער ווי ,,באַטאַ", איך בין ,,לאַבאַטע"...**

(ראובן וויסמאַנסקי)

וויסמאַנסקי האָט געהאַט אַ שיך־געשעפט. דאַן זיינען געווען אין פּוילן זייער פּאָפּו־לער די שיך פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער פאַבריק „באַטאַ". דער צונאָמען פון זיין פרויס משפחה איז געווען „לאַבאַטע"...

**ווען איך וואָלט וויסן זונטיק, וואָס מיין העניע וועט זאָגן מאָנטיק, וואָלט איך געווען דער קליגסטער מענטש אויף דער וועלט...**

(דאַנציק לייבמאַן)

זיין ווייב, העניע, פלעגט זאָגן לאחר המעשה: אַהאַ, איך האָב אַזוי געזאָגט...

**פיר מיט פיר איז אַכט און פינף מיט דריי איז אויך אַכט. אָבער פיר מיט פיר איז אמתע אַכט און פינף מיט דריי איז געקינצלטע אַכט...**

(דוד גאָלדבערג)

**אַי, וואָס פאַר אַן אַנטיסעמיט עס איז דער אוריאַדניק. ער גייט דאָך טרינקען צו חיים־שמחהן...**

(איטשע בערעס — באַקשט)

ביידע האָבן געהאַט שענקן.

**ווילסט באָדן, גיי אין באָד...**

(פסח דער קצב)

פסח (פּיישקע) האָט איין מאָל געהערט, ווי ישראל־שמחה שליאָזבערג, דער מפקד פון בית״ר האָט אויפגעקלערט פאַר יונגוואַרג, אַז די טראַגעדיע פון יידישן פאָלק איז, וואָס עס האָט ניט קיין באָדן אונטער די פיס.

פסח, וועלכער האָט ניט געוווּסט דעם טייטש פונעם וואָרט „באָדן", איז צוגעגאַנגען צו ישראל־שמחהן און געזאָגט: „זונעלע, ווילסט באָדן, גיי אין באָד"...

**חתונה האָבן איז ווי ריצינאייל, מען דאַרף דאָס איינגעמען מיטאַמאָל...**
(משה פיסעלעווסקי)

**גערשקע, אָדער גיי זאָגן תרגום, אָדער גיי פיטערן די קליאַטשע...**
אַזוי פלעגט זאָגן זיין טאַטע, דער מאַקוטשער, צו אים שבת נאָכן טשאָלנט.

**דו קענסט ביי מיר נעמען פאַר די שטייערן מיין גרויסן בויך. וויפל ער האָט מיך געקאָסט, מעג איך דאָס האָבן. וויפל ער איז ווערט, מעגסטו דאָס האָבן...**
(ראובן ווייסמאַנסקי)

אַזוי פלעגט זיך ווייסמאַנסקי וויצלען מיטן פוילישן שטייער־אינספעקטאָר פון „אָר־זשאָנד סקאַרבאָווי"...

**ניע מיעלאַ באַבאַ קלאָפּאָטו, קופּילאַ פּאַראַשאַ... (די באָבע האָט ניט געהאַט קיין דאגות, האָט זי געקויפט אַ קליין חזירל, האָט זי שוין גענוג קלאָפּאָטן...).**
דאָס האָט געזאָגט אַן איוויער יונג ווייבל, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייד אַ לערנער און אים גענומען אויף קעסט...

**דאַיו גאַראַנטיו נאַ פּיאַט ליעט (איך גיב אַ גאַראַנטיע אויף פינף יאָר), דו אויפן בעט, די שיך אונטערן בעט...**
(ראובן ווייסמאַנסקי)

אַזאַ גאַראַנטיע פלעגט געבן ווייסמאַנסקי די פויערטעס, וואָס פלעגן ביי אים קויפן שיך...

**ער האָט שוין אַ היטל...**
(לייזער שמוקלער)

שמואל־לייזער שמוקלער (די פאַנטאַזיע) האָט געהאַט אַ היטל־קראָם. עס פלעגט טרעפן, אַז ער פלעגט בעטן פאַר אַ היטל אַ זלאָטע און דער גוי פלעגט פאַרלייגן 5 גראָשן... פלעגט שמואל־לייזער שמוקלער אַראָפּציען דאָס היטל דעם גוי איבער די אויערן און דערביי זאָגן צו די אַרומשטייענדיקע יידן: ער האָט שוין אַ היטל...

**ווער עס גלייבט ניט, אַז עס איז דאָ אַ דיבוק, איז אַ גרויסער אַפּיקורס. ווער עס גלייבט אין אַ דיבוק, איז אַ גרויסער שוטה...**
(הרב זאב פּערלמאַן)

אין די דרייסיקער יאָרן איז אין איוויע קראַנק געוואָרן אַ יינגל און מען האָט געזאָגט, אַז עס איז אין אים אַריין אַ דיבוק. הרב פּערלמאַן האָט ניט געגלייבט אין דיבוקים און האָט זיך אַקעגנגעשטעלט די צערעמאָניע פון אַרויסטרייבן מיט תפילות און שופר־בלאָזן דעם דיבוק...

**נייעלע טייער, נייעלע טייער... (אייער זיינען טייער).**

אין איינעם פון די שבת־צונאַכטן זיינען געזעסן קאַראַבעלניקעס אין הויז פון ר׳ יעקב־משה בלאַך (שישקעס). אַלע האָבן גערעדט וועגן דער גרויסער אבידה, מיטן טויט פון בריסקער גאון. פּלוצלינג האָט איינער פון די קאַראַבעלניקעס אָנגעהויבן שרייען: „נייעלע (אייעלע) טייער, נייעלע טייער"... אין איוויע פלעגט מען זאָגן אויף אַ מענטשן אָן סענטימענטן: „ביי אים איז נייעלע טייער"...

**איך קען אויך ,,דיקדעק" (דיקדוק), גיי מיר קעבענעמאַטערי...**

(פסח דער קצב)

פסח (פּיישקע) דער קצב, פלעגט באַצאָלן שכר־לימוד פאַר זיין טאָכטער מיט פלייש פאַר די לערער. לויט זיין חשבון איז אויסגעקומען, אַז ער האָט געגעבן אויף קרעדיט נאָוואָפּרוצקין מער פלייש, ווי זיין פּרוי האָט פעסטגעשטעלט.

בעת דער דין־תורה ביים רב האָט פסח מיט זיין קוויטשעדיקער שטים געטענהט: „וואָס מיינסטו, נאָוואָפּרוצקעלע, אַז מער ווי דו קענסט ניט קיין „דיקדעק". איך קען אויך „דיקדעק". גיי מיר קעבענעמאַטערי"...

**דאָבעלע, דאָבעלע, ווער האָט דיר ,,אָנגעמאַכט" אין קעפּעלע...**

דאָבעלע איז געווען אַ יתום, וואָס איז אַדאָפּטירט געוואָרן דורך אַ קינדערלאָז פּאָר־פאָלק. איין מאָל, פאַרנדיק אין וועג, האָט דאָבעלע אַרויסגעלייגט פאַר איטשקע (די גזירה) די נייע תורה, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין: „אין גיכן וועלן מיר זיך צעטיילן מיט יוסף חיימס און גאָלדבערגס פאַרמעגנס". איטשקע האָט זיך צעקאָכט פון דאָבעלעס נאַרישקייטן און געשריען: „דאָבעלע, דאָבעלע, ווער האָט דיר אָנגעמאַכט אין קעפּעלע"...

**יעשצע האַריי פּאַמיאַר... (ער וואָלט נאָך ערגער געשטאָרבן).**

דער אַלטער איוויער פעלדשער האָט באַגעגנט אַ גוי, וואָס האָט צו אים מיט אַ פּאָר וואָכן פריער געבראַכט זיין קראַנקן פאָטער. דער גוי איז אַרויס מיט טענות, הלמאי ער האָט געגומען געלט אומזיסט. זיין טאַטע איז סיי ווי געשטאָרבן.

האָט דער פעלדשער געטענהט: „ווען איך וואָלט אים ניט געהיילט, וואָלט ער נאָך ערגער געשטאָרבן"...

**פאַר דרייען דאַרף מען מורא האָבן: פאַר אַ הון וואָס קרייט, פאַר אַ גוי, וואָס רעדט יידיש און פאַר אַ מיניסטער, וואָס האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס...**

(אברהם־דוד קאָסאָווסקי)

**— חוואָרי יעסט? ניעמאַ. אַ קאַלי בודזשע? יאַק בודזשע, טאָ נאַ־קאַזשעם... (עס איז דאָ אַ קראַנקער? ניטאָ. און ווען וועט זיין? אַז עס וועט זיין, וועלן מיר אָנזאָגן).**

דער איוויער פעלדשער מאַטילאָק, פלעגט אַרומפאָרן איבער די דערפער מיט אַ פּאַס און אַ קישקע. אַ לעוואַטיווע איז ביי אים געווען די וויכטיקסטע תרופה. ער פלעגט אַרומ־

פאָרן איבער די דערפער, אָנקלאַפּן אין די פענצטער פון די פויערישע שטיבלעך און פרעגן אויף קראַנקע. צווישן אים און דעם פויער האָט זיך געפירט דער אויבנדערמאָנטער דיאַלאָג.

### היי ווער וואַרפט זיך דאָרט מיט שפּענדלעך?

(פּיווע נאַצקעוויצער)

דער אַלטער פּיווע נאַצקעוויצער איז געווען אַ שם־דבר אין איוויע מיט זיין גבורה. אַז ער פלעגט אַ ברום טאָן שבת פאַרנאַכט אין דער קאַלטער שול „אשרי האיש, אשר לא הלך בעצת רשעים", פלעגט אים ענטפערן מיט אַ פּסוק פון תהילים אַ ישוּבניק, וואָס האָט געלעבט אין אַ דאָרף, דריי קילאָמעטער פון שטעטל...

איין מאָל איז ער אַריין אין אַ ניט פאַרענדיקטן בנין און עס איז אויף אים אַראָפּגעפאַלן אַ קלאָץ. האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און געפרעגט די אויבנדערמאָנטע פראַגע.

### זי האָט געשוויצט? נו, אַ דאַנק גאָט...

דער אַלטער איוויער פעלדשער איז געווען זייער אָנגענומען ביי די פויערים. ער פלעגט שמועסן מיטן קראַנקן וועגן זיין לעבנס־שטייגער, שוואַכקייטן און נאָכדעם דאָס איבערחזרן, און דער פויער פלעגט זיך וווּנדערן, ווי אַזוי וויים ער דאָס אַלץ...

איין מאָל, האָט אַ פויער געבראַכט צו פירן זיין קראַנקע, גוססע פרוי. ער האָט איר פאַרשריבן רעצעפּטן, בעיקר צו שוויצן. אין אַ צייט אַרום האָט דער פעלדשער באַגעגנט דעם פויער און אים געפרעגט: „נו, וואָס מאַכט דיין פרוי?", „געשטאָרבן" — האָט דער פויער געזאָגט מיט אַ וויינענדיקן טאָן. האָט זי געשוויצט פאַרן טויט?" האָט גע־געפרעגט דער פעלדשער. „יאָ, זי האָט געשוויצט" האָט באַשטעטיקט דער פויער. „נו, אויב אַזוי, איז אַ דאַנק גאָט", האָט דער פעלדשער געזאָגט אַ צופרידענער...

### וואָס פרעגט איר ניט, וואָס מאַכט זי? די נשמה יתירה, וואָס מאַכט?

(חיים־שמחה יאַקאָוו)

ערב יום־כיפור פאַר כל־נדרי איז אויסגעבראָכן אַ שריפה ביי חיים־שמחהן. גייענדיק פון בית־מדרש זיינען צו אים צוגעגאַנגען יידן און געפרעגט: „וואָס מאַכט איר, ר' חיים־שמחה?". אָבער ער האָט געענטפערט, ווי דער שטייגער איז, מיט אַ פראַגע: „וואָס פרעגט איר ניט, וואָס מאַכט זי? די נשמה יתירה וואָס מאַכט?"...

(חיים־שמחה האָט געשפּילט אַ ראָל פון אַ זייער פרומען ייד און פלעגט זיך גרויסן מיט זיין רבנישער אָפּשטאַמונג).

### ווי רופט מען אייך אויף צו דער תורה? ר' חיים־שמחה במוה"ר הרב... שישי...

איין מאָל איז אויסגעקומען חיים־שמחהן צו „האַלטן שבת" אין ליפּנישאָק. פאַר קריאת התורה איז צוגעגאַנגען צום אים דער שמש און געפרעגט: „ווי רופט מען אייך אויף צו דער תורה?"

חיים־שמחה, וועלכער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אים געבן די בכבודיקע „עליה״ שישי, האָט געענטפערט: ר׳ חיים־שמחה במוה״ר בן הרב... שישי...

## אַ נקמה אין די וואַנצן...

(ר׳ יצחק פאַלטיעל)

אַלע זיינען געשטאַנען און געקוקט פאַרוווּנדערטע אויף איטשע פאַלטיעל, וועלכער האָט געלאַכט, קוקנדיק, ווי זיין שטוב ברענט.

— איך זע אַ נקמה פון די וואַנצן — האָט ער געזאָגט און געזינגען אַ פריילעכן ניגון...

## אַז איינער פון אונדז וועט שטאַרבן, וועל איך פאָרן קיין ארץ־ישראל...

(זעליק מערלינסקי)

זעליק האָט אָפּגערעדט מיט זיין ווייב, אַז אויב איינער פון זיי וועט חס ושלום שטאַרבן פריער, וועט דער לעבן־געבליבענער פאָרן קיין ארץ־ישראל. אָבער זאָגן פלעגט ער עס אַזוי, אַז עס פלעגט אויסקומען, אַז ער וועט פאָרן קיין א״י...

## וואָס וויינט איר אויפן בית־המקדש, אַז דער פלאַץ איז ווערט די געלט...

(מאיר־איטשע לייבמאַן)

## ווי? ווער? וואָס? ווו?...

(ראובן וויסמאַנסקי)

אַז אַ מיידל איז אַלט 18 יאָר און מען רעדט איר אַ שידוך, פרעגט זי: „ווי איז ער? אַ שיינער צי אַ מיאוסער?״ צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר, פרעגט זי: „ווער איז ער? וואָסערע איז זיין משפחה און יחוס?״ צו 30 יאָר פרעגט זי: „וואָס איז ער? וואָס איז זיין באַשעפטיקונג און צי ער וועט קענען שפייזן אַ ווייב?״ צו 35 יאָר פרעגט זי: „ווו איז ער?״...

## זאָל שוין קומען דער גזלן...

(לייב קאַגאַן — לייבקע מיישקעס)

ער האָט געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער, וועלכע האָבן שוין געדאַרפט פון לאַנג הערן קלעזמער. דער גזלן האָט ביי אים געהייסן דער חתן, וועלכער וועט ביי אים צורויבן דעם נדן...

## ער האָט גאָרניט...

(דאַנציק לייבמאַן)

ער איז געפאָרן מיט זיין זון, אַרע־וועלוול, וועלכער איז געווען אַ חאַליאַק צו דער פּאָבאָראָווער קאָמיסיע. אין אָוונט האָט זיי אָפּגעוואַרט ביי דער קליינבאַן־סטאַנציע די פאַמיליע. „נו״, האָבן זיי אים געפרעגט, „וואָס האָט ער?״ (געמיינט אַ קראַנקייט). „ער האָט גאָרניט״, האָט דאַנציק געענטפערט קאַלטבלוטיק. די פאַמיליע האָט זיך דערשראָקן. דאָס

מיינט דאָך, אַז ער איז מיליטער־פּעאיק. „ער האָט גאַרניט", האָט זיי דאַנציק באַרואיקט, „ער האָט ניט קיין לונגען, ניט קיין האַרץ, ניט קיין לייב און לעבן"...

## ווי גייט מען צו די ברייטע גאַס?...

(ראובן וויסמאַנסקי)

וויסמאַנסקי האָט באַגעגנט אַן איוויער אויף זאַוואַלנע גאַס אין ווילנע און אים געפרעגט: „ווי גייט מען אַרויס אויף די ברייטע גאַס?" „פּשוט, דורך רודניצקער", האָט זיך יענער געוווּנדערט אויף דער משונהדיקער פראַגע. „ביסט אַ חכם", האָט וויסמאַנסקי אים אויפגעקלערט, „דורך רודניצקער טאָר איך ניט גיין" (דאָס איז געווען אַ גאַס פון שיך־קראַמען, ווו ער איז שולדיק געווען געלט)...

## די קלאָג זאָל אים וויסן...

(נחום סאָלאָכעס)

דער אַלטער נחום סאָלאָכעס איז קינדווייז געכאַפּט געוואָרן אַלס קאַנטאָניסט און אָפּגעדינט גאַנצע 25 יאָר אין דער צאַרישער אַרמיי. דאָרט האָט מען אים טאָג־טעגלעך געלערנט די נעמען פון דעם צאַר און זיין פאַמיליע.

אַז ער איז צוריקגעקומען קיין איוויע האָבן אים שטעטלשע לצים געפרעגט: „נחום, זאָג, ווי רופט מען דעם רוסישן קייסער?" אַ צעקאָכטער פלעגט נחום ענטפערן: „די קלאָג זאָל אים וויסן. פון וואַנען זאָל איך וויסן?"...

אין איוויע פלעגט מען אויף אַ גראָבן קאָפּ זאָגן: ער האָט נחומס זכרון"...

## איך וועל אַלע מאָל נעמען פון ליפּנישאָק...

(חיים־שמחה יאָקאָוו)

חיים־שמחה איז געווען צופרידן פון זיין ליפּנישקער ווייב. ער פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט זאָגן: „איך וועל אַלע מאָל נעמען פון ליפּנישאָק..."

## פּיסעלעך, פּיסעלעך איר ווילט ניט גיין, מען וועט אייך טראָגן...

(יצחק פּאַלטיעל)

אויף די עלטערע יאָרן זיינען ביי אים אָפּגעשוואַכט געוואָרן די פיס און ער פלעגט זיי אָנשרעקן...

## אַ דאַנק, איך בין שוין אַ „געטויטער"...

(משה פּיסעלעוווסקי)

ער פלעגט דאָס זאָגן, ווען מען פלעגט אים פאָרלייגן טרינקען אַ גלעזל טיי. „אַ געטייטער" מיינט, אַז ער האָט שוין געטרונקען טיי...

## צוויי מאָל אין יאָר גיי איך אין באָד, צי מען דאַרף, צי מען דאַרף ניט...

(שמואל אישיעס — באָקשט)

ער איז ניט געווען אָפּגעהיט מיט ריינקייט. ער פלעגט אָפּלאַכן פון זיין ווייב, וואָס

זי וואַשט יעדן פרייטיק די פיס אין אַ שיסל וואַסער און זי גערופן ניט אַנדערש, ווי די „טשוכטע"... ער פלעגט גייך אין באָד ערב פסח און ערב ראש־השנה...

**איך לאָז אַרויס אַ ליגן אין דער פרי און דערקען אים ניט פאַר נאַכט...**
**יעדער איינער גיט צו אַ ביסל.**

(מושע־רייזל זאַוולס — אַמאַסאָוויטש)

**ווו איך זאָל ניט שמייסן, בייסט אייך...**

(ישראל פאַסרעדניק)

מאָשע פיסעלעווסקי פלעגט הנאה האָבן, ווען ישראל פאַסרעדניק פלעגט אים „אויס־בעזעמען" אין באָד אויפן אויבערשטן (הייסן) פאָל. מאָשע פלעגט בנעימותדיק פרעגן: „זאָגט מיר, ר' ישראל, פון וואַנען ווייסט איר צו טרעפן מיטן בעזימל פונקט דאָרט, ווו עס בייסט מיך?. און ישראל פלעגט ענטפערן: „ר' מאָשע, פשוט, ווו איך וועל אייך ניט טרעפן, בייסט אייך...".

**ער פילט זיך, ווי ביי זיך אין דער היים...**

(ראובן וויסמאַנסקי)

אַז מען האָט איין מאָל פאַרגעלייגט וויסמאַנסקין טרינקען אַ גלעזל טיי, האָט ער אַריינגעשאָטן די לעפעלעך צוקער אין גלאָז און גענומען אַ שטיקל צוקער אין מויל. זעענדיק אַז אַלע וווּנדערן זיך האָט ער דערקלערט: איר האָט מיך געבעטן זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים און אין דער היים טרינק איך אויך אַזוי. מיין ווייב קען ניט ליידן, אַז איך טרינק זיסע טיי. פאַרפאַלן, נעם איך אַ שטיקל צוקער אין מויל. אָבער, אַז זי קערט זיך אָפּ אין אַ זייט, כאַפּ איך און שיט אַריין אין גלאָז דריי לעפעלעך מעל־צוקער... פיל איך זיך טאַקע ביי אייך, ווי ביי זיך אין דער היים...

**ווי קען איך מיט דיר זיך מתחתן זיין, אַז דו האָסט מאיר־איטשען פאַר אַ ברודער...**

(מאיר איטשע לייבמאַן)

זיין שוועסטער, היצלע מאַטקעס, האָט געוואָלט, אַז איר טאָכטער רייצע זאָל חתונה האָבן מיט זיין זון, שמעון. דער ביטרער מאיר־איטשע, וועמען דער שידוך איז ניט געווען צום האַרצן פלעגט דאָס זאָגן, וויצלענדיק זיך אויפן אייגענעם חשבון...

**מיר דאַכט זיך, אַז ביי יענעם לאַכט זיך. איך עפן די טיר און עס איז נאָך ערגער ווי ביי מיר...**

(מושע־רייזל זאַוולס — אַמאַסאָוויטש)

פאַרצייכנט לויטן זכרון **מ. קאַגאַנאָוויטש**

# השריפה הגדולה
# די גרויסע שריפה

## די גרויסע שריפה, וואָס האָט געענדערט דאָס פנים פון שטעטל

מיטוואָך פאַרנאַכט, דעם 15טן מאַי 1929, איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אינעם בראָנפן־סקלאַד פון משה קאָפּאָלד (מאַרק). דאָס פייער האָט זיך מיט אַ ראַשיקער שנעלקייט פאַר־שפּרייט אין אַלע ריכטונגען, און באַלד האָט געברענט דאָס גאַנצע שטעטל. די אויסגע־טריקנטע היצלערנע הייזער מיט די שינדל־דעכער (געווען אַ הייסער פרילינג), דער אַנטשטאַנענער שטאַרקער ווינט, וואָס האָט צעטראָגן די פונקען אין אַלע ריכטונגען, און ווי בייזע צינגער האָבן צוגעגעבן, דאָס „לעשן מיט נאַפט" (געמיינט די, וואָס האָבן פאַר־זיכערט זייער פאַרמעגן אויף פיל מער ווי זייער ווערט, נאָך די פילע „רעפּעטיציעס" פון קליינע שריפות), האָט גורם געווען, אַז מען האָט געמוזט מפקיר זיין האָב־און־גוטס און ראַטעווען זיך אויף די פרייע פעלדער, מחוץ דעם ברענענדיקן שטעטל. אַפילו די „פּאַ־זשאַרניקעס" זיינען זיך צעלאָפן קוים מיטן לעבן באַלד ביים אָנהייב פון דער שריפה און איבערגעלאָזט פאַר די פייער־צונגען די מאַשין־פּאָמפּעס, פעסלעך און דעם איבעריקן אינוווענטאַר. די פייער־צונגען האָט מען דייטלעך געזען אויף אַ מהלך פון איבער 100 קילאָמעטער.

פאַרטאָג זיינען אָנגעקומען די פייערלעשער־קאָמאַנדעס פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך (לידע, נאָוואַרעדאָק א״אַ), אָבער עס איז שוין ניט געווען וואָס צו ראַטעווען. פונעם גאַנצן שטעטל זיינען פאַרבליבן בלויז די גאַסן: קרומער, נאָוואַרעדקער, האַלב ווילנער (די קריסטלעכע טייל פון גאַס) און געציילטע הייזער ביים סוף בערנאַרדינער גאַס. די שריפה האָט דווקא געשוינט דעם קריסטלעכן טייל פון שטעטל („מיעשטשאַנעס").

געווען אויך אַ דירעקטער קרבן פון דער שריפה. דער פלאַקס־סוחר לייבקע מיישקעס (קאַגאַן) האָט שלעפנדיק דעם וואָגן, כדי אַרויסצוראַטעווען עפּעס־וואָס פון זיין פאַרמעגן, באַקומען אַ האַרץ־שלאַק און געפאַלן טויט אויפן אָרט.

די איוויער שריפה האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער ידישער וועלט. צומאַרגנס אינדערפרי זיינען אָנגעקומען וועגענער מיט ברויט און שפּייז פון אַלע אַרו־מיקע שטעטלעך. אין איוויע האָט זיך געגרינדעט אַ הילפס־קאָמיטעט מיט הרב דמתא, ר׳ משה שאַצקעס בראש, וואָס האָט זיך געווענדט מיט אַ וואַרעמען אויפרוף צום פּוילישן

יידנטום און צו די איוויער לאַנדסלייט אין דער גאָרער וועלט, וועגן שנעלער און ווירק־זאַמער הילף. מען דאַרף צוגעבן, אַז ערנסטע הילף האָט אָנגעהויבן שטראָמען פון אַלע קרייזן און הילפס־פאַקטאָרן.

דער ווילנער הילפס־קאָמיטעט אונטער פאָרזיץ פון הרב ר׳ חיים־עוזר גראָדזענסקי האָט צונויפגעזאַמלט אַ קענטיקע סומע און באַווירקט די גרויסע הילפס־אָרגאַניזאַציעס „יעקאָפּא״ און „דזשאָינט״ צו אַסיגנירן גרויסע סכומים פאַר דעם אָפּגעברענטן שטעטל. אויך די ווילנער קהילה האָט זיך בייגעשטייערט און אַקטיוו מיטגעקווירקט צום דערפאָלג פון דער הילפס־אַקציע. אויך אַלע גרעסערע און קלענערע קהילות אין פוילן האָבן באַ־שטימט איינמאָליקע גרעסערע סומעס.

ערנסטע, שנעלע און ווירקזאַמע הילף האָט צוגעשיקט דער „איוויער רעליעף־קאָמי־טעט״ אין אַמעריקע, וועלכער האָט אַדורכגעפירט אַ ספּעציעלן קאַמפּיין פאַר אָפּבויען די קהלישע געביידעס און אינסטיטוציעס (בתי־מדרשים, בית הרב א״אַ), די איוויער לאַנדסלייט האָבן אויך איבערגעוויזן ערנסטע סכומים פאַר זייערע קרובים־נשרפים.

אויך די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען, דער לידער סטאַראָסטע און נאָוואָגרודקער וואָיע־וואָדע, האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר די נויטן און באַדערפענישן פונעם אָפּ־געברענטן שטעטל. מען האָט טיילווייז געשענקט און טיילווייז פּראָלאָנגירט די שטייערן, געגעבן צו ביליקע פּרייזן געהילץ פון די מלוכהשע וועלדער, אָפּגעבויט די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״, און דער עיקר, באַווירקט, אַז די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן זאָלן באַצאָלן ווי אַמשנעלסטן דעם פולן סכום פון די „סטראַכאָוועס״ (פאַרזיכערונגען). ווי געזאָגט, זיינען די לעצטע יאָרן פאַר דער גרויסער שריפה די „פּאָזשאַרן״ געוואָרן אַן אָפּטע דער־שיינונג אין איוויע (מ׳האָט חושד געווען, אַז די סיבה איז, לרוב, צוליב מאַכן די ברכה „בורא מאורי האש״...) און כמעט אַלע האָבן פאַרזיכערט זייערע הייזער און פאַרמעגן העכער פון זייער פאַקטישן ווערט (מען האָט זיך געוויצלט, אַז מען האָט פאַרסטראַכירט אַפילו די וואַנצן...). דאָס באַקומען די געלטער פאַר די „פּאָליסעס״ האָט דערמעגלעכט זיך אָפּצובויען געמויערטע הייזער, פיל גרעסערע און שענערע.

אַ וואָיעוואָדישע אינזשעניערן־קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט אַ נייעם פּלאַן פון דעם שטעטל. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו בויען הילצערנע הייזער. עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ נייע פּאַרצעלאַציע פון די פּלעצער, וואָס האָט אַרויסגערופן פיל סכסוכים און קריגערייען. עס זיינען אָנגעקומען קיין איוויע הונדערטער מויערער־אַרבעטער פון אַלע עקן פוילן, אַפילו פון ווייטן פויזן. איוויע האָט זיך ווידעראויפגעבויט אין אַ שנעלן טעמפּאָ.

אָנשטאָט דעם אָפּגעברענטן איוויע פון קליינע, הילצערנע הייזער מיט שינדל־דעכער, פון ניט־גלייכע גאַסן און אַ לאַבירינט פון געסלעך, ווו עס איז געווען שווער צו געפינען אַן אַדרעס, איז צום סוף פונעם יאָר 1931 אויפגעקומען אַ שיין, פּלאַנירט, געמויערט שטעטל מיט גלייך־געשניטענע גאַסן און געסלעך, מיט פיל צווישטאָקיקע הייזער, אָדער „שאַלקעס״, געדעקט מיט בלעך. די אינזשעניערן (מען האָט געמוזט בויען לויט אַ פּלאַן פון אַן אינזשעניער) און די אַרבעטער פון די פאַרשידענע געגנטן האָבן אַריינגעפירט פאַרשידנאַרטיקע סטילן פון בנינים. די שריפה האָט ראַדיקאַל געענדערט דעם אויסזען פונעם שטעטל, און פון נאָענט און ווייט איז מען געקומען אָנקוקן דאָס מאָדערנע, גע־

מויערטע איוויע. עס איז דעמאָלט געווען דאָס איינציקע געמויערטע שטעטל אין דער סביבה.

מיר גיבן דאָ עטלעכע קאָרעספּאָנדענצן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער יידישער פרעסע פון יענער תקופה, בכדי זיך צו שאַפן אַ בילד פון איוויע באַלד נאָך דער שריפה און די פיל פּראָבלעמען, וואָס דער ווידעראויפבוי פון שטעטל האָט געשאַפן.

מ.

# חורבן איוויע

„צייט", ווילנע, פרייטיק, 24 מאַי, 1929 (נומ. 1017)

(פון אונדזער קאָרעספּאָנדענט)

וואָס ווייטער זעען זיך אַלץ מער אַרום אונדזערע איוויער נשרפים ווי גרויס דער אומגליק איז, וואָרעם אין די פלאַמען איז, בפועל ממש, פאַרברענט געוואָרן ביזן לעצטן פאָדעם. מען האָט אַפילו יאָ געפּרוווט מציל זיין וואָס מ'האָט נאָר געקאָנט, אָבער דאָס ביסל סחורה, וואָס ס'האָבן אַרויסגעראַטעוועט די קרעמער פון בײדע ציילן קראָמען איז פולשטענדיק פאַרברענט געוואָרן אויף די פלעצער און גאַסן. אַחוץ דעם פייער האָבן געבושעוועט אָן אַ שיעור גנבים, וועלכע האָבן אומגעשטערט גערויבט אין זעקלעך דאָס אַרויסגעכאַפּטע ביסל סחורה פון די פלאַמען. אַממייסטן האָבן זיי זיך רעקרוטירט פון די אַרומיקע פויערים פון די נאָענטסטע דערפער.

ס'דאַרף דאָ אָבער גלייכצייטיק אויך אָנגעוויזן ווערן אויף די אמתע מסירת־נפשדיקע און וואָרעם־מיטפילנדיקע באַציאונג פון אַ גרויסן טייל פויערים, וועלכע האָבן זיך געריסן אין די פלאַמען, ראַטעווענדיק די האַלב־פאַרברענטע יידישע קישנס און בעטגעוואַנט. די פּאַניק איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכע: עס האָבן אינגאַנצן אָפּגעברענט בערנאַרדינער (געבליבן 10 הייזער); פערדמאַרק־גאַס, בײדע ציילן מאַרק (לינקס און רעכטס); בײדע ציילן קראָמען (געמויערטע און הילצערנע) צוזאַמען מיט דער גאַנצער סחורה אין אַ צאָל פון 120 קראָמען; די גערטנער־גאַס האָט געברענט אין גאַנצן, ווי אַ ליכט, צוליב דער אומגעהויערער געדיכטקייט; אויף ווילנער גאַס האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר עטלעכע צענדליק הייזער. פונעם גאַנצן גרויסן און רייכן שטעטעלע איז געבליבן גאַנץ נאָר די צווייטראַנגיקע נאָוואָגרודקער און קרומער גאַסן, וועלכע זיינען כמעט אינגאַנצן באַזעצט דורך קריסטן. צוזאַמען האָבן אָפּגעברענט פינף הונדערט פופציק הייזער, אויסער צענדליקער שטאַלן, סחורה־סקלאַדעס און שפייכלערס. עס זיינען פאַרברענט געוואָרן אַלע פיר שטעטלשע אַפּטייק־סקלאַדן (יידישע) און די איינציקע גרויסע אַפּטייק (קריסטלעכע). עס זיינען פאַרברענט געוואָרן אַלע דריי בתי־מדרשים (נייער, אַלטער, קלויז) און די גרויסע שול, וועלכע שטייט שוין קרוב 200 יאָר. די ספרי־תורהס האָט מען אַרויסגעכאַפּט האַלב פאַרסמאַליעטע, איינשטעלנדיק ממש דאָס לעבן. עס זיינען פאַרברענט געוואָרן די געביידעס פון די יידישע און העבראַאישע פאָלקס־שולן און די שטעטלשע פאָלקס־ביבליאָטעק מיט 3200 ביכער. עס איז פאַרברענט געוואָרן די פּאָסט־געביידע צוזאַמען מיט אַלע דאָקומענטן, וועקסלען, ווערט־פּאַפּירן, געלונגען צו ראַטעווען איז נאָר די קאַסע, צוליב וואָס

דער אָרטיקער פּאָסט־נאַטשאַלניק האָט ממש ריזיקירט מיטן לעבן. ס׳איז פאַרברענט געוואָרן דאָס געריכט און פּאָליציי־אַמט מיט אַלע מאַטעריאַלן און אַרכיוון, ווי אויך אַלע איבעריקע עפנטלעכע, געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע און מלוכהשע געבײדעס. ס׳איז פאַר־ברענט געוואָרן די געבײדע פון דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק צוזאַמען מיט אַלע ווערט־פּאַפּירן צוו. אַנד. 50 דאָלאַרוועקסלען, דאָקומענטן און ביכער.

דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס הויל, נאַקעט, אָרעם און עלנט. דער שריפה האָבן באַגלייט אומגליקן און טויט־פאַלן פון מענטשן און בהמות.

צו הילף מיט ברויט, עסנוואַרג, מעדיקאַמענטן זיינען געקומען די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך (לידע, ליפּנישאָק, שעלוב, ווישנעווע, ליובטש, נאָוואָגרודעק, ווילנע). די באַפעלקערונג געפינט זיך אונטערן פרייען הימל, אין אַ ביסל איבערגעבליבענע שטיבער, אין די אַרומיקע דערפער, אין די שטאַלן און שייערן. עס פאָדערט זיך באַלדיקע, שנעלע, אומבאַדינגטע הילף אין עסנוואַרג, קליידונג, מעדיקאַמענטן אד״גל. ס׳איז נויטיק צו אַלאַרמירן די גאַנצע יידישע וועלט, אַלע יידישע הילפס־אינסטיטוציעס וועגן באַלדיקער, שנעלער הילף.

דאָס גאַנצע שטעטל מאַכט אַן איינדרוק פון איין גרויסער ריזיקער חורבה, פון וועלכער עס סטאַרטשען אַרויס נאָר די קוימענס און אויוונס. דער יאוש און פאַרצווייפלונג איז אומבאַשרייבלעך. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ פויליש־יידישער הילפס־קאָמיטעט מיטן אָרטיקן רב בראש.

**משה קאַגאַנאָוויטש**

„צייט״, ווילנע, 24 מאַי 1922 (נום. 1017)

**DAN**

## געווען אַמאָל אַ שטעטל

...פון וואַנען איז, פרעגט איר, אַ ייד? אויף נאמנות, אַז ביים היינטיקן טאָג קאָן איך אייך דאָס ניט זאָגן! פופציק יאָר כסדר בין איך געווען אַ תושב פון אַ יידישן ישוב און האָב געוווסט פון וואַנען איך שטאַם און פון וואַנען איך קום און וווהין איך פאָר צוריק און היינט בין איך, איך ווייס אַליין ניט וואָס איך בין: אַ ציגיינער, אַ בראָדיאַגע, אַן אַנטלאָפענער סאָלדאַט!

אַוודאי בין איך חלילה ניט געבאָרן געוואָרן אין אַ מיטן וואַלד אָדער אין אַ מיטן פעלד — סך־הכל פאַראַכטאָגן האָב איך נאָך געהאַט מיין שטוב, מיך קראָם, מיין בעט; כ׳האָב געהאַט מיינע שכנים, מיינע קונים, און — אין מיטן נאַכט, אַז איר וועקט מיר דעמאָלט אויף, וואָלט איך אַ פנים ניט געדענקט, אַז איך בין אַן איוויער!

אָבעד פון פאַראַכטאָגעדיקער וואָך ביז דער היינטיקער וואָך איז אַ מהלך־רב — ס׳איז גאָר לא זו הדרך! איז געווען דעמאָלט בעסער, איז געווען דעמאָלט ערגער, דאָס הייסט, אַ ייד פון אָט די מקומות, פון אָט דעם קאָנט אונדזערן, האָט זיך שוין געמאַטערט פאַר דעם ביסל חיונה היפשע טעלעכע יאָר, און ווי יידן האָבן אויסגעזען אין די שטעטלעך און ווי זיי זעען נאָך אויס עד היום הזה — זאָלן אַזאַ פנים האָבן די וואָס ווינטשן אונדז בייז.

אַפילו מיר אַליין, די איוויער יידן גופא, האָבן, מיינט איר, פריער ניט געקרעכצט און ניט געזיפצט? אַ ייִד איז דאָך ניט קיין גוי, להבדיל, און אַז קיין פעלדער האָט מען ניט און אַז קיין וועלדער האָקט מען ניט און ס׳איז נאָך דערצו קיין פדיון אין קראָם אויך ניטאָ — איז ווי ווייט, מיינט איר, איז מען דעמאָלט פון אַ מחוסר לחם?

האָט מען טאַקע דעמאָלט אין איוויע אויך גענוג געדאגהט און מ׳האָט זיך דאָרטן דעמאָלט אויך גענוג מצער געווען און יידן זיינען פון עגמת־נפש אַלט געוואָרן פאַר דער צייט און — אַז די וועלט גייט אַ יידן מיטן פּוטער־אַראָפּ וויל מען ניט ליידן, איר פאַר־שטייט? אָבער ערשט איצט זע איך, אַז — גוואַלד, ווי פאַרנאַרישט איוויער יידן זיינען דאָס געווען!

איך זאָג גאָרנישט, אַז ס׳איז דעמאָלט געווען אַזוי גוט, וואָרום בשעת מ׳דאַרף דעקן אַ חוב און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס, און בשעת מ׳דאַרף צוקויפן אַ ביסל סחורה און ס׳איז ניטאָ ווי אַזוי, און בשעת מ׳לייזט שוין יאָ צוזאַמען אַ פּאָר גילדן דאַרף מען דאָס אַליין בידים אַוועקגעבן דעם שוואַרץ־יאָר — איז טאַקע גענוג פינצטער און ביטער. דאָס הייסט, דעמאָלט, פאַראַכטאָגן, פאַר צוויי וואָכן פאַרן אומגליק, הייסט דאָס, האָבן מיר געמיינט, אַז ס׳איז אונדז אַזוי שלעכט, אַז ערגער קאָן שוין גאָר ניט זיין און — ווער ווייס דאָס, זאָגט מיר, אַז ניט דערפאַר זיינען מיר איצטער אַזוי געשטראָפט געוואָרן?!

היינט, אַז ס׳איז געוואָרן פון אונדזער איוויע... זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז דאָס איוויע, האַ? אַ זאַך וואָס ניט מ׳קאָן דאָס זען און ניט מ׳קאָן דאָס אָנטאַפּן — טאָ וואָס איז שייך צו זאָגן איוויע? וויפל איך זאָל זיך ניט מאַטערן און וויפל איך זאָל זיך ניט סטאַרען משיג צו זיין דאָס וואָרט איוויע — קאָן איך דאָס בשום אופן ניט! אַ לעבן אַ גאַנצן דאָרטן אָפּגעלעבט און אָפּגעהאַנדלט און, ווי איר זעט מיר אַ יידן, אַז כ׳ווייס ביים היינטיקן טאָג ניט, צי דאָס איז געווען אַ חלום, צי אַ טומאַן!

איוויע — וואָס איז איוויע? דאָס הייסט, וואָס איז געווען איוויע? דאָס הייסט, וואָס איז שייך איוויע? אַז ס׳זיינען דאָ יידישע הייזער, און אַז ס׳זיינען דאָ יידישע קראָמען, און אַז ס׳איז דאָ אַ יידישער בית־מדרש, און אַז ס׳איז דאָ אַ יידישע באָד להבדיל און אַז ס׳איז דאָ אַ מאַרק — איז דעמאָלט שייך צו זאָגן איוויע. אין אָט אַזאַ איוויע בין איך געבאָרן געוואָרן, אין אַזאַ איוויע בין איך געגאַנגען אין חדר, אין אָט־אָ דער איוויע האָב איך חתונה געהאַט, אין אָט אַזאַ איוויע האָב איך זיך אויסגעבויט אַן אייגענע שטוב — דאָס איז געווען איוויע!

אָבער היינט — פון וואַנען, זאָגט מיר, איז די ראיה, אַז ס׳איז געווען אַמאָל אַן איוויע, האַ? אַז קיין בית־מדרש איז ניטאָ, אַז קיין יידישע הייזער זיינען ניטאָ, אַז קיין קראָמען זיינען ניטאָ, און — וואָס דאַרפט איר מער — ס׳איז אַפילו קיין מאַרק אויך ניטאָ! ס׳איז מיר אַפילו אַ גרויסער וווּנדער, ווו קומט דאָס אַהין אַ מאַרק?! ווו ווערט דאָס נעלם אַ שטיק דרויסן, האַ? מילא דער בית־מדרש און מילא די הייזער האָבן געברענט אַזוי ווי ליכט און זיי האָבן אַזוי לאַנג געברענט ביז ס׳איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבן. אָבער אַ מאַרק, אַ דרויסן, און — איך זוך אים דאָרטן צווישן די חורבות, און כ׳זע קיין מאַרק ניט!

יאָ, האָב איך אייך געוואָלט זאָגן, אַז אין דער אמתן איז אונדז היינט אַ סך, אַ סך ערגער ווי איר מיינט און ווי איר זייט זיך משער. איר זעט דאָך נאָר, אַז מיר זיינען

געבליבן אַן אַ שטוב, אַז מיר זיינען געבליבן אַן אַ קראָם, אַז מיר זיינען געבליבן אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַז מיר זיינען געבליבן אַן אַ בגד אויפן לייב, אַז מיר זיינען געבליבן אַן אַ בית־מדרש, אַז מיר זיינען געבליבן אַן אַ מאַרק, להבדיל — אַט דאָס זעט איר, אמת? דאָס קלעקט אייך, וואָרום וואָס טויג אַ ייד אַן אַ שטיקל קראָם? און ווּהין זאָל מען לייגן די עופּעלעך שלאָפן אָן אַ שטיקל שטוב? אַוודאי קלעקט דאָס, וואָרום ווי ניט איז איז דאַך יעדער פונדעסטוועגן כלומרשט געווען אַ שטיקל בעל־הבית און ס׳איז דאַך פון קיין זאַך אַפילו קיין שריד ופליט ניט געבליבן!

אָבער — דאָס זאָג איך אייך על פּי סוד, זאָג איך דאָס אייך, ווייל איר דאַרפט דאָס וויסן, ווייל איר מוזט דאָס וויסן, מחמת, אַז איר וועט וויסן וועט דאָס אפשר די גאַנצע וועלט וויסן, די גאַנצע אַמעריקע וועט דאָס וויסן, און —

איר ווייסט וואָס ביי די איוויער יידן איז פאַרברענט געוואָרן? איך מיין דאָס אַחוץ אַלץ, אַחוץ די הייזער, מיין איך דאָס, און אַחוץ די קראָמען, און אַחוץ די חפצים, און אַחוץ די בגדים — ווייסט איר וואָס ביי אונדז איז פאַרברענט געוואָרן? אַלץ איז אַ היזק, אַלץ איז אַ ריס אין האַרצן, אָבער נאָך אַלעמען ווייסט איר דאָך דעם אמת: אַ פּנים פון אונדזערע הייזער האָבן מיר געצויגן אונדזער שטיקל חיונה? אַ פּנים פון אונדזערע קראָמען האָבן מיר מפרנס געווען ווייב און קינדער? אָן אַ שטוב און אָן אַ קראָם איז אַוודאי נאָך ערגער, אָבער וואָס איז די שעמעריי, דער עיקר האָט מען דאָך ביי אונדז אין איוויע געלעבט פון דאָרטן, פון אַמעריקע, הייסט דאָס, פון אַ קרוב פון אַמעריקע, פון אַ גואל אין אַמעריקע, און איר ווייסט, אַז —

ס׳זיינען דאָך ביי אונדז פאַרברענט געוואָרן די אַמעריקאַנער אַדרעסן!

איז אונדז טאַקע ניט פאַר קיין יידיש שטעטל געדאַכט געבליבן, ווי מ׳זאָגט מער ניט ווי פון בריק אין וואַסער, וואָרום וואָס טויגן מיר אין דער אמת, און וואָס מ׳שטיינס געזאָגט זיינען מיר אַלע ווערט אָן די עטלעכע שורות ענגליש — אָן די אַדרעסן, מיין איך דאָס?!

טרינקט זיך טאַקע אונדזער איוויע — כ׳ווייס אַ פּנים, אַז ס׳איז איוויע? נאָר פערציק צי פופציק מנינים יידן, וואָס האָבן זיך אַמאָל געריפן איוויער גייען אַרום פאַרביי זייערע חורבות און זוכן — איר מיינט, אַז מען זוכט די אוצרות וואָס קיינער האָט ניט פאַרמאָגט? מען זוכט... יעדער טראַכט זיך און יעדער מיינט אולי ירחם — אפשר וועט ער אין די אַש געפינען כאָטש אַ סימן, כאָטש אַ זכר פון זיין אַמעריקאַנער אַדרעס?

און וואָס זאָלן מיר און וואָס קאָנען מיר ביים היינטיקן טאָג אין דער אמתן טאָן, אַז מ׳איז געבליבן — אָן די אַדרעסן איז מען דאָך געבליבן!

בלייבט אונדז, הייסט דאָס, גייך איבער די הייזער. אָבער צו וועמען, פרעגט זיך, גייט מען איצטער, אַז אַלע שטעטלעך זיינען נעבעך אַזוי ווי נאָך אַ שריפה, און גאָט ברוך הוא איז הויך איבער די הימלען און די אַמעריקאַנער קרובים זיינען ווייט איבער די ימים, און דערווייל ליגן מיר אַלע איוויער אין איין קופּע און מיר שלאָגן זיך אָשמנו, וואָרום אַט האָבן מיר דאָך נאָך סך־הכל פאַראַכטאָגן געהאַט אַ דאַך און אַ בעט און אַ טיש און אַן אַדרעס און — מיר האָבן פאַראַכטאָגן אַ פּנים ניט געדאַנקט, וואָס? פאַראַכטאָגן האָבן מיר דאָך נאָך אַלץ געהאַט: אַ קראָם, אַ שטוב און דער עיקר —

יאָ, רבותי, דער גרעסטער אומגליק איז, אַז אַ מענטש בלייבט אָן אַן אַדרעס, אָן אַן אַמעריקאַנער אַדרעס...

„צייט", ווילנע, זונטיק 26 מאַי 1929 (נומ. 1018)

# חורבן איוויע

## (פון אונדזער קאָרעספּאָנדענט)

אַ גאַנץ שטעטל — איין גרויסע חורבה... אַ גרויס רייך שטעטל, וואָס האָט געפירט מסחרים מיט אַלץ און אַלעמען, אַ שטעטל, אין וועלכן ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דער האַנדל פון דער גאַנצער אַרומיקער פּראָווינץ — איז במשך פון סך־הכל פיר שעה אַוועק מיטן פייער, חרוב געוואָרן...

בלויז די צעטרייסלטע דורכגעברענטע אויוועלעך מיט די האַלב אויסגעקרימט־צעוויקעטע קוימענס שטייען שטאָלץ אַנטקעגן הימל ווי אַ זכר לחורבן. געבליבן זיינען אויך די ווענט פון די מויערן, וועלכע דאָס פייער האָט דורכגעשרפעט און צעשפּאָלטן, אָבער ניט געהאַט גענוג כוח זיי אומצווואַרפן. שטייען זיי אַזוי פאַררויכערטע, פאַרשוואַרצטע, מיט גרויסע שפּאַלטן און דורכברעכונגען און חוזקן פונעם מעכטיקן פייער, וועלכעס האָט זיך מיט זיי ניט געקענט קיין עצה געבן. די שטיינערנע פונדאַמענטן, וועלכע דאָס פייער האָט האַלב צעטרייסלט, דאַרפן, נעבעך, אויפהאַלטן אויף זיך אַזוי פיל „גרוז", צעגאַסענע כלים, ציגל און אַנדערע אויף קויל־פאַרברענטע זאַכן. גייען טאַטעס, מאַמעס, קינדער אַרום איבער די חורבות פאַרטרויערטע, פאַראומערטע, זוכן אין רויכערדיקן אַש און שטויב האַלב־פאַרברענטע חפצים און מיט אַן איינגעהאַלטענעם געוויין דערמאַנען זיי זיך און דערקענען: אַהאַ, דאָס איז אַ שטיקל פון אונדזער סאַמאָוואַר, אָט זיינען שטיקלעך מאַטראַצן און דאָרט רעשטלעך פון פאַטעפאָן...

און גיט מען אַ קוק אויף דעם שטעטל פון הינטערן קלויסטער, זעט מען נאָר קוימענס און צעטרייסלטע אויוועלעך...

*

שלעפּן זיך אַזוי ידישע פורלעך איבער די ליידיקע גאַסן... דאָס האָבן יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך אַראָפּגעבראַכט הילף, שפּייז און מלבושים פאַר די אומגליקלעכע נשרפים... קוקן זיי אויף ביידע זייטן גאַס, פאַרכאַפּן מיט די אויגן די וויטערדיקע גאַסן, זוכן מיט די בליקן עפּעס אַ שטוב, אויף וועלכער דאָס אויג זאָל זיך קענען אָפּרוען, אָבער אומזיסט — ניטאָ אַזאַ...

באַוויזן זיך באַלד בלאַס־טויטע יידן, וויינענדיקע ווייבער און נייגעריקע קינדער; טאַפּן אין די וועגענער און זיפצן.. די מאַנסבילן דערציילן אין אַ געבראָכענעם טאָן דעם גרויסן אומגליק... פּאַוואָליע, מעסיק, מיט הפסקות, דורכגעמישט מיט זיפצן דערציילן זיי ווי דאָס פייער האָט פאַרשלונגען גאַנצע גאַסן, פאַרמעגנס, דורך דורות אָנגעהאָרעוועטע האָב און גוטס און פאַרטריבן די יידן הינטערן שטעטל.

די ווייבער פאָרן אַרויס אין אַ גרויס געוויין, פריער פאַרשטיקט, באַלד שלוכצנדיק און דערציילן פונדאָסניי די גאַנצע „מעשה“, קענען זיך די יידן ניט באַהערשן און עס קאַפּן אַרויס איבער די באַקן גרויסע, — גרויסע טרערן־טראָפּנס... הזאת איוויע? פרעגן זיי. דאָס איז די פריילעכע, רייכע איוויע?

און די דעלעגאַטן טרייסטן געררט די פאַרצווייפלטע: נישקשה, מיט גאָטס הילף וועט איר זיך אַלע אָפּבויען... מיר וועלן אייך אַלע העלפן — איר וועט זען...

און די פורלעך רירן זיך ווייטער, שוין אין באַגלייטונג, צום רעטונגס־קאָמיטעט. הזאת איוויע?...

ביים שפּייז־סקלאַד שטייט אַ גרויסע ריי. מען שטופּט זיך צום טיר... אַלע, אַלע שטופּן זיך דאָ, יעדערער מיט זיין זעקעלע און שפּייז־קאַרטע, היינט גיט מען אַרויס ברויט, צוקער און זאַלץ. שטייען, ווי פאַרשעמטע, צערויטלטע גבירישע באַלעבאָסטעס און וויינען: אַז־אָך־און־וויי צו אונדז, אַז מיר דאַרפן זיין „מקבלים“... דערלעבט יאָרן... נו, רבונו של עולם... נאָר אַז מען קריגט ניט קיין שטיקל ברויט פאַר גאָלד, טאָ וואָס זאָל מען טאָן? פּלוצלינג דערטראָגט זיך אַ געשריי פון סקלאַד: „איר האָט דאָך שוין היינט איינמאָל גענומען!“... דאָס זיינען אַזעלכע, וואָס „ספּעקולירן מיטן געטיילטן ברויט, אָנגרייטנדיק אויף די ווייטערדיקע טעג... די וואָס שטייען אין דער ריי באַגלייטן דעם „ספּעקולאַנט“ מיט קללות און זידלערייען... קראַנקע ווייבער מיט עופעלעך אויף די הענט שרייען צום טיילער: האָט רחמנות, גיט מיר פריער — איך פאַל פון די פיס מיטן עופעלע!... אַן אַלטער ייד בעט זיך, אַז מען זאָל אים דורכלאָזן אויסער דער „קאָלייקע“, מחמת ער האָט, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט רעוומאַטיזם; די קאָלייקע איז אַזוי גרויס, אַזוי ווייט...

*

דער סטאַראָסטע און וואָיעוואָדע זיינען דאָ. אַ גלאַנציק־געפּוצטער טאַקסאָמעטער שטייט לעבן דער גמינע און הונדערטער יידן רינגלען אים אַרום, מאַכן „הקפות“ און שאַצן זיין ווערט... אין גמינע שטופּט זיך אַ גרויסער המון צו די העכערע מאַכט־פאַרשטייער... אַ נייע צרה, אויף וועלכער מען האָט זיך גאָר ניט גערעכט — מען הייסט אַריבערטראָגן די מויערן, די הייזער...

די נייע איוויע וועט מוזן זיין מיט ברייטע גאַסן, מיט אַ נייעם מאַרק אויף אַ נייעם פּלאַץ — צו וואָס? זיי ווילן, אַז דאָס שטעטל זאָל זיין שיין, זאָל זיין גרויס... מויערן ווילן זיי...

— אייער שטוב — זאָגט פּאָליציי — וועט זיך דאַרפן אַריבערטראָגן אַ ביסל ווייטער, כדי די גאַס זאָל זיין גלייך; און אייער מויער וועט איר דאַרפן אַריבעררוקן אַהער אויך צוליב דעם... פאַרשטייען עס יידן ניט — וואָס הייסט, מען וועט מיר הייסן אַוועקטראָגן זיך פון מיין פּלאַץ?... און ווו בין איך? און ווו נעמט מען עס געלט זיך אָפּצובויען? אויף ווען וועט מען עס לאָזן זיך בויען? און וואָס וועט זיין דער סוף?

דערווייל לעבט מען אין די שייערן, עס וואַרפט אין קעלט... און מען לעבט צו 6—8 משפחות אין ענגע גויאישע הייזלעך, צי וועט חלילה דערפון ניט אויסברעכן קיין עפּידע־מיע?.. און טאָן טוט מען גאָרניט, און דער פויער קומט ניט אין שטעטל, און הילצערנע

קראָמען לאָזט מען ניט בויען, סיידן שאַלאַשן צייטווייליקע, און קיין גראָשן ביי דער נשמה איז ניטאָ... אַן אומעט שפּאַצירט אַרום איבער די חורבות און אַ נאָגנדיקער צער אין די הערצער... אָבער ס'העלפט ניט — דערווייל מוז מען וואַרטן...

משה קאַגאַנאָוויטש

„ווילנער טאָג", 29 מאַי, 1929

# חורבן איוויע

## (אויפן אַש פון אָפּגעברענטן שטעטל)

### חורבות אויף חורבות...

אַ גאַנץ שטעטל אין חורבות... ווו דו וואַרפסט מיט דיינע אויגן זעסטו נאָר חורבות, חורבות... עס שטייען נאָך שטאָלץ — אָנגעצויגן, ווי מיט פאַרריסענע קעפּ, די הויכע קוימענס אויף די „געשוואָלענע" האַלב צעשאָטענע אויוונס, ווי אַ זכר לחורבן... געבליבן זיינען אויך די ווענט פון די מויערן, צעברענטע, צעטרייסלטע אָבער אויסגעהאַלטן דעם קאַמף מיטן שרעקלעך־פלאַקערדיקן פייער... שטייען זיי אַזוי מיט פאַרריסענע קעפּ צום הימל ווי זיי וואָלטן זיך געגרויסט: אַהאַ, מיר זיינען שטאַרקער פון פייער! ווי מיינט איר?... גייען אַרום איבער די חורבות טאַטעס, מאַמעס, קינדער זוכן און נישטערן און מינוטן־ווייז באַווייזט זיך אויף זייערע טויט־בלאַסע פּנימער אַ ביטערער שמייכל: אָט איז דער ראָווער און אָט רעשטלעך פון פאַרברענטע אויף קויל מאַטראַצן און דאַרטן... און עס בליצן אויף ליכטיקע פריידיקע מינוטן און עס קומען אויף וואַרעם־רירנדיקע זכרונות פון אַוועקגעגאַנגענע יאָרן און חדשים צווישן די אייגענע פיר ווינקעלעך... און גרויסע טרערן־טראָפּנס פאַלן אויפן אַש און גרוז פונעם פלעצל און אַ ווייטיק פאַרכאַפּט דאָס האַרץ... פון הינטער דעם שטעטל אַרויסקוקנדיק זעט מען נאָר חורבות און צעוואָרפענע ציגל־קופּעס... „ווי אַ פאַבריקס־שטאָט", וויצלט מען זיך ביטער־גאַליק אויפן אייגענעם חשבון, קוקנדיק אויף די סטאַרטשענדיקע קוימענס און אויוונס, אָבער אַלע ווייסן, אַז דאָס זיינען וויצן, אין דער אמתן זיינען עס נאָר חורבות אויף חורבות...

### ניט קיין יידישער מזל

אין אַ זייט פון די חרובדיק פאַרשרפּעטע גאַסן שטייען זיך צוויי גאַנצע, ניט באַרירטע גאַסן, אַממייסטן באַוווינט דורך קריסטן — נאָוואָגרודקער און קרומער... גייען זיך אַזוי יידן און „ברעכן" זיך די קעפּ: ווי אַזוי איז עס געשעען, אַז פּונקט ביי די קריסטן האָט זיך דאָס פייער אָפּגעשטעלט, אַז ווי נאָר אַ קריסטלעכע שטוב האָט דאָס פייער נעבעך זיך געמיט און געמאַכט אַן אומוועג, שטעלנדיק זיינע פייער־צונגען צו די יידישע הייזער...

„מלאכים מיען זיך, ווייזט אויס, פאַר זיי", „גאָט שטראָפט די יידן, ווייל זיי זיינען זינדיק" — פּרוּוון יידן זיך פאַרענטפערן אָט די רעטעניש... „אונדזער וויערע (גלויבן) איז

חלוקת מצרכי־מזון לאוכלוסיה למחרת השריפה (16 במאי 1929).



פונאַנדערטיילונג פון שפּייז־פּראָדוקטן צומאָרגנס נאָך דער גרויסער שריפה.

אַ בעסערע". „גאָט שטראָפט די יידן פאַר זייער עקשנות" — פּרוּוון קריסטן אויסשפּילן דעם אומגליק פאַר זייערע אמונה־דיספּוטן מיט יידן... אָבער קלוגע יידן ווייסן דעם תירוץ: פּשוט, גויאישע מזלות... אַן אַלט לידל: גויאישע מזלות... ווער ווייס עס ניט?...

##ביים הילפס־קאָמיטעט

אַ גאַנצע ריי ציט זיך ביים פענצטערל פון הילפס־קאָמיטעט... מאַנסבילן מיט זעקעלעך און מיט זיך נאָכשלעפּנדיקע קינדער, ווייבער מיט זויג־קינדער אויף די הענט. אַלע, אַלע וואַרטן אויף דעם ביסל לעבנס־פּראָדוקטן און שטיקל ברויט, וועלכע מען טיילט אויס ביים פענצטערל... טאָ ווי דערקריגט מען זיך צום פענצטערל? אַ שטופּעניש, קליינע קינדער און אַלטע לייט ווערן אַרויסגעשטויסן מיט כוח פון דער ריי... ווערט אַ געוואַלדיקער טומל... „האָט רחמנות", — שרייט אַן אַרויסגעשטויסענער ייד איבער אַלעמענס קעפּ, „מען האָט מיך אַרויסגעשטופּט, האָט מען מיך, כ'האָב רעוומאַטיזם האָב איך, האָט רחמנות..." אַ יידענע מיט אַ זויג־קינד אויף דער האַנט שרייט אַריבער צום טיילער ביים פענצטער: „גיט אַ קוק אויף דעם פּיצל קינד... אין שטוב האָב איך איבערגעלאָזט נאָך 3 עופעלעך... הונגעריקע, חושכדיקע... וואָס אַרט אייך, גיט מיר אַ פריער, קיינער וועט ניט פאַראיבל האָבן"... פון אינעווייניק אַרויס דערהערט זיך אַ געשריי „וואָן פון דאַנען, ליגנער", און באַלד וואַרפט מען אַרויס אַ פאַרשעמטן צערויטלטן יידן... די גאַנצע ריי באַגלייט אים מיט זידלערייען און קללות און ער טראָגט זיך אַ פאַרשעמטער אַוועק, גיך, גיך... דאָס איז אַ „ספּעקולאַנט", וואָס פּרוּווט זיך נעמען אַ פּאָר מאָל און מאַכט פון אַלעמענס אומגליק „געשעפט"... ביים ברעג שטייט אַ קאָמפּאַניע באַלעבאָסטעס צערויטלטע, פאַרשעמטע, שטייען זיי אַזוי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און קענען זיך ניט באַהאַלטן פון שאַנדע... „אַז אַך און ווי צו אונדז, אַז מיר דאַרפן נעמען", „דערלעבט יאָרן", „ווי לאַנג האָבן מיר נאָך געגעבן אַליין", ווערט צווישן די ווייבער אַ געוויין, אַ כליפּעניש אַזש די גאַנצע ריי דערלאַנגט זיך אַ קער אום צו זיי... נאָר דער טיילער און אָרדנער זיינען אומברחמנותדיק און שרייען יעדע מינוט אַרויס אין דעם רעגנדיקן דרויסן: אין דער ריי, אין ריי.. און די ריי איז אַזוי גרויס, צום פענצטער אַזוי ווייט, די שטופּעניש און דריקעניש אַזוי שרעקלעך. — און דאָ אַזאַ שוואַרץ פאַרוואָלקנטער הימל... די אַרויסגעגאַנגענע גליקלעכע מיט די ברויט אין די הענט איילן צופרידענע גיך אַהיים און די גאַנצע ריי דערלאַנגט זיך אַ שטופּ ווייטער... נאָר באַלד סטאָפּ: „אין דער ריי, אין דער ריי", „אַן אָרדענונג מוז זיין" — שרייט ווידער אַרויס דער טיילער... איבער דער גרויסער מענטשן־מאַסע האָט אַ גאָס געטאָן אַ רעגן און אַלע האָבן זיך צענעצטע צוזאַמענגעדריקט אַלץ פאַר דעם שוואַרצן שטיקל ברויט, נאָר פאַרפאַלן, „אַן אָרדענונג מוז זיין" אַזוי זאָגט דער טיילער און דער רעגן גיסט און גיסט...

## מאַכט־פאָרשטייער זיינען דאָ...

לעבן דער גמינע שטייען צוויי געפּוצטע טאַקסיס... דער סטאַראָסטע און וואָיעוואָדע זיינען דאָ... אַ נייע צרה.. וואָס? אַ קליניקייט... דאָס שטעטל דאַרף געבויט ווערן מיט אַ

עלטערע קריסטין איז געלאָפן אַ פּאַרסאָפּעטע און געהאַלטן אין די הענט ווי אַן איקאָנע״, אַ גרויסע באַגלאָזטע ראַם מיט די בילדער פון סאָוויעטישן פּאָליטביוראָ...

די פויערישע רויב־גיריקייט האָט ניט געוווּסט פון קיין גרענעץ. עס האָבן זיך גע־פונען דרייסטערע, וואָס האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערנעמען די קאַכלענע אויוונס, אויסרייסן ברעטער פון די פּאָדלאָגעס און אַפילו אַראָפּרייסן די בלעכענע דעכער... יידן זיינען אַוועק פון די הייזער און געלאָזט זיי אויף הפקר. נאָר אַזוי אַרום זיינען אויסגעמיטן גע־וואָרן מענטשלעכע קרבנות. אַנדערע יידן האָבן געפּרוווט בעטן צו הילף אַדורכפּאַרנדיקע דייטשן. אָבער יענע האָבן געענטפערט: „שאַדע, וואָס זי יודען זינד. ווירקענען זי ניכט שיצען״... די רויבנדיקע פויערים האָבן געשריִען צו די אַדורכפּאַרנדיקע דייטשן „יודזן קאָמוניסט!״ און די דייטשן האָבן מיט געלעכטערס געענטפערט: „יודאַ קאַפּוט!״ און גע־וויזן מיט די הענט אויף די העלדזער...

ערשט אויפן דריטן טאָג נאָכן דייטשן אַריינמאַרש האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין דייטש און רוסיש, אונטערגעשריבן דורכן הויפּט־קאָמאַנדיר פון די דייטשע כוחות „ראַזסטרעל טאַמו קטאָ גראַביט!״ (טויט־שטראָף פאַר רויבער).

דער רויב־פּאָגראָם, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אומגעשטערט פיר מעת־לעת האָט זיך פאַרענדיקט, איבערלאָזנדיק די יידן אויסגעליידיקטע דירות און אָן מיטלען, אַנטקעגן די שוידערלעכע טעג פון דער מערדערישער דייטשער אָקופּאַציע...

## דער ערשטער אַרבעטס־טאָג אונטער די דייטשע נאַהייקעס

דער ערשטער שבת אונטער דער דייטשער הערשאַפט. מיר זיינען געזעסן אין די אויסגעליידיקטע נאָכן פּאָגראָם, הייזער, ווי אַבלים און געוואָרט אין שרעק פאַר דעם אָנ־קומענדיקן. פּלוצעם — ווילדע געשרייען „ראַוס!״. אין דרויסן זיינען שוין געשטאַנען בערך 80 מענער, אַרויסגעיאָגטע פון די הייזער. דער ערשטער אַרבעטס־טאָג אונטער דער דייטשער נאַהייקע. אַ געלער דייטש מיט אַ רויט פּנים האָט אַרויסגעריסן אַ ברעט פון אַ פּאַרקאַן און אָנגעהויבן „זיך לוסטיק מאַכן איבער די יידן״... איבערהויפּט האָט ער אויסגעלאָזט זיין חיהשן כעס איבער די באַברילטע און מענטשן מיט אַ געזוטן אויסזען. באַזונדערס האָט ער געוואָרפן אַן אויג אויף אַהרן בענדער, וועמענס אינטעליגענטער געזיכט־אויסדרוק און באַגילדטע פענסנע האָט אים אין גאַנצן צעיושעט... ער האָט אים געשלאָגן אומאויפהערלעך מיטן ברעט איבערן פּנים ביז ער האָט זיך אין גאַנצן באַגאָסן מיט בלוט און זיינע צעבראָכענע פענסנע זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד...

מיט אַ ווילד קול האָט ער באַפוילן: „מאַרשירן!״, „זינגען!״. אהרן בענדער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן מיט אַ געוויין זינגען: „כל עוד בלבב פנימה, נפש יהודי הומיה״. מיר אַלע האָבן מיטגעזונגען דעם הימן „התקוה״. מיר האָבן געוויינט און געזונגען, גע־שטיקט די טרערן און געזונגען. די גויים פון ווילנער גאַס האָבן געקוקט דורך די פענצ־טער אויפן „ספּעקטאַקל״ און ניט געקענט פאַרבאַהאַלטן זייער פרייד...

מען האָט אונדז געבראַכט אין טאַרטאַק, אין פּריצס הויף, און אָנגעהויבן פייניקן און זיך איזדיעקעווען. די אַרבעט איז געווען אַ סיזיף־אַרבעט: איבערטראָגן ברעטער פון איין

אָרט אויפן צוויטן. דערביי האָט מען געמוזט לויפן מיט אַ טעמפאָ, טראָגנדיק ניט ווייניקער ווי פינף ברעטער מיט אַ מאָל... נאָך אַ האַלבער שעה אַרבעט האָב איך געפילט, אַז מיינע כוחות פאַרלאָזן מיך און ניט געקענט אויפהייבן די ברעטער. אַ דייטשער אונטעראָפיציר, וואָס האָט אונדז אונטערגעיאָגט ביי דער אַרבעט, האָט מיר דערלאַנגט מיט דער נאַהייקע עטלעכע מאָל איבערן פּנים און באַלד האָט זיך מיין געזיכט פאַרוואַנדלט אין בלוטיקע קיש־קעס. קוקנדיק אויף מיין ראַזן געזיכט, האָט ער געשריען מיט רציחה: „עס גיבט שאָן ניכט מער קיין אַפּעלסינען פיר דען יודען"...

פאַרנאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע צו אונדזערע משפּחות, וועלכע זיינען געווען „גליקלעך", וואָס מיר האָבן זיך אומגעקערט לעבעדיקע... מיר האָבן פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ גרויליקע טעג עס גייען אונדז אַנטקעגן... די ווירק־לעכקייט האָט אָבער איבערגעשטיגן מיט איר גרויזאַמקייט די שווידערלעכסטע פאָרגע־פילן און פאַנטאַזיעס...

*

אַ צוואַנציק־יעריקער דייטשער זעלנער קומט יעדן אין דער פרי נעמען אַ גרופּע פון 100 מאַן צו דער אַרבעט אין הויפּישן סאַד, ווו עס סטאַציאָנירט אַ דייטשער גאַרניזאָן. ער איז זייער מקפּיד, אַז מען זאָל מאַרשירן מיליטעריש, אין טראַט: לינקס, רעכטס, איינס, צוויי, דריי. ווי איז צו דעם, וואָס מאַרשירט ניט לויט זיין קאָמאַנדע... ער שלאָגט מיט אַ גראָבע בולאַווקע איבער די פיס אין די פילבאַרסטע איברים...

אין אַ פּאָר טעג אַרום ווידער, פירט אונדז צו דער אַרבעט אַן אַנדער זעלנער, וועיזט אויס אַ מוזיקער. ער פאָדערט, אַז מיר זאָלן מאַרשירן צום טאַקט פון מאַרשן, וואָס מיר מוזן זינגען, לויט אַלע מוזיק־געזעצן... מיר מאַרשירן און זינגען „שאו ציונה נס ודגל". אַלטע יידן, וועלכע האָבן קיין מאָל דאָס ליד ניט געהערט, האַלטן אונטער דעם מאָטיוו. דעם משוגענעם מוזיקער איז זייער געפעלן דאָס ליד און ער דיריגירט מיט זיין נאַהייקע. אַז מיר דערנעענטערן זיך צו דער קאָמענדאַנטור (דוד גאָלדבערגס הויז), הייבט ער אויף אין דער הייך זיין דיריגענטן־שטעקעלע — די נאַהייקע — און רופט אויס: יעצט ווירד געזונגען דאָס היפּשעס ליד" און מיר זינגען „שאו ציונה"... ווער עס זינגט ניט אָדער זינגט פאַלש, צעשלאָגט ער אָן רחמנות מי׳ט דער נאַהייקע.

די אַרבעט איז אַ פאַרשידנאַרטיקע. דער עיקר, רייניקן זייערע פערד. די זעלנער באַציען זיך מענטשלעך צו אונדז, ד. ה. זיי שלאָגן ניט. די „בעסערע" לייגן אַפילו אַוועק אין אַ זייט אַ פּאַפּיראָס אָדער אַ האַלב לעבל ברויט (אַ דייטש טאָר גאָרניט געבן פּאָר אַ יידן). מיין דייטש פרעגט מיך, פאַרוואָס איך האָב ניט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אָדער פּאַלעסטינע. ער דערציילט מיר אַ „סוד". אונדזער פירער האָט ניט ליב די „יודן", און נאָך אַ סוד: „ווען עס קאָמען די שוואַרצע (די ס"ס) ווירד עס זיין זייער שלים".. יאָ, מיר ווייסן דאָס שוין. דאָס איז אַלץ אַ קינדערשפּיל אַנטקעגן דעם, וואָס עס דערוואַרט אונדז...

*

יעדן טאָג „טרעטן" מיר איין אויפן מאַרק־פּלאַץ. עס וויינט דאָס האַרץ זעענדיק ווי די אינטעליגענץ מאַרשירט לויטן דייטשן באַפעל מיט בעזימער און רידלען אויף די אַקסלען צו טאָן די שווערסטע און עקלדיקסטע אַרבעט, באַגלייט מיט קלעפּ פון נאַהיי־קעס. די דייטשן באַצוועקן דערמיט אונדז צו צעברעכן גייסטיק און מאָראַליש און דערני־דעריקן אונדז אין די אויגן פון דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג. צוקוקנדיק זיך צו זייער באַציונג צו אונדז, ווי ניט צו מענטשלעכע באַשעפענישן, בין איך געקו־מען צום טרויעריקן אויספיר פון וועלכן איך האָב ניט געמאַכט קיין סוד: — צו מענטשן, וועלכע זיינען באַשטימט צום לעבן, באַציט מען זיך ניט אַזוי...

**שפרה מאַרגאָלין (סטאָצקי) ז״ל**

# די פאַרניכטונג פון די יידן אין איוויע

## (אויטענטישער כתב־יד אין פאָרם פון אַ טאָג־בוך)

**ווי אזוי האָט דערגרייכט צו מיר דער כתב־יד?**

באַלד ווי איך האָב זיך צוריקגעקערט נאָך דער באַפרייאונג, אין די ערשטע יולי־טעג 1944, צוזאַמען מיט מיין מאַן שמואל און שוועסטער חוה קיין איוויע, איז געקומען צו אונדז אַ קריסטין פון כאָוואַנשטשיזנע און דערציילט, אַז ביי איר געפינט זיך אַ טאָג־בוך פון מיין מומען שפרה מאַרגאָלין (סטאָצקי). די קריסטין האָט דערציילט, אַז דעם טאָג־בוך האָט איר מיין מומע שפרה געגעבן אַ פּאָר טעג פאַר דער ליקווידאַציע פון איוויער געטאָ, דורך אַרויספירן קיין באַריסאָוו (יאַנואַר, 1943). שפרה האָט געבעטן דער קריסטין, אַז נאָך דער ענדע פון קריג זאָל זי די העפטן איבערשיקן צו איר שוועסטער און ברודער קיין אַמעריקע, לויטן פאַרצייכנטן אַדרעס אויפן טאָג־בוך.

דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועק צו דער קריסטין און באַקומען די העפטן, וועלכע זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן. מיר האָבן עס דורכגעפירט אין אונדזערע וואַנדערונגען דורך גרענעצן און לענדער. אָנקומענדיק קיין ישראל אין 1948 האָבן מיר מקיים געווען שפרהס צוואה און עס איבערגעשיקט צו איר שוועסטער קיין אַמעריקע. נאָכן באַקומען דעם טאָג־בוך פון אַמעריקע האָבן מיר אים אַוועקגעגעבן אין אַרכיוו פון „בית קצנלסון״ (קבוץ לוחמי הגיטאות).

**רחל געלער (סטאָצקי)**

**די אויטאָרין פון כתב־יד האָט אָנגעהויבן אירע פאַרצייכענונגען דעם 12־טן אָקטאָבער 1942 און פאַרענדיקט דעם 23־טן דעצעמבער 1942. טראָץ אייניקע אומפּינקטלעכקייטן האָט דער כ״י אַן אומגעהויערן ווערט, אַלס פאַרצייכענונגען אין לויף פון די שטורמישע געשעענישן. ווי באַקאַנט, איז די אויטאָרין צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין באַריסאָוו און דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן פון איוויער געטאָ.**

**מיר גיבן דאָ איר טאָג־בוך מיט קליינע פאַרקירצונגען, באַמיענדיק זיך, ווי־וויית מעגלעך, ניט צו ענדערן איר סטיל.**

**רעדאַקציע**

ראש חודש מרחשון, תש״ב, 12 אָקטאָבער, 1942

ליבע, טייערע שוועסטער און ברידער רחל, בערל און אריה!

איך שרייב צו אייך, ווייל איך וויל זיך געזעגענען מיט אייך, ווייל אונדזער לעבן איז אויף טעג, פיליכט אויף וואָכן, און נאָר אַ נס קען אונדז ראַטעווען. אָבער ליידער לעבן מיר אין אַ צייט, וואָס קיין נסים געשעען ניט. און וואָס זיינען מיר דען בעסער פאַר אונ־דזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען מיט 5 מאָנאַט פריער דערשאָסן געוואָרן?

ביי היינטיקן טאָג באַזיצט אונדזער שטעטל איוויע, צוזאַמען מיט אַלע שטעטלעך, וואָס זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין איר, 1300 נפשות, און פאַר דער שחיטה זיינען מיר אַלע געווען 3700 מאַן. אַזוי אויף אַז אונדזערע אויגן האָט מען אַוועקגעשיקט צום טויט 2400 * מאַן. אין דעם אויך מיינע 3 יינגעלעך: שלמהלע (10 יאָר), אשרקע (7 יאָר) און יעקב־יצחקל (2 יאָר). אויך רפאלס [1] אַלע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען און איך מיט מיינע 2 קינדער, ברכהלע (15 יאָר) און ברוך ($13\frac{1}{2}$ יאָר), האָבן צופעליקערווייזע זיך געראַטעוועט. אויך חאַשקע, משה און משהל [2] מיט זייערע פאַמיליעס לעבן דערווייל און זיי הייסן מיך אין זייער נאָמען שרייבן, וועט דאָס בלייבן און וועט אייך קלאָר מאַכן די לעצטע פאָר יאָר פון אונדזער שרעקלעכן גיהנום־לעבן ביז מיר וועלן זיך באַפרייען פון אונדזערע לידן און שרעק.

...ווי באַוווּסט זיינען מיר געווען מיט די סאָוויעטן אַנדערטהאַלבן יאָר און זיינען שוין געווען איינגעלעבט מיט זיי. יעדער האָט געהאַט ביי זיי אַ שטעלע און מ׳האָט שוין אַלע געמאַכט שלום מיטן געדאַנק. אָבער אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט אונדז אַ דונער געטראָפן. דעם 22סטן יוני האָט היטלער איבערגעכיטרעוועט זיין חבר סטאַלין און איז אים באַפאַלן. גלייך אין זעלבן טאָג, דעם 22סטן יוני און צומאָרגנס, האָט ער פאַרברענט גראָדנע, ביאַליסטאָק, לידע, איוויע. דאָס דייטשע מיליטער איז אַריין קיין איוויע ערשט דעם 1טן יולי (1941). אין די 8 טעג ביז זייער אַריינמאַרש זיינען מיר אַלע יידן געלאָפן אין פאַנישער שרעק פאַר די באָמבאַרדירונגען אין די דערפער (הינדע, רפאלס שוועסטער, איז געבליבן אין ווילנע און איז דאָרט אומגעקומען פון די ערשטע). דאַן האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער זאָלן גיין אין זייערע היימען, ווו מען האָט געלעבט ביז דעם 22סטן יוני 1941.

אַזוי האָט די לאַגע זיך גענומען נאָרמאַליזירן. נאָר 4 טעג האָבן זיי דערלויבט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו באַרויבן די יידן. ווי שרעקלעך דאָס בילד האָט אויס־געזען ווי די קריסטלעכע שכנים פון אַלע דערפער, וואָס האָבן אַזוי פיל יאָרן געלעבט מיט אונדז בשלום, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שונאים און האָבן אין „אָרדענונג״ אויס־געליידיקט הויז, קעלער און בוידעם פון די יידן. און אויב מען האָט שוין אָנגעטראָפן אויף אַ „גוטן דייטש״ און געבעטן ביי אים רעטונג, האָט ער אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקס־לען: — איך קען גאָרניט העלפן, ווייל איר זייט דאָך יידן און אונדזער פירער האָט אייך פיינט... אַזוי האָט אָנגעהאַלטן דער פּאָגראָם 4 טעג. דאַן איז געקומען די שטענדיקע

* ריכטיק, בערך 2500 — רעד.

[1] געמיינט איר מאַן, מאַרגאָלין — רעד.

[2] געמיינט חאַשקע און משה קאַפּאלד און משהל סטאָצקי -- רעד.

קאַמענדאַנטור מיט פעלדזשאַנדאַרמען, איבערגענומען די מאַכט און איינגעשטעלט אָרדע־נונג... אָבער די לאַגע האָט זיך „איינגענאָרמאַליזירט". אַלע מענער, יידן ביז 65 יאָר, האָבן געמוזט גיין צו פאַרשידענע אַרבעטן און גאַנץ שווערע. אויך ביי דער אַרבעט האָבן אַנדערע אויפזעער שטאַרק געשלאָגן. ...בו האָט מען געשלאָגן, נאָר ניט דאָס איז דער עיקר: אַבי מיט קלעפּ אָפּגעקומען... זומער־צייט, 6 פאַרטאָג, פלעגט שוין רפאל מיט אַלעמען זיך מעלדן אויפן מאַרק צו דער אַרבעט. ווי שרעקלעך האָבן אַלע אויסגעזען! איבערהויפּט, אַז איך דערמאָן זיך דעם רב פּערלמאַן מיט זיין אויסגעריסענער באָרד ווי ער פלעגט גיין צו דער אַרבעט. ווי שרעקלעך ער האָט אויסגעזען!

אַזוי האָט דאָס געדויערט 4 וואָכן ביז תשעה־באב (1941), אַ קענטיקער יאָר צייט. פאַלינקע מיין טייערער, ער פלעגט לעצטנס זיין אַזוי אומעטיק. צו אים פלעגן דערגיין קלאַנגען, אַז עס דאַרפן נאָך קומען געסטאַפּאָ־לייט און די ס.ס., וועלכע רייניקן אין יעדער שטאָט און שיסן אויס יידן, איבערהויפּט אַזוינע, אויף וועמען די אָרטיקע באַפעל־קערונג ווייזט אָן, אַז זיי זיינען געווען קאָמוניסטן, אָנהענגער פון באָלשעוויזם. עסן פלעגן מיר צוויי מאָל אַ טאָג, ווייל עס איז די ערשטע צייט ניט געווען וואָס. פלעגט ער, פאַלינקע, אַוועקגיין ניט אָנגעביסן צו דער אַרבעט. דעם היסטאָרישן טאָג איז ער, נאָר טאָג געוואָרן, שוין אַרומגעגאַנגען איבערן צימער. עס איז געווען שבת. איך האָב זיך אַזוי אומרואיק אַראָפּגעכאַפּט פון בעט. מיינע 5 קינדערלעך זיינען געשלאָפן. האָב איך זיך צוגעזעצט ביים טיש און אים גענומען אויספרעגן, וואָס ער האָט זיך אַזוי פרי אויפ־געכאַפּט און גייט אַרום ווי אַ לונאַטיקער. ער איז געווען אויפגערעגט, פון אַ חלום קענ־טיק. אָבער מיך האָט ער באַרואיקט, אַז דאָס לאָזן אים ניט שלאָפן די הונדערטער טויזנטער געפאַנגענע, וואָס מ׳פירט פאַרביי אונדזער פענצטער מיטן שאָסיי, הונגעריקע, אָפּגעריסענע, פאַרוווּנדעטע און שטרעקן אויס די הענט נאָך ברויט. ענדלעך האַלב 6 אַזייגער אינדערפרי איז ער אַוועק צו דער אַרבעט און מער האָב איך אים שוין ניט גע־זען, מיין טייערן!

9 אַזייגער אינדערפרי איז געקומען אַ טאַקסי מיט בערך 10 שוחטים, די געסטאַפּאָ־לייט, וואָס מאָרדן אויס אומשולדיקע מענטשן. אָבער מיר האָבן קיין זאַך ניט געוווּסט. אין אַלע גאַסן איז אַרומגעלאָפן הרב פּערלמאַן אָנזאָגן, אַז אַלע מענער פון 20 ביז 60 יאָר זאָלן זיך גלייך מעלדן אויפן מאַרק־פּלאַץ. קיינער האָט ניט געוווּסט צו וואָס און דער רב אַליין אויך ניט. איך בין צופעליק אַרויס אין דרויסן, איז אָנגעגאַנגען אַ פּוילישער פּאָליציאַנט און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל גלייך שיקן רפאלן אויפן מאַרק. איך בין גלייך געלאָפן דאָרט, ווו ער פלעגט שטענדיק אַרבעטן, ווייל דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז ניט גוט. איך בין געקומען אויף יענעם אָרט, ווו פאַלינקע האָט שטענדיק געאַר־בעט, אָבער לײדער איז ער שוין דאָרט ניט געווען. ער איז מיט אַלע איבעריקע אַרבעטער אַוועק אויפן מאַרק, כאָטש קיינער איז זיי ניט געקומען רופן.

וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען האָב איך זיך נאָכהער דערוווּסט: די גאַנצע שטאָט מענער זיינען זיך צוזאַמען געקומען. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין עטלעכע רייען און די באַנדיטן האָבן אויסגערופן, אַז דער ראַבינאַט און די שוחטים זאָלן אַרויסגיין די ערשטע און זיך שטעלן באַזונדער. צווישן זיי איז געווען רפאלס ברודער, אהרן־נח דער שוחט,

דער איוויער רב פערלמאַן, ר׳ משה מייעראָוויטש דער דיק, ר׳ אברהם יצחק מינקין (דער פרוש) א. אַנד. און מ׳האָט זיי נעבעך אַזויפיל עינויים אָנגעטאָן. אַזוי האָט מען געהייסן ר׳ אברהם־יצחקן ברענגען די גמרא, און אַזוי ווי ער האָט איר געהאַלטן, האָבן זיי געהייסן איר אָראָפּוואַרפן. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט דאָס ניט געטאָן. מ׳האָט אים געשלאָגן מכות רצח און ער האָט ניט געפאָלגט. נאָכהער האָט מען געהייסן אַרויסגיין אַלע לערער, קרעמער, בוכהאַלטערן. אויב איינער האָט געוואָלט לייקענען זיין פאַך, האָט די פוילישע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען צעיושעט ווי די חזרים און געהאַט מיט די ידישע לערער אַלטע חשבונות עס ניט דערלאָזן... אויך נאָוואָפּרוצקין האָבן די פּאָליאַקן מערדערלעך געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אייזנס ביז בלוט. דאַן איז געסטאַפּאָ געגאַנגען און אויסגעפרעגט יעדער איינעם זיין פאַך. חיים־עוזר גאסקינד, מיין שוואָגער, ראשינקעס מאַן, האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ קרעמער, האָט מען אים אויך אַריינגעטריבן אין די לידיקע האַלעס. ביז עס איז געקומען די ריי צו מיין פאָלינקען. מען דערציילט, אַז ער איז געווען ווייס ווי קאַלך פאַר שרעק, צוקוקנדיק, ווי מ׳האָט די פריערדיקע געשלאָגן. פונדעסטוועגן, אַז ער האָט געזאָגט זיין פאַך אַלס שטיין־קריצער און צעמענט־אַרבעטער האָט מען אים איבערגעלאָזט. אָבער דאַן איז צוגעגאַנגען אַ היגער שייגעץ און אויך אים אַריינגעשלעפּט אין קראָם.

עס איז צוגעפאָרן אַ לאַסטאויטאָ און גענומען אַרויספירן צו 25 מאַן און אַוועקגע־פירט ביז סטאַנעוויטש, דריי קילאָמעטער הינטערן שטאָט, אין וועלדל. דאָרט האָבן שוין געוואַרט ליטווישע סאָלדאַטן. מען האָט זיי געהייסן גראָבן גריבער פאַר זיך און זיי האָבן עס געמוזט טאָן און דאַן האָט מען זיי אויסגעשאָסן. דאַן איז מען געקומען נעמען נאָך 25 מאַן. אַזוי איז יעדע 25 מינוט געקומען דער אויטאָ, ביז מ׳האָט אַלעמען אויסגעמאָר־דעט. דאָס איינע האָט מען זיי דערלויבט: זיך פאַרדעקן מיט זייערע מאַרינאַרקעס די אויגן, זיי זאָלן ניט זען די קויל. אַזוי האָט מען אין 2 שעה אויסגעשאָסן 220 אומשולדיקע מענער.

דערווייל האָט מען דאָ, נעבן די האַלעס, די איבערגעבליבענע מענער, געהייסן זינגען און טאַנצן מה יפית...[3] און די געסטאַפּאָ־לייט, די היטלעריסטן אַליין האָבן זיך צוגעביסן ביי אַ טיש און געטרונקען שנאַפּס. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז אין דער צייט ביי אַזאַ שטילקייט זיינען איבערגעריסן געוואָרן 220, יונגע לעבנס...

גלייכצייטיק האָבן זיי אויך אויסגעקליבן אַ יודענראַט, צווישן זיי אויך אונדזער שוואָגער משה קאַפּאַלד, אַלס פּרעזעס.

איך מיט די איבעריקע פאַראומגליקלעכטע פרויען האָבן ביז דער גרויסער שחיטה, דעם 12טן מאַי 1942 ניט געוווּסט, אַז אונדזערע מענער, ברידער און טאַטעס זיינען טויט. די היגע מאַכט האָט געזאָגט, אַז מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט אין די לאַגערן פון דריטן רייך. נו, האָבן מיר זיך באַרואיקט, האָפנדיק, אַז די מלחמה וועט זיך אינגיכן ענדיקן און זיי וועלן צוריקקומען צו אונדז. דערווייל פלעגן מיר שיקן שליחים. עס פלעגן צו אונדז דערגיין קלאַנגען פון גראָדנע, פון סוואַלק, פון וואַרשע און נאָך

[3] דער פאַקט איז זייער ספקדיק. די אַנדערע, וואָס זיינען דאָרט געווען באַשטעטיקן עס ניט — רעד.

אַנדערע שטעט. אַן אַנדער פּאַליאַק פּלעגט גאָר אויסטראַכטן, אַז זיי זיינען פאַרשיקט אין ווין... עס זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן זינט יענער שחיטה אין נאָוואָרעדאָק. מיר האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט. דער געביטס־קאָמיסאַר פון לידע האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך באַמיען פאַרן לידער געביט און אַז זיינע יידן וועט גאָרניט געשען.

איר דאַרפט זיך פאָרשטעלן, וואָס זיין „גוטפריינדשאַפט“ האָט אָפּגעקאָסט אַלע יידן פון גאַנצן געביט. לידע, איוויע, וואַסילישאָק, ראַדון, וואָראַנאָווע און שטשוטשין. אַלע יידן פון די קלענערע שטעטלעך, ווי ליפּנישקער, טראַבער, באַקשטער א. אַנד. קלענערע ישובים האָט מען אַריינגעטריבן צו אונדז אין איוויע. פּונקט פאַראַיאָרן אין דער צייט, דעם 15טן אָקטאָבער, האָט שוין איוויע געציילט צוזאַמען ביי 4000 יידן. אין יעדן הויז האָבן געוווינט אַרום 6 פאַמיליעס. מיך האָט מען פון ווילנער גאַס אַרויסגעטריבן אין מאַרק, בין איך אַריין צו אונדזער משהלען. זייער זיך געפּלאָגט. אָבער ברויט און קאַר־טאָפל האָבן מיר געהאַט און מיט די קליינע קינדערלעך זיינען מיר ווי עס איז דורכגע־קומען. זיי האָבן ביי מיר גענומען אַן ערן־וואָרט, אַז נאָך דער ענדע פון דער מלחמה זאָל איך זיי יעדן טאָג אָפּקאָכן צו צוויי אייער. פאַרשטייט איר דאָך, ווי עס האָט אויסגעזען אין די יידישע הייזער, אַז קיין קריסט האָט צו אַ יידן אין שטוב ניט געטאָרט אַריינגיין אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף.

ווי געזאָגט האָבן זיי, די דייטשן, געזויגן דאָס בלוט ביי אונדז יידן. אָנהייבנדיק פון לידער געביטס־קאָמיסאַר און ענדיקנדיק מיטן איוויער איינפּאַכן יורקע, אָדער סטעפּאַן, האָט מען אַלעמען געדאַרפט געבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געפאָדערט. 2 מאָל אַ וואָך פלעגן קומען טאַקסיס פון לידע מיט אַ באַפעל צום יודענראַט. דאָ אַ צען פאַרטיקע מענער־אנציגער, דאָ שטאָף אויף אנציגער, דאָ לעדער, דאָ אַ צוואַנציק פּאָר פאַרטיקע שטיוול, מעבל, סערוועטן, בעטגעוואַנט, גאָלדענע זייגערס, בראַסלעטן, זאָקן, פאַר זיך און זייערע משפּחות אין דייטשלאַנד. געגעבן דעם יודענראַט אַ האַלבע שעה צייט. און ווען עס ווערט ניט געשאַפן, ווערן זיי טויט געשאָסן. אָבער וועלנדיק אַלץ שאַפן אַבי לעבן צו בלייבן, האָט מען געשאַפן פון אונטער דער ערד. די אַריינגעפּאַרענע פון יענע שטעט־לעך, וואָס זיינען ניט אויסגעראַבירט געוואָרן האָבן פיל געהאָלפן. יעדער האָט זיך באַ־שטייערט מיט וואָס ער האָט נאָר געהאַט און עס איז פּינקטלעך צום טערמין געגעבן געוואָרן אַלץ וואָס מ׳האָט פאַרלאַנגט. נו, און די איוויער דייטשן, די זשאַנדאַרן, די היגע פּוילישע און ווייסרוסישע פּאָליציי, דאַרף מען אויך פאַרשטאָפּן די מיילער. אַלץ וואָס זיי האָבן געפאָדערט איז אויך פּינקטלעך געגעבן געוואָרן. אַבי האָבן גוטע פריינד, מיינענ־דיק, אַז פון די ווענדט זיך אונדזער גורל. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קיין חסרון איז דאָס ניט געווען. פאַרקערט, זיי האָבן ניט געקוקט אַזוי גענוי אויפן דין, ווייל אַ שטרענגער באַפעל, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף, האָט פאַרבאָטן יידן צו רויכערן, טרינקען אַלקאָהאָל, חתונה האָבן, עסן פליישׂ, פּוטער, אייער א.אַ.וו. אַזוי האָבן זיי געפאָדערט יעדן טאָג אַן אַנדער זאַך און אַלץ האָט מען זיי בליתּ ברירה צוגעשטעלט. יעדע וואָך, יעדן טאָג אַן אַנדער גזירה. און מיר האָבן זיך שוין ביסלעכווייז באַרואיקט, גלויבנדיק, אַז נאָר די נאָוואָראָדקער, סלאָנימער און אַנדערע שטעט זיינען דאָס די אומגליקלעכע „שטאַרבערס“ און צו אונדז וועט דאָס געוויס ניט קומען.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אַ טאַקסי מיט אַ העכערן אָפיציר, אַ משוגע־נער און אגב זייער אַ שלעכטער. געוויינט האָט ער שטענדיק אין אָשמענע, דערנאָך אָפּ־געקאָמאַנדירט געוואָרן אין באַקשט און וואָלאָזשין. האָט ער פאַר זיין קומען קיין איוויע גלאַט אַזוי זיך, אָן אַ באַפעל, אויסגעשאָסן אין וואָלאָזשין אַ 200 יידישע אַרבעטער, ווייל ער איז אין כעס געוואָרן אויפן פוילישן בירגערמייסטער, האָט ער דאָרט אויסגעקוילעט זיינע יידעלעך.דאַרפט איר זיך פאָרשטעלן די שרעק, וואָס דער איוויער יודענראַט האָט געפילט דערהערנדיק, אַז דער אָפיציר פון דער טאַקסי רופט דעם גאַנצן יודענראַט זיי זאָלן זיך גלייך מעלדן. ער האָט געזען ווי בלאַס און צעשראָקן זיי זיינען, האָט דאָס אים געפרייט. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז זייט עטלעכע שעה זאָלן זיי אומבאַדינגט שאַפן 56 מעטער שטאָף פון איין פאַרב אויף אויסטאַפעצירן אַ בינע צו שפּילן אַ ספּעק־טאַקל. די צייט איז קורץ און רעדן האָט ער ניט געלאָזן. דער פּרעזעס קאַפּאַלד האָט זיך פון שרעק צעלאַכט. האָט דאָס דעם משוגענעם אָפיציר פאַרוווּנדערט: — וואָס? — האָט ער אויסגעשריען — דו לאַכסט נאָך? זאָג גלייך וואָס דאָס באַדייט! האָט קאַפּאַלד געבעטן אַ דערלויבעניש צו געבן אים 5 מינוט צייט צו דערקלערן די אוממעגלעכקייט פון קענען צושטעלן איינערליי שטאָף, ווען דאָס שטעטל איוויע איז אַזוי צעראַבירט. קאַפּאַלד איז דאָך אַן עסטרייכישער ייד און מאַכט אגב אויף זיי אַ גאַנץ גוטן איינדרוק, האָט זיך דער דייטש געלאָזט איבערצייגן און עס איז געבליבן רעכט צו ברענגען אים 50 מעטער פּשוטע ליוונט...

אַן אַנדער מאָל איז ער אַראָפּגעקומען, גערופן דעם יודענראַט און געפאָדערט, אַז אין 10 מינוט אויפן זייגער, זאָל אים ווערן אַ קליינער שלעסעלע צו זיינע הויזן, אַז ניט „ווערן זיי טויט געשאָסן". צום גליק האָט זיך ביי איינעם געפונען אַזאַ מין סאָרט שלע־סעלע און מען האָט דאָס אים געבראַכט. און נאָך אַזוינע אומצאָליקע פאַלן. אַדאַנק דעם איז ביז דער גרויסער שחיטה פון 12טן מאַי 1942 ביי אונדז געווען נאָך מיט „חסד", גאַנץ שטיל, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך, ווו פאַר יעדער קלייניקייט זיינען געפאַלן יידישע קרבנות.

פון דעוויענישאָק, וואָס די ליטווינער האָבן פאַרנומען, זיינען אַהער געקומען צילויפן אין אַ גרויסן פראָסט צו זייערע קרובים 2 פאַמיליעס, 10 פערזאָן. האָט מען זיי געלאָזט זיין אַ וואָך צייט, דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעפירט אויפן יידישן בית־עולם און זיי אויס־געשאָסן. איינע פון די אומגליקלעכע, אַ יונגע שיינע מיידל, איז געווען נאָר לייכט פאַר־וווּנדעט. ווען די זשאַנדאַרמען זיינען אַוועק, האָט זי זיך פון אימפּעט אויפגעהויבן און אַוועקגעלאָפן אויפן וועג צו איר באָבען. דאָס בלוט פון קאָפּ און פּנים האָט זיך געגאָסן און זי איז אַריין אין אַ נאָענט הויז. מען האָט גערופן דעם דאָקטאָר. ער האָט פאַרבונדן די ווונד און עס וואָלט שוין גוט געוואָרן. איז אָבער געקומען דער זשאַנדאַרם פאָדערן דעם 10־טן קרבן. האָבן איר צווי פון יודענראַט גענומען אויף די הענט און אַוועקגע־טראָגן אויפן בית עולם, און דער זשאַנדאַרם האָט איר דערשאָסן. ער האָט זיך פאַרענט־פערט: באַפעל איז באַפעל! אַזוינע הונדערטער סצענעס האָט דער יודענראַט מיט קאַפּאַלדן בראש געדאַרפט דורכמאַכן. שטיין און קוקן און ניט קענען העלפן אַפילו מיט אַ וואָרט.

נאָר דאָס מוראדיקסטע גיי איך אייך באַשרייבן און דערציילן, וואָס אין לידער געביט און אין איוויע האָט פּאַסירט. וויאַזוי מיינע 3 שעפּסעלעך זיינען געגאַנגען צום טויט, בעסער געזאָגט, ווי איך האָב זיי אַליין אָוועקגעשיקט.

אומגעפער ענדע אַפּריל איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן אויסער דער שטאָט, ביי קריסטן אין די דערפער, מוזן אַלע ביזן ערשטן מאַי זיך אומקערן אַהיים. אויך אין לידע איז געווען אַזאַ באַפעל. קיינער האָט ניט באַקומען קיין דערלויבעניש צו פאָרן אויסערן שטאָט. מיר האָבן זיך שטאַרק באַאומרואיקט. נאָר עס האָט זיך ניט געלאָזט גלויבן, ווייל פון באַראַנאָוויטשער שחיטה איז שוין אַריבער מער ווי 2 מאָנאַטן און כמעט ווי מיר האָבן זיך פאַרגעסן, אָדער איינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז דאָרט האָט דער אומגליק געטראָפן. די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צו ריידן, אַז מען וועט דעם 1טן מאַי געוויס אויך די היגע יידן צעשיסן. אָבער אַז ס'איז אַריבער די כלומרשטע דאָטע שטיל, האָבן זיך אַלע באַרואיקט און מיר האָבן אַליין געלאַכט פון אונדזער שרעק. מ'האָט אונדז פאַרזיכערט אַז דעם 15טן מאַי וועט מען ווידער אָנפאַנגען צו געבן דערלויבענישן פאַר אַרבעטער צוריק צו גיין אין די דערפער.

דערווייל איז דעם 7טן מאַי געקומען אַ באַפעל מ'זאָל גלייך אָפּטראָגן די קופּער־כלים. אויך זאָלן אַלע ביזן 10טן מאַי זיך גלאַט אָפּגעשאָרן ביזן קאָפּ. האָבן מיר אויך דאָס געטאָן. מיר האָבן גערופן דעם פריזיער צו אונדז און אַלע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוווינט אין דעם הויז. איך האָב געלאָזט אָפּשערן מיינע 5 קינדערלעך. ברכהלען די צעפּ אָפּגעהאַקט, ברוכקען, דערנאָך שלמהלען, אשרקען און צולעצט מיין טייערן 2־יאָריקן יעקבלען. ווי ער האָט טרויעריק געקוקט אויף מיר מיט זיינע בלויע, קלוגע אייגעלעך. אוי, געוואַלד, ווען איך דערמאָן זיך זיין אויסזען! דערווייל איז געקומען ראַשקע, משה (מאַשע) פּיסעלעווסקי און מ'האָט זיך געוויצלט... ראַשינקע! ראַשינקע! ווער האָט דאָס געקענט חלומען, אַז איבעראַכטאָג אין דער צייט וועלן מיר שוין מער איינע די אַנדערע ניט זען!

אויף מאָרגן, גייענדיק עפּעס באַזאָרגן אין גאַס, האָב איך געזען ווי עס זיינען געקומען אויף ראָווערן אין שטעטל פּאָליציי־לייט. עס זיינען געקומען בערך הונדערט מאַן. נאָר באַקאַנטע דאָרט האָבן מיך באַרואיקט, אַז דאָס קומען זיי דאָ זיך איבן. דאָך בין איך אַוועק אַהיים אַ צערודערטע. איך האָב די קינדערלעך מיינע דערציילט, אַז פיל פּאָליציי זיינען אָנגעפאָרן. האָבן זיך שלמהלע און אשרקע גלייך אָנגעכאַפּט: — „מאַמע, מאַמע! מיר וועלן אַנטלויפן צו אַ באַקאַנטע גויע. אָבער איך האָב זיי באַרואיקט. געטראַכט, מיר וועלן מאָרגן זען וואָס עס וועט זיין. אָבער אויף מאָרגן איז שוין געווען צו שפּעט. איך האָב זיי אָוועקגעלייגט שלאָפן און איך האָב צוגעטוליעט דעם קליינעם יעקבלען צו זיך און אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט מיט אָפענע אויגן... אַז איך בין אַראָפּ אַ זייגער 3 פאַרטאָג און אַ קוק געטאָן אין פענצטער, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. נאָר איך האָב זיך אַליין ניט געגלויבט, געמיינט, אַז איך חלום, בין איך אַראָפּ אין דרויסן. ערשט פינצטער, ביטער, שרעקלעך! אין יעדן ראָג שטייען פּאָליציי, יעדע 10 טריט אַ פּאָליציאַנט. שפּעטער צו, אַז איך בין געגאַנגען צום ברונעם נעמען וואַסער, האָבן זיי געטריבן צוריק אין די הייזער. אַפילו קאַפּאַלדן און די איבעריקע יודענראַטלער, וואָס האָבן געפּרובירט צו גיין אין גאַס, האָבן די זשאַנדאַרמען אויך זיי אַריינגעשיקט צוריק אין

זייערע הייזער. אַרעסטירטע אין די אייגענע הייזער האָבן מיר געוואַרט אויף אונדזער גורל, ניט וויסנדיק וואָס דאָ טוט זיך.

שבת, דעם 9טן מאַי 1942, איז געקומען אַ קריסט פון לידע און האָט דערציילט, אַז פרייטיק, דעם 8טן מאַי, האָט מען דאָרט דערמאָרדעט 5500 יידן. ווען אין איוויע וועט פאָרקומען וייס מען ניט. דעם 9טן מאַי איז די געסטאַפּאָ אָפּגעפאָרן קיין וואָראָנאָווע אויסצופירן די שרעקלעכע עקזעקוציע איבער די דאָרטיקע יידן. דעם 10טן מאַי זיינען זיי געווען אין וואַסילישאָק און ראַדון. דעם 11טן מאַי וועלן זיי זיין אין שטשוטשין. און דאָ ביי אונדז, אין איוויע, האָבן מיר בכלל ניט געוווסט ווען עס וועט קומען אונדזער ריי.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעוואַרט דריי טעג און דריי נעכט, געשלאָפן אין די זאַכן. און וואָס מיר האָבן זיך ניט צעבראָכן דעם קאָפּ, האָבן מיר קיין עצה ניט געקענט צוטראַכטן, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פון שטעטל. אויב ביי די ראַגן פון שטעטל האָט זיך שוין יאָ געפונען אַ בעסערער פּאָליציאַנט און האָט מסכים געווען פאַר גאָלדענע זייגערס, אָדער פיל געלט אַרויסצולאָזן אין מיטן נאַכט פון שטאָט, האָט ער דאָך מורא געהאַט פאַר די אַנדערע פּאָליציאַנטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף וואַך. וועגן אונדז האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין צו מאַכן אַזאַ פּרווו. מיר האָבן זיך דאָך געפונען אין רעכטן מיטן מאַרק, וייט פון די אַרויסגענג פון שטעטל. און אַזוי זיינען מיר געזעסן פאַרשפּאַרטע אין די הייזער און געוואַרט אויף אונדזער שיקזאַל. ביז עס איז געקומען מאָנטיק דער 11טער מאַי!

וואָס טוט מען? צוזאַמען מיט אונדז האָבן נאָך געוווינט עטלעכע פאַמיליעס, פאַכלייט: אַ שמיד, אַ שלאָסער, מעכאַניק, אַ שוסטער און נאָך אייניקע אַרבעטער־־פאַמיליעס. וויסנדיק, אַז אין נאָוואָראָדאָק האָט מען די האַנטווערקער־פאַמיליעס געלאָזן לעבן, האָב איך באַשלאָסן מיינע קלענערע קינדער אָפּצוגעבן זיי פאַרן גיין צו דער „סאָרטיראָווקע", און מיט מיר און ברכהלען זאָל שוין זיין וואָס עס וויל. ברוכקע האָט דערקלערט, אַז ער וועט פון קאַפּאַלדן ניט אַוועקגיין. קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען. אָבער דאָס האַרץ האָט מיר זייער געשראָקן פאַר אים, ווייל פון לידע האָט מען שוין געהאַט געבראַכט דעם גרוס, אַז כמעט אַלעמען פון יודענראַט האָט מען דאָרט צעשאָסן, אַזוי אַז מיט די דריי קינדערלעך וואָס איך האָב אָפּגעגעבן צו די האַנטווערקער בין איך עפּעס געווען זיכערער. ניט קוקנדיק און ניט צוהערנדיק זיך צו שלמהלען, וועלכער איז נאָך מיר די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען און געבעטן זיך: מאַמע! מיך מיט אשרקען לאָז אַרויף אויפן בוידעם און נעם צו דעם לייטער, באַהאַלט אים, וועט מען אונדז דערווייל ניט געפינען! אָבער איך האָב אויף אים אָנגעשריגן און דערקלערט אים, אַז מ׳וועט זיכער אויסזוכן אַלע בוידעמער און קעלערס. אַזוי האָב איך אַליין אונטערגעשריבן דעם טויט־אורטייל אויף מיינע דריי שעפּסעלעך, די אומשולדיקע קינדערלעך! איך האָב די דריי האַנטווער־קער־פאַמיליעס צוגעטיילט צו איין קינד און צוגעזאָגט זיי צו באַפרידיקן פאַר דעם.

מאָנטיק, דעם 11טן מאַי איז טאַקע געקומען פון לידע אַ טעלעפאָנישער באַפעל און די זשאַנדאַרמעריע האָט געהייסן דעם יודענראַט אַרויסצושיקן 130 קרעפטיקע יונגעלייט מיט רידלען צו גראָבן גריבער. מ׳האָט זיי אונטער אַ שטרענגער וואַך אַוועקגעפירט קיין סטאַנעוויטש, נעבן דער גרוב פון די 220 קדושים. דאָרט זיינען זיי געווען געצוווּנגען אויסצוגראָבן צוויי גרויסע טיפע גריבער.

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע קינדערלעך. איך מיט ברכהלען זיינען צוזאַמען מיט משהלען און מיט רחלען,[4] וועלכע האָט אויך איר אַנדערטהאַלבן־יאָריקן יינגעלע אויף דעם זעלבן אופן ווי איך אָפּגעגעבן צו אַ „זיכערן" האַנטווערקער, אַריינגעלאָפן דורך דער הינטער־טיר צו אַ שכן אין עפּעס אַ פינצטערן, אָפּגעצאַמטן צימערל. מיר זיינען אָפּגעזעסן אַן ערך 10 שעה, ביז חאַשקע [5] איז געקומען צולויפן אַנזאָגן, אַז דער בלוטיקער ספּעקטאַקל האָט זיך אָפּגעלייגט. מיר האָבן זיך זייער געפרייט, געקושט זיך און געפרעגט וואָס עס איז געשען. מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די גריבער זיינען טאַקע פאַרטיק, אָבער די געסטאַפּאָ־לייט זיינען נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן אין די איבעריקע שטעטלעך, וואָס געהערן צום לידער געביט. דערווייל איז געקומען דער געביטס־קאָמיסאַר אַליין, פאַר־רופן דעם יודענראַט אויפן מאַרק און דערקלערט זיי: מ'זאָל זיך ניט שרעקן, ווייל דאָ וועט קיינע „שווייַנעריי" ניט פאָרקומען. העכסטנס וועט מען צעשיסן די אַלטע און די קריפּלען, ביי 800 מאַן, און די „שפּערע" [6] פאַרלענגערט זיך אויף נאָך 2 טעג. איבער־מאָרגן וועט קומען די געסטאַפּאָ און ער אַליין וועט אויך קומען און וועט זען, אַז קיינעם זאָל קיין עוולה ניט געשען. דערווייל האָט ער דעם פּרעזעס קאַפּאַלד פאַרשוועקט אויפן אויער, אַז ביז מאָרגן זאָל ער שאַפן פאַר אים אַ 1000 רובל גאָלד. יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט, האָט פרייוויליק זיך אָנגעבאָטן צו געבן 10 אָדער 20 גאָלד־רובל. אַזוי איז אין אַ פּאָר שעה געגעבן געוואָרן דעם געביטס־קאָמיסאַר די געפאָדערטע סומע, מיט דער האָפענונג, אַז די גזירה איז אַדאַנק דעם בטל געוואָרן...

איך האָב זיך נאָך געוואָלט באַטראַכטן וואָס צו טאָן מיט די קינדער, אָבער האָבנדיק פאַר זיך נאָך 2 טעג, האָבן מיר דאָס איבערגעלאָזט אויף מאָרגן. היינט האָט מען זיך געמוזט אויסרוען נאָך פיר טעג און נעכט וואַך זיין. דער צעמאַטערטער קאָפּ האָט געמוזט האָבן רו. אינסטינקטיוו האָב איך עפּעס זיך זייער געשראָקן, דאָס האַרץ האָט עפּעס גע־קלעמט און פאַראויסגעזאָגט ניט גוט, ניט ווייסנדיק פאַרוואָס?

אין דער נאַכט פון 11טן אויפן 12טן מאַי 1942, זיינען מיר אָפּגעשלאָפן ביז אַזייגער 5 פאַרטאָג. דאַן האָב איך געהערט רוישן מאָטאָציקלען, וואָס האָט מיר אַפילו זייער דענערווירט, אָבער קיין באַזונדער באַדייטונג האָב איך צו דעם ניט צוגעגעבן. איך בין זיך גאַנץ רואיק געלעגן, ביז אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר די שכנים אָנגעקלאַפּט: — שפרה, וואָס שלאָפט איר? מ'טרייבט דאָך פון די הייזער אויפן מאַרק! די מערדער האָבן דאָך אונדז אָפּגענאַרט! בין איך אַראָפּגעלאָפן פון בעט, צוגעלאָפן צום פענצטער און מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן! אויפן אַנדער זייט מאַרק, ווו אונדזער געטאָ געפינט זיך איצט האָבן שוין געקניט אויף דער ערד ביי 1000 מענטשן מיט קליינע קינ־דערלעך. אַזוי האָבן די מערדער באַפוילן. דערווייל זיינען די זשאַנדאַרמען און פּאָליציי־לייט געלאָפן ווי די רוחות אין אַלע גאַסן פון שטוב צו שטוב און אַרויסגעטריבן אַלעמען צום מאַרק צו. איך האָב מער ניט ווי אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ קלייד, כמעט באָרוועס. די

[4] געמיינט משהל און רחלע סטאָצקי־געלער — רעד.

[5] געמיינט חאַשקע קאַפּאַלד, שפרהס שוועסטער — רעד.

[6] „שפּערע" — הויז־אַרעסט — רעד.

קינדערלעך זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן אַפילו אָן די העמדעלעך, אַרויפגעכאַפּט די הייזלעך און די בלוזקעלעך און אין גרויס שרעק געווענדעט זייערע אויגן צו דער מאַמען: — מאַמע, ווו זאָל איך גיין? שלמהלע באַזונדער, און אשרקע באַזונדער: — מאַמע, ווו זאָל איך גיין? איך האָב נאָר אַ קוק געטאָן אויפן קליינינקן, אומשולדיקן יעקבלען, ווי ער זיצט אין בעט מיט די גרויסע בלויע אויגן און ווייס ניט די שרעק פון טויט. איך האָב אַ זאָג געטאָן: מיין יעקבל, ווי מקנא איך בין דיך! מיין קינד! מיין קינד! און איך האָב זיך גלייך פאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. ברוכקע איז אַרויסגעלאָפן צו קאָפּאָלדן. שלמהלען און אשרקען האָב איך געהייסן נעמען יעקבלען און גיין צו די שכנים די האַנטווערקער, ווי מיר האָבן נעכטן געהאַט אָפּגערעדט. און אַפילו מיט מיינע טייערע, הייליקע קינדערלעך זיך ניט באַוויזן צו צעקושן. איך בין אַוועקגעלאָפן מיט מיין ברכהלען צוזאַמען מיט משהלען אין יענער באַהעלטעניש, ווו אין אַ קליינער קאַנור־רעצקע זיינען געזעסן 18 מענטשן. אָן לופט, אָן וואַסער און אָן עסן זיינען מיר אַזוי אָפּ־געזעסן דעם טאָג מיט דער נאַכט. און דערנאָך ווידער דעם טאָג ביז פאַרנאַכט.[7]

וואָס מיר האָבן דאָרט איבערגעלעבט, שטייענדיק צוזאַמענגעדריקט, קען איך אייך מיט ווערטער ניט איבערגעבן. וועגן מיינע קינדער בין איך געווען רואיק, וויסנדיק, אַז זיי זיינען אַזוי גוט באַזאָרגט, אַלס קינדער פון האַנטווערקער. אָבער וועגן ברוכקען האָט מיר דאָס האַרץ געשראָקן, ג׳ וויס? נו, איך מיט ברכהלען זיינען דאָך אין גרעסטן געפאַר, ווייל דער געביטס־קאָמיסאַר האָט דאָך מיט אַ טאָג פריער געזאָגט: — קיינער זאָל זיך ניט פאַרשטעקן, ווייל עס וועט זיין ערגער. זיי וועלן מאכן שטרענגע רעוויזיעס, און וועמען מען וועט געפינען פאַרשטעקט, וועט מען גלייך דערשיסן. ווער עס וועט יאָ זיך שטעלן אויפן פּלאַץ וועט בלייבן לעבן. מער ניט די אַלטע לייט און די קריפּלען וועט מען צעשיסן. ער האָט געגעבן זיין דייטשן ערן־וואָרט, אַז קיינעם וועט גאָרניט געשען! איך האָב ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, ווייל אָן אַ פאַך און אָן אַ מאַן (מיר האָבן דאָס גע־ווּוּסט פון דער „סאָרטיראָווקע״ אין נאָוואָרעדאָק א. אַנד. שטעטלעך), בין איך הונדערט פּראָצענט פאַרלוירן, האָב איך טאַקע גוט געטאָן, וואָס איך האָב זיך פאַרשטעקט. אָבער דעם שרעקלעכן טעות האָב איך געמאַכט, שיקנדיק מיינע דריי קינדערלעך אויף אַזאַ שרעקלעכן עקזאַמען! דאָס וועל איך זיך קיינמאָל ניט שענקען! אָן אייביקער טרויער וועט מיר אין האַרצן פאַרבלייבן!

זיצנדיק אין באַהעלטעניש האָבן מיר געהערט, ווי די זשאַנדאַרמען זיינען אַריין און אַרויסגעטריבן די איבעריקע איינוווינער פון הויז. דערנאָך האָבן מיר געהערט אַ שאָס און נאָך אַ שאָס. דאָס האָט מען דערשאָסן אין אַ צוויט הויז וועמען מ׳האָט געפונען: אַ קליין קינד אין אַ וויגעלע, וואָס מוטער און פאָטער האָבן איבערגעלאָזן אין גרעסטער פאַרצווייפלונג און אַליין זיך באַהאַלטן אין גרעסטער איילעניש אין אַ גרוב הינטערן שטוב. און דערנאָך האָט אַ קאַץ אַראָפּגעגריזשעט דאָס קעפּל און געלאָפן דערמיט איבערן גאַס... און נאָך פיל שאָסן האָבן מיר געהערט. אָבער וועגן מיינע קינדערלעך בין איך געווען רואיק. מער ניט 12 אַזייגער בייטאָג האָט מיר ווי מיט אַ מעסער עפּעס אַ שניט

[7] געמיינט 12־טן און 13־טן מאַי 1942 — רעד.

פתיחת הקברים ההמוניים בסטונביץ׳ ע״י הועדה הממלכתית הסובייטית לחשיפת פשעי הנאצים (אפריל, 1945).
**גוויות של בערך 2500 הקדושים, גברים, נשים, זקנים וטף. הי״ד.**



די עקסהומאַציע פון די מאַסן־קברים נעבן סטאָנעוויטש דורך דער סאָוויעטישער קאָמיסיע צו פאָרשן די נאַציִשע פאַרברעכנס (אַפּריל, 1945).
**מען זעט די סקעלעטן און ביינער פון בערך 2500 קדושים, מענער, פרויען, זקנים און קינדער. הי״ד.**

געטאָן איבערן האַרצן. ווי איך האָב זיך נאָכהער דערוווּסט האָט מען אין דער צייט דערמאָרדעט מיינע קינדערלעך! דערנאָך האָב איך זיך ווידער באַרואיקט. אַזוי בין איך געזעסן ווי אויף אַ שפּיציקע, האַרטע זאַך, פאַרשטיינערט, קיין איין וואָרט פון מויל ניט אַרויסגעלאָזן. מיר האָבן געהערט אין די 36 שעה וואָס מיר זיינען דאָרט געזעסן, ווי באַרוועסע גנבים, רויבער, זיינען געגאַנגען שטילערהייט אין הויז און גענומען, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. פּאָליציי־לייט האָבן זיי דורכגעלאָזט אַפילו ביינאַכט. עס זיינען דאָך אייגענע ברידער! און וואָס איז אייגנטלעך וויכטיק, אַלץ איינס זיינען דאָך אַלע צעשאָסן. מיר האָבן אויך געהערט ווי דייטשע וואַך איז אַריין ביינאַכט, אויסגעלאָשן די עלעקטרישע ליכט און איינער האָט געזאָגט, אַז ער פילט, אַז אין דעם הויז זיינען דאָ מענטשן. אָבער זיי האָבן ניט געזוכט און זיינען אַוועק.

אַזוי זיינען מיר געזעסן ביזן 13טן מאַי. אַזייגער 5 פאַרנאַכט איז געקומען קאָפּאָלד, האשקעס מאַן און האָט אַ רוף געטאָן אין דער הויך משהלען (סטאַצקי). דאַן בין איך אַזוי ווי איבערגעבראָכן געוואָרן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז שלעכט! בין איך ניט אַרויס אַפילו פרעגן. איך האָב שוין אַלץ געוווּסט. נאָך איינער, וואָס איז אַרויס ריידן מיט קאָפּאָלדן, האָט מיר געמאָלדן, אַז מיינע דריי קינדערלעך צוזאַמען מיט יענע פאַמיליעס האָט מען אַוועקגעשיקט צום טויט אין סטאָנעוויטש! די וועלף האָבן פאַרצוקט די שעפּ־סעלעך! איך רחל געלערס שייניקן יינגעלע האָט געטראָפן דער זעלבער שרעקלעכער גורל. איר וועט זיך געוויס אָנשטויסן, וואָס עס איז פאָרגעקומען, ווען מיר האָבן זיך דאָס דערוווּסט. עס איז שווער צו שילדערן עס מיט ווערטער. מ׳האָט אונדז אַריבערגעפירט אין געטאָ מיט אַ תירוץ, אַז מיר טראָגן איבער די דערלויבטע חפצים אין געטאָ, ווייל דאָ נעבן אונדזערע הייזער האָבן מיר זיך שוין ניט געטאָרט געפינען. איך בין געקומען אין הויז, האָט מיר חאַשקע געגעבן עפּעס טרינקען און איך בין געקומען אַ ביסל צו זיך. מיין שוועסטער חאַשקע און צביה, האנע מאַלאַכאָווסקיס פרוי, האָבן מיר דערציילט און פאַרגעשטעלט דעם פאַרלויף פון שוידערלעכן טויט־ספּעקטאַקל פון 12טן מאַי, 1942:

נעבן ראַשקעס [8] שטוב אויף בערנאַרדינער גאַס איז געשטאַנען אַ דייטש און יעדן דערקלערט, אַז מען זאָל גיין פאַמיליעסווייז, ווייזן די פּעסער און גיין ווהין מ׳וועט באַ־פעלן: — רעכטס, לינקס, אָדער גראַדע אויס! דאַן זיינען די פאַמיליעס צוגעקומען ביז שישקע בלאכס מויער, ווו די הויפּט־תלינים זיינען געשטאַנען. צוגעקומען אַ פאַמיליע, האָבן די אַ קוק געטאָן אין די אויגן דעם מאַן פון דער משפּחה, אָפּגעשאַצט עפּעס, אויב אַ גרויסע פאַמיליע מיט קליינע קינדער, אָדער פּיל פרויען, האָט מען געהייסן גיין גלייך צום קלויסטער, צום טויט! וועלכער מאַן עס איז זיי געפעלן געוואָרן, האָבן זיי געהייסן נעמען די פרוי מיט די קינדער און גיין רעכטס, אָדער לינקס, וואָס דאָס האָט געהייסן: צום לעבן! איבערהויפּט, אויב אין דער פאַמיליע זיינען געווען מער אַרבעטספעאיקע מענער, ד. ה. פאָטער, מוטער און דערוואַקסענע זין. אַזוי האָט ראַשינקע (גאסקינד), רפאלס שוועסטער, זיך איינגעקשנט, אַז זי וועט גיין צום עקזאַמען! מ׳האָט מיר דערציילט, אַז רישעלע, איר 19־יאָריקע בליענדיק־שיינע טאָכטער, די 17־יאָריקע מירע און דוד־שלמה,

[8] פרוי פון חיים־עוזר גאסקינד — רעד.

15 יאָר, האָבן זיך געבעטן במשך פון די גאַנצע 4 טעג „שפּערע״: — מאַמע, מיר ווילן זיך באַהאַלטן, פאַרשטעקן. ביי זיי איז געווען אַזוי פיל באַהעלטענישן. אָבער ראַשינקע האָט זיך איינגעשפּאַרט: — ניין, מען וועט אונדז לאָזן לעבן! און מען האָט זיי אַוועקגע־שיקט צום טויט. אויך חיים־עוזרס שוועסטער, דבורה, מיט אירע 2 קינדער, האָט מען אַוועקגעשיקט צו די גריבער, און אַזוי ווי אַ שנירל זיינען זיי געגאַנגען. במשך פון 3 שעה האָבן די מערדערס סאָרטירט 4000 מענטשן. דער מאַרק איז געוואָרן ליידיק און די גריבער פול... אויך שישקע בלאָך מיט שיינדל יעקב־משהס, וועלכע איז פאַר די סאָוויעטן געקומען צו גאַסט אַהיים מיט איר 20־יאָריקן זון, האָבן אין איוויע געפונען דעם טויט!

ווי נאָר מ׳האָט אַ געשריי געטאָן „געראַדע אוס!״ האָבן זיי געדאַרפט לויפן, כדי אויסמיידן די נאַהייקעס פון דער פאָליציי, וואָס זענען געשטאַנען לענגאויס ביידע זייטן פון בערנאַרדינער גאַס. דערוויל האָט מען די פּאַראורטיילטע צום טויט געטריבן ביזן קלויסטער און פון דאָרט ווייטער, נאָך דריי קילאָמעטער ביז די גריבער, נעבן סטאַנע־וויטשער וואַלד.

אָבער די ליטווינער האָבן ניט געקענט באַוויזן אויסצושיסן אַזוי פיל מיט אַמאָל. האָט מען אויך אַהין צוגעטריבן גרופּנווייז צו הונדערט מאַן. וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגע־טאָן איז שווער צו באַשרייבן. דאָס אַלץ האָט מיר פּערזענלעך דערציילט דער גלח, וועל־כער איז געשטאַנען אין קלויסטער־טיר און באַטראַכט די סצענע, ווי נעבן קלויסטער האָט מען צעזעצט איינעם אויפן צווייטנס פּיס, כדי מ׳זאָל זיך נישט קענען רירן, אַ מאַסע פון בערך 2 און אַ האַלב טויזנט מענטשן. אַלע פאַרצווייפלטע רייסן די האָר פון קאָפּ, רייסן די קליידער אויף זיך, ברעכן די הענט. ווער עס האָט געהאַט געלט, האָט געריסן און עס אַוועקגעוואָרפן. דערביייאיקע קריסטן האָבן נעבן קלויסטער זשעדנע עס געקליבן און באַהאַלטן ביי זיך. דער גלח אַליין האָט עס אַלץ געזען. ביי איינער אַ פרוי האָט אַ קינד אויף די הענט גענומען זיך רייסן און וויינען, האָבן די וואַך־זעלנער מיט אַ הענטל פון אַ האַנט־גראַנאַט דערלאַנגט איבערן קעפּל און דאָס קינד האָט זיך אַ טויטס אַראָפּגע־קייקלט פון דער מוטערס הענט. מען דערציילט, אַז משה פּיסעלעווסקי און אלתר זאַ־וואַדסקי (גירשאָוויטש) זיינען משוגע געוואָרן פון שרעק און די דריי קילאָמעטער ביז צו די גריבער זיינען זיי געגאַנגען מיט געזאַנג אַרומגענומענערהייט.

געקומען קיין סטאַנעוויטש ביז די גריבער, האָבן זיי זיך צו 20 מאַן געדאַרפט אויסטאָן מוטער־נאַקעט, אויפלייגן זייערע זאַכן אין אַ קליין פּעקעלע, צוזאַמענגעבונדן, און צוגיין צום גרוב ווו מען האָט זיי באַלד אויסגעשאָסן. און אַזוי האָבן אויך מיינע ייִנגעלעך זיך געמוזט אויסטאָן און אַריינגיין אין גרוב אויף די טויטע, צי האָט מען אַפילו ניט געשאָסן, דאָס ווייס איך גענוי! די אָרטיקע קריסטלעכע פּאָליציי־לייט האָבן דערציילט, אַז אַלע קינדער האָט מען לעבעדיקערהייט געוואָרפן אין די גריבער. אָ, ג׳, וואָס האָסטו מיט אונדז געמאַכט?! פאַרוואָס שווייגסטו די עמלקים? די קינדער זענען געלעגן אויף די טויטע און אויף זיי זיינען ווידער געפאַלן טויטע קערפּערס. אַזוי האָט זיך דערפילט די גרוב מיט טויטע און זיי דערשטיקט... מיין האַרץ איז דאָך שטאַרקער פון אייזן, אַז עס פּלאַצט ניט! אוי ווי איז מיר! נאָר איך וועל מער וועגן דעם ניט דערמאָנען, איך וויל נאָר ג׳ בעטן די צווי קינדער, ברוקען און ברכהלען אויסהיטן. ג׳ האָב רחמנות! ראַש־

קעלע און רישעלע, האָבן זיך ניט געוואָלט אויסטאָן נאַקעט האָט מען זיי פֿאַר די האָר געריסן און אַריינגעטריבן אין די גריבער. חיות רעות! נאָך יעדע 100 יידן האָבן די פּאָליציי און די ליטווישע מערדערס פֿאַרביסן מיט שנאַפּס און וואורשט ביי אַ דערנע־בנדיקן טישל...

די אויף רעכטס און לינקס געבליבענע צום לעבן האָט מען באַפוילן אָפּגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן ביי זיך: געלט, גאָלד, צירונג, זייגערס א.אַ.וו. דאַן האָט מען זיי ווידער אַוועקגעטריבן אויפן מאַרק און דער געביטס־קאָמיסאַר [9] האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע. ער האָט דערקלערט, אַז מ׳האָט זייערע ברידער דערשאָסן צוליב דעם, ווייל אין לידע האָבן די יידן געגנבעט געוועער פון „בויטן־לאַגער״. צוויטנס, ווייל זייערע גלויבנס־גענאָסן אין אַמעריקע און ענגלאַנד, די רייכע יידן, האָבן דעם קריג אָנגעצונדן. דריטנס, ווייל די דייטשן האָבן אונדז סתם פיינט! איז דערווייל, זאָגט ער, בלייבן מיר לעבן און אונדזער לעבן איז אָפּהענגיק פון דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע אומשטענדן. ער זאָגט אונדז ניט צו דאָס לעבן, נאָר פֿאַרלויפיק בלייבט איר לעבן! נאָר איר זאָלט זען זיך פֿאַרהאַלטן אָנשטענדיק, חלילה ניט עובר זיין אויף אונדזערע דייטשע געזעצן. ער האָט זיך אויך אין דער רעדע פֿאַררופן אויף דער מילדקייט, מיט וועלכער ער האָט אין איוויע ספּעציעל דורכגעפירט די „אַקציע״. דאָס איז אויך ריכטיק, ווייל פֿאַרטאָג ווי נאָר ער איז געקו־מען נאָך פֿאַרן טרייבן אויפן מאַרק, האָט ער געלאָזט רופן דעם פּרעזעס קאַפּאלד מיט נאָך מיטגלידער פון יודענראַט און האָט באַקומען די טויזנט רובל גאָלד, וואָס ער האָט נעכטן באַשטעלט.[10]

פון די איוויער איז קיינער פון דער שחיטה ניט אַנטלאָפן, מער ניט ווי דריי מיידלעך. נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָפּגעסאַרטירט צום טויט, זיינען זיי זיך צעלאָפן און זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ פּוסטער שטוב. פֿאַרנאַכט האָבן די בעסטיעס געשיקט 20 פורן, וועלכע האָבן אויפגעקליבן די טויטע אין גאַס און אויפן וועג ביז צו די גריבער, יענע, וואָס האָבן זיך נעבעך געוואָלט ראַטעווען און געמאַכט דעם לעצטן פּרווו, וועלכער האָט זיך זיי לײַדער ניט איינגעגעבן! די גאַס יענע איז געווען באַליגט מיט טויטע, פון וועלכע דאָס בלוט האָט זיך געגאָסן און דורכגעווייקט די שטיינער!

נאָך דעם ווי מ׳האָט פֿאַרשאָטן אונדזערע הייליקע מאַרטירער האָבן די פורן צוגע־נומען פון דאָרטן אַלעמענס בגדים, וואָס זיי האָבן אויסגעטאָן נעבן די גריבער און גע־בראַכט אין די פּוסטע האַלעס (קראָמען). אויך פון די ידישע הייזער האָט מען צוגענו־מען אַלץ, וואָס געהערט צו די דערשאָסענע פֿאַמיליעס. די זאַכן אין די האַלעס האָבן די דייטשישע בעסטיעס פֿאַרקויפט האַלב־אומזיסט צווישן דער היגער באַפעלקערונג, און די ווערטפולערע בגדים און מעבל אַוועקגעשיקט פֿאַר זייערע פרויען קיין דייטשלאַנד.

דאָס ביסל לעבנגעבליבענע (בערך 1200—1300) האָט מען אַריינגעפירט אין אַ געטאָ.

---

[9] אַ טעות. דאָס איז געווען דער שטאַבס־לייטער, ווינדיש — רעד.

[10] דאָס איז ניט ריכטיק. די דייטשן האָבן גענומען דעם זעלבן פּראָצענט־זאָך ווי אין די אַנדערע ישובים. פֿאַר דער גאָלד־מתנה האָט מען בלויז איבערגעלאָזט ביים לעבן די פֿאַמיליעס פון די יודענראַטלער — רעד.

פּאַמעלעך האָבן מיר זיך ביסלעכווייז באַרואיקט. אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעבט אַ צווי מאָנאַט נאָך דער שחיטה, אומגעפער אין מיטן יולי, האָט ווידער אַ בליץ געטאָן!

אָבער די שרעק פאַרן לעבן נעמט אַוועק דעם חשק צו לעבן. שטעלט זיך פאָר יעדן טאָג שטיין און קוקן אין דרויסן צי עס שטעלט זיך אָפּ אַ טאַקסי נעבן דער זשאַנדאַר־מעריע, אָדער עס פאָרט אָן פּאָליציי. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי פאָרן גאָר שפּעטער אַוועק אין די וועלדער אויף פּאַרטיזאַנער, אָבער דערווייל ווערט אין געטאָ אַ פּאַניק. ווער עס האָט נאָר אַ באַקאַנטן קריסט אַנטלויפט אויף ביינאַכט נעכטיקן ביי אים. די איבעריקע האָבן זיך שוין מיאש געווען פון לעבן און זיינען געוואָרן פאַטאַליסטן. אין אַזוינע נעכט שלאָפט קיינער שוין ניט, מען שטייט אויף דער וואַך. דאָס ביסל יידן אונדזערע טוליען זיך איינער צום אַנדערן ווי די שעפּסן און האַלטן זיך עצות, וואָס צו טאָן, און ביי דעם בלייבט עס. עס גייען אַריבער עטלעכע שטילע טעג, באַרואיקט מען זיך און מען האָפט שוין, אַז מען וועט איבערלעבן די מלחמה. דער געביט־קאָמיסאַר אין לידע פאַרזיכערט ווידער, אַז אונדז וועט שוין קיין זאַך ניט געשען. אָבער מיר האָבן שוין ניט קיין צוטרוי צו זיינע זיסע רייד. איך שרייב דעם בריוו צו אייך שוין אַ 10 טעג אָן איבעררייס. איך זאָל וועלן אויסשרייבן די שטימונג און די שרעק, וואָס עס ברענגט אונדז יעדער טאָג נאָך דער שחיטה וואָלט גאָר קיין פּאַפּיר ניט געקלעקט.

איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו שיקן אייך אונדזער לעצטן לעבנס־גרוס. איר זאָלט זיך נוקם זיין אין אונדזערע שונאים פאַר אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. נעמט נקמה פאַר אייערע שוועסטער, ברידער און עלטערן! איר זאָלט ניט פאַרגעסן! אַ טויט זיי אַלעמען, די דייטשע מערדער! איך וועל נאָך צושרייבן, אויב מיר וועלן מאָרגן לעבן. ערשט, אַז מיר גייען שלאָפן ווינטשן מיר זיך מיט די שכנים: הלוואַי איבער אַכט טאָג צו זען זיך! שוועסטער און ברידער אין דער גאַנצער וועלט, איר זאָלט זיך נוקם זיין פאַר אונדזער בלוט!

אין די לאַגערן אַרום מאָלאָדעטשנע, קראַסנע, ווילייקע, סטאַנציע אָשמיאַנקע האָט מען נעבעך אויפגעטריבן מענער פון אַלע געביטן. באַרוועסע און נאַקעטע האָט מען זיי אַרויסגענומען פון די בעטן. זייערע פרויען און קינדער האָט מען אין זייער קעגנוואַרט צעשאָסן, אָדער פאַרברענט און זיי, די מענער, האָט מען אַוועקגעשיקט אין די אַרבעטס־לאַגערן.

אַזוי, אַז אויף צו בלייבן לעבן האָבן מיר זייער קליינע שאַנסן. אויך האָבן מיר שוין אַלע רעזיגנירט פון לעבן. נאָר עס וואָלט זיך זייער ניט געוואָלט שטאַרבן מיט אַזאַ שענדלעכן, הינטישן טויט! אויך וואָלט זיך וועלן נקמה נעמען פערזענלעך, אַפילו פון די היגע פּוילישע מערדער, וועלכע זיינען שולדיק אין פאַלינקעס טויט און אויך אין טויט פון מיינע אומשולדיקע דריי יינגעלעך! נאָר פאַרפאַלן. זייט איר גליקלעך! היינט איז די שטימונג אין געטאָ זייער אַ געדריקטע. פון לידע האָט מען אָנגעזאָגט, אַז דאָרט זיינען זיי אויך צעשראָקענע, ווייל דער געביטס־קאָמיסאַר גיט שוין אַרויס נייע גזירות, ווי צ. ב., אַז אַלע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען פּריווילעגירט צו וווינען אויסערן געטאָ דאַרפן זיך אַריינקלייבן צוריק אין געטאָ. פאַר פאַרשפּעטיקן 2 מינוט צו דער אַרבעט — טויט־שטראָף! אַזוי האָט מען נעכטן אַ געוויסן האַלפּערן דערשאָסן פאַרן אַוועקגיין אין

מיטן דער אַרבעט אויף 5 מינוט. מען פאַרריכט אין לידע אַן אָפּגעבערענטע טורמע, ריידן די לידער קריסטן, אַז דאָס מאַכט מען צורעכט פאַר די געציילטע יידן, וואָס וועלן זיך אָפּשטעלן נאָך דער שחיטה, וואָס וועט געוויס פאָרקומען ביז ניי־יאָר, און אפשר די נאָענטסטע טעג.

23סטער דעצעמבער 1942.

שוין לאַנג ניט געשריבן. כסדר אויפטרייסלונגען, שרעק און לויפן זיך פאַרשטעקן. דערנאָך עטלעכע טעג ווידער רו. נעכטן, דעם 22סטן דעצעמבער (1942), 14 טעג אין חודש טבת, איז נאָך זעקס וואָכן קראַנק זייך, געשטאָרבן אונדזער גוטער ברודער, משהל (סטאָצקי), און זיך באַפרייט פון זיינע ליידן און שמערצן. ער איז געשטאָרבן ווי אַ צדיק אויף זיין אייגן בעט. מיר האָבן אים אויך באַוויינט. אָבער איין ג׳ וויסט, אויב עס וועט זיך אָפּשטעלן עמעצער צו באַוויינען אונדז!!!

ד״ר א. קאַפּלינסקי / יאָהאַנעסבורג

# די שחיטה אין איוויע

## 12טער מאַי, 1942 — אַ טאָג צווישן לעבן און טויט

**דעם שרייבער פון אַרטיקל, ד״ר א. קאַפּלינסקי האָט דער אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה געטראָפן אין דער קליינער שטעטעלע באַקשט, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס דאָקטאָר אויך פונעם נאָענטן יידישן דאָרף, באָריסאָווקע. די יידן פון די צוויי קליינע יידישע ישובים זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין איוויע און געטיילט דעם טראַגישן גורל פון אַלע יידן פון איוויער געטאָ. דער מחבר און זיין פרוי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין די וועלדער און לעבן איצט אין דרום־אַפריקע.**

**מיר גיבן זיין שילדערונג פון דער גרויסער שחיטה מיט פאַרקירצונגען און אייניקע ריכטיקשטעלונגען לגבי אַ פּאָר פאַקטן, ציפערן און דאַטעס.**

איבערגעדרוקט פון דער „אַפריקאַנער יידישע צייטונג״ (28.5.48)

**רעדאַקטאָר.**

ערב פסח, דעם ערשטן אַפּריל 1942, 7 אַ זייגער אין דער פרי, איז געקומען אַ שטאַפּעט פון דער קאָמענדאַנטור און באַפוילן, אַז ביז 10 אַ זייגער דאַרפן אַלע פאַרלאָזן באַקשט. לויט אַ באַפעל וועלן מיר אַריבערגעפירט אין איוויער געטאָ — דרייסיק קילאָמעטער פון באַקשט. יעדער האָט רעכט מיטצונעמען נאָר די באַוועגלעכע זאַכן.

פונקט 10 אַ זייגער פרי, האָט זיך אָנגעהויבן די טרויער־פּראָצעסיע... די וועגענער מיט אַלטע לייט און קינדער זיינען געפאָרן פאָרויס, אַלע אַנדערע זיינען געגאַנגען צו פוס. פאַר אונדז זיינען געפאָרן די דייטשן און פון ביידע זייטן און הינטער אונדז די פּוילישע פּאָליציי. אויפן האַרצן איז געווען טרויעריק. איך בין געווען זיכער, אַז מיר וועלן זיך שוין מער ניט זען... דאָס האַרץ האָט געדריקט און אין מוח האָט געעקבערט אַ געדאַנק: פון וואַנען נעמט זיך פּלוצלינג אַזאַ ווילדע שנאה צו אונדז? פאַרוואָס זיינען מיר פּלוצלינג אַזוי טיף געפאַלן? ניט לאַנג זיינען מיר געווען מענטשן פולבאַרעכטיקטע און שטאָלצע און איצט אַ קאָמפּאַניע אָפּגעריסענע, הונגעריקע שלעפּער, אויסגעשטעלט צו שאַנד און שפּאָט, פאַרפּייניקטע מיט געלע שאַנד־צייכנס...

מיר זיינען אָנגעקומען קיין איוויע שפּעט פאַר נאַכט און צעטיילט געוואָרן דורכן יודענראַט אין די אַזוי אויך שוין ענגע הייזער. ביי אונדז אין הויז האָבן שוין פון פריער געלעבט פיר פאַמיליעס. מיר האָבן צוזאַמען געפּראַוועט דעם ערשטן סדר פון באַפרייונגס־יום־טוב פסח... אָנשטאָט וויין האָבן מיר געטרינקען די אייגענע טרערן... דער פריילעכער יום־טוב איז אַריבער אין טויט־שרעק פאַר דער צוקונפט...

איוויע, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געציילט אַרום 3 טויזנט יידן, האָט שוין איצט געציילט העכער פינף טויזנט (מיט די אַריינגעטריבענע פון פריער יידן פון ליפּנישאָק, טראָב און אַנדערע ישובים). די איוויער יידן האָבן נאָך אַלץ באַווײנט די 224 קרבנות, בעיקר אינטעליגענץ און יוגנטלעכע, וועמען די דייטשן האָבן צוגענומען עטלעכע וואָכן נאָך זייער אַריינמאַרש. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז מען האָט זיי דערשאָסן און אַריינגע־וואָרפן אין אַ גרוב נעבן סטאָנעוויטשער וועלדל, אָבער דאָך האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן אין דעם, און ביי אַ טייל פון די פּאַריתומטע משפּחות האָט נאָך געטליעט אַ האָפענונג, אַז זיי לעבן ערגעץ ווו אין אַן אַרבעטס־לאַגער...

דער איוויער יודענראַט האָט כסדר געמוזט קליבן געלט, מאַנופאַקטור און לעדער, כדי נאָכצוקומען די אומאויפהערלעכע פאָדערונגען פון די דייטשע מערדער. מען האָט איינגעשטעלט מוסטערהאַפטע אַרבעטס־וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן און דער ציווילער באַפעלקערונג. בראש פון די וואַרשטאַטן איז געשטאַנען בערנאַרד מלינאַרסקי. מען האָט נאַאיוו געגלייבט אין די דייטשע הבטחות, אַז מיט פלייסיקער אַרבעט וועט מען זיך אויסקויפן דאָס לעבן.

די עטלעכע דאָקטוירים האָבן געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע צו פאַרהיטן די יידן פון עפּידעמישע קראַנקייטן. אַזעלכע פלעגן ווערן באַלד ריקזיכטלאָז דערשאָסן. דעריבער פלעגן די דאָקטוירים, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, פאַרבאַהאַלטן דעם דיאַגנאָז פון די טיפוס־קראַנקע פאַר דער דייטשער מאַכט. צוליב דער שרעקלעכער ענגשאַפט און שוואַכער דערנערונג זיינען די היגיענישע באַדינגונגען געווען קאַטאַסטראָפאַלע. עס האָבן געבושעוועט עפּידעמיעס פון הויט־קראַנקייטן, עקזעמעס און קרעץ. דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל האָט אַלץ געטאָן כדי צו פאַרהיטן דאָס געטאָ פון אונטערגאַנג.

קוים זעקס וואָכן זיינען אַריבער פון אונדזער אָנקומען אין איוויער געטאָ. דעם 8טן מאַי 1942 האָבן זיך באַוויזן מחנות פּאָליציי אויפן מאַרק, זיי האָבן געמאַכט איבונגען מיט געווער. עס איז געוואָרן פאַרדעכטיקט: וואָס טוט דאָ פּלוצלינג אַזאַ גרויסע צעיושעטע באַנדע פּאָליציי? פאַרשידענע ווערסיעס זיינען דעם אָוונט אומגעגאַנגען. מען האָט גע־זאָגט, אַז מען שיקט זיי צום פראָנט, אַנדערע האָבן דערציילט, אַז דאָס גרייטן זיי זיך פאָרן אין די וועלדער אויף אָבלאַוועס נאָך די ערשטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך אָנגע־הויבן צו באַווייזן. מיט אַ שווער געמיט איז מען געגאַנגען שלאָפן. דער שלאָף האָט אָבער קיינעם ניט גענומען, מען איז געווען וואַך אין געטאָ אַ גאַנצע נאַכט.

זייער פרי האָבן די ערשטע זון־שטראַלן אָנגעהויבן שיינען אין זייער פולער פּראַכט איבער דעם געטאָ. קוים 5 אַ זייגער פרי, ווען אונדזערס אַ שכנה איז אַרויס נאָך וואַסער צום ברונעם האָט זי געטראָפן עפּענענדיק די טיר אַ שוואַרצן טייוול, אַ פּוילישן פּאָלי־ציאַנט מיט דער ביקס געווענדעט צו איר ברוסט און באַפוילן מיט אַ מערדעריש קול אַריינגיין צוריק אין הויז. די פרוי האָט אונדז האַלב־שלעפעריקע אויפגעוועקט. צוגייענדיק צום פענצטער האָבן מיר באַמערקט, אַז אַלע גאַסן און געסלעך זיינען שטרענג באַוואַכט פון הונדערטער פּאָליציאַנטן, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס. וועגן אַרויסגיין נאָך וואַסער אָדער עסן, איז שוין קיין רייד ניט געווען. שטייענדיק ביים פענצטער איז מיר פּלוצלינג דורכגעפלויגן אַ קויל נעבן פּנים און אין אַ סעקונדע אַרום האָט זיך דערהערט אַ שרעק־

לעכער קנאַל מיט אַ האַרצרייסנדיק פרויען־געוויין, וואָס האָט אויפגעציטערט די שטיל־קייט פון פּרעכטיקן מאַי־פרימאָרגן אַרום. גלייך האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז אַ שכנטע[1] פון צווייטן הויז מיט צעשויבערטע האָר און מיט אַ ווילד אוממענטשלעך געוויין: „דאָק־טאָר, ראַטעוועט מיין קינד!״. אָבער, אַן אַכזריותדיקער קוק פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט מיט דער ביקס געווענדעט צו מיר, האָט פאַרשטעלט דעם וועג. איך האָב אָנגעטאָן מיין באַנד מיטן רויטן קרייץ און אַרויסגעלאָפן מיט דער פרוי, וועלכע האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אויפן צווייטן הויף, הארט לעבן פאַרקאַן, האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ שרעקלעך בילד. אַ יונג, בילד־שיין מיידל פון 16 יאָר איז געלעגן אין אַ טייך בלוט שוין אָן סימנים פון לעבן. די מוטער האָט מיר אין אַ האַרצרייסנדיק געוויין דערציילט, אַז איר טאָכטער, ניט ווייסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר, איז אַרויס דערלידיקן אַ פיזיאָלאָגיש געברויך און געפאַלן נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט. די קויל האָט זי געטראָפן גלייך אין קאָפּ. אירע שיינע גאָלדענע געקרייזלטע האָר זיינען געווען באַשפּריצט מיט בלוט און שטיקלעך פון איר מוח.

אַ טרויעריקער בין איך דורכגעלאָפן צוריק די גאַס און פאַרשטאַנען, אַז אונדזערע שעהען זיינען שוין געציילטע. נאָך מיטאָג האָט מען געגעבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פאַר עטלעכע מיטגלידער פון יודענראַט און די דאָקטוירים אַרויסצוגיין אין דרינגענדיקע פאַלן. מיר האָבן געפילט, אַז ס׳הענגט אין דער לופטן אַ שרעקלעך אומגליק. אָבער ביזן לעצטן מאָמענט האָט מען ניט געוואָלט גלייבן. דעם זעלבן טאָג, אין אָונט, האָט אַ ידיעה פון אַ פויער, וואָס איז געקומען פון וועג, עלעקטריזירט דאָס גאַנצע געטאָ. ער האָט דער־ציילט, אַז אַלע יידישע געטאָס פון גאַנצן לידער קרייז זיינען באַוואַכט מיט טויזנטער פּאָליציאַנטן און ס.ס.־לייט.

אויפן דריטן טאָג, דעם 11טן מאַי, האָט דער שטאַבס־לייטער, ווינדיש, אַרויסגערופן דעם יודענראַט און אָנגעזאָגט אַ פריילעכע בשורה, אַז פון איוויער געטאָ ווערט אַראָפּ־גענומען דער גזר־דין, ווייל זיי אַרבעטן גוט, און געהייסן ברענגען 150 רובל אין גאָלד. די יודענראַטלער האָבן נאַאיוו געגלייבט, אים געדאַנקט און צוגעזאָגט ביז מאָרגן פרי צו שאַפן דאָס געלט. אין געטאָ איז ווי אַ בליץ אַריבער די ידיעה. מען האָט זיך אָנגעהויבן ווינטשן מזל־טוב דורך די פענצטער. מען האָט געפּרוווט אַרויסגיין פון די הייזער, אָבער די זעלבע מערדער זיינען געשטאַנען אויף זייערע ערטער. מען האָט בלויז דערלויבט אַרויסגיין צום ברונעם נאָך וואַסער אַ שעה צייט. עס איז געווען מאָדנע אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מען האָט ניט אַראָפּגענומען די מערדערישע וואַך פון די יידישע הייזער. דאָס ערשטע מאָל, זינט פיר נעכט, האָבן מיר זיך אויסגעטאָן און איינגעשלאָפן מיט אַ האַרטן, קאָש־מאַרפולן שלאָף.

דעם 12טן מאַי, 5 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן שוין אונדז די שיך מיט די אייזערנע טשוועקעס פון דער זשאַנדאַרמעריע אויפגעוועקט. באַלד האָבן זיך באַוויזן מחנות פּאָלי־

[1] האַשע־טויבע, די פרוי פון מלך בלאָך, וועלכער איז אומגעקומען אין דער שחיטה פון דער אינטעליגענץ. די דערשאָסענע איז געווען זייער עלטסטע טאָכטער. די מאַמע אַליין מיט די אַנדערע טעכטער זיינער דערשאָסן געוואָרן אין 3 טעג נאָך דעם...

ר ע ד.

ציאַנטן מיט נאַהייקעס אין די הייזער. באַפוילן גלייך לויפן צום מאַרק, ניט דערלויבנדיק אַפילו אָנטאָן די מלבושים. מענטשן זיינען געלאָפן אַפילו אין די אונטערוועש, געיאָגט מיט נאַהייקעס. מאַמעס מיט זייגקינדער אויף די הענט, אַלטע לייט און פרויען אונטער אַ האָגל פון קלעפּ זיינען געלאָפן צום מאַרק.

אָנקומענדיק אַהין מיט מיין פרוי האָב איך שוין געטראָפן טויזנטער יידן זיצנדיק אויף די קני פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט מאַשין־געווער. בלויז פאַרן אויפהייבן זיך פון אָרט זיינען שוין עטלעכע דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

עס איז געווען אַ שיינער מאַי־טאָג די פרישע גרינקייט פון די נאָענטע אַרומיקע פעלדער, דער אַראָמאַט פון די ערשטע בעז־בלומען האָט באַצויבערט די לופט. אַלץ האָט זיך געוועקט צו אַ ניי לעבן. די פייגעלעך האָבן געזונגען. און מיר... קרוב פינף טויזנט יידן זיינען געשטאַנען אויף די קני אויפן גרויסן מאַרק, ווי ווילדע חיות, אַרומגערינגלט פון הונדערטער ס.ס.־מענער, פוילישע און ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן, וועלכע זיינען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. ביקסן, מאַשין־געווער פון כלערליי טיפּן געווענדעט צו אונדז — צעבראָכענע, אָפּגעריסענע, הונגעריקע מענטשן, פרויען, קינדער און אַלטע לייט. הילפלאָז, ווי פאַרמשפטע צום טויט, געוואַרט אויף דער עקזעקוציע. אַ שטיל האַרץ־רייסנדיק געוויין פון מוטערס, יידישע האַרציקע מאַמעס, וועלכע האָבן געהאַלטן אויף זייערע הענט און געטוליעט צו זיך שלאָפנדיקע משהלעך, שלמהלעך, אסתרקעס אין שרהלעך. שטילע תפילות פון פרומע יידן מיט טליתים אונטער די הענט, האָבן איבער־געריסן די טויטע שטילקייט. עס איז געווען אַ בילד וואָס איז גרענעצלאָז אין זיין טראַגיק.

פלוצלינג האָט אונדז פאַרטויבט דאָס גערויש פון אָנגעקומענע דריי גרויסע לאַסט־אויטאָס פאַרדעקטע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז. באַלד האָט זיך דער־הערט אַ ווילד שיכור געלעכטער פון פינצטערע פאַרשוינען, וועלכע זיינען געזסן אין די אויטאָס. הויכע אויסגעשרייען אין דער ליטווישער שפּראַך. אין יעדן אויטאָ האָבן מיר געזען דייטלעך 30 באַוואָפנטע ליטווישע מערדער מיט מאַשין־געווער, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט געשעפּט בראָנפן פון עטלעכע גרויסע פעסער. זיי האָבן געוויזן מיט זייערע הענט איבער די העלדזער, אַז אונדזער לעבן וועט באַלד אויסגעלאָשן ווערן. מיר האָבן אין זיי אינסטינקטיוו דערקענט, אַז דאָס זיינען אונדזערע תלינים. ווי אַ שוואַרצער מלאך־המות האָבן זיי אויסגעצויגן זייערע פינצטערע פליגל איבער דער הייליקער עדה יידן. מיר האָבן געפילט, אַז אונדזערע מינוטן זיינען געציילטע. באַלד האָט זיך באַוויזן אויף אַ מאָטאָציקל, אַ הויכער, גראָבער ס.ס.־מאַן מיט מערדערישע בלוט־פאַרלאָפענע אויגן. ער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן זאָלן גיין נאָך אים. אונדזערע פיס זיינען איינגעשרומפּן געוואָרן פון די עטלעכע שעה שטיין אויף די קני. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער וועג — דער טרויעריקער וועג פון מענטשן, וואָס גייען צום טויט מיט די לעצטע כוחות.

אַ שטילע, טרויעריקע פּראָצעסיע, אָן געוויינען, האַלב באַוווסטלאָז, האָט זיך גערוקט פאָרויס — די הייליקע עדה יידן — געגאַנגען על קידוש השם. שטילע תפילות האָבן זיך איבערגעריסן צוליב די אָפטע קנאַלן פון די מערדער איבער שוואַכע עלטערע מענטשן אָדער קינדער, וועלכע האָבן ניט געקענט נאָכגיין. עס ליגן שוין הרוגים פון אַלע זייטן,

עס גיסט זיך שוין בלוט פון די הייליקע קרבנות. יונגע העלדישע בחורים לויפן שוין פון די רייען, ראַנגלען זיך מיט די מערדער און פאַלן ווי די סנאָפּעס פון דעם קוילן־האָגל פון דער שוואַרצער פּאָליציי. דאָ ראַנגלט זיך אַ העלדישער בחור, אהרן טאַבאַטשניק, אַן אָפּ־טייקערס אַ זון פון לעכעוויטש מיט אַ פּוילישן מערדער, אַ פּאָליציאַנט. ער האָט אים איינגעביסן דעם גאָרגל, אָבער דער מערדער האָט אים אַוועקגעלייגט מיט אַ שאָס אין האַרצן.

מען טרעט שוין ניט ווי מענטשן, נאָר ווי שאָטנס פון מענטשן. די פיס גייען אויטאָ־מאַטיש. דער קאָפּ קלערט שוין ניט. דאָס האַרץ פילט שוין ניט. נאָר פלוצלינג, ביי אַ קרייצונג פון צוויי גאַסן, שטייט אַ באַנדע מערדער, ס.ס.־אָפיצירן, דער פּוילישער ביר־גערמייסטער, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט [2]. מען פאָדערט שטרענג ביי די פאַרבייגייענדיקע, דערשראָקענע און פאַרפייניקטע יידן די דאָקומענטן. הונדערט באַפעלט מען גיין גלייך באַרג־אַראָפּ צו די צוגעגרייטע גריבער אין דערבייאיקן וועלדל, איינציקע נאָר הייסט מען אַריינגיין אין דערבייאיקן גאָסל. האַלב אומבאַוווסטזיניק רייסן זיך אַלע אין דעם גאַסל, אָבער אַ קנאַל פון הייס געווער, אַ שמיץ פון אַ נאַהייקע רעגולירט די טרויער־פּראָצעסיע, וואָס ציט זיך ווייטער. עס קומט מיין ריי. איך גיי און פיל שוין ניט צי איך בין דאָס טאַקע. מיין פרוי נעבן מיר ציטערט און וויינט מיט הייסע טרערן: „גאָט, ראַטעווע אונדז!", „טייערע מאַמע, ראַטעווע אונדזער יונג לעבן!"

איך טראָג מיין רויטן קריין אויף דעם לינקן אָרעם, איך וויַיז אָן אויטאָמאַטיש, אַז איך בין אַ דאָקטאָר, אָבער אַ שמיץ פון דער נאַהייקע איבער אונדזערע קעפּ מיט אַ קנאַל אין דער לופט האָט איבערגעריסן מיין פרויס ציטער. אַ ריטשקעלע וואַרעם בלוט רינט מיר שוין איבערן פּנים און מיר גייען צום טויט... אָבער אַן אומגלויבלעכער אויגנבליק, מיר זיינען שוין פּופציק מעטער פון דער בלוטיקער באַנדע מערדער. אַ הילכיקער טעמ־פּער געשריי אין דער לופט: „אַרצט צוריק!", האָט אונדז באַפוילן גיין צוריק. עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער לעצטער מינוט איז אָנגעקומען אַ שטאַפעט און אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל פאַרלויפיק לאָזן לעבן די עטלעכע יידישע דאָקטוירים. באַלד האָט מען אונדז צוגעפירט אין אַ געסל, ווו עטלעכע הונדערט יידן פון דער גאַנצער פינף טויזנטיקער עדה, זיינען ווידער געשטאַנען אויף די קני. אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן האָט געשניטן די לופט ווי מיט מעסערס. דאָס האָבן שוין די מערדער אומגעבראַכט אונדזערע נאָענטע און טייערע, מיט וועמען מיר זיינען נאָר־וואָס געשטאַנען צוזאַמען אין די רייען... פאַרשטיקטע געוויינען פון יוגנטלעכע, וועלכע מען האָט אָפּגעריסן פון זייערע עלטערן. עלטערן פון וועמען מען האָט אַרויסגעריסן זייערע קינדער. אַ קליינע פאַמיליע פון אַ מאַן, אַ פרוי און קינדערלעך וויינען נאָך דער אַלטער מוטער, וועלכע מען האָט נאָר וואָס אָפּגעריסן פון זיי.

מיר זיינען ווידער געזעסן און געוואַרט אויף אונדזער געהיימנישפולן גורל. באַלד

[2] ביים סאָרטירן צום לעבן און טויט זיינען געשטאַנען: דער שטאַבס־לייטער פון לידער געביטס־קאָמיסאַריאַט, ווינדיש, דער „מייסטער" פון דער איוויער זשאַנדאַרמעריע, באַיער, דער שעף פון לידער ס.ד., ווערנער און דער איוויער בירגערמייסטער, דער פּאָליאַק, ביאַלקאָווסקי.

ר ע ד.

האָט זיך באַוויזן דער רויטער תליז, אַ דייטשער ס.ס.־אָפיציר און געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלן אָפּגעבן דאָס געלט און ווערטזאַכן, וואָס מען האָט ביי זיך. פאַר געפינען נאָך דעם באַפעל, ווערט מען גלייך דערשאָסן. ער האָט אויסגעשריען: „איר בלייבט לעבן!". אַ שטראָם הייס בלוט האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין פּנים. אַן אומגלויבלעכער געדאַנק איז דורכגעפלויגן. דער לעבנס־אינסטינקט איז אַזוי שטאַרק ביי אַ פאַרמשפּטן צום טויט. אַ יונגער ס.ס.־מאַן מיט אַ מערדעריש פּנים און ווייסע הענטשקעס האָט זיך באַוויזן און געהאַלטן אַ רעדע: „אייערע ברידער ווערן איצט באַשטראָפט פאַר אַ שווער פאַרברעכן קעגן דער דייטשער מאַכט. די שטראָף איז געווען פאַר אַרויסנעמען געווער פון די מיליטערישע סקלאַדעס אין לידע. מיר, „דאָס נאָבעלע דייטשע פאָלק" זיינען געצוואונגען צו פירן קריג יעדע 25 יאָר צוליב אייך, פאַרשאָלטענע יידן. פאַרלייפיק בלייבט איר לעבן, אָבער זייט וויסן, אַז אייער לעבן איז אָפּהענגיק פון דעם נצחון אויף אונדזערע פראָנטן. קיין איינער פון אייך וועט ניט בלייבן לעבן, אויב אונדזער העלדישע אַרמיי וועט זיך דאַרפן צוריקציען כאָטש אויף איין טריט"...

פאַרחושכטע, פאַרשמאַכטע, פינצטערע שאָטנס פון מענטשן, האָבן מיר זיך, אונטער אַ שטרענגער שמירה, אומגעקערט אין עטלעכע קליינע געסלעך: אַן עדה פון קוים 1200 יידן פון די פינף טויזנט... צוויי קילאָמעטער פון איוויע, אינעם נאָענטן וועלדל, האָבן די הייליקע און טייערע קרבנות אויסגעהויכט זייערע נשמות. גייענדיק צוריק אין געטאָ האָט אונדז געטראָפן שוין אַ לאַנגער קאַראַוואַן פון 40 פויערישע פורן מיט פאַרבלוטיקטע זאַכן פון אונדזערע הייליקע, אומשולדיקע קרבנות, וועמענס בלוט עס שרייט פון דער ערד: נקמה פון די מערדער פאַר אונדזער יונג פאַרשניטן לעבן. אַן אייביקע קללה אויף דעם בלוטדורשטיקן דייטשן פאָלק מיט זיינע אַרויסהעלפער פון די אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבן אונדז מיט אונדזערע קינדער אומגעבראַכט אומשולדיק אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן!

אין אויגוסט 1944 [3], אין אַ שטילן זומער פאַרנאַכט בין איך געשטאַנען אַלס אַ רעגי־רונגס־דאָקטאָר, דעלעגירט צו אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון מאָסקווע, אַ געשיקטע אויס־צופאָרשן די „דייטשע קריגס־פאַרברעכנס". אַ באַנדע אָפּגעריסענע דייטשע געפאַנגענע מיט פינצטערע פּנימער האָבן אויפגעגראָבן דעם גרויסן הייליקן קבר פון דער עדה קדושים. שטיל זיינען מיר געשטאַנען, אַרום 30—40 איינציקע נפשות, אויסגעוואָגלטע אין די וועלדער, אין גריבער און פעלדער, ניסים־יידן, געבליבענע פון דער גאַנצער עדה פון די פינף טויזנט יידן פון איוויער געטאָ. אַ האַרצרייסנדיק געוויין פון קינדער, וועלכע האָבן דערקענט אין גרוב זייער באָבען נאָך די זאַכן, האָבן איבערגעריסן די טראַגישע שטילקייט אין פאַרנאַכטיקן חלל. הייסע טרערן זיינען געגרונען פון אונדזערע אויגן. אַ פייערדיקע זון אין פלאַמען, רויט פון חרפּה, איז פאַרגאַנגען אויפן האָריזאָנט. פייגעלעך זיינען אומבאַוועגלעך געשטאַנען אויף די געדיכטע אַרומיקעביימער. סנאָפּעס געלע, אָפּגעשניטענע תבואה אויף אַ נאָענט פויעריש פעלד. אַ שטילע תפילה האָט זיך געטראָגן ווי אונדזער קדיש ביי דעם אָפענעם קבר אין דער שטילקייט פונעם זומערדיקן פאַרנאַכט אַרום...

[3] לויט אַ צווייטער ווערסיע איז עס געווען אַפּריל 1945. רעד.

אלימלך (מישע) מלמד / תל־אביב

# מיר האָבן פאַרשאָטן די גריבער פון די קדושים

אין די נאָכמיטאָג־שעהן פון דעם 12טן מאַי 1942 יאָר, נאָך דער שרעקלעכער שחיטה, האָט מען אונדז, די לעבנגעבליבענע 1200 מאַן, מענער און פרויען, אַוועקגעפירט אויפן מאַרק־פּלאַץ נעבן די קראָמען, און דאָרט האָט ווינדיש, דער שטאַבס־לייטער פון לידער געביטס־קאָמיסאַריאַט, געהאַלטן זיין באַוווסטע רעדע: „פּאָרלויפּיק בלייבט איר לעבן — האָט ער געזאָגט — אייער ווייטערדיקער גורל, איז אָפּהענגיק פון די דערפּאָלגן פון דער דייטשער אַרמיי אויפן פראָנט. איר האָט געוואָלט דעם קריג, האָט איר אים!”.

נאָך דער רעדע האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין די געטאָ־געסלעך. פאַרן געטאָ האָבן די דייטשן באַשטימט די ריי (ריאַד) הייזער, וואָס געפינט זיך הינטער די מאַרק־קראָמען ביזן אָנהויב פון נאָוואָרעדקער גאַס. דאָס ביסל לעבנגעבליבענע ייִדן זיינען אַריין אין די געציילטע, ווייניקע הייזער און געזוכט אַ פּלאַץ פאַר זיך און פאַר די משפחות. דער מוח האָט נאָך נישט תופס געווען דעם גרויזאַמען אַקט פון באַרבאַרישן מאַסן־מאָרד: מענטשן זיינען אַרומגעגאַנגען ווי געפּלעפּטע, האַלב־משוגענע. די דייטשן האָבן דערלויבט אַריבערצופירן די דערשאָסענע, אַלטע און קראַנקע פון די הייזער אויפן בית־עלמין.

באַלד נאָכן אַריינגייך אין די הייזער, זיינען אַריינגעלאָפן אין געטאָ פּוילישע פּאָליציאַנטן און האָבן געכאַפּט יונגע מענער. אין געטאָ איז געוואָרן אַ פּאַניק: מיך מיט מיין ברודער, פימע ז״ל און נאָך 50 יוגנטלעכע האָט מען געכאַפּט און קאָנצענטרירט נעבן דער געבײַדע פון דער פּוילישער פּאָליציי. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט פאַר אונדז געהאַלטן אַ רעדע: „האָט נישט מורא, עס וועט אייך גאָרניט געשען. איר גייט בלויז פאַרשיטן די גריבער”. מען האָט אונדז געגעבן רידלען און אונטער אַ וואַך פון 10—15 פּאָליציאַנטן זיינען מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג פון סטאָניעוויטשער וועלדל. דער וועג פון קלויסטער ביז די גריבער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד: צעריסענע געלט־באַנקנאָטן, פאַרשידענע מלבושים, און קאַליוזשעס מיט פאַרטרוקנט בלוט. מיר זיינען געגאַנגען ווי פאַרהיפּנאָטיזירטע, ניט גלויבנדיק אונדזערע אייגענע אויגן.

בערך 50 מעטער פון סטאַניעוויטשער וואַלד און 150 מעטער פונעם וועג קיין סטאַניעוויטש, האָבן מיר דערזען צוויי פּאַראַלעלע גריבער, 30 מעטער די לענג, 4—5 מעטער די ברייט און בערך 2—3 מעטער די טיף. די גריבער זיינען געווען פול מיט נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע קערפּערס פון פרויען, מענער, קינדער און זקנים. נעבן די גריבער

**זיינען געווען קופּעס מיט מלבושים, וועש און שיך. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען האָט די קרבנות געצווונגען זיך אויסצוטאָן פאַרן טויט.** דאָס בילד פון די גריבער וועט קיינמאָל ניט פאַרשווינדן פון מיינע אויגן. **די אומשולדיקע קרבנות פון די נאַצישע בעסטיעס זיינען געלעגן אין פאַרשידענע פּאָזעס: איינע אויף די אַנדערע, אין און נעבן די גריבער.** אַ טייל פון די קרבנות האָט נאָך געזשיפּעט...

**בערך 50—60 פּוילישע פּאָליציאַנטן און דייטשע זשאַנדאַרמען זיינען אַרומגעגאַנגען ווי ווילדע חיות אַרום די גריבער,** און געשאָסן אין די, וואָס האָבן נאָך געוויזן סימנים

גויות ושלדי הקדושים בבורות־המות ע״י סטונביץ׳ אחרי חשיפתם ע״י הועדה הממלכתית הסובייטית לחקירת פשעי הנאַצים (אפריל, 1945). הי״ד.



די סקעלעטן פון די קדושים אין די מאַסן־קברים בעת דער עקסהומאַציע דורך דער סאָוויעטישער קאָמיסיע צו פאָרשן די נאַצישע פאַרברעכנס (אַפּריל, 1945). הי״ד.

פון לעבן. 15—20 מעטער פון די גריבער האָט אַ גרופּע ליטווישע זעלנער אין גרינע מונדירן, פונאַנדערגענומען אַ פּאָזיציע פון אַ פּולעמיאָט, פון וועלכן מען האָט פריער געשאָסן אויף די קרבנות...

לויט אַ באַפעל האָבן מיר אַריינגעלייגט אין די גריבער די קערפּערס, וועלכע זיינען געלעגן אַרום זיי. אַ גרופּע יידן איז אַריין אין די גריבער און גענומען אויסגלייכן די קערפּערס. באַלד איז אָנגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט עטלעכע פעסלעך מיט כלאָר. דער שטאַבס־לייטער, ווינדיש, וועלכער איז אויך אָנגעקומען, האָט געהייסן באַגיסן די קערפּערס מיט כלאָר און נאָך דעם פאַרשיטן מיט ערד. ער האָט ציניש, אומפאַרשעמט, באַפוילן: — „פאַרשיטן זי דיזע שייסע"...

איך בין געשטאַנען נעבן דעם ערשטן גרוב און באַגאָסן די קערפּערס מיט כלאָר... פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ קול: „חברים, ראַטעוועט מיך, איך וויל לעבן!". איך האָב באַלד דערקענט די 18־יאָריקע עלקע קעסלער, זי איז געווען בלויז פאַרוווּנדעט. איר דראַמאַטישע שטים האָט אויך דערהערט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, און ביז מיר האָבן זיך אָריענטירט, ווי אַזוי צו ראַטעווען איר, האָט ער איר דערשאָסן מיט צוויי קוילן.

עטלעכע מינוט שפּעטער, האָב איך ווידער דערהערט אַ קול: חיה נאַכימאָווסקי פון שטעטל טראַב, איז געלעגן פאַרדעקט, אונטער עטלעכע קערפּערס. זי איז אפילו ניט געווען פאַרוווּנדעט: „ראַטעוועט מיך, ראַטעוועט מיך!" — האָט זי געשריען צו אונדז. איר שטימע איז געווען ווי אַ קול, וואָס קומט פון אונטער דער ערד. איך שאַיקע קאַזלאָווסקי פון טראַב איז געווען בלויז פאַרוווּנדעט. מיר האָבן זיך שנעל באַראַטן מיטן טראַבער רבס זון, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע. איך מיט עטלעכע חברים האָבן אַראָפּגעוואָרפן אין גרוב אַ פּאָר הויזן מיט אַ בלוזקע, ווייל די פרוי נאַכימאָווסקי איז געווען אין גאַנצן נאַקעט. דער טראַבער רבס זון האָט געפּרובירט אָפּציען פון אָרט און פאַררעדן דעם עסטרייכישן זשאַנדאַרם, קאַראַל, וועלכע איז געשטאַנען ניט ווייט פון דעם פּלאַץ. דאָך האָט דער זשאַנדאַרם דערזען, אַז עס איז עפּעס וואָס געשען. ער איז צוגעגאַנגען און געזאָגט: „עס וועט זיין בעסער פאַר אייך און פאַר איר אויב איך וועל איר דערשיסן". פאַר אונדז אין די אויגן האָט ער אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און בעסטיאַליש איר דערשאָסן. אַזוינע פאַלן זיינען געווען אַ סך.

מיר האָבן געהערט שטימען און קרעכצן פון אַלע זייטן; די פּאָליציאַנטן און די זשאַנדאַרמען האָבן געשאָסן אין די גריבער אויף די קערפּערס, וואָס האָבן זיך נאָך געגעבן אַ צאַפּל.

איך האָב דערקענט אונדזער שכנס ייִנגעלע, דעם 6־יאָריקן משה אלי עפּשטיין, ער האָט זיך געגעבן אַ ריר און איז באַלד דערשאָסן געוואָרן.

עס איז געווען שווער צו דערקענען די קרבנות; זיי זיינען געווען פאַרגאָסן מיט בלוט און מיט מאַרך. אַ טייל פון זיי האָט געהאַט געפערלעכע לעכער אין די קעפּ, (דום־דום־קוילן?). דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען נאַקעט אָדער אין אונטערוועש. איינצלנע האָבן, ווייזט אויס, קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט אויסצוטאָן זיך פאַרן טויט און זיינען דערשאָסן געווען אין די בגדים. דער שלאַנקער, שיינער ניאָמקע מאַילאָוויטש, איז געלעגן אין די מלבושים מיט אַ גרויסן לאָך אין קאָפּ. מיר האָבן געאַרבעט ווי אין

אַ געשפּענסט; פאַרשאָטן די גריבער מיט כלאָר און ערד, די אויגן האָבן געזוכט קרובים און באַקאַנטע. פון צייט־צו־צייט האָבן מיר געהערט אַ האַרצרייסנדיקן, ספּאַזמאַטישן געוויין פון איינעם פון די אַרבעטער, וואָס האָט דערקענט משפחה צווישן די קרבנות...

די ס.ס.־מענער וועלכע האָבן זיך שוין גענוג אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, האָבן פאַרלאָזט דעם פּלאַץ און איבערגעלאָזט נאָר די פּוילישע פּאָליציאַנטן. צווישן די פּאָליציאַנטן זיינען געווען באַוווּסטע אינטערזוועלטניקעס, ווי: זשוקאָווסקי, סיעלסקי, זשעבריק, מוליציע א. אַנד. זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן די לעצטע ווערטער, וואָס גוטע גאָלדבערג האָט געזאָגט צו די דייטשן, פאַרן אַריינגיין אין גרוב: — „די וועלט וועט אייך ניט שווייגן און דאָס אומשולדיקע בלוט וועט אַרויסרופן אַ שרעקלעכע נקמה!". זי האָט זיי געוואָרנט, אַז ווען זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים, וועלן זיי געפינען אויך זייערע ווייבער און קינדער אויסגעשאָסענע.

די פּאָליציאַנטן האָבן אונדז אויך דערציילט וועגן ראַשקע גאסקינד (מאַרגאָלין), וועלכע האָט פאַרן טויט געשריגן צו די דייטשן: „פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון די יידן, וועט איר מוזן באַצאָלן מיט אייער אייגענעם בלוט און מיט אייערע קינדערס בלוט!" זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז גרופּעס יידן האָבן פּרובירט צו אַנטלויפן, אָבער די קוילן פון די פּולעמיאָטן און אויטאָמאַטן האָבן זיי אַנידערגעלייגט.

די זון פונעם שיינעם מאַי־טאָג, האָט שוין אָנגעהויבן פאַרגיין, ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט. די גריבער זענען געוואָרן פאַרשאָטן, דאָרטן זענען געלעגן די קערפּערס פון קרוב 2.500 יידן פון איוויע און די שכנישע שטעטלעך: טראַב, ליפּנישאָק, באָריסאָווקע, באַקשט און אַנדערע שכנישע ישובים. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און געהייסן גיין צוריק אין געטאָ. אַפּאַטישע, צעבראָכענע און שטילשווייגנדיקע, זיינען מיר געגאַנגען, ווי געקומענע פון אַן אַנדער וועלט. עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען מען האָט אונדז צוריקגעבראַכט צו די אומגליקלעכע, אַזוי ווייניק לעבנגעבליבענע יתומים אין איוויער געטאָ.

יענע שעה, פון פאַרשיטן די גריבער, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן... די סצענעס וועלן שטענדיק שטיין פאַר מיינע אויגן און רופן צו נקמה!

משה קאַגאַנאָוויטש / תל־אביב

# פון דער גרויסער שחיטה ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ

(12 מאַי 1942 — 20 יאַנואַר 1943)

## אַ פאָלק פון יתומים...

מיט אונטערגעבראָכענע פיס, בלוטיקבדיקע הערצער, אין גאַנצן מטושטשע, האָבן מיר זיך צעשאָטן איבער די הייזער אין מאַרק, וואָס הינטערן ריאַד קראָמען און אַ פּאָר דערנעבנדיקע געסלעך — דער נייער געטאָ פאַר די קנאַפּע 1300 לעבנגעבליבענע ייִדן. נאָך מנחה־דאַווענען האָבן אַלע אָן אויסנאַם געזאָגט קדיש. פון הונדערטער פאַמיליעס איז ניט געבליבן קיין שריד ופליט... קיינער וויינט ניט. עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער קוואַל פון טרערן... בעצם, וואָס איז דאָ צו וויינען? אויך מיר זיינען דאָך „ציטווייליקע" לויט די רייד פון שטאַבס־לייטער זווינדיש, און אונדזער גורל איז גאָר פאַרבונדן מיטן זיג פון די פאַרטיליקער פון אונדזער פאָלק...

די פוילישע פּאָליציסטן, וואָס זיינען געווען ביי די גריבער בעת דער „אַקציע", וויסן צו דערציילן שוידערלעכע און האַרצרייסנדיקע דערציילונגען, ווי אַזוי דער פאָטאָגראַף לייב קאַלמאַנאָוויטש האָט זיך אין גרוב צעקושט מיט זיין פרוי און טאָכטער, ווי אַזוי יידישע מיידלעך האָבן זיך בשום אופן ניט געוואָלט אויסטאָן נאַקעט און מען האָט זיי געמוזט דערשיסן האַלב־אָנגעטועגע; ווי אַזוי בחורים האָבן געמאַכט פּאַריאַנשטע פרוון פון אַנטלויפן און זיינען אונטערגעשניטן געוואָרן דורך די נאָכיאָגנדיקע קוילן; ווי אַזוי גוטע גאָלדבערג, ראַשקע גאָסקינד א"אַ פרויען האָבן גערעדט צו די ליטווישע רוצחים און זיי געדראָט מיט אַ שרעקלעכער נקמה; ווי אַזוי מען האָט צעזעצט נעבן קלויסטער די קרוב 2500 ייִדן און פאַרגעלייענט פאַר זיי אַ טויט־אורטייל, אידער מען האָט זיי געפירט גרופּעסווייז צו די גריבער; ווי אַזוי פאַמיליעס געאָרעמט זיינען געגאַנגען פייערלעך צום טויט, ווי אַזוי די קרבנות האָבן דעם גאַנצן וועג צעריסן די געלט־באַנקנאָטן און פאַרניכטעט יעדן ווערטפולן חפץ; ווי אַזוי אונדזערע ליבהאַרציקע שכנים פון דור־דורות, די סטאָנעוויטשער גוים האָבן זיך געוואָרפן אַראָפּרייסן די פינגערלעך און אוירינג־לעך פון די נאָך וואַרעמע פאַרבלוטיקטע קערפּערס...

אַ שוידער כאַפּט אָרום, ס'בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן הערנדיק די גרויל־געשיכטעס...

די איבערגעלאָזטע צום לעבן (בערך 30 פּראָצענט), זיינען בעיקר יונגע אַרבעטס־

פעיקע מענער, אָדער ווי די דייטשן זאָגן „בוצלעכע יודן". גרויסע פאַמיליעס מיט קליינע קינדער, זקנים און סתם מענטשן מיט ניט קיין געזונטן אויסזען, זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן בעת דער סעלעקציע „גראַדעאַוס", צו די גריבער. עס האָבן אַפילו ניט געהאָלפן די שיינען פון פאַכלייט. עס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט אַלע פאַמיליעס, וועמענס מענער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער שחיטה פון דער אינטעליגענץ (תשעה באָב 1941). פון דער יידישער פאָליציי זיינען געבליבן בלויז געציילטע. פון דער אינטעליגענץ זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן בלויז די עטלעכע יידישע דאָקטוירים (מלמד, סיניוק, בערנסאָן, — דער אידעם פון הרב שאַצקעס, קאַפּלינסקי (פון באַקשט) און וואָלפאָוויטש (פון לידע) און דער יודענראַט, וועמען דער שטאַבסלייטער, ווינדיש, האָט צוגעזאָגט זייער לעבן פאַרן פּרייז פון גאָלד, וואָס איז צונויפגעקליבן געוואָרן מיט אַ טאָג פאַר דער גרויסער שחיטה, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ „פדיון הנפש" פאַר דער גאַנצער איוויער קהילה...

ווי געזאָגט, זיינען אין דער גרויסער שחיטה דערמאָרדעט געוואָרן בערך 2500 פּערזאָן (לויט אָפיציעלע דייטשע אָנגאַבן פון לידער געביטס־קאָמיסאַריאַט — 2482). זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייער מאַרטירער־טויט צו די 224 (אָדער 222) יידן, דערשאָסענע בעת דער שחיטה פון דער אינטעליגענץ (2 אויגוסט 1941) און געפונען זייער רו פון קדושים אין גריבער־קברים ביים ראַנד פון סטאָנעוויטשער וואַלד...

## דער „יודענראַט" פּרוווט נאָרמאַליזירן דעם לעבן

דער איוויער יודענראַט איז באַשטימט געוואָרן דורך די דייטשן באַלד נאָך דער סעלעקציע, אינעם טאָג פון דער אינטעליגענץ־שחיטה, און אָנגעהאַלטן זיין הערשאַפט ביז דער פולער ליקווידאַציע פון געטאָ. אין יודענראַט זיינען אַריין: משה קאַפּאָלד, חיים־לייב דוואָרעצקי, בערנאַרד מלינאַרסקי, לייבמאַן (אַ דעווענישקער), יודל קאַבאַק, פּיווע אַלבערשטיין, חאָנע מאַלאַכאָווסקי און צאַלקע מיליקאָווסקי (פון זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה בלויז: חיים־לייב דוואָרעצקי — אין ביעלסקיס אָטריאַד און פּיווע אַלבערשטיין אין אַ באַהעלטעניש ביי אַ פּויער. (געשטאָרבן אין קובאַ).

פאַקטיש זיינען די הערשער געווען קאַפּאָלד (פאָרזיצער), דוואָרעצקי און מלינאַרסקי (אַרבעטס־קראַפט). קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי איז געווען יואל גירשאָוויטש און זיין פאַרטרעטער, לייב קאַלמאַנאָוויטש (טראַב). די יידישע פּאָליציי האָט זיך רעקרוטירט בעיקר פון יוגנטלעכע פון די אַריינגעפירטע שטעטלעך.

דער ראַיאָן־קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער פּאָליציי איז געווען, מוליצע. פון דער שטאָטישער פּאָליציי דער זאַקאָשטשעלצער, באַלעסלאַוו זעבריק. אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע — שטשעפּאַנסקי.

דער ערשטער בירגערמייסטער איז געווען אַ לערער פון דער דייטשער שפּראַך אין „פּאָושעכנע", טריבלינג. שפּעטער האָט אים פאַרביטן יוזעף לעראַך, פאַרוואַלטער פון דער פּאָושעכנע שול) און גאָר גיך איז נאָמינירט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער, ביאַל־קאָווסקי (אין די ציטן פון דער פּוילישער הערשאַפט איז ער געווען סעקרעטאַר פון געריכט), וועלכער האָט רעגירט ביזן אַנטלויפן פון די דייטשן.

שעף פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע איז געווען, באַיער, אַן עסטרייכער.

דעם יודענראַט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען, בעיקר, אויסצופירן די דייטשע רויב־ און עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק לגבי די יידן, איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. די באַשטעלונגען, וואָס זיינען געפלאָסן פון אַלע זייטן אומאויפהערלעך, איז געווען שווער צו באַפרידיקן. יעדע מינוט האָט מען געדאַדפט אָפּשרייען גזרות, דערשיסונגען פון יחידים פאַר ניט אָפּהיטן די דייטשע דראַקאָנישע געזעצן, וועמענס שטראָף פאַרן קלענסטן חטא לגבי יידן, איז געווען טויט־שטראָף... מען האָט געמוזט צו שטעלן אַרבעטער פאַר דער לאָקאַלער מיליטערישער און ציווילער מאַכט און אויך לויט פאָדערונגען פון אויסער־לעכע פאַקטאָרן (לידער געביטס־קאָמיסאַר, טאָדט־געזעלשאַפט א. אַנד.).

דער יודענראַט האָט פון דאָס ניי אָרגאַניזירט די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער ניט־יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן כסדר איבערגעחזרט די ווערטער פון לידער געביטס־קאָמיסאַר, האַנוועג, אַז מיר פאַרדינען דעם לעבן דורך אונדזער אַרבעט... מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי האָבן זיי כסדר געמאָנט גאָלד און ווערטפולע זאַכן, פון אַ באַפעלקערונג, וואָס איז דערגאַנגען צו דער לעצטער סטאַדיע פון אויס־פּרעסונג און נויט. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז עס זיינען געווען פיל טענות צו זיי. די אומגליקלעכע יידן האָבן אויסגעביטן זייערע לעצטע מלבושים און מעבל פאַר עסנוואַרג. פאַר אַ שיבוש פלעגן די פויערים אַריבערפירן צו זיך כלערליי מעבל, מלבושים, בעט־געוואַנט און שווער פאַרהאָרעוועטע האָב־און־גוטס פון דור־דורות. מ'האָט גאָרניט גע־זשאַלעוועט, מען האָט געלעבט מיטן טאָג, ווייל קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז מיר האָבן וועלכן עס איז שאַנס איבערצולעבן די מלחמה. דער יאוש און פאַטאַליזם האָט באַהערשט דאָס געטאָ און האָט דערפירט צו פולשטענדיקער אַפּאַטיע און איניציאַטיוולאָזיקייט...

## די אונטערערדישע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ

אין די ערשטע חדשים פון אונדזער געטאָ־לעבן זיינען דערגאַנגען ידיעות וועגן אַ נייער כוואַליע פון שחיטות אין די שטעט און שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד. די ידיעות האָבן געבראַכט פויערים, וועלכע זיינען געפאָרן פאַר אַ פאַרגיטיקונג, לויטן אויפטראָג פון יודענראַט. די האָפענונגען, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ לאַנגע אָטעם־פויזע פון פאַר־העלטנישמעסיקן רו, זיינען אויסגערונען, ניט געווען מער קיין אָרט פאַר אילוזיעס, וואָס דער יודענראַט האָט געפלעגט, כדי צו שטילן די געמיטער אין געטאָ...

אין דער זעלביקער צייט האָבן יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַרויס אַרבעטן מחוץ דער שטאָט, זיך אָנגעטראָפן מיט רוסישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געטראָגן רויטע שטערנס אויף זייערע היטלען. זיי אַליין האָבן נאָך ניט געפירט קיין קאַמפּס־אָפּע־ראַציעס און זיך באַגנוגנט מיט אויסבאַהאַלטן זיך אין די געדיכטע וועלדער. דאָך זיינען שוין אָנגעקניפּט געוואָרן פאַרבינדונגען.

אין דער זעלבער צייט האָבן פאַרלאָזן דעם איוויער געטאָ און אַוועק אין דער ריכ־טונג פון די באַקשטער וועלדער די איוויער: וועלע בלאָך און בערמאַן. זייער וועגוויזער איז געווען אַ באַקשטער בחור, וועלכער האָט גוט געקענט די אומגעגנט (נאָך דער מלחמה

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי איז געלונגען, מיט דער הילף פון רוסישע פּאַרטיזאַנער, אַדורכגייך די פראָנט־ליניע און אָנקומען בשלום קיין רוסלאַנד. וועלע בלאָך לעבט אין קאַנאַדע; בערמאַן — אין ישראל). זייער אַוועקגיין האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין איוויער געטאָ און דערמוטיקט די יוגנט, וועלכע האָט געזוכט אַ וועג פון רעטונג.

מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע, האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, אַז מען טאָר ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. איך האָב געכאַפּט אַ שמועס מיט ד״ר אייזיק מלמד, מיט משה סטאָצקי און מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַן אונטערערדישע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. איך האָב געפונען פאַר נייטיק איינצושליסן נאָך עטלעכע מענטשן, וועלכע איך האָב געקענט אַלס דרייסטע, וועלכע שרעקן זיך ניט פאַר געפאַרן. אַ באַזונדערס ווערטפולן חבר האָבן מיר געפונען אין אלי כץ (חייקלס). אין זיין „מאַל נע״ האָבן מיר אָפּגעהאַלטן די ערשטע זיצונג און עס איז אויסגעווילט געוואָרן אַ קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון משה קאַגאַנאָוויטש (פּאַרזיצער), שעפּסל שעפּטל, טוביה אינגעל, אלי כץ, ד״ר מלמד, מ. סטאָצקי, ל. קאַלמאַ־נאָוויטש א״אַנד.

מיר האָבן דערמוטיקט צו גראָבן „מאַלינעס״ אין יעדן הויז, ווו מען זאָל זיך קענען אויסבאַהאַלטן אין פאַל פון אַן „אַקציע״. גאַר שנעל איז דאָס געטאָ געווען פול מיט אונ־טערערדישע פאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן. אַנדערע זיינען דערגאַנגען צו גלענצנדיקע איינפאַלן. געווען „מאַלינעס״, ווו דער אַריינגאַנג איז געווען דורכן קאָטוך אד״גל.

מיר האָבן זיך פאַרבינדן מיט דער יידישער פּאָליציי. יעדע נאַכט האָבן מיר, לויט אַ ריי, אַרויסגעשטעלט וואַכן אין די געטאָ־הייזער, פון וואַנען מען האָט געקענט אָבסערווירן די באַוועגונג פון די דייטשן (די זשאַנדאַרמעריע איז געווען אין אַשעראָווסקיס הויז, די פּוילישע פּאָליציי אין דערנעבנדיקן הויז פון קאָפּשטייק, די מוניציפּאַלע מאַכט אין דוד גאָלדבערגס הויז). אין פאַל מ׳זעט, אַז עס איז דאָ אַ חשדפולע קאָנצענטראַציע פון דייטשע כוחות, דאַרף מען גלייך רייסן די דראָטן און אַנטלויפן אין די וועלדער. אַ לענגערע צייט זיינען טאַקע די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע געשלאָפן אין הייזער, נעבן די געטאָ־דראָטן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו דערווערבן געווער פאַר יעדן פרייז, און פאַר דעם צוועק האָבן מיר דורכגעפירט אַן אַקציע. יעדער פון אונדז האָט געגעבן גאָלד־מטבעות. אונדזער ווענדונג צום יודענראַט וועגן אַסיגנירן אַ גרעסערן סכום, איז אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן געוואָרן. זיי האָבן געטענהט, אַז מיט אונדזער טעטיקייט קענען מיר גורם זיין אַ פריציי־טיקע שחיטה פון דעם ביסל יידן, וואָס זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן. זיי האָבן געוואָרנט מיין עלטערן ברודער דוד ז״ל, אַז מיין טעטיקייט איז עלול גורם צו זיין אין דער ערשטער ריי צו דער אויסליפערונג פון אונדזער פאַמיליע אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע (מיינע עלטערן און די פאַמיליע פון מיין יינגערן ברודער, ראובן ז״ל, זיינען אומגעקומען אין דער גרויסער שחיטה)...

מיר האָבן אויף דעם רעאַגירט מיט דראָונגען פון טויט־שטראָף לגבי די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון יודענראַט, און זיי האָבן זיך באַרואיקט...

ניט האָבנדיק קיין געווער האָבן מיר איניצירט ווידערשטאַנד־מיטלען. מיט דער הילף פון דעם יידישן וועטערינאַר־דאָקטאָר, זשיטאַנער (דערמאָרדעט געוואָרן שפּעטער

דורך די ווייסע פּאָליאַקן), ווען עס איז געווען דערלויבט באַוועגונגס־פרייהייט אויסערן געטאָ, האָבן מיר געקויפט עטלעכע פלעשלעך וויטריאָל. מיר האָבן עס צעטיילט צווישן די אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער און סתם יוגנטלעכע. אין פאַל פון אַן אַקציע האָט מען גע־דאַרפט עס גיסן אין די אויגן און אויף די פּנימער פון די דייטשן און פּאָליציסטן. די יידישע געטאָ־פּאָליציי (באַזונדערס לייב קאַלמאַנאָוויטש פון טראַב) האָט מיטגעאַרבעט ענג מיט אונדז. אַ דאַנק זייערע פאַרבינדונגען און אויך צוליב דעם, וואָס אין זייערע הענט איז געווען די באַוואַכונג פון דעם געטאָ־טויער — האָבן זיי אַ סך מיטגעהאָלפן ביי דער רעאַליזירונג פון די צוזאַגרייטע טעטיקייט־פּלענער.

אַ גרויסע פרייד האָט באַהערשט דעם איוויער געטאָ ווען עס איז אין די סטאָלער וואַרשטאַטן אָנגעקומען אַ באַשטעלונג אויסצופאַרטיקן 19 טרומנעס. גאַר גיך האָבן מיר זיך דערוווּסט די פּרטים פון דער געלונגענער לויערונג, וועלכע עס האָט אַדורכגעפירט דער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „סטאַלין" נעבן שטעטל נאַליבאָק אויף אַ שטראָף־עקספּעדי־ציע פון ס.ס., וועלכע איז געפאָרן פון דער שחיטה אין שטעטל איוויעניץ צו לובטש, וווּ זיי האָבן געדאַרפט אַדורכפירן די שחיטה פונעם רעשטל יידן, וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין אַ שטאָל. ניינצן תלינים־אויסוואָרפן זיינען געבליבן ליגן טויט. צווישן זיי אויך דער שעף פון דער באַראַנאָוויטשער ס.ד. (סעפּטעמבער 1942).

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך באַרייכערט מיט 3 ביקסן, געקויפטע פאַר געלד ביי פּויע־רים. זיי זיינען געווען אין אַ גוטן צושטאַנד, אָבער די צאָל קוילן צו זיי איז געווען אַ באַגרענעצטע. מיר האָבן זיי פאַרבאַהאַלטן אין אויסגעהוילטע קלעצער (שפּעטער זיינען זיי אַרויסגענומען געוואָרן דורך דער איוויער־פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין מאַרינער וואַלד).

אַ גרופּע יוגנטלעכע בראש מיט אלי באַקשט און לייב שמוקלער האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, „טשאַפּאַיעווצעס", אין איוויער אומגעגנט און איבערגעשיקט צו זיי אויוועלעך און אַנדערע נייטיקע זאַכן, פאַרן צוזאָג, אַז מען וועט זיי אַריינגעמען אין אָטריאַד.

די סטאָליאַרעס צירולניק און סאָוויצקי, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן, האָבן צוגעגרייט די הילצערנע טיילן פון ביקסן און געזוכט אויסערן געטאָ די מעטאַלענע טיילן. אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן רידן וועגן צעלויפן זיך אין די וועלדער. די גוזמא־דיקע דערציילונגען פון די פּויערים וועגן די פּאַרטיזאַנער, האָט ווידער אָנגעצונדן אַ פונק פון האָפענונג, אַז עס איז פאַראַן אַ וועג פון נקמה און רעטונג.

## די גסיסה פון געטאָ — איוויע „יודענריין"

אין דער לופט האָט מען אָנגעהויבן שפּירן, אַז עס רוקט זיך ווידער אָן עפּעס שרעק־לעכס. מען האָט אָנגעהויבן אָפּטער צו נעמען פון געטאָ אַרבעטער אויף אַרבעט קיין מאַלאַדעטשנע, סטראַגע און קראַסנע, און אַריבערפירן די פאַכמענער אין „טאָדט"־לאַגערן אין לידע. האַרבסט 1942 האָבן זיך פאַרשפּרייט עקשנותדיקע קלאַנגען, אַז דער איוויער געטאָ וועט בקרוב ליקווידירט ווערן און איוויע וועט ווערן „יודענרייך". די דייטשן האָבן, פאַרשטענדלעך, אָפּגעלייקנט די דאָזיקע קלאַנגען און פאַרזיכערט, אַז די איוויער זיינען

נוצלעכע עלעמענטן. דער יודענראַט האָט נאָך אַלץ געפּרוּווט פאַרשפּרייטן אָפּטימיסטישע שטימונגען, אָבער די יידן האָבן שוין ניט געהאַט מער קיין צוטרוי (מען האָט נאָך גוט געדענקט זייערע פרייד־ידיעות אַ טאָג פאַר דער דער גרויסער שחיטה, אַז די גזירה איז בטל געוואָרן און פיל צענדליקער פאַמיליעס, צווישן זיי אויך מיין ברודער ראובנס משפּחה, זיינען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און צו מאָרגנס אַוועק צו די גריבער...). ווי שוואַרצע ראָבן, וואָס דערשמעקן טויטע קערפּערס, האָבן איצטער אָנגעהויבן אַריינ־דרינגען אין געטאָ מאַסן פּויערים און געזוכט ווי צו פאַרנאַרן צו זיך דעם יידנס פאַר־מעגן, אָדער קויפן אים פאַר אַ שטיקל ברויט. די רייכערע אין געטאָ האָבן פּלוצעם באַקו־מען פון זייערע „גוטע פריינד" פאָרשלאָגן צו באַהאַלטן זיך ביי זיי אין „מאַלינעס"...

פיל האָבן אָנגעהויבן נעכטיקן מחוצן געטאָ. איינצלנע פאַמיליעס זיינען נעלם געוואָרן פון געטאָ און אַוועק אין מאַלינעס (כמעט אַלע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן). ס'איז אויך גע־וואָרן פאַרדעכטיק, וואָס די זשאַנדאַרמעריע לאָזט לעצטנס די יידן פרייער זיך באַוועגן, היט כלל ניט דעם געטאָ־טויער און מאַכט זיך ניט זעענדיק פיל עבירות, וואָס פאַר דעם קומט טויט־שטראָף...

מען האָט טאַקע לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. דעם 31סטן דעצעמבער 1942, האָט מען אַרויסגעפירט די ערשטע גרופּע קיין באָריסאָוו. דעם 20טן יאַנואַר 1943 האָט מען אַרויסגעפירט דעם גאַנצן געטאָ קיין באָריסאָוו, בכדי צו געפינען שנעל זייער טויט אין די טאָרף־זומפּן פון ביאַלאַ־באָלאָטאַ (ענדע מערץ 1943). איוויע איז געוואָרן „יודענריין". באַפעלקערט זיינען געוואָרן די דריי גרויסע גריבער ביי סטאָנעוויטש...

משה קאַגאַנאָוויטש / תל־אביב

# די איוויער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין מאָרינער וואַלד און איר גורל

## דער בונקער אין מאָרינער וואַלד

דעם 31סטן דעצעמבער 1942 איז דער איוויער געטאָ, אין מיטן העלן טאָג, אַרומגע־רינגלט געוואָרן דורך דער זשאַנדאַרמעריע, פּאָליציי און „טאָדט״־לייט (דייטשע בוי־גע־זעלשאַפט פאַר מיליטערישע צוועקן), וועלכע זיינען געקומען נעמען אַרבעטער צו די טאָרף־פעלדער אין ביאַלאַ באַלאָטאַ (נעבן באָריסאָוו, ווייסרוסלאַנד). עס איז אויסגע־בראָכן אַ גרויסע פּאַניק און זייער פיל פון געטאָ און פון די אַרבעטס־פּלעצער אויסערן געטאָ, זיינען זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער און דערפער.

אַ גרופּע יוגנטלעכע, וועלכע איז שוין פון פריער געווען אָרגאַניזירט און זיך צוגע־גרייט אַנטלויפן אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער, האָט זיך קאָנצענטרירט אויף אַ בוידעם נעבן די געטאָ־דראָטן. זיי איז געלונגען אַדורכרייסן דעם פּאָליציי־קאָרדאָן און אַנטלויפן. אין דער אומגעגנט פון די כראָפּעניעווער כוטאָרס האָבן זיי געטראָפן דעם קאָמאַנדיר פון אַ גרויסן יידישן אָטריאַד, טוביה ביעלסקי, וועלכער האָט געפּלאַנט צו אָרגאַניזירן אַן איוויער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. צו מאָרגנס פאַרטאָג זיינען די כוטאָרס באַפאַלן געוואָרן דורך דייטשן פון שעליבער גאַרניזאָן און נאָך אַ פאַרביסענעם און אומגלייכן קאַמף דערהרגעט פיל פּאַרטיזאַנער צוו. אַנד. אויך די איוויער יוגנטלעכע: אלי באַקשט און לייב שמוקלער.

דערהערנדיק די שיסעריי איז די גרופּע אַנטלאָפן און אָנגעקומען אין מאָרינער וואַלד. אין דער גרופּע זיינען געווען:

שעפּסל שעפּטעל און זיין פרוי סימע, לייזער צירולניק און זיין פרוי חיה, מלכה שעפּ־טעל, אלי כץ, סענדער ביעלאָוסקי, יואל סאָוויצקי, רחל סלאָנימסקי, מאיר ראָמאַנאָווסקי און די טראַבער: יצחק, חיים און רחל מינץ, מערקע לעווקאָוויטש און איר מאַן, לייב קאַלמאַנאָוויטש, הירשקע לעווקאָוויטש און אברהם לעווין.

חיה צירולניק איז געגאַנגען פון וואַלד אין איוויער געטאָ, וואָס האָט נאָך דאַן עקזיס־טירט און געבראַכט דעם מוליער, הירשל גאָלדשמידט מיט זיינע אַרבעטס־אינסטרומענטן. טראָץ דעם, וואָס די ערד איז געווען שטאַרק איינגעפרוירן האָט ער אויסגעגראָבן אַ „זיעמ־ליאַנקע״ אין מאָרינער וואַלד, צווישן די דערפער דזיאַמונט און מאָרין (איוויער ראַיאָן), פאַר די 20 חברים פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. די באַוואָפענונג פון דער גרופּע איז באַ־שטאַנען סך הכל פון 6 ביקסן: 3 געבראַכטע פון געטאָ און 3 געקויפטע ביי פויערים, פאַר גאָלד און ווערטפולע זאַכן. בעתן אַנטלויפן פון געטאָ איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצונעמען די 3 ביקסן, וואָס זיינען געווען גוט פאַרמאַסקירט אין „מאַלינע״, אין הויז

פון אלי כץ (חייקלס). מען האָט זיי אַרויסגענומען שפּעטער, מיט סכנות נפשות, אין אַ פינצטערער ווינטער־נאַכט, נאָכן פולשטענדיקן ליקווידירן דאָס איוויער געטאָ.

דער אונטערערדישער בונקער איז פון אויבן געווען פאַרמאַסקירט מיט קוסטעס און צווייגן. דער אַראָפּגאַנג איז געווען מיט אַ לייטער. אַרויסגיין פלעגט מען נאָר אין שנייאיקע זאַווערוכע־נעכט און מען פלעגט זיך באַמיען צו פאַרווישן אַלע שפורן. די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט ניט געוווסט דאָס אָרט פון זייער באַהעלטעניש. מיט שפייז האָט מען זיך באַזאָרגט אין די אַרומיקע דערפער מיטן כוח פון געווער. מען האָט געהאַלטן אַ רע־זערוו פון עסנוואַרג פאַר טעג ווען מען פלעגט ניט קענען אַרויסגיין פון בונקער.

## נקמה־אַקטן קעגן פויערים יידן־מערדער

בראש פון דער פאַרטיזאַנער־גרופּע איז געשטאַנען שעפסל שעפטעל, אַ העלדישער בחור, וועלכער האָט געאָטעמט מיט נקמה און קאַמפס־לוסט קעגן די דייטשע רוצחים און זייערע מיטהעלפערס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. זיין געהילף איז געווען לייבקע קאַלמאַנאָוויטש (פון טראָב).

די גרופּע האָט זיך דערוואוּסט, אַז דער פויער לאַסטון פון דאָרף סטריזשענאַט האָט איבערגעגעבן צו דער זשאַנדאַרמעריע, פרײדל וויסמאַנסקי (לאַבאַטעס). זי איז פאַר דער ליקווידאַציע פון איוויער געטאָ (20 יאַנואַר 1943) אַנטלאָפן צו איר באַקאַנטן פויער, לאַסטון פון סטריזשענאַט, וועלכער האָט צוגעזאָגט זי אויסצובאַהאַלטן, פאַר די ווערטפולע זאַכן וואָס זי האָט אים אָװעקגעגעבן. ער האָט זי געהאַלטן בלויז 3 טעג. ער האָט זי פאַר די האָר אַוועקגעשלעפּט אין דער איוויער זשאַנדאַרמעריע (3 קילאָמעטער), ווו מען האָט זי באַלד דערשאָסן.

דעם 22סטן יאַנואַר 1943 איז די גרופּע ביי נאַכט געקומען צו לאַסטונען און אים געפרעגט דעם וועג צו די קאָזלעס. ער איז אַרויס כדי צו וויזן דעם וועג. זיי האָבן אים אָפּגעפירט אַ 300 מעטער פון דאָרף, נעבן אַ וועלדל און אים געפרעגט: פאַרוואָס האָט ער זי אויסגעליפערט צו די דייטשן. נאָך דעם ווי ער האָט זיך מודה געווען אין פאַרברעכן, האָט מען אים דערשאָסן און אַריינגעלייגט אין היטל אַ צעטעלע, אַז יעדער וואָס וועט אויסליפערן יידן אין די דייטשע הענט וועט ניט אויסמיידן די גערעכטע נקמה פון די הענט פון די יידישע פאַרטיזאַנער. די ידיעה האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער אומגעגנט און אַרויפגעוואָרפן אַ פחד אויף די פויערים. אַ דאַנק דעם נקמה־אַקט האָבן צענדליקער יידן, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן ביי פויערים אין דער אומגעגנט, אי־בערגעלעבט די מלחמה.

אין איינע פון די פינצטערע ווינטער־נעכט זיינען זיי צוגעפאָרן צום הויז פון גאַיאָווע (וואַלד־וועכטער), בוטשעל, וועלכער האָט זיך, ווי מ׳דערציילט, געמאָלדן פרייוויליק אין טאָג פון דער גרויסער שחיטה (12טן מאַי 1942) נעבן די גריבער ביי סטאַגעוויטש, און געבעטן אַז די דייטשן זאָלן אים דערלויבן העלפן מאָרדן די יידן. בוטשעל איז אַנטלאָפן דורכן פענצטער און זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט קאָנפיסקירן זיין גאַנץ פאַרמעגן.

זיי האָבן אויך אַרויסגעפירט אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען אין הויז פון שאַליאַבקע,

ווען מען האָט איז געוועזן נעבן די סטאַנעוויטשער גריבער־קברים. שאַליאַפּקען אַליין איז געלונגען צו אַנטלויפן. די צוגענומענע זאַכן האָבן זיי אַוועקגעגעבן דעם רוסישן פּאַר־טיזאַנער־אָטריאַד א. נ. „סטאַלין", וועלכע האָבן צוגעזאָגט איינצושליסן די גאַנצע גרופּע אין זייער אָטריאַד.

זיי האָבן קאָנפיסקירט ביי די פּויערים די צוגערויבטע יידישע פּאַרמעגנס און זיך געגרייט צו ווייטערע גרעסערע נקמה־אַקטן פון מערדער און רויבער.

## דער פאַררעטערישער מאָרד פון פיר פאַרטיזאַנער־העלדן

נאָך אַזעלכע נקמה־אַקטן און אָפּנעמען ביי די פּויערים דאָס צוגערויבטע יידישע האָב־און־גוטס, האָט דאָס עקזיסטירן פון אַן איוויער יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע ניט געקענט מער בלייבן קיין סוד פאַר די פּויערים, און ממילא אויך פאַר די דייטשע פעל־קער־מערדער. עס האָט זיך אין צווישן דערנענטערט דער פרילינג און פאַסטעכער האָבן זיך דערנענטערט מיט זייערע סטאַדעס צום בונקער. עס איז געווען קלאָר, אַז לאַנג וועלן זיי דאָרט ניט קענען זיך האַלטן און זיי מוזן זיך אָנשליסן צו די גרויסע, גוט־באַוואָפנטע רוסישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אין נאַליבאָקער פּושטשע.

צו דעם צוועק זיינען אַרויס די פיר העלדישסטע פּאַרטיזאַנער: שעפּסל שעפּטעל, סענדער ביעלאָוסקי (איוויע), לייב קאַלמאַנאָוויטש, הירשקע לעווקאָוויטש (טראַב). זיי איז געלונגען צו באַקומען אַן הבטחה, אַז די גאַנצע גרופּע וועט אויפגענומען ווערן אין אַ נייעם אָטריאַד א. נ. „אַלעקסאַנדער ניעווסקי", וועלכער אָרגאַניזירט זיך. גליק־לעכע האָבן זיי זיך אומגעקערט איבערצופירן די גרופּע.

אויפן וועג, ביים דאָרף אָלעניעוו, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ רוסישע „ווילדע" פּאַרטיזאַנער־גרופּע „אַנטאָנאָוצעס" (אויפן נאָמען פון זייער קאָמענדאַנט, אַנטאָן), וועלכע האָבן ניט געפירט קיין קריגס־טעטיקייט און זיך בלויז פאַרנומען מיט פּרעסן, זויפן און ראַבירן. זיי זיינען געווען אונטערגעהעצט דורך די פּויערים, אַז די יידישע פּאַרטיזאַנער ראַבירן זיי. זיי האָבן צוגענומען ביי זיי די פיר ביקסן און אַלץ וואָס עס איז געווען אויף די וועגענער (פּראָדוקטן און זאַכן) און זיי פריי געלאָזט. אָפּגעבנדיק זיך אַ רעכענונג, אַז אָן די ביקסן וועט זיי דער אָטריאַד ניט אויפנעמען, האָבן זיי זיך צוריקגע־קערט און געפאָדערט צוריקגעבן זיי די פיר ביקסן. זיי האָבן געטענהט: — „אויב בלייבן אָן געווער, איז אונדזער לעבן קיין לעבן ניט. שיסט אונדז בעסער"... די „אַנטאָנאָוצעס" האָבן זיי אַריינגעפירט אין אַ שטוב, געצווונגען זיך אויסצוטאָן, געפייניקטע און נאַקעטע אַוועקגעטריבן זיי צום דאָרפישן מאָהילניק און דאָרט דערשאָסן...

ניט דערוואַרטנדיק זיך אויפן צוריקקער פון דער גרופּע זיינען אַרויס פינף מאַן דערוויסן זיך, וואָס עס איז געשען. דער סטאַרטשינאַטער סאָלטיס האָט זיי דערציילט וועגן טראַגישן טויט פון די פיר פּאַרטיזאַנער. לויט זייער ביטע האָבן די פּויערים זיי קובר געווען אויפן אָלענאָווקער דאָרפישן צמענטאַזש...

די גאַנצע גרופּע „אַנטאָנאָוצעס" איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך דער פּאַר־טיזאַנער־אָנפירונג פאַר ניט אונטערוואַרפן זיך דער פּאַרטיזאַנער־דיסציפּלין.

## אין אָטריאַד א. נ. „אַלקסאַנדער ניעווסקי"

נאָך דער דערמאָרדונג פון די פיר העלדישסטע חברה, בלייבנדיק מיט איין ביקס און איין הילצערנע אָפּשרעקונג־ביקס, איז די גאַנצע גרופּע אַנטלאָפן אין נאַליבאָקער פּושטשע. איינציקע (הירשל גאָלדשמידט מיט זיין קינד) זיינען אַוועק צו ביעלסקין, עטלעכע פאָרפעלקער (באַזונדערס די טראַבער) זיינען אַוועק אין אַ גרוב נעבן באָקשט, ווו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע צענדליק איוויער און טראַבער זינט דער ליקווידאַציע פון איוויער געטאָ (זיי אַלע זיינען אומגעקומען אין יולי 1943, בעת דער גרויסער דייטשער אַבלאַווע אויף די פּאַרטיזאַנער פון נאַליבאָקער פּושטשע. די דייטשן האָבן לויט אַ מסירה אַנטדעקט זייער באַהעלטעניש און פאַרוואָרפן דאָס גרוב מיט גראַנאַטן).

דער גרעסטער טייל איז אויפגענומען געוואָרן אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „אַלעקסאַנדער ניעווסקי". ענדע אַפּריל 1943 האָט די אָנפירונג פונעם אָטריאַד אַרויסגעשיקט די ניי־געקומענע איוויער גרופּע אויף אַ קאַמפּס־אויפגאַבע: אויפרייסן אַ דייטשן צוג, נעבן דער סטאַנציע יוראַטשישאָק. אין דער גרופּע זיינען געווען: לייזער צירולניק, יואל סאַוויצקי (איוויע), מאיר ראַמאַנאָווסקי (באָקשט), אברהם לעווין (טראַב) און אַ קריסט.

זיי איז ניט געלונגען אויפצורייסן דעם צוג און דערשלאָגענע האָבן זיי זיך געלייגט אָפּרוען אין אַ וועלדל, אויסער דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע, נישט אָננעמענדיק קיין שום פאַר־זיכטיקייטס־מיטלען. דייטשן, וואָס זיינען צופעליק געווען אין נאָענטן דאָרף, האָבן זיי אַרומגערינגלט און דערשאָסן שלאָפנדיקערהייט. די פּויערים האָבן זיי באַגראָבן אויפן זעלבן אָרט.

שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט די נעמען פון די דריי גוים, וואָס האָבן געפירט די דייטשן צו די פאַרטיזאַנער אין די וועלדער. מען האָט זיי געבראַכט אין אָטריאַד און דערשאָסן. זייערע פאַרמעגנס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן.

אלי כץ, וועלכער איז געווען „סטאַרשינאַ" פון אָטריאַד איז געשטאָרבן פון אַ טיפוס־קראַנקייט (יאַנואַר 1944). מיט אַ חודש שפּעטער איז געפאַלן העלדיש זיין זון, גרשון, אין אַ גרויסן קאַמף פון די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן קעגן דייטשן גאַרניזאָן אין דאָרף לוגאָמאָוויטש (נעבן איוויע).

— פון דער גאַנצער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין בונקער פון מאַרינער וואַלד האָבן איבערגעלעבט די מלחמה בלויז: הירשל גאָלדשמיד (היינט אין אַמעריקע), סימאַ שעפּטעל, מלכה שעפּטעל, רחל סלאָנימסקי (קאַנאַדע), חיה צירולניק און איטשקע מינץ (ישראל).

(לויט די עדות פון **הירשל גאָלדשמיד** און **חיה צירולניק**)

## אַנדערע איוויער פּאַרטיזאַנער־העלדן, געפאַלענע אין די קאַמפן

טאָנפעל פּרומע איז אַנטלאָפן אין די וועלדער פון איוויער געטאָ דעם 1טן יאַנואַר 1943. געווען אַ שוועסטער־סאַניטאַר אין אָטריאַד „סוואָראָוו" (בריגאַדע „סטאַלין") צו־געבלעבן צו איר אויפגאַבע האָט זי זיך אויך באַטייליקט אין עטלעכע קאַמפן און זיך דערביי אויסגעצייכנט. נאָך יעדן קאַמף פלעגט די קאָמאַנדשאַפט אָפּמערקן אינעם טאָג־אַפּעל אירע העלדישע טאַטן.

געפאַלן, ווען זי האָט זיך אַרויסגערוקט צו דער ערשטער פייער־ליניע, אַרויסצוציען אַ פאַרוווּנדעטן פאַרטיזאַנער, אין אַ קאַמף קעגן דייטשן נעבן דאָרף נאַוואָסיאָלעק (ראַדאָש־קאָוויטשער געגנט) אין אַפּריל 1944. דער אָטריאַד־קאָמיסאַר האָט אָנגעשריבן אַ לויב־ליד לכבוד דעם העלדישן איוויער מיידל.

די ברידער: מאָטקע, אלי און יאַנקל קאַגאַן. פרילינג 1943 זענען זיי אַנטלאָפן פון לידער „טאָדט"־לאַגער צו ביעלסקין און שפּעטער אַריבער אין אָטריאַד „ביעווסקי". אַלע דריי זיינען געווען העלדישע, דיסציפּלינירטע פּאַרטיזאַנער.

מאָטקע איז געפאַלן נאָך דער באַפרייונג, בעת אַ צוזאַמענשטויס מיט אָפּטרעטנדיקע דייטשן. אלי און יאַנקל זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. פון דעמאָלט זיינען פאַרשוווּנדן זייערע שפורן.

בצלאל (צאַלקע) גינזבורג — דער העלדישסטער און אויסגעצייכנטסטער פּאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „איסקראַ". ער האָט אויפגעריסן 17 דייטשע עשאַלאָנען מיט סאָלדאַטן, געווער און אַמוניציע, וואָס זיינען געפירט געוואָרן צו די פראָנטן.

אין אַפּריל 1943 האָט ער אויפגעריסן צוזאַמען מיט זיין ברודער, מאָטקע, און קוזין יודע מאָטע די פּאַראָווע מיל, עלעקטרישע סטאַנציע און טאַרטאַק אין איוויער הויף.

דערמאָרדעט נאָך דער באַפרייונג (יולי 1944) אין דאָרף דאָקודאָווע דורך ווייס־פּוילישע באַנדעס. צוגעשטעלט געוואָרן צום לענין־אָרדן און טיטל „העלד פון ראַטנפאַרבאַנד".

חיים־לייב („ליאָקע") דוואָרעצקי פון ביעלסקי־אָטריאַד און משה־זלמן קינקולקין, אַ פּאַרטיזאַן פון אָטריאַד „אַלעקסאַנדער ניעווסקי", זיינען געפאַלן אין דער באַפרייונגס־מלחמה פון מדינת ישראל (1948).

יוסף בלאָך (זון פון חאַנע „מיסטער"), געפאַלן נאָכן אַרויסגיין פון די וועלדער, אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, אין איר פאַרויסמאַרש אין פוילן.

מלמד פימע (זון פון ד"ר מלמד ז"ל), האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס „ראַזוויעדטשיק" אין דער בריגאַדע „זשוקאָוו". אַ דרייסטער, איניציאַטיוופולער קעמפער.

געפאַלן אין דער גרויסער אַבלאַווע (יולי 1943), אָנשטויסנדיק זיך אויף אַ דייטשע לויערונג.

אלי־זלמן אַלבערשטיין (קושקעס יינגסטער זון). געווען אין אָטריאַד „איסקראַ". געפאַלן אין דאָרף ליטוויצע, גייענדיק מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער מינירן אַ בריק אויף דער באַן־ליניע לידע—ווילנע (18 מערץ 1943).

אַבע באַיאַרסקי. אַ פּאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „לענין" אין די רודניקער וועלדער. געווען אַ דיווערסאַנט. זיך אויפגעריסן בעתן אונטערלייגן אַ מינע אונטער די באַן־ליניעס (15 אַפּריל 1943).

יוסף קאַבאַק און פסח ביעלאַווסקי. פּאַרטיזאַנער אין אָטריאַד „אַלעקסאַנדער ניעווסקי" אין נאַליבאָקער פּושטשע. אַריינגעפאַלן לעבעדיקע צו די דייטשן, גייענדיק קויפן געווער ביי פּויערים. מען האָט זיי געפּייניקט, וועלנדיק אַרויסבאַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן עקשנותדיק געשוויגן און דערשאָסן געוואָרן אין איוויע (9 מערץ 1943).

(מער פרטים און פאָטאָגראַפיעס זע אין דער אָפּטיילונג „ילידי איביה שנפלו במערכות הקרב נגד הצורר הגרמני" וכו').

יעקב פילובסקי / ישראל

# הצחוק הצחור

## א.

באחד מערבי החורף נפתחה אצלנו הדלת. ערפל קר פרץ לתוך הבית וממנו נתקלפה דמותו של הדוד פייביל. אבי כמעט שנתאלם מהתרגשות. בקושי נעתקו מלים על לשונו. העמיד עליו זוג עיניים לטושות, רפות — מרוב יגיעה — שהיו אדומות בקצות העפעפיים.

— — — פייביל, מהיכן אתה בא לכאן?!

— — — מאמריקה.

בשעת מעשה נצטחקו שיניו החסונות של הדוד פייביל בצחוק צחור ועיניו חייכו אף הן בחום ובזוהר. שיניו הצחקניות של הדוד פייביל היו צחורות מן השלג הצבור תחת החלון ועיניו הבריקו ונוצצו באור רב יותר מן הנברשת, שהיתה תלוייה בביתנו. כולנו יחד — ביחוד הילדים — אהבנו את הדוד פייביל יותר מכל הקרובים במשפחה שלנו. היה עונג להסתכל בו. לעומת אבי, הלמדן המופלג, לעומת הסבים תלמידי החכמים ודודים אחרים שלי, שהתורה כופה שכמם בעולה והגחינתם למטה והתישה את גופם — נראה הוא גברתן עוד יותר משהיה באמת. אף על פי שגם בלא זה לא היה חסר ח״ו שום דבר — בריא, חסון, רחב־כתפיים, רחב־חזה, ורם־קומה, ולו שער צהוב יפה על ראשו וזקנקן עגול בהיר, שהסתיר במקצת את לחייו החכלילות מדם — היה נבדל משאר הקרובים שלנו בחריגותו, בשוניותו. יפה מכל אצל הדוד פייביל — היה החיוך שלו, כאשר שפתיו המגולפות יפה היו נפתחות מתחת לשפמו המסומר — כמעשה שושנה אדומה שנפתחת מתוך הקוצנים הדוקרניים — וחשפו את שיניו הבריאות הלבנות כשלג. חיוך עליז כזה, כמו אצל הדוד פייביל, לא ידענו עוד אצל שום איש.

אמי, שאף היא הגתה חיבה לדוד פייביל, הרימה מתוך פינתה את עיניה המושפלות בתמהון: „הנה, כך באים פתאום מאמריקה?!"

— מה יש כאן לדבר, גיסתי היקרה, באים — שפשף הדוד פייביל בקורת־רוח את ידיו הבריאות זו בזו ושוב חשף את שיניו המחייכות.

מרוצה היה, הדוד פייביל — ביתנו היה הבית היהודי הראשון והחמים, שסר אליו, אחרי ימים רבים של שייט על פני ימים ונסיעה על פני היבשה. מאושר היה שהוא נמצא כבר שוב בעולם היהודי האמיתי, קרוב לעיירתו, קרוב לאדמה עליה נולד ולשמים שמתחתם גדל. היה שמח כל כך בחזירתו מאמריקה, כמי שמוצא את עצמו מאושר בהגיעו למקום שבו השאיר פעם אוצר יקר ומתברר — שהאוצר יקר־הסגולה עדיין קיים ולא טולטל ממקומו.

הדוד פייביל לן אצלנו אותו לילה ולמחרת בבוקר נסע לעיירתו — לאיביה.

## ב.

לאחר שנים מספר, שעשה דוד פייביל באמריקה, אחרי נסיעתו הלוך וחזור נעשה אדם אחר לגמרי. היושב בשמים עצמו נעשה לו קרוב יותר, מובן יותר, משהו אנושי

יותר. אף התחיל להבין תפילתו בהבנה אחרת. כשאמר בתפילתו: „הים ראה וינס, הירדן יסוב לאחור. ההרים רקדו כאילים, גבעות כבני צאן", או „אז ירננו כל עצי יער" — היה זה אצלו קרוב ללב, להבנתו. היו אלה מחזות, שדומה היה עליו שעיניו ראו אותן אי־שם. אף תורה מעט שידע, התחיל לתפוס תפיסה אחרת. הנה כל דבר שלמד בגמרא, נעשה ברור לו יותר. לפנים תיאר לעצמו את התנאים, האמוראים, הגאונים כדמויות שמימיות וכסבור היה שדבריהם לא יחדרו למוחו, ללבו — לתבונתו וללבו של בשר ודם מגושם. אולם, לאחר שעמד כבר על סף התהום, על סף הסכנה לאיבוד עולמו, עולמו היהודי, לאיבוד חייו, החיים היהודיים שלו, לאבד אפילו את שמו היהודי, פייביל ולקבל איזה שם זר — פטר — נעשה לו הכל שהיה שייך לחייו הקודמים אהוב באורח מוזר כל כך, אהוב ויקר. וכך התחיל מגפף ומלטף כל מלה בתפילתו ובתלמודו.

ג.

פייביל פרוז'אנסקי התחיל מתרחק והולך מן המיסבאה שלו. במעט השנים שעשה באמריקה למדה אשתו הגוצה, קלת התנועה, אסתר־ברכה, לנהל את ענייני הפרנסה, והילדים אף הם גדלו בינתיים ועזרו לה. הוא ישב ועסק יומם ולילה בתורה. ובעיירה כבר ידעו לספר, שפייביל נעשה יהודי למדן. הדוד פייביל נשאר תמיד בשבילנו הדוד האהוב ביותר. במשך השנים נשתנה אך במעט. זקנו גדל בשפע, התפשט בהרחבה על פני חזהו הרחב והגיע עד לאבנט. ועדיין חייך תמיד בשיניו הצחורות, מתוך שפמו העבות. וכשעמד בוויכוח חריף עם אבינו באיזו סוגייה תלמודית, שלא היינו מבינים בה דבר, משראינו את החיוך הנלבב על שפתיו הנאות של הדוד פייביל, ידענו בוודאות שהדין עמו, עם הדוד פייביל. שכן היאך אפשר שלא יהא הדין עם מי שמחייך כל כך?! וכך היה באמת. אבי, הלמדן המופלג, אליו נשא הדוד את עיניו ברוב דרך ארץ, היה מפטיר, לאחר שנראה החיוך על שפתי הדוד, כמנוצח:

— הדין עמך, פייביל! מה אומר ומה אדבר — הדין עמך! המצאה נאה, רעיון יפה! עשית חיל, פייביל, חיל רב. אני מתפעל מן החידוש שלך, מתפעל ממש. אילו לא הייתי גיסי, הייתי צריך לקרוא לך רב פייביל, ולא סתם פייביל.

ד.

כשנתכנסה איביה כולה בשוק העיירה, כדי לצאת משם במיצעד האחרון על אדמת י־ה ולהפליג אל החורשה, שם חיכה להם המוות מוכן ומזומן, התנשא מקרב העדה קדקוד גבוה מכולם — קדקדו של הדוד פייביל. זקנו המלוטף כיסה את חזו הרחב, שם הלם הלב בשלווה, כלבו של מי שעליו לעמוד לפני משפט ואינו חושש כלום, משום שהוא בטוח בזכותו. עיניו הרכות נוצצו אל הרקיע השמשי ומתוך שפתיו, שנחשפו נתחייכו השינים הלבנות שלו, כמו באותה שעה שחזר מאמריקה.

ברגעים האחרונים לחייו עבר לפניו ביעף כל ספר חייו, דף אחר דף. הוא ראה לנגד עיניו את אמריקה. הוא ידע, ששם היה ממשיך בחייו. אך זה לא היה הוא. לא פייביל, אלא איזה פטר. לא רק עכשיו עומד הוא למיתה. שם היה הוא פייביל, מת עוד לפני חמש עשרה שנה. כאן, מכל מקום, חי. וכיצד היה חי! היה חי כמו שהוא, פייביל, רצה, כיהודי, כמות שהוא.

ובמיצעד יצא בטוח בעצמו, בראש מורם, בעיניים אורות למרומים. ושיניו הבריאות חייכו בצחור, בצחור ולרווחה — לתוך מרחקי־מרחקים...

(„הצפה", יום ששי, ב' אייר תש"ך — 29.4.1960)

שבח חיימאָוויטש / חיפה

# דער אומקום פון די לעצטע 1200 יידן אין באָריסאָוו

## א. דער טרויער־מאַרש צו דער סטאַציע גאַוויע



דעם 31סטן דעצעמבער 1942 האָבן אָנפאָרנדיקע „טאָדט״־לייט צוזאַמען מיט דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם איוויער געטאָ, מיטן ציל אַרויסצופירן די בערך 1200 יידן קיין באָריסאָוו (הינטער מינסק) און מאַכן איוויע יודענריין. אַ קענטיקער טייל פון די, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ און אויך די, וואָס זיינען דאַן געווען אין געטאָ זיינען זיך צעלאָפן איבער פעלדער און וועלדער. די דייטשן האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַרויספירן עטלעכע הונדערט פּערזאָן, וואָס האָבן זיך געמאָלדן „פרייוויליק״. אין אַ וואָך אַרום זיינען געקומען פון באָריסאָוו יודל קאַבאַק, זיין פרוי ראָזע און ד״ר וואָלפּאָוויטש און דערציילט, אַז די לעבנס־ און אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען דאָרט פאַרהעלטנישמעסיק גוטע און דאָרט זיינען פאַראַן שאַנסן איבערצולעבן די מלחמה... די אַלע, וואָס זיינען זיך צעלאָפן פון געטאָ, האָבן זיך ביסלעכוויז צוריקגעקערט צוליב דעם, וואָס די ווייניקע רוסישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָבן ניט מסכים געווען זיי אויפצונעמען. דער הונגער, פראָסט, טיפע שנייען און די שטענדיקע סכנה דערמאָרדעט צו ווערן דורך די פּויערים, אָדער דייטשע פּאָליציי, האָט פאַר זיי ניט איבערגעלאָזן קיין אַנדערע ברירה. אין געטאָ איז שוין געווען אַ ליקווידאַציע־שטימונג, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר, האַנוועג, האָט באַשלאָסן צו מאַכן איוויע יודענריין. פּאַריאַושטע האָט מען אָפּגעוואַרט דעם טרויעריקן גורל, ניט זעענדיק פאַר זיך קיין שום וועג פון רעטונג...

זונטיק, דעם 20סטן יאַנואַר 1943, 6 אַ זייגער פאַרטאָג, איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ געדיכטן קאַרדאָן פון פּאָליציי, און אַלע זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן מאַרק, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אויף זיי שליטנס. די פּעקלעך מיט בעטגעוואַנט האָט מען געלייגט אויף די שליטנס. קלענערע פּעקלעך מיט אַ ביסל עסנוואַרג און די סאַמע נייטיקסטע זאַכן, האָט מען געטראָגן אויף די פּלייצעס.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער טויטן־מאַרש.

פאָרויס זיינען געפאָרן די פּויערישע שליטנס מיטן געפּעק און נאָך זיי, בערך 1000

מענער, פרויען און קינדער, אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און דייטשן, וועלכע האָבן מיט שטעקנס אונטערגעאײַלט: „לאָס! שנעלער!".

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם לעצטן מאַרש צום טויט, די בליקן פון די מיעשטשאַנעס פון דער ווילנער גאַס, אונדזערע שכנים פון דור־דורות, וועלכע האָבן ניט געקענט, אַפילו אין דעם שוידערלעכן מאָמענט, פאַרבאַהאַלטן זייער שאָדנפרייד און גיפטיקע, חיהשע שנאה צו אונדז. מיר האָבן בלוטיק־פאַרשעמטע אָפּגעקערט אונדזערע בליקן און קוים דערלעבט די מינוט שוין צו זיין אויסערן שטעטל, אויפן גאַוויער טראַקט. צום לעצטן מאָל אַ קוק געטאָן אויף איוויע, אונדזער געבורט־שטעטל און פאַרשאָלטן אונדזערע „ליבהאַרציקע" גויאישע שכנים און די גאַנצע רוצחישע וועלט...

## ב. פון גאַוויע קיין ביאַלע באַלאָטאַ

דער טיפער שניי און דער בייסיקער פראָסט האָבן שנעל אויסגעמאַטערט די מאַר־שירנדיקע. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן אַוועקוואַרפן אַ טייל פון די פעקלעך, וואָס האָבן באַשווערט דאָס גיין. די קליינע קינדער האָט מען געמוזט טראָגן אויף די פּלייצעס. אין דעם גרויסן טומל האָט ווער פאַרלוירן זיין קינד. ערשט אין גאַוויע האָט מען עס געפונען אין אַ שליטן... אַלע זיינען געווען זיכער, אַז אין גאַוויע וועלן די דייטשן מאַכן אַ „סאָרטיראָווקע" און אַלע „אַרבעטס־אומפעאיקע" וועלן אומגעבראַכט ווערן.

אויף דער סטאַציע גאַוויע זיינען שוין געשטאַנען די וואַגאָנען און מען האָט אונדז גלייך אַריינגעטריבן אין זיי. בלויז די פאַמיליעס פון די יודענראַטלער (קאַפּאַלד, מלי־נאַרסקי, לייבמאַן, דוואָרעצקי א. אַנד) און געציילטע פאַמיליעס, וואָס האָבן געגעבן גאָלד די מענטשן פון לידער געביטס־קאָמיסאַר, זיינען אָפּגעטיילט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין לידער געטאָ. ס'איז איבעריק צו זאָגן אַז מיר האָבן זיי שטאַרק מקנא געווען... אין די לאַסט־וואַגאָנען איז געווען אַזאַ ענגשאַפט, אַז מען איז געווען געצוווּנגען צו פאַרן דעם גאַנצן וועג שטייענדיקערהייט, צוזאַמענגעדריקט, אָן לופט און ליכט. די נסיעה קיין באַריסאָוו האָט געדויערט קאַרגע 4 מעת־לעת. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר גאָרנישט באַקומען, נישט קיין עסן און נישט קיין וואַסער. די לופט איז געווען אַזאַ שטיקנדיקע, אַז פיל האָבן אָנגעהויבן זיך צו וואַרגן... עס איז שווער צו שילדערן, וואָס מיר האָבן אי־בערגעלעבט במשך די דאָזיקע 4 מעת־לעת. מענטשן האָבן אָנגעהויבן בעטן אויף זיך דעם טויט. דאָס איז געווען ממש חבלי מיתה, אָן אָפּקומעניש פאַרן טויט...

קיין באַריסאָוו זיינען מיר אָנגעקומען ביינאַכט. די דייטשן האָבן באַפוילן אויסצו־שטייגן שנעל. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. יעדער האָט גענומען זוכן אין דער פינצטער זיינע זאַכן און, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט זיי געפינען אין דער ענגשאַפט. די קינדער — פאַרפרוירענע, הונגעריקע, דאָרשטיקע און איבערגעשראָקענע, האָבן האַרץ־רייסנדיק געוויינט. די דייטשן האָבן אונדז אַריינגעטריבן אין אַ פערד־שטאַל, בערך 400 מעטער פון דער סטאַציע. האַלב־טויט האָט זיך דער עולם אַוועקגעלייגט אויף די צו־געגרייטע פריטשן. עטלעכע עקשנים זיינען נאָך געגאַנגען זוכן די זאַכן, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אויפן וועג פון דער סטאַציע. די גליקלעכע, וואָס האָבן מיטגעבראַכט אַ ביסל

עסנוואַרג, האָבן אויף די נאַרעס געשטילט אַ ביסל דעם נאָגנדיקן הונגער. די אַנדערע האָבן בלויז געשלינגען די סלינע און זיך באַגאָסן מיט טרערן... מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין די נאַסע, קאַלטע בגדים, ווייל מיר האָבן נאָך ניט געהאַט פאַרלוירן דאָס בושה־געפיל און דעם צלם אלקים, כדי זיך אויסצוטאָן אין דער אָנוועזנהייט פ׳ן פרויען... טראָץ דעם יאוש און האָפענונגסלאָזיקייט האָט די שרעקלעכע מידקייט פון דער לאַנגער נסיעה געטאָן דאָס איריקע און מיר זיינען איינגעשלאָפן ניט וויסנדיק וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט אונדז...

### ג. דאָס לעבן אין לאַגער ביאַלאַ באַלאָטאַ (ווייסע בלאָטע)

אין צוויי טעג אַרום איז געקומען חיים בלאָך (חיימקע דער קליינער) מיט זיין פאַמיליע. ער האָט דערציילט, אַז מען האָט זיי ניט געוואָלט אויפנעמען אין לידע (פאַר גאָלד) און מען האָט זיי אָפגעשיקט קיין באַריסאָוו. איך האָב זיך אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעדרייט מיט יאָשע־איטשקען דעם קרעמער. מיר האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, זוכנדיק אַ וועג פון רעטונג, אָבער מיר האָבן ניט געזען פאַר זיך קיין ברעקל האָפענונג. די לאַגע איז געווען אַ האָפענונגסלאָזע.

צומאָרגנס איז געקומען אַ גרופּע דייטשן. זיי האָבן אַרויסגעטריבן פון דער פערד־סטאַינע די מענער און אָנגעהויבן פאַרשן יעדנס באַרוף. דאָס איז געווען איינער פון די באַקאַנטע דייטשע באַרואיקונגס־טריקן לגבי זייערע אומגליקלעכע קרבנות. אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס און די מענער (אַרום 80 מאַן) זיינען איינגעשטיגן אין זיי. די פרויען און קינדער זיינען דאָרט פאַרבליבן.

אונדז, מענער, האָט מען געבראַכט צו פירן אין אַ גרויסן וואַלד, 18 קילאָמעטער פון באַריסאָוו. דאָס איז געווען אַ בלאָטיקער וואַלד, פול מיט וואַסער און בלאָטעס, אַ מין פּושטשע. דאָס אָרט האָט געהייסן „ביאַלאַ באַלאָטאַ" (די ווייסע בלאָטע). מען האָט אונדז באַפוילן מאַכן בונקערס אין דער ערד פאַר אונדזערע פאַמיליעס. דאָס מאָל האָבן די דייטשן מקיים געווען זייער צוזאָג און באמת אַראָפּגעבראַכט צו אונדז די פאַמיליעס. עטלעכע טעג נאָך מיין קומען קיין ביאַלאַ באַלאָטאַ האָב איך דאָ געטראָפן יודל קאַבאַק, זיין פרוי, ראָזע און זייערע טעכטער, בערל ראַגאָוו (אליהוס) און פאַמיליע, ד״ר וואָלפּאָוויטש און אַנדערע. אין זייער הויז האָב איך געזען ראָזעס דענטיסטן־שטול, בערלס זייגערמאַכער־וואַרשטאַט. זיי האָבן דאָ פאַרגעזעצט די אַרבעט אין זייערע באַרופן.

אין לאַגער ביאַלאַ באַלאָטאַ האָבן געהערשט שוידערלעכע אַרבעטס־ און לעבנס־באַדינגונגען. אין די אונטערערדישע בונקערס האָט געהערשט אַ נעציקייט און קעלט. אין די בונקערס איז ניט געווען קיין טיש און בענקל. בלויז צוויי נאַרעס האָבן געדינט אויף צו שלאָפן, מענער, פרויען און קינדער צוזאַמען. צוליב דער שוידערלעכער קעלט און פיכטקייט האָט מען זיך צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, בכדי אַ ביסל צו דערוואַרעמען די דערפרוירענע קערפּערס. עסן האָט מען באַקומען בלויז איין מאָל אין טאָג און דאָס אין אַזאַ קנאַפּער און קאַרגער מאָס, אַז מען קען עס בכלל ניט באַצייכענען ווי עסן. וואַסער האָט מען געמוזט שלעפּן פון מרחקים. ווער האָט בכלל געטראַכט פון

אַרומוווּאַשן זיך אָדער אַנדערע סאַניטאַרע באַדינגונגען? די מענטשלעכע באַדערפע־נישן האָט מען דערלידיקט ווייט פון די בונקערס אין סאַמע וואַלד. דער הונגער, שמוץ, נעציקייט און די שווערע אַרבעט, זיינען געווען די הערשער אין לאַגער ביאַלאַ באַלאָטאַ.

באַלד אין דער פרי זיינען מיר געלאָפן נעמען אַ ביסל „קיפּיאַטאָק (וואַרעם וואַסער) און גלייך זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. יעדער האָט געהאַט זיך אַרבעטס־פּלאַץ. אַחוץ די פאַכמענער האָבן די אַנדערע מענטשן געאַרבעט ביי טאָרף, ביים אַראָפּלאָזן ביימער, בויען בונקערס און דאָס אַלץ אין מיטן די בלאָטעס. איך און נאָך עטלעכע פּערזאָן זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַרבעט אין אַ זעגעריי. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. דאָס עסן וואָס מען האָט באַקומען האָט ניט געקלעקט אויף צו לעבן און ניט געלאָזט שטאַרבן. אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט דערפרוירענע און אַדורכגעווייקטע פון נעציקייט איז ניט געווען ווי צו דערוואַרעמען דאָס לייב און ווי אויסצוטריקענען די נאַסע בגדים. מענטשן זיינען געפאַלן ווי די פליגן פון קראַנקייטן, הונגער, שמוץ, און די צאָל פון די איוויער איז געוואָרן קלענער פון טאָג צו טאָג.

## ד. די ליקווידאַציע פון לאַגער ביאַלאַ באַלאָטאַ

ניט ווייט פון אונדזער לאַגער איז געווען אַ צווייטער לאַגער פון די איוויער יידן. מיר האָבן געגלייבט, אַז די אַלע אַנדערע האָט מען אויסגעהרגעט אין באָריסאָוו, באַלד נאָך דעם, ווי מען האָט אונדז אַריבערגעפירט קיין ביאַלאַ באַלאָטאַ. אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו מיר מיין שוועסטער חיה, און מיר דערציילט, אַז בערך 5 קילאָמעטער פון אונדזער לאַגער געפינט זיך אַ צווייטער לאַגער פון בערך 400 איוויער. פון די נעמען, וואָס זי האָט מיר דערמאָנט, געדענק איך צוו אַנד..: היצלע קאַגאַנאָוויטש (גרופּ) מיט איר קליינעם יינגעלע, ניאָמעלע, איטקע שאַצקעס (דעם רבס טאָכטער), איר מאַן ד״ר בערנזאָן און טעכטערל. זיי האָבן געאַרבעט ביי די זעלבע אַרבעטן (בעיקר ביים גראָבן טאָרף) און דער פירער פון לאַגער איז יצחק (איטשקע) אַבראַמאָוויטש (משהקע חיים־אָרעס זון). דאָס לעבן דאָרט איז געווען נאָך שווערער ווי ביי אונדז, ווייל דאָרט זיינען געווען פיל מער פרויען, קינדער און אומפעאיקע צו דער אַרבעט.

אין די דאָזיקע שוידערלעכע באַדינגונגען האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די טיפוס־קראַנקייט. דער ד״ר וואָלפאָוויטש האָט געפּרוווט ראַטעווען, אָבער לײדער האָט ער ניט געהאַט קיין מעדיקאַמענטן. אין יעדן בונקער איז געווען אַן אויפזעער. אין אונדזער בונקער האָט די דאָזיקע פונקציע דערפילט חאַנע מאַלאַכאָווסקי. ער און ד״ר וואָלפאָוויטש האָבן קיינעם ניט געלאָזט בלייבן אין בונקער, אַפילו די, וואָס האָבן זיך שלעכט געפילט, ווייל דאָס האָט געדראָט מיט טויט. בלויז די, וואָס האָבן ניט געקענט אויפהייבן זיך פון געלעגער האָט ער געגעבן אַ דערלויבעניש צו בלייבן אין בונקער. אַז חוה בלאָך איז קראַנק געוואָרן האָבן זי די דייטשן באַלד דערשאָסן (עס האָט געהייסן, אַז מען פירט זי אַריבער אין אַ שפּיטאָל קיין באָריסאָוו).

איך פלעג זיך אָפט טרעפן מיט חאַנע בלאָך (דער „מייסטער"), הירשל דעם שמיד און אַנדערע. דער פריילעכער חאַנע איז געווען אין גאַנצן איינגעבראָכן. איך פלעג זיי

פרוון טרייסטן און געמוטיקט זיי זאָלן ניט פאַרלירן די האָפענונג. אָבער זיי פלעגן מיר ענטפערן, אַז דאָס לעבן איז זיי נמאס געוואָרן. זיי האָבן ממש ניט געהאַט וואָס צו עסן... מען האָט לייכט געקענט אַנטלויפן אין די וועלדער, אָבער ווי לאָזט מען איבער די קינדער אויף הפקר? אַזוי אַרום האָט מען שלום געמאַכט מיטן גורל און געהאָפט „אולי ירחם", זייענדיק זיכער, אַז עס איז ניטאָ קיין שום וועג פון רעטונג...

אין איינעם פון די ערשטע טעג פון חודש מערץ 1943, האָבן מיר, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, דערזען, אַז עס גרייט זיך עפּעס שרעקלעכס. דער לאַגער איז געווען אַרומגעשטעלט מיט מיליטער און מאַשין־געווער. מען האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די בונקערס און באַפוילן מיטנעמען אויך די קינדער (געוויינלעך פלעגן די קינדער בלייבן אין די בונקערס). עס איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע מהומה. אין גרויסן טומל האָבן זיי אַרויסגעפירט הירשע בלאַך, וועלכער איז לעצטנס געווען קראַנק און אים דערשאָסן אויפן פּלאַץ. עס איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, און די אָפּגעקליבענע האָט מען אַריינגעטריבן אין אויטאָס. צוממערסטן זיינען עס געווען מענער. צווישן די אָפּגעקליבענע אַרבעטס־פעאיקע זיינען געווען זייער וויניק גאַנצע משפּחות. געווען אויך אַ ביסל יינגלעך אין עלטער פון 15—18 יאָר (שפּעטער האָט מען זיי די ערשטע אויסגעמאָרדעט אין סמאָלענסק).

אַן ערך 70 מאַן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין סמאָלענסק, און אַלע איבעריקע איוויער פוןביידע לאַגערן האָט מען אויסגעשאָסן באַלד נאָך אונדזער אָפּפאָר. זייער צאָל איז געווען בערך 900 פּערזאָן. הונדערטער זיינען געשטאָרבן פון טיפוס, הונגער און פאַרצווייפלונג, אין די דריי חדשים אין די לאַגערן. די אויסמאָרדונג פון די קרוב טויזנט איוויער יידן איז בכן פאָרגעקומען בערך אין די טעג פון 7—9 מערץ 1943.

## ה. דאָס גהינום אין סמאָלענסקער לאַגער

מיר, דאָס ביסל אָפּגעקליבענע צום לעבן, זיינען געפירט געוואָרן אין אויטאָס, באַוואַכטע דורך רוסישער פּאָליציי קיין סמאָלענסק. מיר האָבן אין ביאַלאַ באָלאָטאַ איבערגעלאָזט אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע, וועמענס ביטערער גורל איז אויסגעפאַלן דערמאָרדעט צו ווערן אין די וואַלדיקע בלאָטעס הינטער באָריסאָוו. די רוסישע זועכטערס האָבן זיך איבער אונדז איזדעקעוועט. זיי האָבן אונדז מערדערלעך געשלאָגן איבער די קעפּ מיט די פּריקלאַדן פון די ביקסן און געפּאָדערט פון אונדז גאָלד, זייגערס און געלט. נאָכן איבערנעכטיקן אין אַ שאָפּע אין וויטעבסק זיינען מיר צומאָרגנס, דעם 10טן מערץ 1943 אָנגעקומען קיין סמאָלענסק.

דאָרט האָט מען יעדן אונטערזוכט און באַפוילן אָפּצוגעבן אַלע ווערטפולע חפצים און געלט. ביי וועמען מען האָט עפּעס געפונען האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. הונגעריקע, האַלב־נאַקעטע, דערשלאָגענע און פאַרשמוצטע האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון דעם פרישן גיהנום, וואָס האָט געהייסן סמאָלענסק. דאָס עסן איז געווען אַ ביסל גראָז מיט וואַסער, איז ניט קיין וווּנדער, אַז באַלד איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט כמעט קיינעם ניט אויסגעמיטן. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן, ווי ווייט מעגלעך, פאַרבאַהאַלטן די טיפוס־קראַנקייט. די דייטשן האָבן דערשאָסן יעדן איינעם, וועמען

זיי האָבן חושד געווען אַלס טיפוס־קראַנקן. איין מאָל האָט מען אונדז געטריבן אין באָד. ווער עס איז אָפּגעשטאַנען ביים לויפן האָט מען באַלד דערשאָסן. אַ צווייט מאָל האָט מען אונדז געטריבן זיך באָדן אין דניעפּר, ווען דאָס אייז איז אַפילו נאָך ניט צעגאַנגען. מיר זיינען נאָך דאַן געווען קראַנק אויף טיפוס, אָדער נאַר־וואָס אַרויס פון דער דאָזיקער קראַנקייט און זיי האָבן געוווסט, אַז ניט אַלע וועלן דאָס אויסהאַלטן. זייער פיל זיינען געפאַלן ווי די פליגן.

די רוסישע וועכטער פלעגן שלאָגן אומברחמנותדיק בעתן טראָגן שווערע קלעצער און ניט זעלטן פלעגן זיי שלאָגן ביז טויט. אַזוי זיינען דערמאָרדעט געוואָרן נאָכן לעצטן צעשלאָגן משה שמוקלער און מולקע אַשעראָווסקי. לויטן באַפעל פון לאַגער־פירער האָבן מיר איין מאָל, צוריקקערנדיק זיך פון דער אַרבעט געמוזט טרעטן איבער שמואלינקעס טאָכעלעס קערפּער, נאָך דעם ווי זיי האָבן אים דערשאָסן ווי אַ הונט... קיינער פון אונדז האָט גאָרניט געגלייבט, אַז עמעצער פון אונדז וועט איבערלעבן דעם סמאָלענסקער לאַגער. די קורצע תקופה אין ביאַלאַ באַלאָטאַ האָט אויסגעוויזן אין אונדזערע אויגן ווי אַ גן־עדן... איך און חאָנע מאַלאַכאָווסקי האָבן געאַרבעט ביים רייניקן ציגל. חאָנע בלאָך איז געקומען צו אונדז און דערציילט, אַז מען האָט אַרויסגעוואָרפן זייך פאָטער (חיימקע דער קליינער) פון דער סטאָלאַרניע. יעדע אַנדערע אַרבעט איז פאַר אים אַ טויט־אורטייל. מיר האָבן גערעדט מיט אונדזער מייסטער און ער האָט מסכים געווען אַריינצונעמען אים צו אונדז, ווו ס׳איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק אַ לייכטע אַרבעט.

אין איינעם אַ זונטיקדיקן טאָג, אויגוסט 1943, האָבן די דייטשן אָפּגעקליבן אַ גרופּע (אויך איך בין געווען צווישן זיי), און אָפּגעפירט אין מיליטערישע מאַגאַזינען און באַפוילן צו פאַקן די זאַכן. אין אָוונט, שוין זייענדיק אין לאַגער, האָבן זיי אונדז באַשולדיקט אין גנבענען זאַכן. מיין מייסטער האָט באַשטעטיקט, אַז איך און קאָפּל משהקעס האָבן געאַרבעט אויפן צווייטן שטאָק און דאָס האָט אונדז געראַטעוועט. די אַנדערע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן. זיי האָבן דערהרגעט מיט שטעקנס. בעלאָוסקיס יינגל, רובטשיק דעם שטעפּערס יינגל, משהקע אַלטער ישראלס יינגל און אַ ריי אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק ניט. אין סמאָלענסק זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויך צוויי זין פון חיים לייבאָוויטש, אהרן גומניץ א״אַ.

## ו. טויט־סטאַציעס: מינסק, לובלין, בליזשאַן, מאַטהאַוזען, עבענע

סוף אויגוסט 1943 האָט מען דאָס ביסל לעבנגעבליבענע אַרויסגעפירט קיין מינסק. צוזאַמען מיט מיר זיינען אָנגעקומען קיין מינסק: חיים און חאָנע בלאָך, אהרן־וועלוול לייבמאַן, חאָנע מאַלאַכאָווסקי, מיין שוועסטערס יינגל ישעיהו משה, ראובקע דער שוסטער, קאָטלאַרסקי (קושקעס איידעם), ישראלקע קעסלער (זעליקס), אהרן יאָפּכעלאָוויטש, לעווקאָוויטש (טראַב), דעם שערער בענדערס צוויי יינגלעך, מיינע צוויי קוזינען, גומניץ (איסערס), חיים לייבאָוויטש, הירשל חאַצקלס צוויי יינגלעך, קאָפּל משהקעס מיט צוויי יינגלעך און נאָך וויניקע וועמענס נעמען איך געדענק ניט.

מינסק איז פאַר אונדז געווען בלויז אַ טראַנזיט־לאַגער. דאָרט האָט מען אַריינגעטריבן די וויניקע יידן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט, נאָך דער פולשטענדיקער ליקווי־

דאַציע פון מינסקער געטאָ. אין 5 טעג אַרום האָט מען אונדז פאַרלאָדנט אין לאַסט־וואַגאָנען און מיר זיינען געפאָרן 4 מעת־לעת אָן עסן און טרינקען, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין לובלין.

נאָכן נאָכפרעגן זיך וועגן אונדזערע באַרופן האָבן זיי אונדז אַריינגעטריבן אין אַ שאָפּע און געשלאָגן מכות רצח. אונדזער בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. אין די „הפסקות" האָבן זיי פון אונדז געפאָדערט גאָלד און דאָלאַרן... פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די אַלע גהינום־לאַגערן וואָס מיר זיינען אַדורך, האָבן זיי מער ווי אונדזער נשמה ניט געקענט נעמען... מען האָט אונדז באַלד ווידער אַריינגעטריבן אין לאַסט־וואַגאָנען, צו 120 מאַן אין אַ וואַגאָן און געפירט קיין אוישוויץ. במשך פון די דריי מעת־לעת פאָרן ביי אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אין אַן ענגשאַפט, וואָס לאָזט זיך כלל ניט שילדערן (אָן עסן און טרינקען), זיינען פיל אויסגעשטאָרבן.

פאָרן אַריינפירן אין בליזשינער לאַגער (אוישוויץ האָט אונדז ניט געוואָלט אויפנעמען) האָט מען אונדז באַקליידט מיט לאַגער־מלבושים אין פאַסן, באַצירטע מיט די בוכשטאַבן K. L.. קיין בליזשין בין איך אָנגעקימען בלויז מיט געציילטע איוויער. די אַנדערע זיינען געבליבן אין לובלינער לאַגער. אין בליזשינער לאַגער האָבן געהערשט הונגער, קעלט און לייז. מיר זיינען געפרוירן געוואָרן אין אונדזער לייכטער לאַגער־הלבשה. דאָ זיינען מיר געווען פון אָקטאָבער 1943 ביז אַפּריל 1944. מען האָט אונדז ווידער געשיקט מיטן טראַנספּאָרט. מיר זיינען שוין געווען מוסולמענער ד. ה. הויט און ביינער, האַלב־טויטע און מיר זיינען געווען גלייכגילטיק צום לעבן. קיין פלאַשאָוו איז מיט מיר געקומען בלויז שמואליק דעם שערערס יינגסטע יינגל. מיינע קוזינען (יודל מיט אַבען) זיינען איבערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדערן לאַגער. די אַנדערע איוויער האָבן זיך אין בליזשינער לאַגער אין גאַנצן איינגעבראָכן און די דייטשן האָבן איינגעשפּאַרט אויף זיי קוילן.

אין איינעם פון די יולי־טעג 1944, האָב איך דערזען אויפן אַפּעל־פּלאַץ חאַנע מאַלאַכאָווסקי, מיך שוועסטערס ייגל ישעיה־משה און אַלטער דער ליפּנישקער. אָבער מיין פרייד האָט לאַנג ניט געדויערט, ווייל גלייך צומאָרגנס האָט מען זיי אַריבערגעפירט ערגעץ אַנדערש. סעפּטעמבער 1944 האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין לאַגער מאַטהאַוזען. נאָך אַ פּאָר וואָכן האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין לאַגער מעלך (עסטרייך), וווּ מיר האָבן געאַרבעט ווי קאַטאָרזשניקעס אין די אונטערערדישע שאַכטן. דאָרט האָט אַ „קאַפּאָ" דערהרגעט שמואליקן, ווען ער האָט אים געטראָפן זיך אָפּרוען...

אין מערץ 1945 זיינען מיר איבערגעפירט געוואָרן קיין עבענזע (עסטרייך) — אַ טויטן־לאַגער, וואָס האָט געציילט 20 טויזנט מאַן. דאָרט זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דעם 5טן מאַי 1944 דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

פון די קרוב 1200 יידן, וואָס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן יאַנואַר 1943 פון איוויער געטאָ קיין ביאַלאַ באַלאַטאַ, הינטער באָריסאָוו, זיינען נאָך דער מלחמה געבליבן בלויז זיבן. אָט זיינען זייערע נעמען:

שבח חיימאָוויטש; חיים לייבאָוויטש (ישראל); די ברידער: יודל און אבא גומניץ; די ברידער: יעקב און זלמן שמוקלער און דוד־משה יאפּעטלאָוויטש (אַמעריקע).

צפורה זשוראַווסקי (זינגער) / נתניה

# דער גורל פון די איוויער יידן אין לידער געטאָ און לאגער



זינט דעם 31סטן דעצעמבער 1942, ווען גע־קומענע „טאָדט"־לייט האָבן אַרומגערינגלט דעם איוויער געטאָ און אַרויסגעפירט עטלעכע הונ־דערט יידן אויף אַרבעט אין די טאָרף־זומפּן הינטער באָריסאָוו (ביי מינסק), האָט מען גע־ווּוסט, אַז דער גורל פון איוויער געטאָ איז אַ געחתמעטער און אַז בקרוב וועט דאָס שטעטל ווערן „יודענריין"...

דאָך איז שווער צו שילדערן די פּאַנישע שרעק וואָס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט ווען מיר האָבן אויפשטייענדיק דעם 20סטן יאַנואַר 1943, זיך דערזען אַרומגערינגלט דורך זשאַנדאַרן און פּאָ־ליציסטן. דער „מייסטער" פון דער זשאַנדאַר־מעריע האָט פאַרזיכערט פייערלעך, אַז עס וועט ניט זיין קיין סעלעקציע און קיין „אַקציע" (שחיטה) און, אַז אַלע יידן ווערן אַריבערגעפירט קיין באָריסאָוו, ווו מען וועט אַרבעטן ביז נאָך דער מלחמה. אין געטאָ ווערן איבערגעלאָזט ציטווייליק בלויז 5—6 גאַרבערס, כדי צו פאַרענדיקן זייער אַרבעט.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם „לעצטן מאַרש" פון די איבער 1000 לעצטע יידן פון איוויער געטאָ (צווישן זיי אויך ליפּנישקער, טראַבער, א. אַנד.) דורך ווילנער גאַס אויפן וועג צו דער סטאַנציע גאַוויע (7 ק"מ) און די בליקן פון שאָדנפרייד פון אונדזערע שכנים פון דור־דורות, די „מיעשטשאַנעס". איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט אַרויסגייענדיק פון שטעטל... אין גאַוויע האָט מען אַלעמען געלאָדן אין משא־וואַגאָנעס, איינגעשלאָסן די פאַמיליעס פון די געציילטע גאַרבערס, וועמען די זשאַנדאַרמעריע האָט צוגעזאָגט איבער־צולאָזן אין לידער געטאָ און זיי אָפּגעשיקט קיין באָריסאָוו. בלויז 4 פאַמיליעס פון יודענ־ראַט (קאַפּעלד, דוואַרעצקי, מלינאַרסקי און לייבמאַן) און אייניקע פאַמיליעס (זשוראַווסקי, דוד קאַגאַנאָוויטש, אַבראַמאָוויטש־ליפּנישאַק, יצחק גאָרדאָן) זיינען אַריבערגעפירט גע־וואָרן קיין לידע

די אַריבערגעפירטע פאַמיליעס זיינען מערסטנטייל אַריינגעפירט געוואָרן אין דער געוועזענער פרויען־טורמע פון די צייטן פון דער פּוילישער הערשאַפט. בלויז אייניקע פאַמיליעס האָבן זיך איינגעאָרדנט אין לידער געטאָ, ווו שוין פון פריער האָבן געלעבט עטלעכע צענדליק איוויער משפחות, וועלכע זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אַהער אַלס

פּאַכמענער אויף אַרבעט דורך דער דייטשער „טאָדט"־אָרגאַניזאַציע באַלד נאָך די גרויסע שחיטות (מאַי 1942) אין לידער געביטס־קאָמיסאַריאַט.

אין לאַגער האָבן מיר געטראָפן צענדליקער איוויער בחורים, פּאַכמענער, בעיקר סטאָליאַרעס, וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרן פון איוויער געטאָ פריער דורך דער „טאָדט"־אָרגאַניזאַציע, צו אייזנבאַן ־ בוי אויף דער לידער באַן ־ סטאַנציע. די מענער און די יונגע מיידלעך זיינען טאָג־טעגלעך געפירט געוואָרן אונטער אַ וואַך אויף אַרבעט צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע. די עלטערע פרויען און קליינע קינדער זיינען פאַרבליבן אין לאַגער. דער „לוין" פאַר דער אַרבעט, צוגאָבלעך צו באַליידיקונגען און קלעפּ, איז געווען אַ טע־לער שיטערע זופּ און עטלעכע הונדערט גראַם ברויט. אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט פלעגט יעדער, וועלכער האָט נאָך עפּעס פאַרמאָגט עס מיטנעמען מיט זיך און אויסטוישן אויף דער אייזנבאַן־סטאַנציע אויף שפּייז־פּראָדוקטן. אַלע אַנדערע, וואָס האָבן ניט געהאַט וואָס צו טוישן האָבן פּשוט געהונגערט. דער אַריינגאַנג פון די לאַגער־איינוווינער אין לידער געטאָ איז געווען אוממעגלעך, ווייל מיר האָבן געהאַט אַ סטאַטוס פון אַרעסטאַנטן. ווי געזאָגט, איז אונדזער איינציקער מאַרשרוט אונטער אַ וואַך געווען צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט אויף דער לידער אייזנבאַן־סטאַנציע. כדי זיך אַריינגנבענען אין געטאָ האָט מען געמוזט אָנקומען צו פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט ערנסטע געפאַרן. מען פלעגט זיך אָנשליסן צו די אַרבעטער פון געטאָ, וואָס האָבן אויך געאַרבעט אויף דער לידער אייזנבאַן־סטאַנציע.

ווינטער 1943 האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ באַוועגונג אין לידער געטאָ, וואָס האָט פּראָפּאַגירט צו אַנטלויפן אין די אַרומיקע וועלדער און אָנשליסן זיך צו די רוסישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן דאַן פאַרשטאַרקט זייער קאַמף קעגן די דייטשישע אָקופּאַנטן. באַזונדערס פּאָפּולער איז געווען אין געטאָ ביעלסקיס פאַמיליע־אָטריאַד ווו עס איז געווען אַ רעטונגס־אָרט אויך פאַר אומקאָמפּסםעאיקע עלעמענטן. פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן שוין געפונען זייער אָרט אין די קעמפערישע רוסישע אָטריאַדן (באַזונדערס אין „איסקראַ") און ביי ביעלסקין, פלעגן זיך אַריינגנבענען אין געטאָ מיט פאַרשיידענע אויפגאַבן בעיקר כדי אַרויסצופירן זייערע משפּחות אין די וועלדער. געווען אַ צייט ווען דער עצם אַרויס־גאַנג פון לידער געטאָ איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק אַ לייכטער. אין פינצטערע נעכט פלעגן אַרויסגיין גרופּעס, טיילווייז מיט געווער, דורך די געטאָ־דראָטן, זייענדיק זיכער, אַז די „ווייסע גענדז" (פּוילישע פּאָליציסטן), וואָס האָבן געהיט דאָס געטאָ, וועלן ניט זיין אויף דער וואַך (זיי זיינען געווען אונטערגעקויפט). במשך פון ווינטער און זומער 1943 (ביז דער ליקווידאַציע) זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער די איוויער: יצחק גאָרדאָן, משה קאַגאַנאָוויטש, טוביה אַנגעל, פאַמיליע ח. ל. דוואָרעצקי, די דריי ברידער קאַגאַן־„טאַכעלע" (מאָטקע, יאַנקל און אלי ז"ל), די ברידער אַלבערשטיין און זייער שוועסטער, קלמן און נחמה שניידער, ברוך קאָפּאַלד — ניקאָלאַיעווסקי. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ (צומאָרגנס) די פאַמיליעס גלעלער, גאָלובאָק א. אַנד., וועמענס נעמען איך געדענק ניט.

לידער געטאָ איז דוכט מיר געווען דאָס לעצטע געטאָ אין ווייסרוסלאַנד צו ליקווי־דאַציע. דעם 17טן סעפּטעמבער 1943 ווען מיר זיינען געוויינלעך אויפגעשטאַנען און זיך

געגרייט גיין צו דער אַרבעט, האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מיר ווערן איבערגעפירט אין אַ צווייטער לאַגער אין פּוילן, ווייל אין לידער האָט „טאָדט" מער ניט קיין אַרבעט פאַר אונדז. אויף דער סטאַנציע האָבן מיר שוין געטראָפן אַלע יידן פון לידער געטאָ פאַר־פּאַקטע אין די וואַגאָנעס. די וואַך איז באַשטאַנען פון דייטשע זשאַנדאַרן, פּוילישע פּאָלי־ציסטן און „טאָדט"־לייט. דער צוג האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך. אָפּהאַלטנדיק זיך אויף פאַרשיידענע סטאַנציעס. די ענגשאַפט אין די אָפּגעשלאָסענע בהמות־וואַגאָנעס איז געווען אין לשער. די שטימונג אַ פאַריאוּשטע. אָבער דאָך האָבן נאָך פיל געהאָפט, אַז מען פירט אונדז באמת אין אַן אַרבעטס־לאַגער, כאָטש די סימנים זיינען ניט געווען קיין צוזאָגנדיקע: די וואַגאָנעס פאַרשלאָסענע אָן שום זאָרג פאַר לופט, וואַסער, עסן און אַנדערע מענטשלעכע פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש...

צומאָרגנס אָוונט (דעם 18טן סעפּטעמבער 1943) האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט נעבן טויטן־לאַגער סאָביבאָר, ווו מען האָט אונדז צום ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזט פון די וואַגאָנעס, אָטעמען אַ ביסל פרישע לופט און דערליידיקן מענטשלעכע באַדערפענישן. באַלד האָט מען אונדז ווידער פאַרשלאָסן אין די וואַגאָנעס און געוואַרט ביז פרימאָרגן, ווען מיר זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין לאַגער. דאָרט איז באַלד פאָרגעקומען אַ סע־לעקציע און די א. ג. „אַרבעטס־אומפעאיקע" (פרויען, קינדער) האָט מען איבערגעלאָזט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער גורל איז אַ געחתמעטער (19טער סעפּטעמבער 1943).

אַלע אַנדערע האָט מען צוריק אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען. דער טראַנספּאָרט האָט זיך אָפּגעהאַלטן מחוץ דעם לאַגער און מען האָט אונדז ווידער דערלויבט אַרויסצוגיין פון די וואַגאָנעס. דאָ האָב איך צופעליק דערזען, אַז דער קאָמענדאַנט פון טראַנספּאָרט־וואַך איז אָטאָ וייסבעקער, אַן אַרבעטס־פירער אין לידער "טאָדט", ביי וועמען איך האָב געאַרבעט אַ קורצע צייט. ער איז געווען אינגאַנצן שיכור. איך האָב אים געפרעגט: „וואָס גייט מען טאָן מיט אונדז?" ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַ טייל גייט אין לאַגער, טראַווניקי און אַ טייל קיין מאַידאַנעק, ביי לובלין. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך מיט מיינע צוויי ברידער: מיילעך און חיים־לייבעלע מיטנעמען צוריק קיין לידע (די מאַמע מיט מיין קליינע שוועסטער — חיה־רחלע זיינען סעלעקטירט געוואָרן צום טויט אין סאָביבאָר). פאַר דעם האָב איך אים צוגעזאָגט געבן די אַדרעסן פון די גוים, ביי וועמען מיר האָבן איבערגעלאָזט אונדזער פאַרמעגן. לויט מיין פּלאַן איז די אידעאַלע באַהעלטעניש געווען דער בית־שימוש אין וואַגאָן פון דער וואַך, ביז מען וועט איבערלאָזן די מענטשן אין די אויבנדערמאָנטע לאַגערן. ער האָט לכתחילה מסכים געווען און איך בין געגאַנגען איבער־ריידן וועגן דעם רעטונגס־פּלאַן מיט מיינע ברידער. אינצווישן האָט אַ פּוילישער פּאָלי־ציסט געראָטן נאָך צוויי מיידלעך אַריינצוגיין אין וואַגאָן פון דער וואַך: גיטל לייבמאַן פון איוויער געטאָ און רחל פון שטוטשין. דאַן האָט אָטאָ וייסבעקער געזאָגט, אַז עס איז שוין ניטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר מיינע ברידער, ווייל אין בית־שימוש איז דאָ אָרט נאָר פאַר 3 פּערזאָן. איך און די צוויי מיידלעך זיינען אַריין אין בית־שימוש פון דעם וואַגאָן, ווו עס איז געפאָרן די וואַך. אינצווישן האָט מען אָפּגעפירט אַ טייל וואַגאָנעס קיין טראַווניקי און אַ טייל קיין מאַידאַנעק. די וואָס זיינען אַריינגעפאַלן קיין טראַווניקי האָבן דאָרט געלעבט ביז נאָוועמבער 1943 ווען דער לאַגער איז ליקווידירט געוואָרן און אַלע לאַגערניקעס

זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. אין מאַידאַנעק האָט מען זיי באַלד נאָכן ברענגען געשיקט אין די גאַז־קאַמערן (20 סעפּטעמבער 1943)...

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג פון מאַידאַנעק האָט זיך דער צוג פאַרהאַלטן אויף אַ סטאַנציע און ווייסבעקער האָט באַפוילן, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש און אַראָפּגיין פון וואַגאָן. מיר, די דריי יידישע מיידלעך זיינען געווען אינגאַנצן פאַריאושט און געבעטן אים, אַז ער זאָל אונדז דערשיסן. ער האָט עס ניט געוואָלט טאָן אָבער מיט גוואַלד אַראָפּגעטריבן אין אָפענעם פעלד.

זאַלבעדריט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אין מיטן העלן טאָג און ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך. די פּאָליאַקן וועמען מיר האָבן געפרעגט, ווו מיר געפינען זיך האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר געפינען זיך נעבן דעמבלינער פלי־פּלאַץ און די גאַנצע געגנט איז באַזעצט דורך ס.ס.־לייט. אין אונדזער פאַרצווייפלונג האָבן מיר באַשלאָסן זיך איבער־צוגעבן אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע. דאָרט האָבן מיר דערציילט די גאַנצע גע־שיכטע און מיר האָבן פאַרגעשטעלט דעם דייטש אָטאָ ווייסבעקער אַלס אַזאַ, וואָס האָט אונדז געוואָלט אויפצווינגען צו ראַסן־שאַנדע. נאָך אַ באַראַטונג האָבן זיי אונדז אָפּגע־שיקט אין דעמבלינער אַרבעטס־לאַגער. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אויפן פלי־פּלאַץ ביז יוני 1944. דאַן איז דער דעמבלינער לאַגער ליקווידירט געוואָרן און מיר אַלע זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוער אַרבעטס־לאַגער „וואַרטאַ".

מיטן דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין דייטשלאַנד אין לאַגער בערגען־בעלזען, ווו איך בין געווען ביז דער באַפרייאונג (אַפּריל 1945) דורך דער ענגלישער אַרמיי. פון אַלע יידן פון איוויער געטאָ, וואָס האָבן געלעבט אין לידער געטאָ און טאָדט־לאַגער (לויט מיין השערה אַרום 150 פּערזאָן) און זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע לידער יידן אין דער טרויעריקער דאַטע (17טן סעפּטעמבער 1943) האָבן איבערגעלעבט די מלחמה בלויז איך און גיטעלע לייבמאַן... אַלע זיינען די אומגעקומען צוזאַמען מיט די רעשטלעך יידן פון אַלע געטאָס פון לידער געביטס־קאָמיסאַריאַט אין די טויט־לאַגערן פון סאָביבאָר, טראַווניקי און מאַידאַנעק...

## אלימלך (מישה) מלמד

# הפיצוץ הראשון

החורף של שנת 44—1943 היה קשה במיוחד. כפור וקר עז שרר ברחבי בילורוסיה (רוסיה הלבנה) רוחות עזים וקרים פקדו מזמן לזמן את איזור יערות נאליבוקי. אחרי קורס קצר לחבלה נתמנתי כמפקד קבוצת חבלנים. המשימה שהוטלה עלינו היתה פיצוץ הכביש הבינעירוני סטולפצי—מיר. מוקשים שימשו לנו לא רק למיקוש מסילות־הברזל, אלא גם כנשק יעיל נגד כלי־רכב של הגרמנים הנעים בכבישים.

באחד מימי מרץ 1944 יצאנו לדרך. בקבוצתי היו 4 פרטיזנים, כולם צעירים, תאבי־

נקמה ומלאי מרץ. לרשותנו היו רובים ומספר רימוני־יד. התישבנו בתוך המזחלות (שליטנס) ונסענו בכיוון הכפר בְּרֶזנו שע״י הנהר נימאן. אחרי 4 שעות נסיעה הגענו לכפר. פגשנו שם סיור פרטיזנים מהגדוד שלנו, שהודיעו לנו שבסביבה שורר שקט מוחלט, ואין רואים גרמנים. נכנסנו לאחד מבני הכפר, סעדנו את לבנו וחכינו עד רדת החשיכה. בערב יצאנו ברגל לכיוון הכביש שבין מיר וסטולפצי. כמקום המיועד לחבלה בחרנו קטע מהכביש, כ־3 ק״מ מהעיירה מיר. מצב הרוח שלנו היה מרומם, כי הצטיידנו בקצת יי״ש כדי להתחמם בצינת הלילה החורפית. למזלנו הרע היה בהיר וליל ירח מלא.

אחרי צעידה מהירה של שעות מספר הגענו לכביש. שלחתי מיד, כמקובל, פרטיזן אחד ימינה ושני שמאלה, קרוב למקום המיועד למיקוש לשם שמירה על אנשינו. אני ועוזרי התחלנו במרץ לעסוק בהטמנת המוקש. בחרנו כמקום המיקוש שטח, בו נראו עקבות צמיגי מכונית. העבודה היתה קשה למדי, כי האדמה היתה קפואה. בקושי הוצאנו כמה אבנים, חפרנו מספר סנטימטרים בתוך האדמה והטמנו את המוקש. הכנסתי את הנפץ במקומו, והתחלתי בזהירות להסוות את המקום. כעבור חצי שעה היה הכל גמור, לקחנו את החצץ ורגבי האדמה שהוצאנו והתרחקנו במהירות מהמקום.

כשהיינו כמאה מטרים מהכביש שמענו פתאום רעש של מכוניות מתקרבות. נתתי פקודה להתרחק בריצה מהמקום כמאתיים מטרים הפרידו בין הכביש לבין היער. תוך כדי ריצה זרקתי מבט על הכביש וראיתי אור קלוש של פנסי מכונית הנוסעת מסטולפצי למיר. הגענו לפאתי היער כשאנו עייפים, נושמים ונושפים בכבדות. הסתובבנו וציפינו בקוצר־רוח למה שיקרה. המכונית התקרבה במהירות למקום בו היה טמון המוקש. הסתכלתי בפני אנשי קבוצתי, כולם היו מתוחים וכל אחד מאתנו התפלל בלבו שצמיגי המכונית יעלו על המוקש. גם אני התפללתי בלחש תפילה זו: „אלקים, תן לי לראות במו עיני, איך הגרמנים עפים באוויר, תן לי לנקום, ולו גם במקצת, על הפשעים שהגרמנים הרוצחים עוללו לעמנו״...

המכונית התקרבה אל נקודת התורפה. המתח עלה, נדמה היה לי שהמכונית כבר עברה את המקום בו הונח המוקש, פתאום: ב ו ו ם ם ם!!! התפוצצות אדירה הדהדה בליל השקט, אם ועשן סמיך התנשאו אל על, למרומים. ברגע הראשון התרגשנו כאילו שכחנו את מצבנו והיתה תשוקה לרוץ למקום בו קרתה ההתפוצצות ולראות את המתרחש שם. אולם ידענו גם שבמיר נמצאים במצב הכן כמה מכוניות משוריינות של הגרמנים, והן חשות לעזרה עם שמיעת הדי יריות או התפוצצות. נתתי פקודה מיד לחזור למחנה. בשמחה ובצהלה חזרנו לכפר ברזנו. שתינו את בקבוק היי״ש שהיה ברשותנו, שלחנו מיד איכר, איש המודיעין של גדודנו, לעיירה מיר, כדי להשיג אינפורמציה מדויקת על תוצאות המיקוש. היינו כולנו עייפים וסחוטים, שכבנו לישון, כשאחד כמקובל נשאר לשמור על הישנים. השמירה התחלפה כל שעתיים. חכינו לבואו של איש המודיעין, ממיר. לפנות ערב חזר האיש מהעיירה ומסר לנו כי מכונית קטנה עם ארבעה קצינים של חיל האויר הגרמני עלתה הלילה על המוקש, שלשה מהם נהרגו בו במקום ואחד נפצע קשה. במצב רוח מרומם חזרנו לבסיסנו ביערות.

מבצע החבלה הראשון של קבוצתנו הוכתר בהצלחה מלאה.

מהנדס יצחק (איצ'ה) גורדון / אמריקה

# דרכי בגיטאות וביערות בשנות הכיבוש הנאצי

## א. מגרודנה המופצצת לאיביה הכבושה

המלחמה הגרמנית־הסובייטית מצאה אותי בגרודנה, בה סיימתי יום לפני כן את בחינות הבגרות. שלא כמו לפני פרוץ מלחמת פולין־גרמניה בשנת 1939, לא היו עתה שום סימנים והתפתחויות שיורו על מה שעתיד להתרחש. כבנין קלפים התמוטטה ה„ידידות" בין הנאצים והרוסים. הציבור, ששאב את ידיעותיו מהעתונות הסובייטית בלבד, עמד על המצב לאשורו רק כשהמלחמה כבר פרצה.

בבוקר של ה־22 ליוני 1941 התעוררנו לקול התפוצצויות ומיד אפשר היה לעמוד על המתרחש: עשרות מטוסים גרמניים הטילו פצצות ללא אבחנה וכל העיר הפכה לאבוקה בוערת. במשך היום השתדל כל אחד למצוא מחסה מרסיסי הפצצות. האש המתפשטת, אילצה אותנו לעבור מסביבה לסביבה תוך ריצה בין הלהבות, ולעתים כאשר אוירונים זורעים הרס וחורבן התעופפו מעל לראשינו. עברתי לאחד הבתים ברחוב הראשי ומצאתי מחסה בתוך מרתף של בית־קומות. עם רדת הלילה פחתו התקפות המטוסים, אך לעומת זאת אפשר היה להבחין בהתפוצצויות של פגזי תותחים. הגרמנים התקרבו לגרודנה. בתוך המקלט עבר עלינו ליל בלהות, התחושה של התקרבות הגרמנים ויחד עם זה כנראה גם התמוטטות החזית כולה, ניחשה לנו ימים קשים. לא היתה דאגה אצל הפולנים שודאי שמחו על שיכלו להפטר מהשלטון הרוסי השנוא עליהם ויחד עם זה לא חששו באשר לעתידם תחת השלטון הגרמני.

בהשכמת הבוקר של ה־23 לחודש יוני, 1941 הופיעו הגרמנים הראשונים רכובים על אופנועים בחוצות העיר. ובכן — אשר יגורנו בא. איש לא פלל באותו יום שלגבי היהודים זה ראשית חיסולם. הנכון הוא שבימים הראשונים לא גילתה חית־הטרף את שיניה בכלל ובמשך השבועיים לשהותי בגרודנה לא שמעתי על מקרה רצח של יהודי. באותה תקופה ראינו רק צבא של ה„וורמאַכט" הסדיר, שאם כי ידע יפה להתעלל ביהודים, הרי טרם רצחו ביוזמתם הם. הרחובות היהודיים מאחורי בתי הכנסת נשארו שלמים והיהודים שבתיהם נשרפו בהפצצה, עברו לגור בסביבה ההיא, וכך נוצר מעין „גיטו" טרם שהגרמנים כפו זאת עליהם. מיד התחילו במשטר של השפלה, מכות ועלבונות כגון: ענידת סרטים ועבודות כפיה מבזות.

ידענו שהגרמנים כבר השתלטו גם על עיירתנו, איביה. יחד עם גוטה קלמנוביץ' וצפורה (פייגלה) ז'ורבסקי, שלמדו כמוני בגרודנה, תיכננו את שובנו לחיק משפחותינו באיביה. בעזרתו של הירשל שמוקלר, איביאי מוכשר ונבון שהתגורר בשנות השלטון הסובייטי בגרודנה, הצלחנו להשיג מה„קומנדטורה" הגרמנית, רשיון־תנועה ברכבת־משא לכיוון איביה. הודות לזה נמנעה מאתנו הליכה מסוכנת בדרכים, דבר שהתכוננו לו באין ברירה. הדרך ברכבת עברה בסדר, אם כי פחדנו שלא נתגלה כיהודים, שהנסיעה ברכבת

היתה אסורה עליהם. למחרת — היה זה בראשית יולי 1941 — הגענו לגאוויה, התחנה האחרונה לפני איביה.

בלב רועד שמנו פעמינו לכיוון איביה.

## ב. ההתעללות בהעברת טאנק סובייטי

קשה לתאר את התרגשותנו בהכנסנו לרחוב ווילנה ההרוס בחלקו. היינו כולנו עתה תחת מגפי הרוצחים, אך היתה הרגשת אושר שהנה לפחות זכינו שוב להיות יחד עם משפחותינו בעת צרה. מיותר לתאר את הפגישה הנרגשת עם בני המשפחה. יהודי איביה כבר הספיקו אז להתנסות בשוד ההמוני של אכרי הסביבה, שהתנפלו לאור היום על שכניהם היהודים מדורי דורות ושדדו ולקחו מכל הבא ליד. היתה זו רק התחלה למעשים המבישים של יצורים פרימיטיביים. היתה כבר אוירה של חרדה רצינית לבאות, אך בכל זאת היתה שלטת ברחוב הסיסמה: „מיר וועלן זיי איבערלעבן" („עוד נבלה אותם")

אם כי ששת השבועות הראשונים היו שקטים באופן יחסי, הרי היה די בהם כדי לגרום סבל גדול לכל יהודי העיר. לעבודה היו מתאספים בבוקר ברחבה שבין שתי שורות החנויות בשוק וגרמנים מה„גאַרניזון" (חיל־המצב) שחנו בעיירה היו באים ולוקחים את קבוצותיהם. הייתי בקבוצה שעבדה בגן־הפירות הגדול של החווה („הויפיקער סאָד") ובינינו היה גם הרב דמתא, זאב פרלמן הי"ד. הוא צעד בשורה יחד אתנו וגדולתו היתה מורגשת יפה בשעה קשה זו — תמיד מנחם, תמיד מאמין ומפיח בנו רוח תקוה ואמונה. לא קשה היה לנאצים לגלות את מנהיגי הרוח שלנו ולהתעלל בהם.

זוכרני את מנהל ביה"ס, ליובה נובופרוצקי, עומד ומטאטא את הרחוב. אל אלהים, איך הגענו להשפלה כזו! אבל טרם ידענו אז את המחכה לנו באמת ולמרות כל הסיפורים האיומים ששמענו, עוד האמן האמנו כי אולי אצלנו לא יקרה הדבר... הנה הגיעה לאזנינו הידיעה על חמישים יהודים שנרצחו לאור היום בנובוגרודק הסמוכה מתוך עילה שאיחרו בדקות ספורות להתיצב לעבודה. מפה לאוזן נמסרה השמועה, אך כל אחד ניחם את עצמו כי היה זה רק מקרה בודד.

לא ישכח „מבצע" הטנק הכבד הסובייטי, שמנועיו יצאו מכלל פעולה והיה תקוע ביוראצישקי, עיירה במרחק 16 ק"מ מאיביה. לקצינים הגרמנים התאווה להיות מקוריים במעשי התעללות בנוסח ימי העבדים. כל הגברים היו צריכים לעבור במשך מספר ימים את המהלך הזה ברגל ושם קשרו כבלים אל הטנק ללא גלגלים ומאות אנשים אחזו בהם ומשכו בכל כוחותיהם תחת מהלומות פרגולים שניתכו עליהם מכל צד, כשקצין נאצי עומד על הטנק ומפקד. במאמץ כבד, נדכאים ורצוצים, הבאנו את הטנק לפנות ערב עד הכפר פטרוביץ'. שם הלכנו מרחק ששה ק"מ העירה כדי לחזור למחרת בבוקר השכם להכניס אחרי הצהריים את הטנק בתהלוכת־אימים דרך רחוב ברנדינר בעליה התלולה. לא אשכח את המחזה של נשים עומדות בחלונות ובוכות. בסוף הועמד הטנק הזה — עמוד קלון לשפלות הנאצית — בכיכר ה„קומנדטורה" מול ביתו של דוד גולדברג. מאז הפך הדבר להרגל, ואחרי זמן קצר הייתי בתוך קבוצה שמשכה תותחים סובייטיים נטושים במאמץ עצום בליווי מכות והתעלליות לתוך העיר. ולואי ובזה היה נגמר הדבר.

קצין גרמני הניצב על הטאנק „צועק" פקודות ליהודי איביה, הסוחבים את הטאנק הסובייטי בחבלים עשרות קילומטרים. בתמונה רואים את ההתעללות ע"י ככר ה„קומנדנטורה". (בית דוד גולדברג).



אַ דייטשער אָפיציר שטייט אויפן טאַנק און גיט באַפעלן צו די יידן, וואָס שלעפּן דעם טאַנק מיט קאַנאַטן צענדליקער קילאָמעטער. אויפן בילד זעט מען דעם איזדעק נעבן קאָמענדאַנטור־פּלאַץ (הויז פון דוד גאָלדבערג).

## ג. טבח האינטליגנציה (תשעה באב תש"א — 1941)

והנה בא תשעה באב תש"א (1941), הזכור לשימצה לכולנו. אותו בוקר, שבת בבוקר היה. הייתי בקבוצת עובדים שנשלחה לתחנת הרכבת גאוויה לנכש עשבים מפסי מסילת הברזל. גרמני אכזר עמד מעל לראשינו כשאקדח בידו ואף ירה יריות־הפחדה כדי ל„האיץ" בנו. היה לנו יום מר וכל אחד חשב שהגורל פגע בו שנשלח למקום עבודה כזה. אך אם יד הגורל היתה פה, היה זה כדי להצילנו מהמוות שארב לנו באותה שעה בתוך העיירה.

אחר הצהרים נסענו בקרון רכבת חזרה לכיוון איביה והנה בהתקרבנו לעיר, דרך רחוב ווילנה, עמדו נשים מאחורי הבתים ונופפו אלינו בידיים, לאות סכנה. הרגשנו שמשהו מתרחש, אך לפני שיכולנו לעמוד על המתרחש הגענו לתחנה, מקום שם חיכו לנו כבר שוטרים. הם ליוו אותנו — קבוצה של כעשרים איש — לכיוון כיכר־השוק ונדהמנו לראות מאות גברים שם מוקפים עשרות גרמנים, אנשי ס.ד. ומשרתיהם השוטרים הפולנים והבלורוסים. העמידו אותנו בשלש שורות וכמה שוטרים פולנים עברו בינינו ומדדו

יהודי איביה רתומים סוחבים בחבלים את טנק־הענק הסובייטי שזחליליו נשברו, מתחנת יוראַטישוק עד ככר ה„קומנדנטורה" (בית דוד גולדברג).
בתמונה הטנק מובל דרך רחוב ברנרדינר (חורף 42־1941)



איינגעשפּאַנטע יידן ציִען מיט קאַנאַטן דעם ריזיקן טאַנק פון סטאַנציע יוראַציִשעק ביז דער קאָמענדאַנטור אין איוויע (הויז פון דוד גאָלדבערג).

אותנו במבטיהם (והם היו אז השופטים לחיים ולמות). הוצאו משורותינו שלשה אנשים שחשבו אותם לתופסי עמדות בימי השלטון הסובייטי והכניסו אותם לאחת החנויות ששימשו בתור תחנת המיון הסופית לפני העליה למכוניות־המשא, שהובילו את הקרבנות לבורות ע"י יער „סטוניביץ", מקום שם נרצחו בירִיות. מאחר ש„המכסה" שלהם כבר היתה מלאה הם הסתפקו רק בשלושה. אז פקדו על כולם להסתדר בשורות, לצעוד ברחוב ולשיר שירים יהודיים. באותו מעמד הם מינו חברים ל„יודנראַט". לפי פקודה התפזרנו בריצה מטורפת לחצרות ולסימטאות הצדדיות, מאחר שפחדנו, שהנה יפתחו המנוולים עלינו באש מכונות־יריה, כאיומם.

התדהמה היתה כבדה מאד, אך רק מעטים האמינו שהקרבנות אכן נרצחו מחוץ לעיר. רובם האמינו שהם נלקחו למחנות־עבודה. היו כל מיני אכרים שנהנו לספר סיפורי־בדים, שכאילו ראו את היהודים עוברים דרך הכפרים שלהם, וליתר תוקף קראו בשמות כמה מהקרבנות — מכריהם לשעבר.

באותה תקופה סרבנו להאמין שהגרמנים ירצחו המונים בדם קר ללא שום עילה. והנה נלקחו ביום בהיר מהעיירה, מיטב גבריה, אבות, בנים ואחים, בראש וראשונה כל

המנהיגים הרוחניים, אנשי מקצועות חפשיים (פרט לרופאים), סוחרים וכו׳. בקיצור, כל העילית שבה. אחי הבכור, אברהם, היה בין הקרבנות ואבי התנחם בכך שלפחות אני יצאתי בשלום. תשעה באב אמיתי היה לנו ביום ראשון ההוא.

לקראת הסתיו, 1941 פשטו שמועות על שחיטות ברחבי ליטא, כולל עיירות סמוכות אלינו (איישישוק, דבנישוק וכו׳). האמן האמנו, אך התנחמנו, שאולי כאן, ברוסיה הלבנה, לא יקרה הדבר. לקראת הסתיו נצטוו יהודי העיירות השכנות טראב, ליפנישוק וסובוטניק לעבור לאיביה. גם בזה עוד לא ראינו סימן מדאיג. אם כי הם שוכנו בתוך הבתים של יהודי איביה, הצפיפות עוד לא היתה גדולה, ואולי אפילו שמחו שהיו יותר אנשים בבתים, מעין „צרת רבים — חצי נחמה"...

לקראת החורף נמלטו לאיביה כמה משפחות של יוצאי איביה שהתגוררו בדבנישוק, שהיתה שייכת לפי החלוקה הגיאוגרפית הגרמנית לליטא. מספר משפחות, שלא היו מבני איביה נתפסו ע"י ג׳נדרמים גרמניים. מאחר שליהודים לא היתה רשות תנועה חפשית, הוציאו אותם הגרמנים להורג. לא אשכח את המחזה: עבדתי אז במחסנו של מוטל ברוק בקצה העיר והדרך הביתה עברה מאחורי בית העלמין. נכנסתי לראות במחזה האיום: גברים, נשים וילדים, כעשרה במספר, היו מוטלים מתים על השלג. אלה היו הרוגים ראשונים שראיתי במלחמה והזעזוע היה כבד, ולאט לאט נגוזו האשליות באשר לצפוי לנו.

באותו חורף (1941—42) נשלחתי לעבודה של כמה שבועות בפריקת עצים בתחנת הרכבת יורצישקי. העבודה היתה קשה, לא חסרו התעללויות, כגון עבודה בפיקוחו של גרמני עם אקדח טעון מעל לראשך, ריצה עם קורות עץ כבדים על כתפיך. כמה השבועות עברו וחזרנו בשלום הביתה. כל העבודות כוונו אז ע"י ה„יודנראט", ששליטתו הלכה וגברה. קיוו שע"י עבודה נציל את נפשותינו, ולכן עשו כל מאמץ לספק את הגרמנים בכוח עבודה הנדרש.

לקראת סוף החורף הורגש שחגורת החנק מתהדקת מסביב לצוארינו. הגיעו ידיעות על המצב הקשה בלידה, על חיפושים, רציחות של משפחות שלמות וכו׳. התחילו להוציא תעודות זיהוי וכל יהודי היה צריך להחזיק את תעודתו אתו בכל עת, אחרת התחייב בנפשו. עבדתי אז במאגיסטראט (עיריה) בתור פקיד יחד עם דודני, נפתלי בנדר. הודות לזה נרשמתי בתור „נגר" ורשמתי כ"כ את כל מי שיכולתי בתור בעל־מלאכה. (חשבו אז, כי בעלי מקצוע יש להם, יותר סיכויים להשאר בחיים). אך למעשה שימש גורם זה קרש־הצלה רק למעטים בלבד. היתה אז קבוצת יהודים בעלי מלאכה שעבדו בחיל־ההנדסה הגרמני „טודט" בלידה וגרו מחוץ לגיטו. אך תנאי החיים והעבודה היו יותר קשים מאשר באיביה, ולכן מי שיכול שאף להשתחרר משם ולחזור למשפחתו. אחד הנגרים בא לאיביה לחופש וכשנודע לו שאני רשום בתור נגר דרש מאמי שתתן לו כמות קמח, אחרת ילשין עלי וישלחו גם אותי ללידה. אמא הבטיחה לו, אך ביקשה לחכות עוד מספר שבועות. הוא חזר ללידה ומסר את שמי ושם חברי, שמעיה בלוך.

## ד. טבח יהודי לידה ואיביה (8—12 במאי, 1942)

כרעם ביום בהיר באה ביום שני של פסח (1942) הפקודה, שעלי להתיצב מיד לעבודה בלידה. קשה לתאר את האוירה בבית, ובאותה תקופה כל אחד ידע, שאם נפרדים,

איך זאָל אים לאָזן דערהרגענען דעם דייטש. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז איך מוז אים צושטעלן אַ לעבעדיקן צו פּלאַטאָנען, ווייל מען קען פון אים אַרויסבאַקומען וויכ־טיקע ידיעות. נאָך דער אויספאָרשונג האָט מען אים דערשאָסן.

אין אונדזער אָטריאַד זיינען געווען 22 פּוילישע פּאַרטיזאַנער. זיי זיינען געווען ביי אונדז די פאַרשפּרייטער פון יידן־האַס. איינמאָל, ווײלנדיק אין שטאַב פון דער „סאָיע־דינעניע״, קומענדיק נאָך געווער פאַרן אָטריאַד, האָט מיך גענעראַל פּלאַטאָן געפרעגט, ווי ס'האַלטן זיך די פּאָליאַקן אין „איסקראַ״? איך האָב אים דערציילט, אַז לויט אונדזערע ידיעות האַלטן זיי אָן פאַרבינדונגען מיט די „ווייסע פּאָליאַקן״ (א.ק.) און אַז צוליב זיי האָבן מיר די לעצטע צייט געהאַט פאַרלוסטן. ער האָט דורך מיר איבערגעשיקט אַ באַפעל צום נאַטשאַלניק „אָסאָבאָוואַ אָטדיעלאַ״ וועגן אָננעמען שריט צו מאַכן זיי אומשעדלעך.

מיין ברודער צאַלקע האָט באַקומען אַ באַפעל אויפצורייסן אַ בריק צווישן בעניאַקאָן און וואָראָנאָוואַ (אויף דער ליניע ווילנע—לידע). נאָכן אויספּילן מיט דערפאָלג די אויפ־גאַבע זיינען זיי אַריין איבערנעכטיקן אויף אַ כוטאָר נעבן וואָראָנאָוואַ. אינמיטן דער נאַכט איז די שטוב אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן און באַשאָסן געוואָרן (די גויע האָט געמסרט אין נאָענטן דייטשן גאַרניזאָן). זעקס פּאַרטיזאַנער זיינען געפאַלן אין אומגלייכן קאַמף און בלויז 5 (צווישן זיי אויך צאַלקע) זיינען געבליבן לעבן. צווישן די 6 אומגעקו־מענע איז געווען דער יונגער משה־זלמן אַלבערשטיין פון איוויע (קושקע דעם באַלע־גאָלעס זון).

אַ באַזונדערס־געלונגענע לויערונג האָבן אַדורכגעפירט די אָטריאַדן פון דער „קיראָוו״־בריגאַדע קעגן דעם דייטשן גאַרניזאָן, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין הוטע. מיר האָבן זיי פאַרנאַרט דורך אַ קריסט, וואָס איז געגאַנגען לויט אונדזער באַפעל, זיי מסרן, אַז 10 יידן פון ביעלסקיס אָטריאַד הוליען אין דאָרף און אַז זיי האָבן באַשטעלט די דאָר־פישע באָד זיך אַרומצוּוואַשן אין אַ באַשטימטער שעה. זיי זיינען אַרויסגעפאָרן אין דאָרף מיט אַ לייכט האַרץ. אָבער מיר האָבן זיי אָפּגעוואַרט פאַרמאַסקירט לענגאויס דעם וועג און אויסגעשאָסן כמעט אַלע אָרטיקע פּאָליציאַנטן און זייערע דייטשע שעפן. בלויז געציילטע פון זיי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען דורך אַנטלויפן (איך, צאַלקע און יודע מאַטע האָבן זיך באַטייליקט אין דער „זאַסאַדע״).

עס איז שווער אויסצורעכענען אַלע קאַמפן, לויערונגען, דיוועסיעס און מינירונגען פון באַנען, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט. מיר האָבן געקעמפט און נקמה גענומען אין די מערדערס פון אונדזער פאָלק, די דייטשן און זייערע מיטהעלפערס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג — די פּאָליאַקן און ווייסרוסן.

## ז. דער העלדישער צאלקע געפאַלן נאָך דער באַפרייאונג

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג־־געגאַרטער טאָג פון דער באַפרייאונג. אין די ערשטע טעג פון חודש יולי 1943 האָט די רויטע אַרמיי באַפרייט אונדזער געגנט און נאָך יאָרן פון לעבן און קאַמף אין די וועלדער זיינען מיר אַרויס אין די שטעט. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט זיך אונדזער פאַמיליע באַזעצט אין לידע, ווו אונדזער שטוב איז געוואָרן אַ

מין הכנסת אורחים פאַר דעם ביסל יידן, וואָס זיינען אַרויס פון די וועלדער, אָדער זיך צוריקגעקערט פון די לאַגערן

אין איינעם פון די טעג איז צאַלקע מיט נאָך 10 מאַן געשיקט געוואָרן דורכן „ראַי־איספּאָלקאָם" אין דאָקודאָווער ראַיאָן אויף אַן אויפגאַבע (שפּייז־נאָרמעס פון די פּויערים). אין דער געגנט האָבן דאַן געבושעוועט די „ווייסע פּאָליאַקן", וועלכע האָבן פאַרגעזעצט זייער דיווערסיע־אַרבעט קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט. בעת זיי זיינען געשלאָפן אין הויז פון אַ באַקאַנטן פּויער איז די שטוב אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ באַנדע פון „ווייסע פּאָליאַקן", וועלכע האָט געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן און געעפנט אַ געדיכט פייער אויף דער שטוב. צאַלקע, וועלכער איז געשלאָפן נעבן פענצטער איז באַלד פאַרוווּנדעט געוואָרן. ער האָט נאָך באַוויזן אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער, אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועג אָפּגייענדיק אין בלוט און געפאַלן אַ טויטער. צומאָרגנס האָט מען אים געבראַכט קיין לידע און באַערדיקט מיט גרויס פּאַראַד, נאָכזאָגנדיק אים שבחים וועגן זיין העל־דישקייט און גרויסע אויפטוען אין קאַמף קעגן די דייטשע מערדערס.

אַ טרויעריקע ענדע פון אַ העלד, אַ נקמה־נעמער און קעמפער, וועמען עס איז בכלל פרעמד געווען דאָס געפיל פון פחד. שווער צו פאַרגעסן! אַ חוב אייביק צו געדענקען!

אלימלך (מישע) מלמד / תל־אביב

# אויפן וועג פון קאַמף און נקמה

## א. מיר אַנטלויפן פון איוויער געטאָ



31סטער דעצעמבער 1942. אין איוויער געטאָ — אַ פּאַניק, די דייטשן האָבן פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג, אַרומגערינגלט דעם געטאָ. עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן ליקווידאַציע אָדער אויסזידלונג פון געטאָ קיין באָריסאָוו הינטער מינסק. יידן, פאַר־גליווערטע פון שרעק, לויפן אַרום פון הויז צו הויז, פרעגן עצות וואָס צו טון. גאַנצע משפחות באַהאַלטן זיך אין די פון פאָראויס־צוגעגרייטע בונקערס („מאַלינעס").

איך לויף אַריין אין שטוב. די מאַמע און דער עלטערער ברודער, פּימקע, פּאַקן זיך. דער טאַטע, די באָבע און די שוועסטער, אַביבה, זיינען ערגעץ פאַרשווונדן. מיר זיינען זייער אומרואיק פאַר זייער גורל. ניטאָ קיין צייט צו טראַכטן. מיר גייען אַריין צו אונדזער שכן, זילבערשטיין, זיך באַהאַלטן אין זייער בונקער. אין דרויסן איז שוין פינצטער. אין „מאַלינע" געפינען מיר שוין 20 מענטשן בערך: מענער, פרויען און קינדער.

12 אַזייגער ביינאַכט גיי איך אַרויס פון בונקער זען וואָס הערט זיך אין געטאָ; איך קריך שטילערהייט אַרויף אויפן בוידעם און קוק אַרויס דורך אַ קליין פענצטערל אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. עס פאַלט אַ געדיכטער שניי, מען זעט ניט קיין לעבע־דיקן נפש. עס גייען נאָר אַרום פּאַטרולן פון דייטשע זשאַנדאַרמען און פּאָליציאַנטן. נאָך אַ לענגערער אָבסערוואַציע אויפן בוידעם, גיי איך צוריק אַראָפּ אין בונקער איבער־געבן די מענטשן מיין אינפאָרמאַציע; איך גיב צו, אַז לויט מיין מיינונג קען מען אַנט־לויפן פון געטאָ, דורך די דראָטן באַלד נאָך דעם, ווי דער דייטשער פּאַטרול וועט זיך דערווייטערן פון דעם אָרט. מיר פאַרלאָזן דעם בונקער, גייען אַריין צוריק אין שטוב און גרייטן צו פעקלעך מיט שפּייז, וואַרעמע וועש, זייף, לעדער א.א.וו. מיר טוען זיך אָן וואַרעם, נעמען די רוקזעקלעך און לאָזן זיך אַרויס אין וועג. פּימקע, מאַסקירט מיט אַ ווייסן ליילעך אויף זיך, גיט אונדז אַ סימן, אַז דער פּאַטרול איז שוין דורכגעגאַנגען און דער וועג איז פריי. איינציקווייז שלייכן מיר זיך אַרויס דורך די דראָטן און לויפן שנעל איבער דער נאָווערעדקער גאַס. אונדזער גרופּע ציילט 8 פּערזאָן. מיר גייען אין דער

ריכטונג פון קידאָרים־געסל (מוראַווטשיזנע), פון דאָרט נעמען מיר זיך לינקס, כדי אַרויפצוגיין אויפן וועג, וואָס פירט קיין מישוקאָוויטש. אין אונדזער גרופּע געפינט זיך: חיהלע קאָזלאָווסקי, די טאָכטער פון מישוקאָוויטשער שמיד, חיים, וואָס שטאַמט פון דעם דאָרף און קען גוט דעם וועג. מיר באַוועגן זיך מיט אַ גיכן טריט, אונדזער ציל איז זיך צו דערווייטערן וואָס שנעלער פון איוויע. מיר בראָדזשען אַרום אין טיפן שניי, וואָס ליגט אויף די פעלדער און באַשווערט אונדזער פאָראויסמאַרש.

נאָך אַ צוויי־שעהדיקן מאַרש קומען מיר אָן אין דאָרף מישוקאָוויטש, דאָ צעטיילט מען זיך אויף קלענערע גרופּקעס און יעדער גייט אַריין צו זיין באַקאַנטן גוי. די מאַמע, פּימקע און איך, גייען אַריין צו אַ באַקאַנטער קריסטין מיטן נאָמען מאַרילע. לכתחילה דערשרעקט זי זיך, דערזעענדיק אונדז, אָבער דאָך דערלויבט זי אונדז זיך לייגן שלאָפן אויפן וואַרעמען אויוון; טויט־מידע און אַדורכגענעצטע ביזן ביין פאַלן מיר אַנידער און ווערן באַלד אַנטשלאָפן. די ערשטע נאַכט אויסערן געטאָ. אויף מאָרגן גיבן מיר מאַרילען אַ שיינע מתנה און בעטן איר, אַז זי זאָל גיין קיין איוויע זען וואָס עס הערט זיך אין געטאָ, אויסגעפינען דעם טאַטן און זאָגן אים, אַז אויך ער, די שוועסטער און באָבע זאָלן קומען קיין מישוקאָוויטש.

אין אָונט קומט זי אַ צופרידענע צוריק, זי האָט געטראָפן דעם טאַטן, איבערגעגעבן אים, אַז מיר זיינען ביי איר אין שטוב און דער טאַטע האָט איר געזאָגט, אַז מאָרגן ביינאַכט וועט ער צוזאַמען מיט אַביבהן און די באָבע קומען צו אונדז. זי דערציילט אונדז אויך, אַז פון איוויער געטאָ זיינען ביינאַכט אַנטלאָפן עטלעכע הונדערט יידן. די דייטשן האָבן אויפגעקלעפּט מעלדונגען אין געטאָ, אַז מען זאָל נישט מורא האָבן פאַר אַן „אַקציע״, מען פירט אַרויס די יידן אויף אַרבעט קיין לידע און באַריסאָוו. זיי רופן די, וואָס זיינען אַנטלאָפן, זיי זאָלן צוריקקומען צו זייערע משפחות אין געטאָ, עס וועט זיי גאָרניט געשען. מיר האָבן פעסט באַשלאָסן, ניט צוריקצוגייך אין געטאָ, נאָר אויסגעפינען רוסישע פּאַרטיזאַנער און אָנשליסן זיך אין זיי. נאָך אַ מעת־לעת פון אומגעדולדיקן אָפּוואַרטן איז אויף אַ פויעריש פורל געקומען דער טאַטע מיט דער באָבען און אביבה.

צו אונדזער גרויסער איבערראַשונג געפינען מיר אין הינטערשטן טייל פון וואָגן אַ קליין קינד, איינגעוויקלט אין שמאַטעס. צומאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז מוליע אָשעראָווסקיס אַ מיידעלע. איר עלטערע שוועסטער, גאָלדע, וועלכע איז געקומען קיין מישוקאָוויטש צוזאַמען מיט אונדז האָט איר צוגענומען צו זיך. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי געטראָפן איר טאַטן און זיי זיינען צוריקגעגאַנגען אין געטאָ.

## ב. אונדזער ערשטע באַגעגעניש מיט רוסישע פּאַרטיזאַנער

נאָך אַ מעת־לעת אויפהאַלט אין מישוקאָוויטש זיינען מיר ביינאַכט, די גאַנצע משפּחה, אַריבערגעפאָרן קיין מיקאַלאַיעווע. אַ באַקאַנטער גוי, דעם טאַטנס אַ פּאַציענט, איז מסכים אונדז אויסצובאַהאַלטן אין אַ בונקער, ביזן סוף פון דער מלחמה. מיר דאַנקען אים האַרציק פאַר זיין גרויסמוטיקייט, אָבער מיר זאָגן, אַז מיר זיינען ניט געקומען זיך אויס־צובאַהאַלטן, נאָר צו קעמפן קעגן די דייטשע מערדער און אַז מיר ווילן דערגרייכן אַ קאָנ־

טאַקט מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער. ער דערציילט אונדז, אַז פון צייט־צו־צייט קומען אין דאָרף פּאַרטיזאַנער. אין אָוונט מאַכט דער גוי לכבוד אונדז אַ פייערלעכע „וועטשערע", מיט בראַנפן, פלייש און אַנדערע מאכלים, וועלכע מיר האָבן אין געטאָ שוין לאַנג ניט געזען. מיר עסן, טרינקען און ריידן וועגן די דייטשע מערדערייען, איוויער געטאָ און וועגן דעם מצב אויף די פראָנטן.

פלוצלינג הערן מיר שטאַרקע קלעפּ אין טיר און געשרייען: אויפמאַכן די טיר! טויט־דערשראָקענע, ווייסע ווי די וואַנט זיצן מיר און קענען זיך ניט רירן פון די ערטער. דער גוי, אויך געפערלעך איבערגעשראָקן, פרעגט: — ווער איז דאָרט? אָנשטאָט אַן ענטפער הערט מען געשרייען, אַז ער זאָל תיכף עפענען די טיר. בלית־ברירה עפנט ער.

עס רוקט זיך אַריין אַ האַנט מיט אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער און באַלד גייט אַריין אַ באַוואָפנטער מענטש אין אַ פּאָליציי־מונדיר. מיר זיצן ווי פּאַראַליזירטע און קלערן: דאָ איז אונדזער סוף; נאָך אים גייען נאָך פינף באַוואָפנטע מענטשן מיט אויטאָמאַטן אויף די אַקסלען, אָנגעטאָן אין רוסישע שינעלן און היטלען מיט רויטע שטערנס. גאָט זיי דאַנק, דאָס זיינען פּאַרטיזאַנער! מיר אָטעמען לייכטער אָפּ. די פּאַרטיזאַנער פאָרשן אונדז אויס: פון וועלכן אָרט זיינען מיר און וואָס טוען מיר דאָ? דערוויסנדיק זיך, אַז דער טאַטע איז אַ דאָקטער, זיינען זיי באַלד מסכים מיטצונעמען אונדז, די קאַמפּס־פעאיקע, ד. ה. דעם טאַטן, פימקען און מיך אין אָטריאַד אַריין. זיי זיינען פּאַרטיזאַנער פון דער סטאַלינסקער בריגאַדע, וועמענס באַזע עס איז אין די וועלדער, נעבן וואָלאָזשין. נאָך אַ קורצן שמועס באַפעלן זיי אונדז אַריבערצופאָרן צו אַ געוויסן קריסט אין אַ „כוטאָר", צען קילאָמעטער הינטער מיקאָלאַיעווע. זיי זאָגן אונדז צו, אַז אין צוויי טעג אַרום וועלן זיי צוריקפאָרנדיק, אונדז מיטנעמען אין זייער אָטריאַד. זיי וועלן אויך זאָרגן פאַר די ניט קאַמפּס־פעאיקע פרויען פון אונדזער משפחה. דער טאַטע באַקומט פון זיי אַ בריוו צו אַ גוי, פון אויבנדערמאָנטן כוטאָר, אַז ער זאָל אונדז אויפנעמען. מיר באַוויזן ניט אַפילו צו פאַרענדיקן די פייערלעכע וועטשערע, ווי אונדזער גוי שפּאַנט באַלד איין דאָס פערד און מיר פאָרן אַריבער אין דעם דורך די פּאַרטיזאַנער אָנגעוויזענעם כוטאָר.

## ג. אין שאַשקינס אָטריאַד (בריגאַדע א. נ. „סטאַלין")

אין צוויי טעג שפּעטער, ווי זיי האָבן צוגעזאָגט, קומען די פּאַרטיזאַנער צוריק פון דער אויפגאַבע; צומאָרגנס אין דער פרי, פאָרן מיר צוזאַמען מיט זיי (דער טאַטע, פימקע און איך), אין דער ריכטונג פון דאָרף פּאָטאַשניע, אין דער וואָלאָזשינער אומגעגנט, ווו עס געפינט זיך די באַזע פון דער סטאַלינסקער בריגאַדע.

פאָרנדיק צום אָטריאַד, גיט יאַשקע כאַראַשאַיעוו ((דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע), פימקען אַ ביקס און הייסט אים אויסשיסן, פימקע, וועלכער איז דורכגעגאַנגען טיילווייזע מיליטערישע איבונגען, לערנענדיק אין דער ווילנער גימנאַזיע, לאָדנט אָן די ביקס און שיסט אויס.

— די ביקס איז דיינע! — זאָגט יאַשקע צופרידן.

מיט טרערן אין די אויגן קוק איך אויף יאַשקען און בעט ביי אים אויך אַ ביקס.

ער זאָגט מיר צו, אַז אויך איך וועל באַקומען אַ ביקס אין פּאַרטיזאַנער־לאַגער. נאָך אַ נסיעה פון 8—10 שעה, קומען מיר אָן אויף דער באַזע פון שאַשקינס אָטריאַד, וועלכער איז איינגעשלאָסן אין דער בריגאַדע א. נ. „סטאַלין".

מיר זיינען אין אַ פּאַרטיזאַנער־לאַגער, אין דער טיפעניש פון די וועלדער, וועלכע שליסן זיך איין אין גרויסן מאַסיוו פון דער נאַליבאָקער פושטשע. אויף אַ פליכצוואָטן שטח זיינען דאָ צען אויסגעגראָבענע „זיעמליאַנקעס" ((ערד־שטיבלעך), דאָרט שלאָפן די פּאַרטיזאַנער לויט „אָטדעלעניעס" (אָפּטיילונגען). אַחוץ די „זיעמליאַנקעס" איז דאָ אַ גרויסער שטאַל פאַר פערד און אַ גרויסע מיליטערישע קיך. דאָס איז שאַשקינס אָטריאַד (אויפן נאָמען פון קאָמאַנדיר), וועלכער ציילט צוויי הונדערט באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער, פון זיי בערך צוואַנציק יידן, די מערהייט פון זיי שטאַמען פון מינסק, קוידאַנאָוו און וואָלאָזשין; פון איוויע טרעפן מיר בלויז פרומעלע וויסמאַנסקי. דעם טאַטן פירט מען איבער אַלס דאָקטער אין אַ שכנותדיקן אָטריאַד א. נ. פון „סוואָראָוו", וועמענס באַזע איז הונדערט מעטער פון אונדזער לאַגער. איך און פימקע בלייבן אין שאַשקינס אָטריאַד. איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער ערשטער ראָטע און פימקע צו דער צווייטער. מייַן ראָטנער קאָמאַנדיר הייסט גאָלובצאָוו, ער האָט אַ יידישע פרוי פון מינסק, מיטן נאָמען ראַיע. איך באַפריינד זיך שנעל מיט מיינע נייע קאַמפּס־חברים אין מיין אָפּטיילונג.

צו מיין גרויסן פאַרדראָס קוקן זיי נאָך אַלץ אויף מיר ווי אויף אַ קינד. איך בין טאַקע דער יינגסטער אין אָטריאַד, נאָך ניט קיין פולע 17 יאָר אַלט, אָבער זע דאָך אויס עלטער, ווייל כ'בין הויך און דאַר. איך האָב אַ שטאַרקן ווילן צו קעמפן און נקמה נעמען פון די מערדער, דייטשן. איך באַקום אַ ביקס מיט 50 קוילן, מיט נאָך אַ גרופּע יונגע אומדערפאַרענע פּאַרטיזאַנער און גיי אַדורך אַ קורס פון מיליטערישע איבונגען. מיין ערשטע אויפגאַבע אין אָטריאַד איז געווען צו האַלטן שמירה (פּאָסט) יעדע נאַכט 4 שעה, ביים ראַנד פון וואַלד, און פאַרטאָג אָנצינדן פייער אין דער גרויסער קיך. מען קאָכט צוויי מאָל אַ טאָג פלייש און זופּ; שווערער איז מיט ברויט, זאַלץ און גרינוואַרג. די פּאַרהייראַטע קאָמאַנדירן עסן באַזונדער און בעסערע מאכלים.

איך אָטעם פרישע, שאַרפע סאָסנע־לופט, איך בין ווידער אַ פרייער מענטש, איך בין גליקלעך! אַ ביסל באַאומרואיקט בין איך בלויז פאַרן גורל פון דער מאַמען, באָבע און קליינעם שוועסטערל אביבה, וועלכע זיצן נאָך אַלץ אויפן כוטאָר נעבן מיקאָלאַיעוווע. איך קען ניט פאַרגעסן, אַז זיי זענען אין לעבנס־געפאַר יעדעס מאָל ווען די דייטשן און זייערע מיטהעלפער אָרדענען איין אָבלאַוועס קעגן פּאַרטיזאַנער.

## ד. מיין ערשטער קאַמף

מיר זיינען שוין צוויי חדשים אין די וועלדער. לויט אַן אינטערווענץ פון מיין פאָטער ביי דער העכערער קאָמאַנדשאַפט, איז אונדזער פאַמיליע (די פרויען) אַריבערגעפירט געוואָרן אין דאָרף פּאָטאַשניע, ניט ווייט פון דער סטאַלינסקער בריגאַדע־באַזע און איינגעאָרדנט געוואָרן ביי אַ פּויער.

דער ווינטער 1943/44 איז זייער אַ האַרבער, אָבער אין די זיעמליאַנקעס איז וואַ־

רעם, אַ מחיה; מען הייצט אַ גאַנצן מעת־לעת אָן אויפהער. אַ לידיק פאַס פון נאַפט, פון וועלכער אַ רער פירט איבער דעם רויך אין דרויסן, דינט אַלס אויוון. קיין האָלץ, פאַר־שטייט זיך, פעלט ניט אין וואַלד. די לאַנגע טעג און אָוונטן פאַרברענגען די פּאַרטיזאַנער אַרום צעלייגטע „קאָסטרי" (פלאַקערס), אין שפּילן קאָרטן, דערציילן מעשיות, דערציי־לונגען וועגן גבורה און קאַמפן קעגן די דייטשן. מען זינגט רויטאַרמייאישע און פּאַרטי־זאַנער־לידער, טענצער וויזן זייער כוח אין פאָלקס־טענץ. שעהן לאַנג פלעגן מיר זיצנדיק אַרום די פלאַקערן, אין די לאַנגע ווינטער־אָונטן, צוהערן זיך צו די דערציילונגען פון די „ראַסקאַזטשיקעס" (דערציילערס) וועגן קאַמפן, ליבעס, האַרעמס פון סולטאַנען, לע־גענדעס פון פאַרשידענע פעלקער, שטאַרקע איבערלעבונגען, פּאַסירונגען א.א.וו. איך בין נאָך אַלץ ניט אַרויס פון לאַגער אויף אַ „באַיעוואָיע זאַדאַניע" (קאַמפּס־אויפגאַבע), פשוט, מען נעמט מיך ניט מיט. איך בין צו יונג, זאָגן זיי. — דו וועסט נאָך באַוויזן לייגן דעם קאָפּ — טרייסט מען מיך... איך גיי אַוועק צו ראַיען, מיין ראָטע־קאָמאַנדירס פרוי, און באַקלאָג זיך פאַר איר, וואָס מען באַוועלהט מיך. איך בין געקומען אַהער קעמפן און נקמה נעמען און ניט בלויז שטיין אויף וואַך און זיצן אין לאַגער. ראַיע זאָגט מיר צו, אַז זי וועט איבעררעדן מיט איר מאַן, גאַלובצאָוו.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער לויפט אַריין גאָלובצאָוו אין אונדזער זיעמליאַנקע און רופט אויס: „די גאַנצע אָפּטיילונג זאָל זיין גרייט אַרויסצופאָרן אין משך פון אַ האַלבער שעה!" דערזעענדיק מיך, גיט ער צו: — „דו, מישקע, פאָרסט אויך מיט אונדז!" איך טאַנץ ממש פון שמחה — ענדלעך ווער איך אַ קעמפערישער פּאַרטיזאַן! שנעל רייניק איך אויס די ביקס און די קוילן און מאַך זיך גרייט אין וועג אַריין.

מיר פאָרן אַרויס אויף פינף שליטנס. די גרופּע אונטער גאָלובצאָווס אָנפירונג ציילט דרייסיק פּאַרטיזאַנער; באַוואָפנטע מיט ביקסן און צוויי פּולימיאָטן (קוילנוואַרפערס). אויפן וועג דערוויסן מיר זיך, אַז דייטשן פון וואָלאָזשינער גאַרניזאָן זיינען געקומען אין אַ געוויסן דאָרף און אונדזער אויפגאַבע איז איינצוואָרדענען אַ „זאַסאַדע" (לויערונג) און אָפּהאַקן זיי דעם וועג צוריק קיין וואָלאָזשין. עס איז נאָך ליכטיק אין דרויסן, ווען מיר קומען אָן אויפן פּלאַץ ווו מיר האָבן באַשטימט די „זאַסאַדע". די צוויי קוילנוואַרפער און די איבעריקע פּאַרטיזאַנער פאַרנעמען אַ פאַרמאַסקירטע פּאָזיציע, פופציק מעטער פון וועג. עס גייען ניט דורך קיין פינף מינוט און גאָלובצאָוו באַמערקט פון דערווייטנס דריי שליטנס פול מיט דייטשן, וועלכע דערנענטערן זיך שנעל צו אונדז; ער גיט אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן בשום אופן ניט שיסן אָן זיין צייכן. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק, יעדע רגע ציט זיך ווי אַ שעה, איך דריק צו די ביקס צום אַקסל און ציל אויף אַ דייטש, וואָס זיצט אין ערשטן שליטן. איך בין זייער איבערראַשט, אָבער איך פיל גאָרניט קיין שרעק.

די שליטנס דערנענטערן זיך און מען קען שוין זען די דייטשע באַוואָפנטע סאָלדאַטן, זיי זיינען סך הכל זעקס מאַן. ווען די שליטנס גלייכן זיך אויס אויפן וועג אַנטקעגן אונדז, גיט גאָלובצאָוו אַ באַפעל: „אָגאָן!" (פייער) און עפנט אַ פייער פון זיין אויטאָמאַט. מיר עפענען אַ גוואַלדיקע שיסעריי, ביידע קוילנוואַרפערס קלאַפּן מיט קורצע „אָטשערעדן" (סעריעס). די דייטשן שפּרינגען באַלד אַרויס פון די שליטנס און פאַלן אויפן שניי. זייערע צוויי פערד ווערן באַלד דערהרגעט. אַ ליגנדיקער דייטש פון ערשטן שליטן, הייבט אויף

די האַנט מיט אַ ווייס טיכל און שרייט: „ניכט שיסן”. גאָלובצאָוו באַפעלט איבערצורייסן די שיסעריי, ער שיקט אַ גרופּע פון צען פּאַרטיזאַנער, זיי זאָלן נעמען די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט. איך בין אויך אין דער גרופּע, די איבעריקע זיצן אויף דער פּאָזיציע מיטן פינגער אויפן ביקס־צינגל גרייט אויף יעדער עווענטואַליטעט. מיר דערנענטערן זיך צו די דייטשן, וועלכע שטייען גרייט מיט אויפגעהויבענע הענט.

פּלוצלינג הייבט אָן איין דייטש צו אַנטלויפן און שיסט צו אונדז עטלעכע מאָל פון אַ רעוואָלווער. איך שיס פון מיין ביקס אויף אים און נאָך מיר די אַנדערע פּאַרטיזאַנער. דער דייטש פאַלט. איך בין כמעט זיכער, אַז איך האָב אים געטראָפן מיט מיין קויל. מיר לויפן שנעל צו די איבעריקע פינף דייטשן, וואָס שטייען נאָך אַלץ הכנעהדיק מיט אויפ־געהויבענע הענט; מיר אַנטוואָפנען זיי. דער דייטש, וואָס האָט פּרובירט אַנטלויפן, ליגט ניט ווייט פון זיי אַ דערהרגעטער. מיר נעמען ביי אים צו זיין רעוואָלווער, זייגער און ציען פון אים אַראָפּ די שטיוול, מיר נעמען, פאַרשטענדלעך, אויך זיינע דאָקומענטן. גאָלובצאָוו מאַכט באַלד אַ קורצע אויספאָרשונג פון די געפאַנגענע און איך בין דער איבערזעצער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז געווען אַ גרופּע פון „א—ט”־זעלנער (אַר־בעטס־באַטאַליאָן) פון וואָלאָזשין, וועלכע זיינען געפאָרן אין דאָרף באַשטעלן האָלץ פאַר דער באַן־סטאַציע. זיי זיינען געווען דריי בעלגיער, צווי פּאָליאַקן און בלויז דער דער־הרגעטער איז געווען אַ דייטשער אונטעראָפיציר. אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין דייטשע מונדירן און באַוואָפנט בלויז מיט ביקסן און רעוואָלווערן. זיי האָבן פּשוט ניט געגלייבט, אַז אַזוי נאָענט פון וואָלאָזשין (בערך דריי קילאָמעטער) וועלן זיי זיך אָנטרעפן אויף פּאַרטיזאַנער.

מיר צעטיילן די געפאַנגענע אין אונדזערע שליטנס און פאָרן שנעל צוריק אין אונ־דזער לאַגער, עס איז שוין גוט פינצטער. דאָס איז געווען דער ערשטער קאַמף (לויערונג) מיט מיין אָנטייל. דער רעזולטאַט: איין טויטער דייטש און פינף געפאַנגענע. איך בין שטאָלץ און צופרידן, וואָס איך בין שוין דורכגעגאַנגען די ערשטע „פייער־פּראָבע”.

### ה. טויט־אורטייל אויף די געפאַנגענע

נאָך לאַנגע באַראַטונגען באַשליסט דער שטאָב פון דער סטאַלינסקער בריגאַדע, אַז די פינף געפאַנגענע בלייבן לעבן. מען צעטיילט זיי אין די פאַרשיידענע אָטריאַדן פון דער בריגאַדע און מען וואָרנט זיי, אַז איינער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע, דאָס הייסט, אַז אויב איינער פון זיי וועט אַנטלויפן, אָדער פּרובירן צו אַנטלויפן, וועלן די איבעריקע באַצאָלן מיט זייער לעבן. צו אונדזער אָטריאַד ווערט צוגעטיילט אַ בעלגיער מיטן נאָמען עדמונד. מען גיט אים אַ פּלאַץ אין אונדזער זיעמליאַנקע, נעבן מיר. איך בין דער איינ־ציקער, וואָס קען זיך מיט אים פאַרשטענדיקן. מיר גייען צוזאַמען עסן און שלאָפן. אין די אָוונטן רעדט עדמונד אַ סך מיט מיר; ער דערציילט מיר וועגן בעלגיע, און איך ווייס, אַז אין בעלגיע איז דאָ אַן אַנטי־נאַציִשע אונטערגרונט־באַוועגונג. לויט אים זיינען אין בעלגיע דאָ אַ סך פּאַרטיזאַנער־איינהייטן. ער דערציילט, אַז אים האָט מען מאָביליזירט אין דער דייטשער אַרמיי מיט גוואַלד און אַז ער איז די גאַנצע קריגס־צייט געווען בלויז אין אַרבעטס־באַטאַליאָן. זיין איינציקער ציל איז איצט איבערצוציִיגן די פּאַרטי־

זאַנער, אַז ער איז אין האַרצן אויך פריער געווען מיט זיי און ניט מיט די דייטשן. ער וואָלט געוואָלט מען זאָל אים געבן געווער, כדי ער זאָל קענען קעמפן קעגן די דייטשן, וועלכע האָבן אָקופּירט זיין לאַנד. ער איז בלויז אומרואיק צוליב די צוויי פּאָליאַקן צו וועלכע ער האָט פּשוט ניט קיין צוטרוי. אויב איינער פון זיי וועט אַנטלויפן, וועט ער מוזן באַצאָלן מיטן לעבן. איך באַרואיק אים, דערוויייל אַרבעט ער אין קיך; שלעפּט האָלץ און רייניקט די זיעמליאַנקע. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום גייט אַרייַן גאָלובצאָוו אין אונ־דזער זיעמליאַנקע און רופט מיך מיט נאָך צוויי פּאַרטיזאַנער אַרויס אין דרויסן, ער הייסט אונדז נעמען מיט זיך די אָנגעלאָדענע ביקסן. איך בין איבערראַשט, איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס דאַרף ער פלוצים האָבן דריי באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער? ער פירט אונדז אַרייַן אין דער זיעמליאַנקע פון אָטריאַד־שטאַב. דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד, שאַשקין, דער־ציילט אונדז בקיצור, אַז איינער פון די געפאַנגענע פּאָליאַקן איז אַנטלאָפן און מיר מוזן תיכּף אויספירן דעם טויט־אורטייל אויף עדמונדן. ער גיט נאָך צו, אַז אין די איבעריקע אָטריאַדן האָט מען שוין אויסגעשאָסן די געפאַנגענע. איך בין דערשטוינט און פּרוביר באַמערקן, אַז עדמונד קען דאָך ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאָליאַק, און אַז עדמונד האָט די גאַנצע צייט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו די פּאָליאַקן. דער קאָמאַנדיר שאַשקין לאָזט מיך אַפילו ניט ענדיקן ריידן, אומגעדולדיק מאַכט ער מיט דער האַנט און הייסט אונדז אַרויסגיין און אויספירן דעם באַפעל. מיר גייען אַרייַן אין זיעמליאַנקע און הייסן עדמונדן אַרויסגיין. זעענדיק די דריי באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער, ווערט ער ווייס ווי די וואַנט. ער פאַרשטייט באַלד וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— ווער איז אַנטלאָפן? — פרעגט ער מיך.

— אַ פּאָליאַק, — ענטפער איך און טרערן שטיקן מיך אין האַלדז.

ער גייט מיט אונדז 150 מעטער פון לאַגער, אונדזער ראָטנער־קאָמאַנדיר, גאָלובצאָוו גייט אויך מיט אונדז. איך פּרוּוו ריידן צו זיין געוויסן. גאָלובצאָוו זאָגט, אַז ער פאַרשטייט מיך זייער גוט, אָבער באַפעל איז באַפעל. עדמונד פּלאַפּלט צו מיר די גאַנצע צייט, אָבער איך פאַרשטיי אים קוים. איך בעט גאָלובצאָוון, אַז מען זאָל אים כאָטש שיסן פון הינטן. פּלוצלינג הער איך אַ שאָס. עדמונד פאַלט מיט אַ צעהאַקטן קאָפּ. די צוויי פּאַר־טיזאַנער נעמען פון אים אַראָפּ די בגדים מיט די שטיוול. איך גיי אַוועק אין אַ זייט און וויש אויס די טרערן, וואָס רינען מיר פון די אויגן. עס קלעמט מיר דאָס האַרץ, אין מיינע אויגן איז עדמונד געווען אַן אומשולדיקער קרבן.

אַ קורצע צייט נאָך עדמונדס טויט, דערוויסן מיר זיך, אַז איינער פון די געפאַנגענע בעלגיער אין אַ שכנותדיקן אָטריאַד א. נ. „טשאַפּאַיעוו", איז געוואָרן באַגנעדיקט. ער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן קעמפער און אַפילו געוואָרן אויסגעצייכנט מיט אַ פּאַרטיזאַנישן מעדאַל. איך בין זיכער, אַז אויך עדמונד וואָלט אונדז ניט פאַראַטן און געקענט זיין אַ גוטער קעמפער.

## ו. אין דער בריגאַדע פון „מאַרשאַל זשוקאָוו"

נאָך דריי מיט אַ האַלבן מאָנאַט אין דער סטאַלינסקער בריגאַדע, ווערט מיין פּאָטער אַריבערגעפירט אין דער בריגאַדע פון „מאַרשאַל זשוקאָוו" אין דער נאַליבאָקער פּושטשע.

די בריגאַדע „זשוקאָוו" האָט איר באַזע אין די וועלדער צווישן די שטעטלעך: נאַליבאָק, מיר, יערעמיטש און דערעוונע, ניט ווייט פון טייך ניעמאַן. אין דער גאַנצער בריגאַדע איז ניטאָ קיין איין דאָקטער. זיי ווילן, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטעלן די מעדיציניש־סאַניטאַרע אָפּטיילונג פון די אָטריאַדן פון זייער בריגאַדע. נאָך אַ געשפּרעך מיטן קאָמאַנ־דיר פון דער סטאַלינסקער בריגאַדע, באַקומט דער טאַטע אַ דערלויבעניש מיטצונעמען מיט זיך אויך זיינע זין: מיך מיט פימען. מען זאָגט אים צו, אַז אויך די איבעריקע משפחה־מיטגלידער וועט מען אַריבערפירן אין אַ דאָרף פון יענער געגנט, כדי זיי זאָלן זיין נעבן אונדז. פולע צוויי מעת־לעת פאָרן מיר אין באַגלייטונג פון נאָך צוויי פּאַרטי־זאַנער. דער וועג איז זייער אַ שווערער: וועלדער, טייכן און בלאָטעס. אויפן דריטן טאָג קומען מיר ענדלעך אָן אין דער בריגאַדע א. נ. „מאַרשאַל זשוקאָוו". דער טאַטע ווערט צוגעטיילט צום שטאַב פון דער בריגאַדע און נעמט זיך גלייך צו אָרגאַניזירן זיין אָפּטיילונג.

איך און פימע ווערן צוגעטיילט צו אַ קליינעם אָטריאַד, וואָס ציילט נישט מער ווי אַכציק פּאַרטיזאַנער. דער אָטריאַד־קאָמאַנדיר איז אַ לייטענאַנט פון דער רוסישער אַרמיי מיטן נאָמען קליוטשקאָ. אין דעם אָטריאַד געפינען מיר, צו אונדזער גרויסער צופרידנ־קייט צוויי ידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס שטאַמען פון דעם שטעטל רובעזשעוויטש (נעבן סטויפּץ): אברהם טשערני און בן־ציון לונגין. זיי זיינען שוין אין וואַלד אַ קנאַפּ יאָר און זיי האָבן זיך שוין אויסגעצייכנט אין עטלעכע קאַמפן קעגן די דייטשן. זיי זיינען זייער צופרידן מיט אונדז און דערציילן, אַז דער קאָמיסאַר פונעם אָטריאַד, סעמוסיעוויטש, איז אַ גרויסער אַנטיסעמיט. מיר באַפריינדן זיך שנעל און האַלטן זיך די גאַנצע צייט צוזאַמען.

איך ווער צוגעטיילט אין אַן אָפּטיילונג, בראש פון וועלכער עס שטייט אַ יונגער קאָמאַנדיר, סערגיי. ער האָט אַ פּרוי, ראַיע, נאָר טראָץ איר ידישן נאָמען, איז זי ניט קיין ידישע. מיר זעט אויס משונהדיק, וואָס צום צווייטן מאָל פאַל איך אַריין אין אַן אָפּטיילונג, ווו די פרויען פון די קאָמאַנדירן האָבן דעם זעלבן נאָמען. פימקע ווערט צוגעטיילט צו דער „ראַזוויעדקע" (אויסשפּירער). מיט דער צייט געלינגט דעם טאַטן אַריבערצופירן אין דער בריגאַדע, חיהלע קאָזלאָווסקי (פון איוויע) מיט איר מאַן, ראובן סעגאַלאָוויטש. חיהלע איז אַ קראַנקן־שוועסטער און זי העלפט דעם טאַטן אין זיין מעדי־ציניש־סאַניטאַרער אַרבעט.

## ז. אַראָפּגעשאָסן אַ דייטשן אַעראָפּלאַן

אין אונדזער זיעמליאַנקע איז דאָ אַן אַלטער פּאַטעפאָן מיט עטלעכע פּליטן. דער פּאַטעפאָן סקריפּעט, קרעכצט, אָבער דאָך הערט מען עפּעס. אַלץ בעסער ווי גאָרניט. אין איינעם אַ פרימאָרגן זיצן מיר אויף די נאַרעס און הערן די מוזיק פון אַ פראַנצויזישער פּליטע. ווי קומט אַ פראַנצויזישע פּליטע אין דער פאַרשטויסענער געגנט פון דער נאַלי־באָקער פּושטשע, בלייבט פאַר מיר אַ רעטעניש.

מיט אַ מאָל לויפט אַריין אין זיעמליאַנקע דער קאָמאַנדיר פון דער ראַזוויעדקע, אַ קאָזאַק פון אוקראַינע און באַפעלט, אַז מען זאָל תיכף נעמען דאָס געווער, אַנזאָטלען די פערד און רייטן נאָך אים. אַזוי ווי איך האָב ניט קיין פערד און ניט קיין זאָטל לויף איך

נאָר אַרויס מיט די אַנדערע פּאַרטיזאַנער, כדי צו דערוויסן זיך, וואָס איז אייגנטלעך געשען? מען זאָגט אונדז, אַז אונדזער רייטער־פּאַטרול אין דאָרף רודזשמע האָט אַראָפּגעשאָסן אַ דייטשן אַעראָפּלאַן. עס פּאָדערט זיך צוגאָב־הילף, כדי צו כאַפּן די פינף דייטשע פליער, וואָס זענען אַנטלאָפן. איך דערמאָן זיך, אַז מיין ברודער פּימקע איז אויך אין דעם פּאַטרול אין רודזשמע.

אַרום 15 פּאַרטיזאַנער שפּרינגען אַרויף אויף די פערד און לאָזן זיך אין גאַלאָפּ נאָך זייער קאָמאַנדיר. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער פאַרשווינדן זיי פון די אויגן. אומגעדולדיק וואַרטן מיר אויף ידיעות פון דאָרט. אין די אָוונט־שעהן קומען צוריק אַלע פּאַרטיזאַנער. די ברענגען מיט זיך טראָפייען: צוויי שווערע פולעמיאָטן מיט אַ קעסטל קוילן, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פון דעם ברענענדיקן אַעראָפּלאַן. מיין ברודער פּימקע, האָט אַ לעדערנעם טאַש מיט דאָקומענטן, אויך אַרויסגענומענע פונעם עראָפּלאַן. מיר נעמען אים אַריך אין אונדזער זיעמליאַנקע און פּימקע, אַרומגערינגלט מיט נייגיריקע פּאַרטיזאַנער, דערציילט:

זיי זיינען געווען פיר פּאַרטיזאַנער אויף אַ פּאַטרול אין דאָרף רודזשמע. פּלוצלינג זיינען אַריבערגעפלויגן מיט אַ גוואַלדיקן גערויש איבערן דאָרף, זייער נידעריק, דריי דייטשע אַעראָפּלאַנען, איינער נאָכן צווייטן. דער דריטער איז געפלויגן אַזוי נידעריק, ממש איבער די פויערישע כאַטעס. פּימקע האָט פאַרגעשלאָגן די פּאַרטיזאַנער צו עפענען אויף אים אַ פייער. זיי האָבן אים תיכף באַשאָסן פון זייערע פיר ביקסן, וואָרשיינלעך האָט אַ קויל געטראָפן אין בענזין־טאַנקער פון אַעראָפּלאַן, דער אַעראָפּלאַן האָט זיך באַלד אָנגעצונדן און אַ שוואַרצער, געדיכטער רויך האָט אַרויסגעזעצט פון אים. דער פליער האָט געלאַנדעט מיטן ברענענדיקן אַעראָפּלאַן, אין אַ וועלדל, נעבן דאָרף. פּימקע מיט זיינע חברים זיינען צוגעלאָפן צום אַרעאָפּלאַן, נאָר די פינף דייטשן האָבן באַוויזן אַרויסצוכאַפּן זיך און אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון טייך ניעמאַן. פּימע האָט נאָך באַוויזן אַריינצושפּרינגען אין ברענענדיקן אַעראָפּלאַן, אַרויסגענומען אַ לעדערנעם טאַש מיט דאָקומענטן און מיט דער הילף פון נאָך אַ פּאַרטיזאַנער, אַרויסגעשלעפּט צוויי פולעמיאָטן מיט אַ קעסטל קוילן צו זיי. אין דער זעלבער צייט איז אַ פּאַרטיזאַנער פון דעם פּאַטרול געריטן שנעל אויף אַ פערד צו דער באַזע אין וואַלד בעטן הילף, כדי צו כאַפּן די פינף אַנטלאָפענע דייטשן. דער מרחק פון דאָרף ביזן פּאַרטיזאַנער־לאַגער איז געווען בלויז פיר קילאָמעטער. אומגעפער אַ האַלבע שעה שפּעטער זיינען טאַקע אָנגעקומען די פופצן רייטער צו הילף. די פינף דייטשן האָבן ניט געוווסט, אַז נעבן ניעמאַן זיינען פאַראַן טיפע בלאָטעס און זיי זיינען טאַקע אַריין אין זיי ביז איבער די קני. טראָץ דעם, וואָס די דייטשע האָבן געהאַט ביי זיך רעוואָלווערן, האָבן די פּאַרטיזאַנער ניט געהאַט קיין באַזונדערע שוועריקייטן צו דערהרגענען זיי. די דייטשן האָבן כלל ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד.

דער אַעראָפּלאַן איז פאַרברענט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ טראַנספּאָרט־אַעראָפּלאַן פון טיפּ „יונקער". פּימקע, מיט נאָך דריי פּאַרטיזאַנער פון פּאַטרול, זיינען אָפּגעמערקט געוואָרן אין טאָג־באַפעל פון דער בריגאַדע פאַר זייער העלדישער טאַט און דרייסטן באַשלוס. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן מיר געלייענט אַ ידיעה אין דער מאָסקווער

„פּראַוודאַ“, אַז די פּאַרטיזאַנער פון דער „זשוקאָוו“־בריגאַדע האָבן אַראָפּגעשאָסן אַ דייטשן עראָפּלאַן.

## ח. די גרויסע אָבלאַווע (יולי, 1943)

אַ הייסער יולי־טאָג, 1943. אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער זיצן מיר, האַלב־נאַקעטע, אויף אַ קליינער „פּאָליאַנקע“ (ליידיקער שטח) אין אַ יונג וועלדל, אַ קילאָמעטער פון אונדזערע זיעמליאַנקעס. מיר ברענען זיך אויף דער זון, קוקן אויפן בלויען הימל און שמועסן געמיטלעך וועגן יידישע ענינים. צווישן די רוסן ריידן מיר געווינלעך בלויז רוסיש, כדי זיך ניט אויסצוטיילן פון די אַנדערע פּאַרטיזאַנער, אָבער דאָ וועט קיינער הערט אונדז ניט, ריידן מיר זיך אַראָפּ פון האַרצן פריי אויף יידיש פאַר דער גאַנצער צייט. יידיש רעדט זיך פּליסיק און געשמאַק.

— לויט מיין מיינונג, — זאָגט בענטשע, — איז דער אומגעלונגענער אָנגריף אויפן דייטשן גאַרניזאָן אין דאָרף דודקי, וואָס האָט אונדז אָפּגעקאָסט פינף טויטע און צוויי פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער, אַ רעזולטאַט פון אַ שלעכטן אָנגריף־פּלאַן פון לייטענאַנט קליוטשקאָ.

— אַט האָסטו אים — דערווידערט אברהמל — אַ נייער סטראַטעג. ווי קענען מיר זיך פאַרמעסטן אין אַן אָפענעם קאַמף קעגן די דייטשן? זיי האָבן פולע קעסטלעך מיט קוילן און האַנט־גראַנאַטן, און ווען מיר שיסן אויס די 20 אָדער 30 קוילן מוזן מיר „שמירן די פּיאַטעס“ (לויפן), ווייל אַ ביקס אָן קוילן איז ניט מער ווערט ווי אַ שטעקן.

— דאָך האָבן די דייטשן באַלד אויף צומאָרגנס פאַרלאָזן דאָס דאָרף און דעם בנין פון דער זשאַנדאַרמעריע האָבן אונדזערע פּאַרטיזאַנער אויפגעריסן, — האָב איך אונטער־געהאַלטן אברהמלס טענה.

— יאָ, — זאָגט אברהמל, — אָבער נאָך אַלעמען איז דאָס ניט קיין נצחון, נאָר אַ גרויסע מפּלה.

— אַי, — זיפצט אָפּ בענטשע — ווען וועט זיך שוין ענדיקן די מלחמה?

— און וואָס וועסטו טאָן נאָך דער מלחמה? — פרעג איך אים.

— אויב מען וועט נאָר קענען פאַרלאָזן רוסלאַנד, וועל איך פאָרן קיין ארץ־ישראל.

— און איך — זאָגט אברהמל — האָב אַ רייכן פעטער אין אַמעריקע. איך וועל פאָרן צו אים אַ ביסל זיך אָפּרוען נאָך די שווידערלעכע איבערלעבענישן, און דאַן וועל איך אים מיטשלעפּן מיט זיינע דאָלאַרן קיין ארץ־ישראל.

— מיר ריידן דאָ, — זאָגט בענטשע, — וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָדער אַמע־ריקע. אָבער זוער ווייסט צי מיר וועלן בכלל איבערלעבן די מלחמה. עס קען גריילעך זיין, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, וועלן מיר שוין ליגן מיטן פּופּיק אַרויף.

די גוטע שטימונג פאַרלאָזט אונדז און דער הומאָר פאַרשווינדט.

— ווו איז דיין ברודער? — פרעגט מיך אברהמל.

— ער איז איצט מיט אַ פּאַטרול אין שטעטל דערעוונע.

פּלוצלינג ווערט דער הימל פאַרוואָלקנט. די זון, וואָס האָט אַזוי מילד געוואַרעמט, פאַרשווינדט אין די וואָלקנס. מיר שטייען אויף און טוען אָן די העמדער.

— קומט שנעלער, — זאָג איך, — עס וועט נאָך אונדז כאַפּן אַ שלאַקסרעגן.

אויפן וועג צוריק אין לאַגער, הערן מיר אָפּהילכן פון אַ שטאַרקער שיסעריי פון פּולעמיאָטן און ביקסן, וואָס דערטראָגן זיך פון מרחקים. קומענדיק אין לאַגער האָבן מיר געטראָפן אַן אויפרודערונג און אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג. לייטענאַנט קליוטשקאָ רופט אַלע קאָמאַנדירן אין שטאַב אַריין אויף אַ באַראַטונג. די דייטשן האָבן אָנגעגריפן אַן אָטריאַד פון אונדזער בריגאַדע, וואָס איר באַזע איז נעבן ניעמאַן. מען זאָגט, אַז די דייטשן וועלן אָנגרייפן די גאַנצע פּושטשע. די סטאַלינסקע בריגאַדע שטייט שוין — לויט ווי מען דערציילט — דריי טעג אין שווערע קאַמפן קעגן שונא. די לאַגע איז זייער אַ געשפּאַנטע.

אַ פינצטערע נאַכט. עס גיסט אומאויפהערלעך אַ שלאַקסרעגן. מיר, אַכציק פּאַרטיזאַנער, גייען אין אַ געדיכטן מאַרש, איינער נאָכן צווייטן, מיטן אָטריאַד־קאָמאַנדיר, לייטענאַנט קליוטשקאָ בראש. שוין די דריטע נאַכט מאַרשירן מיר אַזוי. בייטאָג רוען מיר זיך אַ ביסל אָפּ. סערגיי, מיין ראָטנע־קאָמאַנדיר, וואָס גייט פאַר מיר, שעלט דעם לייטענאַנט קליוטשקאָ און זאָגט, אַז ער ווייסט ניט וווהין צו פירן און ער בלאָנדזשעט סתם אין דער פּושטשע. מיר זיינען אַלע אַדורכגענעצט ביזן לייב, פאַרמאַטערט און הונגעריק. מיט דריי טעג צוריק, ווען מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער לאַגער, האָט יעדער פּאַרטיזאַן באַקומען עטלעכע פּעניצלעך ברויט און אַ שטיקל „סאַלע“ (חזיר־פעטס). פון דעם „זאַפּאַס“ איז שוין ביי קיינעם קיין זכר ניטאָ. איך האָב נאָך אַ שטיקל ברויט, וואָס פּימקע האָט מיר געגעבן פון זיין „זאַפּאַס“. איך בין זייער הונגעריק, אָבער איך ריר ניט אָן דאָס לעצטע שטיקל ברויט.

הונדערט מעטער פאַר דעם אָטריאַד גייט פּימקע מיט נאָך פיר אַנדערע אויסשפּירער, אַלס ראַזוויעדקע. מיר גייען אַרויף אויף אַ וועג און בלייבן פּלוצלינג שטיק. איך זע ווי קליוטשקאָ באַראַט זיך מיט די אַנדערע קאָמאַנדירן און באַפעלט גיין מיטן וועג. מיר גייען אָפּ עטלעכע מינוט און בלייבן ווידער שטיין. איך באַמערק, ווי איינער פון דער ראַזוויעדקע לויפט צו צום קאָמאַנדיר קליוטשקאָ און ראַפּאָרטירט אים אָפּ שטילערהייט. אומגעדולדיק שרייט אויס קליוטשקאָ „גלופּאָסטי. ווּפּיעראָד!“ (נאַרישקייטן. פאָראויס). מיר גייען ווייטער. איך ראַנגל זיך מיטן הונגער, אויפעסן דאָס לעצטע שטיקל ברויט, אָדער ניט? איך באַשליס צו וואַרטן. מיר גייען נאָך עטלעכע הונדערט מעטער און פּלוצלינג... אַ גיהנום.

צענדליקער פּולעמיאָטן, אויטאָמאַטן און ביקסן עפענען אויף אונדז אַ מערדערלעך פייער. האַנט־גראַנאַטן רייסן אויף נעבן אונדז, באַלויכטונגס־ראַקעטן דעמאַסקירן אונדז און עס ווערט ליכטיק ווי אין מיטן העלן טאָג. פּאַרטיזאַנער פון אונדזערע רייען פאַלן ווי די פליגן, פאַרווונדעטע קרעכצן. מיר זיינען אַרויפגעפאַלן אויף אַ שטאַרקע, גוט־צוגעגרייטע „זאַסאַדע“. איך גיב אַ שפּרונג אין אַ זייט פונעם וועג און פאַל אַריין אין אַ גרוב. די פּאַרטיזאַנער צעלויפן זיך ווו ווער עס קען. איך לויף נאָך אָפּ עטלעכע צענדליק מעטער און דערווייטער זיך שנעל פון דער „זאַסאַדע“. צו אונדזער גליק איז דערנעבן פאַראַן אַ גרויסער וואַלד און די געדיכטעביימער באַשיצן די אַנטלויפנדיקע פּאַרטיזאַנער. נישט אָפּשטעלנדיק זיך, לויף איך שנעל, מיט די לעצטע כוחות. אומקוקנדיק, זע איך ניט

קיינעם פון אונדזערע פּאַרטיזאַנער. איך בין איינער אַליין! פון דער ווייטנס הער איך נאָך אָפּהילכן פון שאָסן און אויפן הימל בליצן אויף ראַקעטן. עס פאַלט אויף מיר אַ פּחד; אַליין אין אַ פינצטערער פושטשע! ניט צו וויסן ווו איך בין און וווהין צו גיין, און דער געדאַנק, אַז איך קען ווידער אַרויפגיין אויף אַ „זאַסאַדע", באַגיסט מיך לייב מיט אַ קאַלטן שוויס. עס שרעקט מיך אויך דער גורל פון מיין ברודער פּימקע און די אַנדערע פאַמיליע־מיטגלידער, וואָס לעבן אויף אַ „כוטאָר". בלית ברירה, גיי איך ווייטער אָן אַ ציל, מיט דער האָפענונג זיך אָנצוטרעפן מיט פּאַרטיזאַנער און ניט זיין אַזוי פּאַראייניזאַמט און הילפלאָז. די אָנגעלאָדענע ביקס האַלט איך די גאַנצע צייט אין האַנט, גרייט אָפּצו־שיסן זיך.

איך בלייב אויף אַ ווילע שטיין... מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב באַמערקט פון דער ווייטנס אַ מענטשלעכע געשטאַלט. איך האַלט אין דעם אָטעם... ניין, עס איז געווען אַן אילוזיע, אַ פאַטאַמאָרגאַנאַ. מיינע נערוון זיינען, ווייזט אויס, זייער אָנגעשטרענגט. איך גיי ווייטער. און מיט אַ מאָל — אַ האַנט כאַפּט מיך אָן ביי די הויזן, אינסטינקטיוו וויל איך אים געבן מיטן פּריקלאַד פון ביקס אַ זעץ איבערן קאָפּ... נאָר אין דעם זעלבן אויגנבליק הער איך אַ געשריי אויף רוסיש: „סטאָי, סטאָי, קטאָ עטאָ? (שטיי, שטיי, ווער איז עס?). צו מיין גרויסער איבערראַשונג דערקען איך מיין קאָמאַנדיר קליוטשקאָ. ער אָטעמט שווער, פרעגט מיך, צי האָב איך אפשר געזען וועמען עס איז פון די פּאַרטיזאַנער און בעט מיך, אַז איך זאָל אים העלפן גיין, ווייל ער איז זייער אָפּגעשוואַכט. ער שפּאַרט זיך אָן אויף מיין אַקסל און מיר שלעפּן זיך בידע זייער לאַנגזאַם.

— סטאָי! קטאָ אידיאָט? (שטיי, ווער גייט) — הערן מיר פלוצלינג אַ קוויטשענדיקע פרויען־שטימע. איך דערקען ראַיעס קול (סערגייס פרוי).

— ראַיע! — שריי איך — קום אַהער, דאָ איז מיט מיר דער קאָמאַנדיר קליוטשקאָ!

ראַיע דערנענטערט זיך צו אונדז האַלטנדיק די ביקס אין האַנט. זי איז זייער גליק־לעך אונדז צו טרעפן, ווייל זי איז געבליבן איינע אַליין און ווייסט ניט וווהין צו גיין.

— אפשר האָט איר געזען סערגיין? — פרעגט זי אונדז. מיר ענטפערן, אַז מיר האָבן קיינעם ניט אָנגעטראָפן אויפן וועג. מיר גייען שוין זאַלבעדריט. מיט צען מינוט שפּעטער באַגעגענען מיר אַ באַרוועסן פּאַרטיזאַנער מיטן נאָמען וואַסיל, אַ פּאַרטיזאַנער פון אונ־דזער אָטריאַד. ער איז איבערגעשראָקן ביז טויט און האַלט די ביקס צוגעקוועטשט צו דער ברוסט, קאָמפּסגרייט... מיר באַרואיקן אים. קליוטשקאָ קוקט אַריין אין דער מאַפּע, וואָס ער האָט מיט זיך און ווייזט אונדז די ריכטונג וווהין מיר זאָלן גיין. איך און וואַסיל גייען די ערשטע אין אויסשפּיר און נאָך אונדז, אין אַן אָפּשטאַנד פון אַ 15 מעטער — קליוטשקאָ מיט ראַיען. אונטער מיינע שטיוול ברעכן זיך די צווייגן און די צעטראָטענע שישקעס. מען הערט אין גאַנצן ניט וואַסילס טריט, ווייל ער מאַשירט אַ באַרוועסער. קליוטשקאָ רופט מיך צו און באַפעלט אויסצוטאָן די שטיוול. איך פּרוביר פּראָטעסטירן, נאָר עס העלפט ניט. בלית ברירה טו איך אויס די שטיוול און גיי באַרוועס. נאָך אַ קורצער צייט האָב איך שוין צעשטאָכענע, אָנגעווייטיקטע פיס.

מיר דערזעען פון דער ווייטנס אַ גרויסע פּאָליאַנע און אין מיטן אַ כוטאָר. אויף דער פּאָליאַנע אַרום שטוב אַ הויך קאָרנפעלד. קליוטשקאָ באַפעלט, אַז איך און וואַסיל זאָלן

אַריינגייען אין דער פויערישער שטוב, נעמען וואָס עס לאָזט זיך, צום עסן, און פרעגן דעם פויער, ווו מיר געפינען זיך, און וווהין עס פירן די וועגן, וואָס קרייצן זיך דאָ. קליוטשקאָ און ראַיע בלייבן אין וואַלד וואַרטן אויף אונדזער צוריקקער. וואַסיל גייט דער ערשטער און איך נאָך אים. פאַר דער שטוב איז דאָ אַ פאַרקאַן מיט אַ טירל. וואַסיל עפנט דאָס טירל און מיר גייען אַריין אין הויף. פּלוצים זע איך פון דער ווייטנס אַ געשטאַלט נעבן אַריינגאַנג אין שטוב. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז דער גוי האָט אונדז באַמערקט און גייט עפּעס אויסבאַהאַלטן פון אונדז. וואַסיל לויפט צו צום געשטאַלט און... בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט פון שרעק. אַ טריט פון אים שטייט אַ דייטש מיט אַ ביקס און אויפן קאָפּ אַ שטאַלהעלם. אַ ווײַלע שטייען זיי און קוקן אָן איינער דעם אַנדערן. מיט אַ מאָל גיט וואַסיל אַ וואָרף די ביקס און כאַפּט דעם דייטש מיט בײדע הענט פאַרן האַלדז. דער דייטש באַווייזט נאָך אויסצושרייען: „באַנדיטן!" (די דייטשע באַצייכענונג פאַר פאַרטיזאַנער) זיי פאַלן בײדע אויף דער ערד. איך רוק אַריין אַ קויל אין ביקס און וויל אַריינשיסן אין דעם דייטש, אָבער זיי באַרען זיך קייקלענדיק אויף דער ערד און איך האָב מורא, אַז איך זאָל ניט טרעפן וואַסילן.

פּלוצלינג עפנט זיך אויף אַ פענצטער. איך באַמערק ווי דייטשן שטעלן אַרויף אויפן פענצטער אַ שווערן פולעמיאָט. איך שיס אויס אין פעצנטער און הער אַ געשריי פון ווייטיק און דער פולעמיאָט פאַלט אַריין מיט אַן אָפּהילך צוריק אינעווייניק אין שטוב.

— וואַסיל! — שריי איך — דייטשן, אַנטלויף!

וואַסיל לאָזט אָפּ דעם דייטש אויף דער ערד און לויפט נאָך מיר. איך פאַל צו צו דער טיר פון פאַרקאַן, עפן, און גיב אַ שפּרונג אַריין אין הויכן קאָרן. אין דעם מאָמענט לאָזן די דייטשן אַ באַלויכטונגס־ראַקעטע און אַ פולעמיאָט הייבט אָן „שטעפּן" קוילן־סעריעס. וואַסיל ווערט געטראָפן פון אַ קויל און פאַלט טויט.

איך שאַר זיך פאַרזיכטיק אויפן בויך אינעם קאָרן און הער אַ שטימע פון אַ דייטש: „היער מוז נאָך איינער פון די באַנדיטן זיין!" איך שאַר זיך שנעל אינעם קאָרן, ווענלדיק וואָס גיכער זיך דערשאַרן ביזן סוף פון דער „פּאָליאַנע" וואָס נעבן וואַלד. אין וואַלד וועט מיר שוין זיין לייכטער צו אַנטלויפן. פּלוצלינג זע איך, אַז איך בין גאָר אויף אַ הויכן באַרג פון אַ קליין טייכל. ניט טראַכטנדיק לאַנג שפּרינג איך באַלד אַריין אין וואַסער, הייב אויף די טאָרבע מיט די קוילן און די ביקס איבער זיך און גיי אַריבער די עטלעכע מעטער וואַסער, וואָס טיילט מיך אָפּ פון צווייטן ברעג. דאָס וואַסער דערגייט מיר ביזן בויך. איך פּרוביר אַרויפצוקריכן אויפן צווייטן ברעג, אָבער איך גליטש זיך צוריק אַראָפּ אין טייכל. מיט די לעצטע כוחות כאַפּ איך זיך אָן אין אַ גראָבן בוים־וואָרצל, וואָס וואַקסט אויפן ברעג. קלעטער אַרויף און באַהאַלט זיך אונטער אַ דיקן בוים.

איך זע ווי אויף יענער זייט ברעג זוכן די דייטשן אינעם קאָרן און פון צייט צו צייט שיסן זיי בלינד פון אויטאָמאַטן. איך הייב ווידער אָן צו לויפן אין דער טיפעניש פון וואַלד. פון קליוטשקאָ און ראַיען איז ניטאָ קיין זכר. וואַסיל איז טויט. איך בין ווידער איינער אַליין. אַזוי גיי איך אַ 15 מינוט. די פיס טוען מיר שטאַרק וויי, איך בין שרעקלעך מיד און הונגעריק. איך זע פאַר מיר אַ וועג, וואָס קרייצט זיך אויף פאַרשידענע סטעזש־

קעס און טראַפּינקעס. גיין לינקס אָדער רעכטס? איידער איך דעצידיר זיך מיט וועלכן וועג צו גיין, הער איך אַן אויסגעשריי: „האַלט!“ איך גיב זיך אַ צאַפּל און מיין ביקס שיסט אויס אין דער פינצטערניש אַריין. נאָכן שאָס אין פענצטער, אויף דער פּאָליאַנע, האָב איך אַריינגערוקט נאָך אַ קויל אין דער ביקס אַריין. איצט, האַלטנדיק דעם פינגער קריגסגרייט אויפן צינגל, האָב איך ניט ווילנדיק אויסגעשאָסן. אַ לאַנגע קוילן־סעריע פון אַ פּולעמיאָט איז געווען דער ענטפער אויף מיין איינצל־שאָס. די קוילן פליען איבער מיין קאָפּ. איך לויף איבער דעם וועג, ניט אָפּשטעלנדיק זיך ביז עס פאַרלאָזן מיך די כוחות.

מורא האָבנדיק, אַז איך וועל ווידער אַרויף אויף אַ דייטשער „זאַסאַדע“ באַשליס איך ניט צו גיין ווייטער און איבערוואַרטן די נאַכט אין וואַלד. עס גיסט נאָך אַלץ אַ דריבנער רעגן.

איך געפין אַ שטיקל טרוקענעם פּלאַץ אונטער אַ בוים, שלעפּ אָן צווייגן און בלעטער, מאַך אַ פּראָוויזאָריש געלעגער עס זאָל מיר זיין ווייך, און לייג אָן צווייגן אויך אויף זיך, כדי מען זאָל מיך ניט זען. די מידקייט און די שווערע איבערלעבונגען טוען דאָס זייעריקע. דריקנדיק די ביקס שטאַרק צום קערפּער ווער איך באַלד אַנטשלאָפן.

אַן אומאויפהערלעכער גערויש פון מאַשינען, וואָס קייקלט זיך ווי שטיינער אין פאַרשלאָפענעם מוח, האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. ווו בין איך? וואָס טו איך דאָ? איך דערמאָן זיך די דראַמאַטישע געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. נאָך אַ נאַכט פון רעגנס, האָט זיך אויסגעלייטערט. דער הימל איז בלוי און די זון וואַרעמט מחיהדיק. פאַרזיכטיק הייב איך אויף מיין קאָפּ און קוק פון וואַנען קומט דער גערויש? איך גלייב ניט מיינע אייגענע אויגן. בלויז אַ האַלבער קילאָמעטער טיילט מיך אָפּ פון אַ שאָסיי, אויף וועלכן עס פאָרן טויזנטער דייטשן אין שטאָלהעלמען אין פולער קריגס־גרייטקייט אויף אויטאָס, טאַנקן, מאָטאָציקלען און האַרמאַטן. דאָס ניכטערט מיך אין גאַנצן אויס. איך וואַרף פון זיך שנעל אַראָפּ די צווייגן און לויף אָן אַן אָטעם טיפער אין וואַלד, וואָס ווייטער פון שאָסיי. נאָכן אָפּלויפן עטלעכע קילאָמעטער, באַשליס איך צו געפינען אַ פּאַסיקן פּלאַץ צווישן די קוסטעס און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן במשך פון דעם טאָג, ווען מען קען זיך אָנטרעפן אויף דייטשן און זייערע מיטהעלפער. איך לייג זיך אַוועק אין אַ געדיכטן קוסטאַרניק, וואָס פאַרשטעלט מיך פון אַלע זייטן. דער הונגער פייניקט מיך שרעקלעך. איך נעם אַרויס דאָס פאַרבאַהאַלטענע, לעצטע שטיקל ברויט און שלינג דאָס איין, און פאַרטרינק דאָס פאַרדאַרטע ברויט מיט אַ ביסל שמוציק, געדיכט וואַסער פון אַ גריבל. ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, הייב איך אָן ווידער צו גיין, איך גיי און גיי דורכן פינצטערן וואַלד אַ גאַנצע נאַכט. אפשר טראַכט איך, וועל איך זיך אָנטרעפן אויף פּאַרטיזאַנער. איך גיי איבער וועלדלעך, שנייד דורך טייכלעך און בלאָטעס. ווי נאָר עס הייבט אָן צו טאָגן, געפין איך ווידער אַ באַהעלטעניש אויף איבערצוטאָגן. כ׳לייג זיך אַוועק און שלאָף באַלד איין פון מידקייט.

דריי טעג שלאָף איך אין די קוסטעס און דריי נעכט בלאָנדזשע איך איבער די וועלדער, זוכנדיקן אַ לעבעדיקן מענטש. דער הונגער דרייט מיר איבער די קישקעס און די ווונדן אויף די פיס ברענען ווי פייער. איך בין זייער אָפּגעשוואַכט און טרינק אַ סך בלאָטיק וואַסער. אויפן פערטן טאָג, אין דער פרי, נאָך אַ גאַנצער נאַכט אַרומשלעפּן זיך,

ווער איך אַזוי שוואַך, אַז איך האָב מורא זיך צו לייגן שלאָפן, טאָמער וועל איך מער ניט קענען אויפשטיין. איך שלעפּ די פיס ווייטער און גיי אַזוי אָן אַ ציל. נאָך אַ שעה צייט, זע איך ווי אין חלום, אַ סטאַדע בהמות פיטערט זיך אויף אַ לאָנקע. פון דער ווייטנס זע איך אַ דאָרף און גלייב ניט מיינע אייגענע אויגן. פלוצלינג דערזע איך אַ שייגעץ, וויזט אויס אַ פּאַסטעך, און נעם ניט אַראָפּ מיינע אויגן פון דער טאָרבע, וואָס דער פּאַסטעך טראָגט אויף זיין אַקסל. דאָרט איז זיכער פאַראַן ברויט! דער פּאַסטעך שטייט אַ צען מעטער פון מיר. ער זעט מיך ניט, ווייל איך בין פאַרשטעלט דורך אַ בוים. מיט מיינע לעצטע כוחות לויף איך שנעל אַרויס פונעם וואַלד און שלעפּ דעם שייגעץ אַריין אין וואַלד. ער דערשרעקט זיך שטאַרק. איך שלעפּ אַרויס פון זיין טאָרבע אַ גרויס שטיק ברויט מיט אַ שטיקל „סאַלע". ווי אַ ווילדע חיה וואַרף איך זיך אויפן עסן, מיינע ציינער הייבן אָן צו אַרבעטן מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און איך האָב באַוויזן אַלץ איינצושלינגען. עס ווערט מיר בעסער. דאָס פּאַסטעכל קוקט ווי אַ פאַרכישופטער אויף מיר און ציטערט מיט זיין גאַנצן גוף. איך באַרואיק אים און פרעג, ווי ס'הייסט דאָס דאָרף און צי עס זיינען דאָרט דאָ דייטשן? ער ענטפערט מיר, אַז דאָס דאָרף הייסט באַרקי, און די דייטשן זיינען נעכטן אַוועקגעפאָרן פון דאָרף אויף זייערע מאַשינען און איצט איז דאָס דאָרף ריין פון דייטשן. איך אָטעם לייכטער אָפּ. דאָס דאָרף באַרקי איז באַוווינט פון ווייסרוסן, וועלכע באַציען זיך גוט צו די פּאַרטיזאַנער.

ניט טראַכטנדיק קיין סך, גיי איך אַריין אין דאָרף. די גויים וווּנדערן זיך זייער, אָבער זיי נעמען מיך אויף זייער האַרציק. זיי גיבן מיר עסן און טרינקען. אַ גויע פאַר־בינדט מיר די ווונדן אויף מיינע פיס. זיי דערציילן, אַז די דייטשן, וואָס זיינען געווען דריי טעג אין דאָרף און האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן פאַרניכטעט אַלע פּאַרטיזאַנער און אַז זיי פאָרן איצט אַוועק אין אַן אַנדער געגנט אויסצוראָטן אויך פון דאָרט די „באַנדיטן". איך וואַש זיך גוט אויס אין אַ „באַניע" (אַ דאָרפישע באָד) און לייג זיך שלאָפן ביי אַ משפחה, וועלכע האָט אַ זון אַ פּאַרטיזאַנער. צו מאָרגנס אין דער פרי לאָז איך זיך אַרויס אין וועג. אין מיין טאָרבע איז דאָ אַ גרויסער „זאַפּאַס" פון עסנוואַרג. איך גיי אין דער ריכטונג פון אונדזער לאַגער, וואָס געפינט זיך נעבן דאָרף טשאַרניע אוגלי.

*

די ערשטע פּאַרטיזאַנער מיט וועלכע איך טרעף זיך אָן, ניט ווייט פון אונדזער לאַגער, זיינען די צוויי ידישע פּאַרטיזאַנער פון אונדזער אָטריאַד: בן־ציון לונגין און אברהם טשערני. זיי צעקושן זיך מיט מיר און דערציילן, אַז מיין מאַמע, די באָבע און די שוועסטער אַביבה זיינען גאַנץ און געזונט און געפינען זיך ניט ווייט פון דאַנען, אויף אַ כוטאָר. דער טאַטע אַרבעט שווער אין אַ פּראָוויזאָריש שפּיטאָל, וווּ ער היילט אַ סך פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער פון דער אָבלאַווע.

זיי גיבן מיר איבער די טרויעריקע ידיעה, אַז מיין עלטערער ברודער, פּימקע, איז געפאַלן צוזאַמען מיט נאָך 31 פּאַרטיזאַנער בעת דער גרויסער „זאַסאַדע". צווישן די געפאַלענע איז אויך דער אָטריאַדנער קאָמיסאַר, סאַמוסיעוויטש. די שרעקלעכע ידיעה וועגן טויט פון מיין ברודער האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער. מיין ברודער פּימקע, וועל־

כער האָט מיך אַזוי געהיט און געשיצט די גאַנצע צייט און אָפּגעגעבן מיר דאָס לעצטע שטיקל ברויט, איז מער ניטאָ! איך וויין מיט בלוטיקע טרערן און קען בשום אופן זיך ניט באַהערשן. מיט אַ שעה שפּעטער פאַל איך אַרויף אויפן האַלדז פון מיין טאַטן און מירביידע באַוויינען פימקען. מיר גייען צוזאַמען אוועק אויפן „כוטאָר" צו אונדזער משפּחה. די מאַמע מיט דער באַבען ברעכן אויס מיט אַ געוויין, דערזעענדיק מיך אַ לע־בעדיקן. זיי האָבן שוין געמיינט, אַז אויך איך בין געפאַלן. אַלע צוזאַמען באַוויינען מיר דעם טראַגישן טויט פון אונדזער טייערן פימקען!

## ט. די געלונגענע לויערונג (זאַסאַדע)

פופציק פּאַרטיזאַנער זיינען פאַרלייגט אויף אַ „זאַסאַדע" עס איז אין גאַנצן דריי וואָכן נאָך דער גרויסער דייטשער אָבלאַווע. מען האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז אַ גרופּע פּוילישע פּאָליציאַנטן וועלן פאָרן פון דעם שטעטל מיר קיין טורעץ. שטאַרקע נקמה־געפילן באַהערשן די פּאַרטיזאַנער. מיר ליגן פאַרמאַסקירטע האַרט נעבן שאָסיי.

בערך צען אַ זייגער אין דער פרי זעען מיר שוין פון דער וויטנס ווי עס דער־נענטערט זיך צו אונדז אַ גרופּע פּאָליציאַנטן אויף ראָווערן, באַוואָפנטע מיט ביקסן און אויטאָמאַטן. אונדזער נייער קאָמאַנדיר, נאָוויקאָוו, (קליוטשקאָן האָט מען אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער בריגאַדע) באַפעלט ניט צו שיסן אָן זיין באַפעל. די פּאָליציאַנטן פאָרן מיט זיכערקייט, זיי ריידן הויך און זינגען. ווייזט אויס, אַז זיי גלייבן ניט, אַז נאָך דער גרויסער אָבלאַווע זיינען נאָך פאַראַן פּאַרטיזאַנער־כוחות. מיר זעען שוין גוט זייערע פּנימער. ווען זיי געפינען זיך אויף אַ מרחק פון 15 מעטער, גיט נאָוויקאָוו דעם צייכן און מיר עפענען אַ שטאַרק פייער אויף זיי. עטלעכע האַנט־גראַנאַטן ווערן געוואָרפן און עקספּלאָדירן צווישן די פּאָליציאַנטן. דער גאַנצער קאַמף געדויערט קנאַפּע פינף מינוט.

פון די אַכצן באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן, ליגן זיבעצן טויט. איינעם, וואָס איז פאַרוווּנ־דעט געוואָרן אין האַנט נעמען מיר אין געפאַנגענשאַפט. דאָס געווער און די ראָווערן נעמען מיר אַלס טראָפייען. דער ערשטער נצחון און דער ערשטער נקמה־אַקט נאָך דער אָבלאַווע. אין אַ געהויבענער שטימונג, מיט געזאַנג, קערן מיר זיך אום צוריק אין לאַגער מיט די דערװאָבערטע טראָפייען.

דער גאַנצער ווינטער 1943—44 גייט אַדורך אין כסדרדיקע אומאויפהערלעכע זאַ־סאַדעס און דיווערסיע־אַקטן. איך גיי אַדורך אַ קורס פון „מיניאָרן" (מינען־לייגער). מיט אַ גרופּע פון נאָך פינף מאַן געלינגט מיר אויפצורייסן עטלעכע דייטשע מאַשינען אויפן צווישנשטאָטישן שאָסיי סטויפּץ— מיר. איך ווער נאָמינירט אַלס קאָמאַנדיר פון אַ דיווערסיע־גרופּע. אויף אַ פייערלעכן באַפעל באַקום איך די מיליטערישע ראַנגע פון אַ סערזשאַנט און ווער צוגעשטעלט דורך דער קאָמאַנדשאַפט צו באַקומען דעם בכבודיקן אָרדן „רויטער שטערן". מען האַלט מיך שוין פאַר אַ העלדישן פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט אויף זיין קאָנטע אַ סך קאַמפּס־פּראַקטיק און מיליטערישע דערפאַלגן. מיר הערן אין ראַדיאָ, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי גרייפט אָן מיט דערפאָלג אויף אַלע פראָנטן און מיר וואַרטן שוין אומגעדולדיק אויף דעם טאָג פון דער באַפרייאונג.

## י. דער אָנגריף פון די פּאַרטיזאַנער אויף שטאָטישע גאַרניזאָנען

אין חודש אַפּריל, 1944, גריפט אָן די גאַנצע בריגאַדע א. נ. פון „מאַרשאַל זשוקאָוו" דאָס שטעטל מיר, וואָס איז באַקאַנט אין דער יידישער וועלט מיט דער גרויסער מירער ישיבה. דער דייטשער גאַרניזאָן, די פּוילישע פּאָליציי און דייטשע זשאַנדאַרן ווערן שנעל פאַרניכטעט. בלויז אַ קליינער טייל פון זיי באַהאַלט זיך אויס, אָדער אַנטלויפט. די פּאַר־טיזאַנער, בערך אַכט הונדערט מאַן, באַזעצן דאָס שטעטל און האַלטן עס אַ גאַנצע נאַכט. די טעלעפאָן־דראָטן ווערן איבערגעשניטן און אויף די שאָסייען, וואָס פירן צום שטעטל פאַרלייגט מען זאַסאַדעס", כדי ניט צו דערלאָזן דאָס אָנקומען פון דייטשע פאַרשטאַר־קונגען. מיר מאַכן אין שטעטל אַ גרויסע פאַרזאָרגונגס־אָפּעראַציע („כאָזשאַיסטווענע זאַדאַ־ניע"), אָדער ווי די פּאַרטיזאַנער רופן דאָס פּאָלקסטימלעך: „באָמביאָזשקע". מיר נעמען צו ביי די רייכע מיעשטשאַנעס פון שטעטל: בהמות, חזירים, פערד, ברויט. בקיצור, אַלץ, וואָס עס פּאַלט אַריין אין אונדזערע הענט. פּאַרטאָג פאַרלאָזן מיר מיט געזאַנג דאָס שטעטל מיר. ווען עס קומען אָן שפּעטער אין שטעטל דייטשע טאַנקן און פּאָליציי־אויטאָס, געפינען זיי עטלעכע צענדליק טויטע דייטשן און פּאָליציאַנטן און אַ חרובדיק שטעטל.

*

אין דער צווייטער העלפט פון חודש יוני, 1944, הייבט די סאָוויעטישע אַרמיי אָן איר גרויסע אָפענסיווע. אויפן ווייסרוסישן פראָנט. יעדע נאַכט הערן מיר דאָס גערויש פון די רוסישע אַעראָפּלאַנען, וואָס באָמבאַרדירן די שכנישע שטאָט סטויפּץ, אַ וויכטיקער אייזנ־באַן־מאַגיסטראַל.

אַלע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס פון דער אומגעגנט קריגן אַ באַפעל אַרויסצוגיין אויף די באַן־ליניעס און אויפרייסן די שינעס. עס גייט אַדורך אַ וואָך, וואָס איז אויסגעפילט מיט שווערע קאַמפן און „זאַסאַדעס". אין איינעם פון די קאַמפן נעמט אונדזער אָטריאַד אין געפאַנגענשאַפט פופציק דייטשן. מיר ווילן זיי, פאַרשטענדלעך, באַלד אויסשיסן, אָבער אַ רוסישער מאַיאָר, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע, דערלויבט עס אונדז ניט צו טאָן. לויט זיין באַפעל קריגן זיי דעם סטאַטוס פון קריגס־געפאַנגענע. די דייטשע אַרמיי הייבט זיך אָן צו עוואַקואירן. זיי אַנטלויפן אין אומאָרדענונג און פּאַניק.

דעם 28סטן יוני, 1944, טרעפט אונדזער אָטריאַד אַ בריגאַדע רוסישע טאַנקן. די שמחה איז גרויס, די רוסישע טאַנקיסטן כאַפּן אונדזער אָטריאַד־קאָמאַנדיר, נאָוויקאָוו, און וואַרפן אים מיט „הוראַ"־אויסרופן אין דער לופטן. מיר נעמען אַראָפּ אַ קאָמאַנדיר פון אַ טאַנק, הייבן אים אין דער הייך און שרייען: „הוראַ! הוראַ!". באַלד געפינט מען אין די טאַנקן קאָניאַק, וואָדקאָ און קאָנסערוון־פלייש. מען טרינקט, מ׳עסט און מען זינגט פריילעכע מיליטערישע לידער. עס איז אויך דאָ אַ גאַרמאָשקע און טענצער באַוויזן זייערע פעאיקייטן אין „קאַזאַטשאָק" און „לעוואָניכאַ". צו מאָרגנס באַזעצט די רויטע אַרמיי די שטאָט סטויפּץ. די פּאַרטיזאַנער, צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי, פאַרנעמען די אַרומיקע שטעטלעך: מיר, טורעץ, יערעמיטש און קאָרעליטש. בערך צען טויזנט

דייטשן ווערן אין יענע טעג גענומען אין געפאַנגעשאַפט דורך דער רויטער אַרמיי ביי דער מיטהילף פון די פּאַרטיזאַנער.

## יא. דערלעבט דעם טאָג פון דער באַפרייאונג

אין די ערשטע טעג פון חודש יולי, 1944, ווערן באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי די שטעט: לידע און איוויע. מיט צוויי וואָכן שפּעטער קום איך אָן מיטן טאַטן מיט אַ מיליטערישן אויטאָ קיין איוויע. מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז די מאַמע, די באָבע און די שוועסטער אביבה, זיינען אַרויס פאַר אונדז פון די וועלדער צוזאַמען מיט ביעלסקיס אָטריאַד און זיי געפינען זיך שוין אין איוויע. מיר שטייגן אַרויס פון אויטאָ אין מאַרק נעבן אַשעראָווסקיס מויער, דער זיצאָרט פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

דאָס שטעטל איז כמעט לידיק פון מענטשן. עס גייען אַרום גרופּעס רויטאַרמייער איינצלנע ציווילע מענטשן, אַלץ אומבאַקאַנטע פּנימער. כ׳גיב אַ קוק אויפן שטח, וווּ ס׳איז געווען דער געטאָ: צעהאַקטע הייזער, אָן טירן און אָן פענצטער. איך דערמאָן זיך די נאַכט, ווען מיר זיינען אַנטלאָפן פון געטאָ אין די וועלדער אַריין. זינט יענער נאַכט איז שוין פאַרלאָפן מער ווי אַנדערטהאַלבן יאָר! ניין! עס זיינען ניטאָ אין האַרצן די פרייד־געפילן פון אַ זיגער, וואָס קומט נאָך אַ נצחון פון שלאַכטפעלד. אין האַרצן הערשט אַ טיפער טרויער. מיר, די יידישע קעמפער, האָבן די מלחמה פאַרשפּילט, מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער פאָלק... מיר, איך מיטן טאַטן גייען ווי אבלים, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אין ווילנער גאַס טרעפן מיר אונדזער משפחה.

דאָס שטעטעלע איוויע, וואָס האָט פאַר דער מלחמה פּולסירט מיט אַ פול יידיש פריידיק לעבן, אין וועמענס גאַסן ס׳האָט שטענדיק געראַשט מיט געלעכטערס פון די הונדערטער יידישע שול־קינדער און יוגנטלעכע, איוויע, מיט אירע רייכע און אָרעמע יידן, מיט אירע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, רבנים, תלמידי חכמים, אינטעליגענץ, בעלי־מלאכות און סוחרים, בקיצור, אונדזער יידישע איוויע — עקזיסטירט ניט מער! זי איז פאַרשווינדן אויף אייביק פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד...

שמואל געלער / רמת־גן

# אכצן חדשים פון אייביקער נאכט...*

## א. די פרוי קורבאַט האָט ניט פאַרגעסן איר חוב

אין ים פון מענטשן־האַס, רציחות און בלוט, האָבן ווו־ניט־ווו, אַרויסגעשיינט קליי־נינקע אינדזעלעך פון מענטשן־ליבע און אָפּפערוויליקייט. געווען זיינען עס מערסטנ־טייל איינפאַכע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן רעהאַביליטירט דעם פאַרשוועכטן נאָמען „מענטש".

צווישן די געציילטע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך נאָך דער באַפרייאונג אומ־געקערט אין דעם חרובן שטעטל, איוויע, האָט זיך געפינען די פרוי דאָבע שמיילאָוויטש מיט אירע צוויי קליינע זין. די געשיכטע פון איר רעטונג קלינגט אומגלויבלעך, דאָך איז עס אַווירקלעכקייט. גערעטעוועט האָט זי די פוילישע פאַמיליע קורבאַט (Kurbat).

וואַלאַדיע קורבאַט איז געווען אַ שוסטער. ביזן אויסברוך פון דער פויליש־דייטשער מלחמה האָט ער געאַרבעט אין אַ שוסטער־וואַרשטאַט פון איוויער שוך־קרעמער בערל באַקשט. זיין פרוי און קליין טעכטערל האָבן זיך געפונען אין וואָלקאָוויסק. זייענדיק אַ ליבהאָבער פון „ביטערן טראָפּן", איז וואַלאַדיע געווען אָן אָפּטער אַריינגייער אין דאָבעס רעסטאָראַן. ווען די סאָוויעטן זיינען אין סעפּטעמבער 1939 אַריין קיין איוויע, האָט וואַלאַ־דיע באַשלאָסן צו ברענגען זיין פרוי און טעכטערל פון וואָלקאָוויסק קיין איוויע. לייכט איז געווען דאָס אַריבערפאָרן, פיל שווערער איז געווען צו קריגן אַ דירה פאַר דער פאַמיליע. דאָבע שמיילאָוויטש האָט ניט געקענט צוזען די ליידן פון דער קרענקלעכער פרוי ליזע קורבאַט און איר קליין, אַכטיאָריק טעכטערל, רעגינאַ, וואָס האָבן זיך געוואַל־גערט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. זי נעמט זיי אַריין צו זיך אין שטוב. במשך פון דריי חדשים האָט די פאַמיליע קורבאַט געוווינט ביי דאָבען. אין צווישנצייט האָט זי געזוכט און גע־פונען אַ דירה און די פאַמיליע קורבאַט איז אַריבער דאָרט וווינען.

ווינטער 1939/40, האָט מען וואַלאַדיען גענומען אין רוסישן מיליטער. דאָבע האָט די גאַנצע צייט געהאָלפן דער פרוי קורבאַט מיט שפּייז, רפואות און האָלץ אויף ווינ־טער, ליזע איז געווען טיף גערירט פון דער אַרויסגעוויזענער פריינדשאַפט און האָט

---

* געוויסע פרטים פון דער אַרבעט גענומען פון די זכרונות־פאַרצייכענונגען פון ד"ר זעליק שמיילאָוויטש (רעד.).

שטענדיק געזאָגט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן וואָס די ידישע פרוי האָט געטאָן פאַר איר מיט איר קליין קינד.

און זי האָט ווירקלעך ניט פאַרגעסן !...

## ב. דער נאַצישער מאָרד־רעזשים

אומגעריכט איז אָנגעקומען די שרעקלעכע נאַצי־הערשאַפט. איוויער ידן גייען אָפּ אין בלוט. אַ שחיטה פון דער אינטעליגענץ, איינצל־מאָרדן, און דאָן די גרויזאַמע שחיטה פון קרוב צוויי טויזנט פינף הונדערט ידן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 12טן מאַי 1942. אין די דאָזיקע שווערע טעג האָט ליזע קורבאַט געזאָרגט פאַר דער פאַמיליע שמולאָוויטש.

נאָך דער שחיטה איז ליזע געקומען צו דאַבען און דערקלערט, אַז איר געוויסן לאָזט זי ניט רוען, זעענדיק וואָס מען טוט מיט די ידן, עס פייניקט זי דער געדאַנק, אַז אויך דאָבע מיט איר פאַמיליע זיינען אין גרויס געפאַר. זי מיט איר מאַן האָבן באַשלאָסן זיי צו ראַטעווען. וואָלאָדיע האָט שוין אָנגעהויבן גראָבן ביי זיך אין שטוב אַן אונטער־ערדישע באַהעלטעניש. מיט טרערן אין די אויגן האָט איר די טיף־איבערראַשטע דאָבע געפרעגט : — צי ווייסט זי, וואָס פאַר אַ סכנה זי נעמט אויף זיך און איר פאַמיליע ? — אין שטראָף איז געווען פאַר אויסבאַהאַלטן ידן — טויט ! ליזע קורבאַט האָט וועגן דעם גוט געוווסט. איר ענטפער איז אָבער געווען :

— איך פאַרלאָז זיך אויף גאָט. ווי גאָט וועט וועלן, אַזוי וועט זיין !

אין דעם קליינעם שטיבל פון קורבאַטן גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. נאַכט נאָך נאַכט גראָבט וואָלאָדיע, ביי דער מיטהילף פון דאָבעס מאַן, דוד, דאָס גרוב. ליזע טראָגט אַלע נאַכט אַרויס צענדליקער עמערס זאַמד און צעשיט עס איבער די אַרומיקע פעלדער. נאָך עטלעכע חדשים גראָבן, איז אין מיטן שטעטל, אויף ווילנער גאַס, אַרומגערינגלט מיט פיינטלעכע גויאישע הייזער, אין שכנות פון בירגערמייסטערס שטוב, פאַרטיק געוואָרן אַ באַהעלטעניש פאַר דער ידישער פאַמיליע. דאָבעס מאַן, דודך, איז ניט באַ־שערט געווען אויסצונוצן די מאַלינע און איבערצולעבן די מלחמה ; ער איז אינצווישן, אין רעזולטאַט פון די שווידערלעכע איבערלעבונגען געוואָרן ערנסט קראַנק. טראָץ גרויסע שוועריקייטן, האָט זיין פרוי אויף פאַרשידענע וועגן געקראָגן די נייטיקע מעדיקאַמענטן. עס האָט זיך געפונען אַ קידער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו היילן זיין קראַנקייט. אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז געלונגען אויף אַ פור אַריבערצופירן אים פון געטאָ אין קיידאַרים־געסל, וווּ ער האָט געדאַרפט בלייבן צוויי מעת־לעת.

צומאָרגנס, דעם 31סטן דעצעמבער 1942, איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך זשאַנדאַרמעריע און „טאָדט"־לייט, וועלכע זיינען געקומען אַרויספירן די ידן אויף אַרבעט אין די טאָרף־זומפּן הינטער באַריסאָוו. דער קידער האָט זיי אָנגעהויבן יאָגן פון זיין שטוב, ווייל ער האָט צוליב זיי ניט געוואָלט ריזיקירן מיטן לעבן פון זיין פאַמיליע.

זיי זיינען געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין מיטן קראַנקן טאַטן, וועלכער האָט שוין ניט געקענט שטעלן אַ טראָט אין קאַלטן פאַרשנייטן דרויסן. זיי האָבן אים אַריינגע־פירט אין אַ שייער און אים אָוועקגעלייגט אויפן היי. ניט האָבנדיק קיין אַנדערן אויס־

וועג, איז דאָבע מיט איר עלטערן צוועלפיאָריקן זעליק אַוועק אין דער פינצטערער נאַכט, דורך פאַרשנייטע פעלדער און וועלדער קיין לוקאַשין, אַ דאָרף, ווו זיי האָבן געהאַט באַקאַנטע פויערים, כדי צו קריגן פערד און שליטן און אַריבערצופירן דערוויל דעם קראַנקן אין דאָרף. דער מסוכנדיקער דוד, האָט געוואַרט אין שטאַל אויף זייער צוריקקומען.

דער קליינער, אַכטיאָריקער זון, אברהמלע, איז אַליין געוווען אין יענעם פאַטאַלן טאָג אין געטאָ. אַז עס איז אויסגעבראָכן אין געטאָ אַ פּאַניק און מען האָט אָנגעהויבן זיך צעלויפן, איז ער אויך אַנטלאָפן און פאַרנאַכט זיך דערקליבן, מיט אָפּגעפרוירענע פיס קיין לוקאַשין, ווו זיין מאַמע און עלטערער ברודער האָבן אים טאַקע געטראָפן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן במשך פון טאָג אין אַ שטאַל און געפלאַנט ביינאַכט אַריבערצופירן אַהער דעם קראַנקן טאַטן.

אינצווישן האָבן לוקאַשינער פויערים, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער ניי־יאָר־תפילה אין איוויער קלויסטער (דאָס איז געוווען דעם ערשטן יאַנואַר 1943), דערציילט, אַז אַ פּאָליציאַנט האָט דערשאָסן דעם טאַטן אין קיידאַרים־געסל. דאָבע האָט איבערגעלאָזט אירע צוויי קליינע קינדער אין לוקאַשינער שטאַל אַליין, איז אַוועק קיין איוויע און געבראַכט צו קבר־ישראל איר מאַן און נאָך פיר יידן, וואָס זיינען יענעם טאָג דערשאָסן געוואָרן. ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט זיינען זיי באַלד אַריבער אין דער באַהעלטעניש, אין הויז פון דער פאַמיליע קורבאַט, וואָס האָט זיך, ווי געזאָגט, געפונען אין מיטן ווילנער גאַס אין איוויע. אין דעם זעלבן גרוב זיינען אַריין נאָך צוועלף מאַן: די פאַמיליעס: איסר שוואַרץ, יצחק שמוקלער (דער שוסטער) און שאַיע באַקשט.

## ג. דאָס לעבן אין דער מאַלינע

נאָך אַ דריי־וואָכיקן אויפהאַלט אין דעם ענגן גרוב, זיינען די מענטשן געוווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין און זוכן באַהעלטענישן ביי באַקאַנטע קריסטן אין די אַרומיקע דערפער (פאַרשטייט זיך, פאַר אַ טייערן פּרייז). עס איז פשוט ניט געוווען קיין מעגלעכקייט צו באַזאָרגן מיט שפּייז און אַלעם נייטיקן פאַר פופצן מענטשן. אַחוץ דעם האָט אין דער ענגער מאַלינע אויסגעפעלט ממש לופט צום אָטעמען — שוין ניט רעדנדיק וועגן אַזאַ דעליקאַטן פּראָבלעם, ווי דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן... פון די פופצן פערזאָן, וואָס זיינען לכתחילה אַריין אין גרוב, זיינען געבליבן בלויז דאָבע מיט אירע צוויי קליינע קינדער און אַ מיידל (שפּעטער איז זי אויך אַריבער אין אַן אַנדערער באַהעלטעניש). אַלע אויבן־דערמאָנטע 15 פערזאָן האָבן זוכה געווען איבערצולעבן די מלחמה (אַחוץ צוויי משפחות, וואָס לעבן היינט צו טאָג אין אַמעריקע, לעבן די אַלע אַנדערע אין ישראל).

געוווען איז עס אַ קליינע גרוב, אָן ליכט און אָן לופט, וואָס האָט זיך געצויגן אונטער דער פאָדלאָגע פון קורבאַטס שלאָפצימער. די עפענונג פון גרוב, איז געוווען פּרימיטיוו פאַרמאַסקירט מיט אַ קאַסטן פון פאַרשידענע זאַכן. נאָר ביינאַכט פלעגט מען אָפּרוקן דעם קאַסטן, כדי עס זאָל אין גרוב אַריינשטראָמען אַ ביסל פרישע לופט. דאָבע מיט אירע

קינדער האָבן זיך געזעגנט מיט דער זונשיין און טאָג־ליכט. די „אייביקע נאַכט" האָט זיך פֿאַר זיי געצויגן אַכצן חדשים, ביז דעם טאָג פֿון דער באַפֿרייאונג (יולי 1944). טעג, וואָכן און חדשים זיינען פֿאַרביי. ביינאַכט פֿלעגט מען אַרויסגיין אַ ביסל אין שטוב, כדי אויסצוגלייכן די ביינער, זיך אַרומוואַשן און כאַפּן אַ ביסל פֿרישע לופֿט.

ליזע קורבאַט האָט באַזאָרגט די פֿאַמיליע מיט אַלדאָס נייטיקסטע, זי האָט אויך ניט פֿאַרגעסן צוצושטעלן פֿאַר די קינדער ביכער, העפֿטן, בלייפֿעדערס און... שפּילצייג. אין דעם ענגן גרוב, ביים שיין פֿון אַ קליין „קאָרניקל" (לעמפּעלע) האָט דער דרייצניאָריקער זעליק געלייענט פֿיל ביכער. אין די לאַנגע אָוונטן פֿלעגט ער פֿאַרלייענען מעשהלעך פֿאַר זיין יינגערן ברודערל און פֿאַר... רעגינען. די אַכטיאָריקע רעגינע, האָט פֿון ערשטן טאָג אָן געוווּסט וואָס דאָ קומט פֿאָר; איר מוטער האָט איר אַלץ אויפֿגעקלערט. רעגינע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איר פֿאָטער טוט אַ גוטע זאַך. מיט אַן ערנסטקייט פֿון אַ דערוואַקסענעם מענטש האָט זי מיטגעהאָלפֿן דער מאַמען און שטרענג געהיטן דעם סוד. זי פֿלעגט קיינמאָל ניט רופֿן אירע חברטעס זיך שפּילן ביי זיך אין שטוב, כדי זיי זאָלן עפּעס ניט באַמערקן. אין די אָוונטן פֿלעגט זי אָפּזיצן גאַנצע שעהן אין באַהעלטעניש און זיך שפּילן מיט די קינדער. ניט איינמאָל פֿלעגט זי איינשלאָפֿן צוזאַמען מיט זיי.

וואַלאַדיע האָט זיין שוסטער־וואַרשטאַט געהאַט ביי זיך אין שטוב. זייער אָפֿט פֿלעגן דייטשן און פּאָליציאַנטן קומען צו אים פֿאַרריכטן זייערע שטיוול און שיך. יעדעס מאָל ווען עס האָבן זיך דערהערט זייערע הילכיקע טריט, פֿלעגט ביי דאָבען אַרויספֿאַלן דאָס האַרץ פֿון שרעק. דער שוסטער האָט זיך אויך געשראָקן, און נאָך אַ באַזוך פֿון דייטשן אָדער פּאָליציאַנטן פֿלעגט ער זיך גוט אָנשיכורן. וואָלאָדיע איז שטענדיק געווען אַ שיכור, איצט האָט ער געטרונקען אַלץ מער און מער, טענהדיק, אַז ער וויל „פֿאַרגעסן" זיין פּחד. ער פֿלעגט אָפֿט מאַכן זיין ווייב סקאַנדאַלן. דאָבע און ליזע האָבן מורא געהאַט, אַז ער זאָל שיכורערהייט ניט אַרויספֿלאַפּלען דעם גרויסן סוד. נאָר ער האָט דאָך ניט פֿאַרראַטן.

איינמאָל האָט מען וואַלאַדיען אַרעסטירט, מען האָט אים חושד געווען אין גנבענען שטיוול, אין שטוב האָט מען זיך געריכט אויף אַ רעוויזיע. ליזע האָט דאָבען מיט די קינדער פֿאַרשפּאַרט אויף אַ לענגערע צייט. פֿון לאַנג זיצן פֿאַרשפּאַרט אָן לופֿט, האָט זיך דער קליינער צעניאָריקער אברהמעלע אָנגעהויבן שטיקן, מען האָט אים קוים אָפּגעמונטערט. קיין „אָביסק" (רעוויזיע) איז ניט פֿאָרגעקומען. וואָלאָדיען האָט מען באַפֿרייט.

## ד. אין געראַנגל פֿאַרן איבערלעבן די מלחמה

ערב פּסח 1944, ווען ס'האָט אָנגעהויבן צעגיין דער שניי, איז דאָס גרוב פֿאַרשוווּמען געוואָרן מיט וואַסער. שלאָפֿעדיקערהייט האָט פּלוצלינג דאָבע דערפֿילט, אַז זי ליגט אין וואַסער. אין מיטן נאַכט זיינען זיי געווען געצוווּנגען אַריבערצוגיין אין אַ גרוב אין דערבייאיקן שטעלעכל. אין די אַלע פֿאַלן האָט זיך ליזע קיינמאָל ניט פֿאַרלוירן. זי האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט די געפֿאַר, וואָס עס דראָט איר פֿאַמיליע. זי האָט ניט געגעבן קיין אָנצוהערענישן, אַז דאָבע זאָל פֿאַרלאָזן איר שטוב. דאָס אַלץ האָט די פּוילישע פּרוי געטאָן אָן קיין שום באַלוינונג, נאָר אויס דאַנקבאַרקייט און מענטשלעכקייט. ניט איינמאָל,

ווען דאָבע, אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד פלעגט ווען שלאָגן די קינדער, פלעגט איר ליזע ניט לאָזן — „וואָס זיינען די „דיעטקיע" (קינדער) שולדיק, אַז זיי לעבן אין אַזאַ פינצטערער צייט ?"...

דובה שמיילוביץ׳ ובניה.
משמאל — אברהם, מימין — ד״ר זליק.



דאָבע שמיילאָוויטש און אירע זין.
פון לינקס — אברהם, פון רעכטס — ד״ר זעליק.

מיט עסן האָט זיך דאָבע אַליין פאַרזאָרגט. אין פינצטערע נעכט פלעגט זי מיט איר עלטערן יינגל, זעליק, זיך אַרויסגנבענען פון איר באַהעלטעניש און גיין אין נאָענטן דאָרף לוקאַשין. ביי באַקאַנטע פויערים פלעגט זי בייטן זאַכן אויף פאַרשידענע שפּייז. יעדער אַזאַ „נאַכט־שפּאַציר" איז געווען פאַרבונדן מיט טויט־געפאַרן. בלויז איין קריסט פון לוקאַשין האָט געוואוּסט, ווו די פאַמיליע באַהאַלט זיך אויס. ער פלעגט עס אַריבערפירן די צונויפגעזאַמלטע שפּייז קיין איוויע צו דער פאַמיליע קורבאַט. אויך דעם קריסט האָט די פאַמיליע שמולאָוויטש פיל צו פאַרדאַנקען איר אַדורכהאַלטן די שווידערלעכע יאָרן.

ניט איינמאָל האָט דאָבע געבעטן אויף זיך דעם טויט, ניט קענענדיק צוזען די ליידן און די קראַנקייטן פון די קינדער. מען האָט געדאַרפט האָבן איבערמענטשלעכע כוחות, כדי אויסצוהאַלטן חדשים־לאַנג אין דעם פינצטערן גרוב. די שטענדיק־לויערנדיקע גע־פאַר האָט ניט געגעבן קיין רו. נאָר דער געדאַנק וועגן ראַטעווען די קינדער האָט אין איר דערוועקט אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון אויסדויער. ניט איינמאָל זיינען זיי געווען אי־בערצייגט, אַז זייערע אַלע מאַטערנישן און יסורים זיינען אומזיסטע, ווייל זיי וועלן סיי ווי ניט קענען אויסמיידן דעם יידישן גורל.

עטלעכע וואָכן פאַר דער באַפרייאונג, ווען אין דער שטילקייט פון די נעכט האָט זיך שוין דערטראָגן צו זייערע אויערן די קאַנאָנאַדע פון דער רוסישער אַרטילעריע, זיינען דייטשן געקומען פאַרשרייבן די שטאַלן, כדי דאָרט אַריינצושטעלן פערד. וואַלאַדיע האָט זיך זייער דערשראָקן (ווי געזאָגט, זיינען זיי שוין איצט געווען אין אַ גרוב אין שטאַל און ניט אין דער דירה), און זיי זיינען געווען געצוווּנגען אין מיטן העלן טאָג אַרויסצוגייען איינציקווייז מיט די קריסטן אויף די פעלדער.

ליזע פלעגט דאָבען שטענדיק ברענגען גוטע נייעס; זי האָט דערציילט וועגן נצחונות פון דער רויטער אַרמיי, וועגן פאַרטיזאַנישער גבורה און נקמה. מיט גרויס פרייד האָט זי דערציילט, אַז פיל פאָליאַקן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן גייען אַרום צע־טראָגענע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ...

## ה. דער גרויסער טאָג פון באַפרייאונג

ענדלעך איז געקומען דער גרויסער טאָג פון באַפרייאונג — יוני 1944. די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר גרויסע אָפענסיווע. די דייטשע אַרמיי טרעט אָפּ אין גרויס פּאַניק. שוין עטלעכע טעג, ווי צענדליקער פאָליאַקן, וואָס האָבן געטריי געדינט די דייטשע מערדער, לויפן, ווער צו פוס, ווער אויף וועגענער צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע, גאַוויע. די קליינע רעגינע אָבסערווירט אַלץ אויפן בוידעם און גיט יעדע ווילע איבער די פריי־לעכע בשורות: זיי אַנטלויפן, זיי אַנטלויפן! איזויע איז באַפרייט! (אָנהייב יולי 1944).

נאָך העכער אַכצן חדשים פינצטערניש האָט פאַר דער פאַמיליע שמיילאָוויטש ווידער אויפגעשיינט די זון... די משפחה קורבאַט געזעגנט זיך מיט דאָבען, וואַלאַדיע מאַכט לכבוד דער באַפרייאונג אַ גרויסע כוסה... איצט האָט ער עס כשר פאַרדינט! רעגינע דריקט די הענט פון די יידישע יינגלעך, פון ליזעס אויגן קייקלען זיך טרערן, זי האָט דערפילט איר מענטשלעכער מיסיע...

*

דאָס דרייצניאָריקע יינגל, וואָס האָט אינעם פינצטערן גרוב, ביי דער שיין פון אַ קליין לעמפעלע געלערנט און געלייענט ביכער, הייסט ד"ר זעליק שמיילאָוויטש און אַרבעט היינט צו טאָג אַלס דאָקטער־ספּעציאַליסט אין צענטראַלן שפּיטאָל אין באר־שבע. די גאַנצע פאַמיליע לעבט אין מדינת ישראל אַ פריי, גליקלעך לעבן. עס בלוטיקט דאָס האַרץ, וואָס עס האָבן זיך געפונען אַזוי ווייניק רעטערס, ווי די פאַמיליע קורבאַט און אַ נישטיקער פּראָצענט פון די יידן האָט איבערגעלעבט די שוידערלעכע מלחמה...

מרים אַנגעל־פעדערמאַן / אַמעריקע

# ווי אזוי איך האָב זיך געראטעוועט פון היטלערס נעגל



מיינע עלטערן שטאַמען פון דערפער אין אומ־געגנט פון איוויע. מיין טאַטע, זעליק פעדערמאַן האָט זיינע בחורישע יאָרן פאַרבראַכט אין נאָ־ענטן הויף, קראַסאָוושציזנע, ווו ער האָט גע־האַלטן אין אַרענדע די פּאַכט ביים פּריץ לע־טונקע און פּראָדוצירט האָלענדישן קעז. נאָך זיין חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין איוויע. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהילה דורך די הענט פון די היטלעריסטישע מערדער־באַנדעס, ימח שמם.

איך בין געבוירן געוואָרן אין שטעטעלע אי־וויע, ווו איך האָב געלערנט אין דער העברעאי־שער פאָלקס־שול. אַ געוויסע צייט געווען אין „השומר הצעיר" און אפילו אָנגעהערט צו דער הנהגה פון קן. נאָך מיין חתונה האָבן מיר געצויגן די באַשיידענע חיונה פון אַ קליינער שניט־קראָם. אָבער לאַנג האָט די שטילקייט ניט אָנ־געהאַלטן. די גויים האָבן זיך אָנגעשטעקט מיטן היטלעריסטישן גייסט און אָפן גערעדט, אַז זיי וואַרטן אויפן טאָג, ווען זיי וועלן דערלעבן אַ נקמה אין די יידן. זיי האָבן שוין דאָן זיך געטיילט מיטן יידישן פאַרמעגן און יעדער האָט זיך אויסגעקליבן אַ הויז, וואָס ער וועט צונעמען, ווען עס וועט קומען דער געגאַרטער טאָג. מיר האָבן געפילט, אַז עס דער־נענטערט זיך אַ גרויסער שטורעם אויף דער וועלט.

דעם 1טן סעפטעמבער 1939, איז דייטשלאַנד אָנגעפאַלן אויף פּוילן און איר באַזיגט אין געציילטע וואָכן. לויטן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט וועגן דער חלוקה פון פּוילן איז אונדזער געגנט אָנגעשלאָסן געוואָרן צו דער סאָוויעטישער ווייסרוסלאַנד. דעם 18טן סעפּטעמבער 1939, איז אַריין די רויטע אַרמיי קיין איוויע. טראָץ דעם, וואָס פאַר אונדז איז אויך דער האַרבער סאָוויעטישער רעזשים געווען אַ שטאַרקער איבערברוך אין אונ־דזער לעבנס־שטייגער, האָבן מיר אָבער, אַ דאַנק אים, אָפּגעשטופּט אויף אַנדערהאַלבן יאָר דעם היטלעריסטישן מאָרד־רעזשים. די פּריוואַטע געשעפטן האָט מען נאַציאָנאַליזירט און אַלע זיינען געוואָרן רעגירונגס־אָנגעשטעלטע. די וואָס האָבן געקראָגן אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט מיט אַ פּאַראַגראַף אַלס בורזשוי, האָבן ניט געקראָגן קיין אַרבעט און עס האָט זיי געדראָט פאַרשיקט צו ווערן צו די „ווייסע בערן" קיין סיביר. אָבער טראָץ אַלעמען האָט מען זיך ווי עס איז איינגעלעבט מיטן סאָוויעטישן רעזשים און געהאָפט, אַז די מלחמה וועט אונדז אויסמיידן.

ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג האָט אונדז געטראָפן דער דייטשער אָנפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד (דעם 22סטן יוני 1941). אין עטלעכע טעג אַרום (סוף יוני 1941), האָט די דייטשע אַרמיי באַזעצט איוויע. פאַר אונדז, יידן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שוידערלעכער רעזשים פון מאָרד, רויב, איזדיעקעווען און באַליידיקונגען אויף שריט און טריט. מיר זיינען געווען הפקר, צו שאַנד און צו שפּאָט ביי אונדזערע גויאישע שכנים.

זעקס וואָכן נאָך זייער אַריינמאַרש (תשעה באב 1941) האָבן זיי איינגעאָרדנט די ערשטע שחיטה וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „די שחיטה פון דער אינטעליגענץ". בעת דער סאָרטיראָווקע פון די מענער אויפן מאַרק־פּלאַץ האָט מען געשיקט צום טויט: סוחרים, קרעמער און בעיקר די רעליגיעזע און וועלטלעכע אינטעליגענץ. 220 מענער האָט מען אויפגעלאָדן אויף משא־אויטאָבוסן, אַוועקגעפירט נעבן סטאַנעוויטש און דאָרט זיי דערשאָסן (צווישן זיי איז אויך געווען מיין מאַן). מיר, די אלמנות, האָבן נאָך חדשים לאַנג ניט געוואָלט גלייבן, אַז אונדזערע מענער ליגן אין די גריבער, איניקע קילאָמעטער פון שטעטל. מיר האָבן דווקא געגלויבט אין די ידיעות און קלאַנגען, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט אויף אַרבעט. ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך איבערצייגט אין דעם טרויע־ריקן אמת...

דאָס אַריינטרייבן די יידן פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך (ליפּנישאָק, טראַב) און דאָרפישע ישובים אין איוויע (האַרבסט 1941), איז געווען פאַר אונדז אַ שלעכטער סימן. מיר האָבן זיך אויפגעשטיקט, צוזאַמען געליטן און געוואַרט אויף בעסערע צייטן. די גזירות, רויבערייען און מאָרדן פון איינצלנע יידן האָבן ניט אויפגעהערט און די פּאַני־שע שטימונגען האָבן ניט נאָכגעלאָזט. פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך זיינען בסדר אָנגעקומען איוב־בשורות וועגן קליינע און גרויסע שחיטות. מיר האָבן פאָרגע־פילט, אַז עס רוקט זיך אויף אונדז אָן אַ שרעקלעכער אומגליק.

עס איז געווען באַלד נאָך פּסח (8טער מאַי 1942). איך שטיי אויף אין דער פרי און זע, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט דורך דייטשן און פּאָליציאַנטן. מען טאָר ניט אַרויס אין דרויסן. די דייטשן האָבן עס גערופן „שפּערע". פיר טעג האָט מען אונדז אַזוי גע־האַלטן פאַרשפּאַרט אין די הייזער. אויפן פערטן טאָג (דעם 12טן מאַי 1942), פאַרטאָג, טרייבט מען אונדז אַלעמען אַרויס פון די הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט זעצן מיר זיך אויס פאַמיליעוויז אויף די קני און וואַרטן מיט שרעק אויף די באַפעלן פון די זשאַנ־דאַרמען און פּאָליציי, וואָס רינגלען אונדז אַרום מיט אַ געדיכטן קאָרדאָן. שפּעטער גייען מיר גרופּנוויז אין דער ריכטונג פון בערנאַרדינער גאַס. נעבן שישקעס שטוב שטייט די סעלעקציע־קאָמיסיע פון די רוצחים און מען סאָרטירט אונדז. „רעכטס" און „לינקס" מיינט צום לעבן און „גראַדעאָוס" (גלייך) מיינט צום טויט, צו די גריבער נעבן סטאַניע־וויטש, וואָס יידן אַליין האָבן געמוזט אויסגראָבן מיט אַ טאָג פריער (דעם 11טן מאַי 1942).

מיך, מיין טאַטן, מיין קינד, וואָס איך האַלט אויף די הענט און אויך מיינע קוזינען, שיקט מען „גראַדעאָוס", ס'הייסט גלייך צום טויט. דאַן רוף איך זיך אָפּ:

— לאָמיר אַנטלויפן; גלייכער פאַלן אין וועג איידער גיין צו די גריבער.

אָבער קיינער האָט מיר ניט געענטפערט. זיי זיינען געווען פאַרגליווערט פון שרעק!

איך מיט מיין קליין קינד אויף די הענט בין אַדורכגעלאָפן צווישן צווויי פּאָליציסטן, און אַריינגעלאָפן אין אַ לײדיק הויז. איך האָב זיך אַרונטערגעלייגט אונטערן בעט און זיך געטרייסלט פון שרעק, מיינענדיק, אַז אָט־אָט קומט מען מיך דערהרגענען. אָבער עס איז געשען אַ נס, קיינער איז מיר ניט נאָכגעלאָפן. אָפּליגנדיק אַזוי אַ שעה צייט, האָב איך זיך באַמיט אַרויסצוגיין אויפן הויף. איך האָב געזען פון דערווייטנס די מענטשן, וועלכע זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן צום לעבן. איך האָב געזען ווי די דייטשן רעווי־דירן און נעמען צו אַלץ, וואָס זיי געפינען און מען פאַרשרייבט די נעמען פון די, וועלכע זיינען געבליבן לעבן. איך האָב געוואָלט צוגיין צו זיי און זיך אויך פאַרשרייבן צווישן די לעבעדיקע, אָבער מען האָט דאָס באַלד באַמערקט און געשיקט צו מיר אַ פּאָליציאַנט מיט אַן אויסגעשטרעקטער ביקס. איך בין גלייך אַריינגעלאָפן אין אַ בית־כסא און זיך פאַר־מאַכט. איך האָב געקוקט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם דורך די שפּאַרונעס, וואָס עס וועט געשען. דער פּאָליציאַנט איז פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־כסא, געזוכט מיך אין די שכנישע הייזער און הויפן און איז צוריק אַוועק. איך בין אַזוי געזעסן אין בית־כסא ביז עס איז געוואָרן גוט פינצטער.

איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פון בית־כסא, אָבער ווו זאָל איך גיין? איך האָב ניט געוווּסט, צי מען האָט אַרויסגעפירט די לעבנגעבליבענע, אָדער זיי זיינען געבליבן אין איוויע? וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב דאַן מקנא געווען די יידן, וואָס זיינען שוין טויט... איך האָב דעצידירט אַריינצוגיין אין אַ דערנעבנדיקע סטאָדאָלע, ווו עס האָט געמעקעט אַ ציג און דאָרט האָב איך איבערגענעכטיקט די נאַכט.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי הער איך ווי מענטשן רײדן יידיש, איך האָב זיך, פאַר־שטענדלעך, זייער דערפרייט. איך האָב דורך דער שפּאַרונע אָנגערופן עטלעכע ביי די נעמען, און זיי געפרעגט, ווי קען איך זיך אָנשליסן צו די לעבנפאַרבליבענע יידן? זיי האָבן מיר געעצהט צו שוויגן און צוגעזאָגט מיר אַ ביסל שפּעטער אַריבערצופירן אין געטאָ. דאָס זיינען געווען יידן, וועלכע האָבן אויפגעקליבן די טויטע, וואָס זיינען נעכטן דערשאָסן געוואָרן לענגאויס דער בערנאַרדינער גאַס אויפן וועג צו די גריבער. אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען זיי געקומען מיך נעמען און איך בין אַריין צוזאַמען מיט זיי אין געטאָ.

ערשט דאָ האָב איך דערזען דעם גרויסן חורבן: פון העכער פיר טויזנט יידן פאַר דער שחיטה, זיינען געבליבן לעבן בערך 1200—1300. דער טרויער, דער יאָמער און די פאַרצווייפלונג אין געטאָ איז געווען אומבאַשרייבלעך. יעדער איינער האָט פאַרלוירן זיין פאַמיליע. מיר גייען אַרום צעמישטע און צעטומלטע, יעדער איינער זוכט, אפשר איז געבליבן נאָך עמעצער פון זיין משפחה, אפשר וועט עמעצער אַרויסגיין פון אַ באַהעלטעניש, אָבער עס איז „אין קול ואין עונה". איך בין אַוועק צום יודענראַט, זיי זאָלן מיך פאַרשרייבן צווישן די לעבעדיקע. איך האָב געגעבן שטאָף אויף אַ פּאָר אָנצוגן און מען האָט מיך פאַרשריבן.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שרעקלעך. מיר האָבן געוווּסט, אַז אונדזער גורל וועט זיין דער זעלבער ווי פון די, וואָס זיינען אַוועק קיין סטאַניעוויטש. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן אַוועקצוגיין אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער. אויך איך האָב אָנגעג־

הויבן טראַכטן, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג פון רעטונג, אָבער וואָס טוט מען מיט מיין קליין קינד? ווו לאָזט מען עס איבער?

איך האָב אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיט גויים וועגן אַוועקגעבן דאָס קינד. ענדלעך האָב איך געפונען אַ קריסט, וועלכער האָט געוווינט אויף אַ „כוטאָר" נעבן וואַלד; דער קריסט האָט געהאַט נייַן קינדער און איך האָב געטראַכט, אַז דאָ וועט עס זיך אויסמישן מיט זיינע קינדער און עס וועט אפשר איבערלעבן די מלחמה. איך האָב אים געגעבן סחורה, גאָלד און געלט, פאַרן אויסבאַהאַלטן איר. ער האָט זי געהאַלטן בלויז איין וואָך און זי צוריקגעבראַכט אין געטאָ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זי וויינט אָן אויפהער און ער האָט מורא זי צו האַלטן ביי זיך. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אַלע ווערטפולע זאַכן זיינען געבליבן ביי אים... דאַן האָב איך פעסט באַשלאָסן זיך ניט צו שיידן מער. וואָס עס וועט געשען מיט מיר וועט געשען מיט מיין קינד. מען האָט דאַן אָנגעהויבן רעדן, אַז מען וועט אינגיכן ליקווידירן דאָס געטאָ און אַז איוויע וועט מען מאַכן „יודענריין". איך האָב אָנגעהויבן צוריידן מיין פעטער און מומע רחל מיט זייער קינד, אַז מיר זאָלן צוזאַמען אַוועקגיין צו אַ קריסט, אָדער אין וואַלד, נישט וויט פון דאָרף דוד, ווו זיי האָבן געלעבט ביז דער מלחמה. אָבער מיין פעטער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם, ער האָט געזאָגט, אַז די קריסטן גופא וועלן אונדז דערהרגענען.

נאָר אָט איז געקומען דער טאָג פון אַנטשיידונג. מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן וועט מען אַרומרינגלען דאָס געטאָ און מען וועט אַלעמען אַרויספירן קיין באַריסאָוו. איך האָב ווידער אָנגעהויבן איינרעדן מיין מומען, רחל די דודערין, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן פון געטאָ. מיר האָבן גענומען וואָס מיר האָבן געקענט, און 12 ביינאַכט זיינען מיר צוזאַמען מיט אונדזערע צוויי קינדער אַרויס פון געטאָ דורך די דראָטן. מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז דאָס געטאָ שוין געווען אַרומגערינגלט. מען האָט אַלעמען געזעצט אויף די צוגעגרייטע פורן. געווען איז עס יאַנואַר 1943; דער פראָסט און די קעלטן זיינען געווען גרויס, די געשרייען און געוויינען פון די קינדער האָבן מיר געהערט אין שטאַל אויסערן געטאָ, ווו מיר זיינען געזעסן פאַרבאַהאַלטענע אַ גאַנצן טאָג.

אַז עס איז געוואָרן פינצטער זיינען מיר אַריין צו אַ קידער און געבעטן ער זאָל אונדז דורכפירן דורכן וואַלד צום דאָרף דוד. ער האָט אונדז אָנגעטאָן אין גויאישע קליידער און פאַר אַ גרויסע סומע געלט האָט ער אונדז צוגעפירט ניט וויט פון דאָרף און אונדז אַראָפּגעלאָזט אין מיטן וואַלד. דער שניי איז געווען טיף און עס איז געווען שווער צו שטעלן אַ טראָט. מיר זיינען אַריין אין הויז פון אַן אומבאַקאַנטן קריסט. ער האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן און באַפוילן אַוועקגיין. מיר ווייסן ניט וווהין צו גיין. מיר זינקען טיף אין שניי, וואָס דערגרייכט אונדז איבער די קני. אוממעכטיקע פאַלן מיר פון צייט צו צייט אויפן שניי און מיר העלפן איינע די אַנדערע זיך צו שטעלן צוריק אויף די פיס. מיין קינד בעט זיך:

— מאַמע, לאָמיר גיין צוריק צו די דייטשן, זאָלן זיי אונדז דערשיסן און זאָל נעמען אַ סוף צו די צרות.

איך פיל, אַז מיינע כוחות גייען מיר אויס. איך האָב געטראָגן אַ פולן זאַק מיט זאַכן אויף דער פּלייצע. איך האָב אויסגעליידיקט די זאַכן און אַריינגעלייגט אין זאַק מיין קינד,

אַ פאַרפרוירענע און האַלב־טויטע. אָפּגעגאַנגען אַ ביסל מיטן זאַק אויף די פּלייצעס אין טיפן שניי, זיינען מיר אויסגעגאַנגען די כוחות און איך האָב זיך געמוזט אַראָפּזעצן אויפן שניי אָפּצורוען זיך.

מיר בעטן גאָט, אַז עס זאָל וואָס גיכער צופאַלן די נאַכט. מיר דערנענטערן זיך צו אַ כוטאָר (אַן איינצל־הויז אין וואַלד). מיר קלאַפּן אָן אין טיר און בעטן לאָזן אונדז איבערנעכטיקן. די גויע דערלויבט אונדז אַריינצוגיין, זי גיט אונדז עסן און זאָגט, אַז מיר קענען איבערנעכטיקן ביי איר, נאָר מאָרגן באַלד אינדערפרי מוזן מיר אַוועק. מיר זיינען, פאַרשטענדלעך, זייער צופרידן און פאַלן אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע. נישט פילנדיק קיין גאַנצן אבר, דערפרוירענע און דורכגענעצטע, שלאָפן מיר באַלד איין. פּלוצלינג קומט צו פאָרן דער מאַן אירער, עס איז געווען 12 אַ זייגער ביינאַכט. ער הייבט מיט אונדז אָן צו רעדן און זאָגט:

— איר ווייסט וואָס מען טוט מיט אייך, יידן? מען נעמט צו ביי אייך אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט און מען גיט אייך איבער צו די דייטשן.

מיין מומע האָט צו מיר געזאָגט:

— גיכער, לאָמיר זיך אָנטאָן און אַנטלויפן, ווייל אונדזער לעבן איז אין סכנה.

מיר וועקן שנעל אויף אונדזערע קינדער און מיר כאַפּן זיך אַרויס האַלב־טויטע פון דער וואַרעמער שטוב.

דער פראָסט כאַפּט אונדז אַרום אומברחמנותדיק. מיר גייען דורכן פאַרשנייטן וואַלד. עס הייבט שוין אָן טאָגן, פאַרצווייפלטע זעצן מיר זיך אַוועק אויף אַ שטיין נעבן אַ קוסט, ניט ווייט פון אַ צווייטן כוטאָר. מיר זעען, ווי אַן אַלטיטשקע גויע גייט שעפּן וואַסער. מיין מומע קען זי און ווייסט, אַז זי איז זייער אַ גוטע און פרומע קריסטין. זי זאָגט צו מיר:

— מיר וועלן דאָ איבערזיצן דעם טאָג ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט און דאַן וועלן מיר אַריינגיין צו איר, אפשר וועט זי מסכים זיין אונדז אויסצובאַהאַלטן.

מיר באַוועגן מיט די הענט און די פיס, כדי מיר זאָלן חלילה ניט געפרוירן ווערן. מיט אומגעדולד ציילן מיר די שעהן ביז צום אָוונט. ענדלעך, ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל טונקל, האָבן מיר זיך צוגעגנבעט שטילערהייט צום הייזל און אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַ דערשראָקענע עפנט די גויע אויף פאַר אונדז די טיר און צלמט זיך גלייך איבער:

— אָ, גאָטעניו, ווי שרעקלעך איר זעט אויס! קומט גלייך אַרויף אויפן וואַרעמען אויוון זיך צו דערוואַרעמען. איך וועל אייך געבן עפּעס אָפּצועסן.

באַלד האָט זי אונדז געגעבן געבאַקענע קאַרטאָפל און מיר האָבן זיי איינגעשלונגען. זי האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן און איבערשלאָפן די נאַכט אויפן אויוון, אין דער פרי, האָט זי געזאָגט, וועט איר אַרויפגיין אויפן בוידעם און איר וועט דאָרט איבערטאָגן אינעם היי. אין הויז האָב איך אייך מורא צו האַלטן בייטאָג, ווייל דייטשן קומען זייער אָפט אין דאָרף נאָך הינער און אייער. דערהערנדיק אירע ווערטער, האָבן מיר זיך זייער דער־פרייט. איך זאָג צו מיין מומע:

— גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף אונדזערע קינדער. אפשר וועלן מיר דאָ איבער־לעבן די מלחמה?

אונדזערע האָפענונגען זיינען טאַקע דערפילט געוואָרן. די קריסטין האָט אונדז אויס־

באַהאַלטן פולע אַנדערהאַלבן יאָר — פון יאַנואַר 1943 ביז יולי 1944. זי איז געווען צו אונדז ווי אַ האַרציקע מאַמע. איך האָב געהאַט געלט אויף אַדורכצוהאַלטן בלויז אַ האַלב יאָר. איך פלעג איר געבן געלט און זי פלעגט קויפן פאַר אונדז שפּייז. די איבעריקע צייט, אַ קיילעכדיק יאָר, האָט זי אונדז געשפּייזט. ווי אָרעם זי איז אַליין געווען, האָט זי זיך געטיילט מיט אונדז מיט דעם לעצטן ביסן. עס איז נישטאָ קיין פּען און ווערטער צו שילדערן די אידעלע נשמה פון דער פרוי מיטן נאָמען קאַטאַרינאַ. זי האָט געשטעלט אין סכנה איר אייגן לעבן, דאָס לעבן פון איר מאַן און אירע פיר קינדער, כדי צו ראַטעווען פיר יידישע לעבנס

זי האָט פאַר אונדז אָפּגעצוימט אַ ווענטל אויפן בוידעם און הינטער אים האָבן מיר געלעבט. אַז מען איז אַרויף אויפן בוידעם האָט מען עס כלל ניט געקענט זען. בלויז אַ ברעטל פלעגט זיך עפענען פון ווענטל צום הויז, אויף צו דערלאַנגען אונדז עסן און אַרויסצוטראָגן דעם אָפּפאַל. זי אַליין פלעגט עס אַלץ טאָן, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין צוליב די דייטשן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער סביבה. זי האָט אויך געהאַט פאַר אונדז אַ שטיקל באַהעלטעניש אין הויז הינטערן אויוון. אין דער קליינער, ענגער באַהעלטעניש פלעגט מען בלויז קענען זיצן איינע אויף דער אַנדערער. דאָרטן פלעגן מיר אַריינלויפן פון צייט צו צייט, ווען די דייטשן פלעגן אַרומרינגלען דאָס הויז אין מאַכן אַ רעוויזיע. אַזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן אַנדערהאַלבן יאָר אין כסדרדיקער טויט־שרעק. ניט איין מאָל האָבן מיר זיך מייאש געווען פון איבערלעבן די מלחמה און געבעטן, אַז דער טויט זאָל שוין קומען וואָס גיכער און אויסלייזן אונדז פון אונדזערע יסורים...

זיצנדיק אַזוי פאַרצוויפלטע, האָבן מיר אָנגעהויבן הערן, אַז דער דייטש קריגט קלעפּ און הייבט אָן אָפּצוטרעטן. אונדזער פרייד איז, פאַרשטענדלעך, געווען אין לשער, און עס האָט אָנגעהויבן גליען ביי אונדז אַ פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועלן מיר דאָך איבערלעבן די מלחמה. טראָץ דעם, וואָס פון אונדזערע פאַמיליעס איז קיינער ניט פאַרבליבן איז דאָך דער דראַנג צום לעבן געווען שטאַרק, עס ווילט זיך זען די מפלה פון אונדזערע מערדער און דערלעבן אין זייַ נקמה. און אָט איז געקומען דער גרויסער טאָג וועגן וועלכן מיר האָבן אַזוי פיל געחלומט אין אונדזערע באַהעלטענישן: די גויע לויפט אַרויף צו אונדז אויפן בוידעם און דערציילט, אַז די רוסן זיינען שוין אַריין אין אונדזער שטעטל איוויע, אָבער דאָך ראַט זי אונדז נאָך ניט אַרויסצוגיין פון באַהעלטעניש. זי גייט קיין איוויע און קומט צוריק מיט אַ שלעכטער בשורה, אַז זי האָט ניט געפונען קיין יידן אין שטעטל. אין עטלעכע טעג אַרום גייט זי ווידער קיין איוויע און געפינט שוין דאָרט עטלעכע יידן. דאַן זאָגט זי צו אונדז:

— איצט קענט איר שוין אַרויסגיין.

אין איינעם פון די ערשטע טעג פון חודש יולי 1944, זיינען מיר אַרויס פון דער באַהעלטעניש אויף דער פרייַ. מיר גייען דערשראָקענע דורכן וואַלד. מיר האָבן נאָך אַלץ מורא פאַר מענטשן, מיר רעדן צווישן זיך אין דער שטיל, ווי מיר זיינען געוווינט געווען די לעצטע יאָרן. דער פחד לאָזט אונדז נאָך אַלץ ניט אָפּ... מיר קומען קיין איוויע. דאָס שטעטל איז פוסט און וויסט. מיר טרעפן דאָרט געציילטע יידן, בעיקר געראַטעוועטע

אין די פאַרטיזאַנער־וועלדער. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט, וואָס מיר האָבן געפונען כאָטש די ווייניקע פון אונדזערע איוויער יידן.

איך צווייפל, אויב עס איז מיר געלונגען צו שילדערן כאָטש אַ קליינעם טייל פון מיינע שוידערלעכע איבערלעבונגען; סוף כל סוף בין איך ניט קיין שרייבערין. איך בעט נאָר, אַז מען זאָל עס פאַרעפנטלעכן, בכדי איך, מיינע קינדער, און אַלע אַנדערע זאָלן עס לייענען, כדי מען זאָל קיין מאָל ניט פאַרגעסן און קיין מאָל ניט מוחל זיין די שוחטים פון אונדזער פאָלק.

**נחמה חיט־כץ** / נוף־ים

# אזוי האָבן מיר זיך געראנגלט פארן לעבן!



דעם 8טן מאי 1942, האָט די פּאָליציי פון גאַנצן ראַיאָן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל און אויסגערופן „שפּערע״. מען האָט ניט געטאָרט אַרויסגיין פון די הייזער. מלך בלאָכס טאָכטער איז אַרויס פון שטוב, האָט מען זי תיכף דערשאָסן. נאָך אַ מיידל פון נאָוואָרעדקער גאַס מיכלעביילקעס (לייבמאַן), האָט מען אויך דערשאָסן ווען זי איז נאָר אַרויס פון הויז.

די „שפּערע״ האָט אָנגעהאַלטן פיר טעג, פון 8טן ביזן 12טן מאַי 1942. דעם 11טן מאַי, נאָך מיטאָג, האָבן די דייטשן דערקלערט, אַז דער טויט־אורטייל אויף די איווייער יידן איז בטל געוואָרן, אָבער מען מוז אויסקויפן דאָס לעבן מיט אַ קאָנטריבוציע פון גאָלד און דאָלאַרן. דער יודענראַט איז געגאַנגען איבער די הייזער, אויפגעזאַמלט וואַליוטע, צירונג און עס אַוועקגעגעבן די דייטשן אַלס „כופר־נפש״. איך האָב אויך געגעבן 20 דאָלאַר. די מענטשן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין גוטע, זיכערע פלעצער, זיינען אַרויסגעגאַנגען גליקלעכע, כאַפּן פרישע לופט, מענטשן האָבן זיך געקושט און געווען גליקלעך, וואָס מען איז געבליבן לעבן. אַלע האָבן זיך געלייגט רואיק שלאָפן.

דעם 12טן מאַי 1942, פיר אַ זייגער פאַרטאָג האָב איך געהערט אַ פאַרדעכטיקן טומל. איך האָב געשריען צו די קינדער — „לאָמיר שנעל אַנטלויפן, די דייטשן האָבן אונדז אָפּגענאַרט!״. איך האָב געכאַפּט אַ לאַבן ברויט און מיינע פיר קינדער (מיין מאַן, בערל כ״ץ, איז געווען פון די ערשטע 200 קרבנות וואָס מען האָט אומגעבראַכט, תשעה־באב, 1941), און געלאָפן צו מיין שוועסטער שרהקע גערשאָוויטש, אויף די גערטענער. לויפנדיק האָב איך שוין געזען מענטשן פון די ווייטערע גאַסן, וועלכע מען האָט געטריבן אויפן מאַרק צו דער „סאַרטיראָווקע״. מיין שוועסטער האָט זיך ניט געוואָלט באַהאַלטן, זי האָט געגלייבט, אַז מען וועט זי לאָזן לעבן, ווייל זי האָט געאַרבעט אַלס גרינסערין און די דייטשן דאַרפן דאָך זי צו דער אַרבעט. זי האָט געפּרוּווט ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל אויך גיין צום זאַמלפונקט אויפן מאַרק, אָבער איך האָב מורא געהאַט און האָב זיך באַהאַלטן ביי איר אין „מאַלינע״.

מיין זון, צוזאַמען מיט מאָטקע גינזבורג פון ווילנער גאַס (ראָכע־גאָלדעס זון), האָב איך אויך באַהאַלטן אין אַ בוריקעס־גרוב. אַ טאָכטער פון 14 יאָר האָב איך איבערגעגעבן

צו לייזער־ליפע דעם שטעפער, אַ קינדערלאָז פּאָרפּאָלק, וועלכער האָט געאַרבעט ביי די דייטשן. איך האָב זיי געוויזן ווו איך האָב באַהאַלטן מיין גאָלד און דאָלאַרן, כדי זיי זאָלן דאָס געפינען, אויב זיי וועלן בלייבן. צום אומגליק זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן צו די גריבער. זיין אַרבעט־שיין אַלס „נוצלעכער יודע" האָט ניט געהאָלפן.

איך האָב זיך באַהאַלטן מיט מיינע צוויי קינדער, דריי קינדער פון מיין שוועסטער שרהקע און צוויי קינדער פון מיין ברודער אברהם כ"ץ (מאָשע און יאַנקל). מיר זיינען געלעגן אין גאָרטן, אין אַ גרוב און געהערט אומאויפהערלעכע שיסערייען פון פּולע־מיאָטן. נאָך דעם איז געוואָרן שטיל. פּלוצלינג האָב איך געזען אין דער נאָענט מענטשן, וואָס האָבן גערעדט יידיש, איך האָב זיי צוגערופן און זיי האָבן מיר דערציילט, אַז מען האָט אויסגעשאָסן בערך 2500 יידן. די לעבנגעבליבענע, בערך 1200, זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ, אויפן מאַרק הינטער די קראָמען. פון אונדזער משפחה זיינען געבליבן לעבן בלויז מיין שוועסטער מאָשקע, מיט איר מאַן און דריי קינדער, און פיר יתומים, זיין ברודערס קינדער (דריי לעבן אין ישראל, איינער, אַן אינזשיניער, אין אַמעריקע).

נאָך דער שחיטה זיינען די דייטשן געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געזוכט באַ־האַלטענע יידן, די קראַנקע און אינוואַלידן זיינען דערשאָסן געוואָרן אין די בעטן, צווישן אַנדערע, אַ קאַליקע, האַנדל פּראַדעס זון, אַלטע סטאַצקי און די אַלטע כאַשקע (די פּולזשי־דיכע). לויט אַ באַפעל האָט מען די דערשאָסענע אין די הייזער מקבר געווען אויפן בית־עולם. אונדז האָט מען איינציקוויז אַריבערגעטראָגן אין טרומנעס אויפן בית־עולם אַלס טויטע. נאָכן אַרויסגיין פון די טרומנעס זיינען מיר אַריין אין געטאָ, וואָס דערנעבן, און זיך אָנגעשלאָסן צו די איבערגעבליבענע איוויער יידן. מיין זון האָט מען אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט אַנדערע אויף אַרבעט קיין קראַסנע (נעבן מאָלאָדעטשנע). מיין 16־יאָריקע טאָכטער האָט מען בעת דער ליקווידאַציע פון איוויער געטאָ (דעם 20סטן יאַנואַר 1943) אַרויסגעפירט קיין באָריסאָוו. בײדע זיינען ניטאָ.

דעם 31סטן דעצעמבער 1942 האָט מען פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג, אַרומגע־רינגלט דאָס געטאָ. איך בין דאַן גראַד געווען אויסערן געטאָ (אין טאַטאַרן־קוואַרטאַל). מענטשן וואָס זיינען אַנטלאָפן פון געטאָ האָבן דערציילט, אַז די דייטשן האָבן דער־מאָרדעט בעתן אַנטלויפן: הירשל כאַצקלס אַ טאָכטער, באַשקע; הירשל־יודל דעם שמידס אַ זון און פיל אַנדערע. אַזוי ווי מיין 6־יאָריק קינד איז געבליבן אין געטאָ, האָב איך באַשלאָסן זיך צוריקקערן צו איר. אַ קריסט האָט מיך פאַר אַ שטיקל שטאָף געבראַכט אויף זיין שליטן אין געטאָ. די אַנטלאָפענע יידן אין די דערפער און וועלדער האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. מיר האָבן שוין געוווסט, אַז אונדזער סוף איז נאָענט. די דייטשן האָבן אונדז ווידער אָפּגענאַרט. פון באָריסאָוו האָבן זיך צוריקגעקערט: יודל קאַבאַק, זיין פרוי ראָזע און ד"ר וואָלפּאָוויטש. זיי האָבן דערציילט, אַז באָריסאָוו איז אַן אַרבעטס־לאַגער און מען איז דאָרט זיכער מיטן לעבן. די יידן האָבן געגלייבט און בלית־ברירה מסכים געווען צו פאָרן קיין באָריסאָוו.

שמואל (מוליע) שניידער, משה־וואָלפס אידעם, האָט געאַרבעט אין לידער „טאָדט"־לאַגער. אַלס מאַליער האָט ער געהאַט אַ באַשייניקונג אַרומצוגיין פריי מחוץ דעם געטאָ. איין מאָל האָט ער באַגעגנט אַן איוויער קריסט מיטן נאָמען סלעד, וואָס האָט אים דער־

ציילט, אַז מען האַלט ביים ליקווידירן דאָס איוויער געטאָ, דורך אַריבערפירן די יידן קיין באַריסאָוו, ווו מען וועט זיי געזווים אויסמאָרדן. שמואל האָט איבערגעשיקט צו מיר דורך אַ קריסט אַ בריוו, מיט די שלעכטע נייעס און געבעטן אָנזאָגן אַלעמען, אַז מען זאָל אַנטלויפן און ניט פאָרן קיין באַריסאָוו.

איך, מיט מיין 6־יאָריק טעכטערל און חוה סטאַצקי (קראַנץ), האָבן אַרויסגעלייגט אונדזערע זאַכן ביים קריסט אויפן וואָגן און אָפּגערעדט זיך טרעפן אין טאַטאַרן־געסל. מיין קינד, וואָס איז געגאַנגען נאָכן שליטן, איז שנעל געקומען צו לויפן צוריק און אונדז דערציילט, אַז מען האָט דעם קריסט געכאַפּט און גענומען אויף אַן אויספאָרשונג. עס איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה און מיר זיינען אַוועק קיין לידע צופוס. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ קריסט, וועלכער האָט פאַר געלט אונדז אַוועקגעפירט איבערצונעכטיקן אין אַ שכניש דאָרף, און דאָרט האָבן מיר געשטילט אונדזער הונגער און זיך אַ ביסל אויסגעוואַרעמט.

ביינאַכט האָבן אונדז אויפגעוועקט רוסישע פּאַרטיזאַנער און געפאָרשט ווער מיר זיינען? זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז אין זייער אָטריאַד געפינען זיך צוויי איוויער יידישע פּאַרטיזאַנער: די ברידער מאָטקע און צאַלקע גינזבורג. זיי האָבן אונדז געראָטן וואָס שנעלער פאַרלאָזן דאָס דאָרף, ווייל מיר זיינען דאָ ניט זיכער מיטן לעבן. אין אַ פּראַקטיקן, שנייאיקן פאַרטאָג זיינען מיר ווידער אַוועק צופוס קיין לידע און בגניבה זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ.

דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט שמואלן און יאַנקל כ״ץ פון איוויע. 18 פּערזאָן האָבן געלעבט אין אַ צימערל פון דריטהאַלבן מעטער די לענג און די ברייט, פאַר מיר איז אָבער קיין פּלאַץ ניט געווען. שמואל האָט געבעטן דעם ראש פון לידער יודענראַט, שמידט, אַז ער זאָל געבן אַ פּלאַץ פאַר מיר מיט מיין קינד. שמידט האָט פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן שטעלן אַ חופּה, און דאַן וועל איך זיין אַ לעגאַלע איינוווינערין. אַנדערש דראָט טויטשטראָף, פאַר אַריינלאָזן אַ פרעמדן, נישט־רעגיסטרירטן, אין געטאָ.

שמואל, וועלכער האָט זיך געפּונען אויסערן געטאָ און זיך געטראָפן מיט קריסטן, האָט געהערט פון זיי, אַז אין גיכן וועט מען אַרויספירן אַלע יידן פון לידער געטאָ קיין אוישוויץ. ווייסנדיק, אַז אין לידער געטאָ דערוואַרט אונדז נאָר דער טויט, האָט מען אָנגעהויבן צו זוכן וועגן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, און מען האָט אָנגעהויבן זיך צו צעלויפן אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער. שמואל האָט געקויפט אַ רעוואָלווער און איז אַרויס פון געטאָ אין די וועלדער. ער איז אָנגענומען געוואָרן אין רוסישן אָטריאַד „איסקראַ״, וואָס זיין טעטיקייט־ראַיאָן איז געווען צווישן די שטעט לידע און נאָוואָגרודעק. ער האָט תיכף געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו ברענגען נאָך יידן פון לידער געטאָ און אַרויסצופירן פון דאָרט מיך מיט מיין קינד. פיל פון די, וועלכע האָבן געלעבט מיט אונדז אין דעם צימער זיינען אין צווישן אויך אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער (שעוואַכאָוויטש, זרח ארליוק, מיין שוואָגער יעקב כ״ץ א. אַנד). אַרויסגייענדיק פון געטאָ האָב איך מיטגענומען יקותיאל (קושע פאלזשידאק) אלבערשטיינס דריי קינדער: לאהקע, אברהם־מיישקע (איצט אין אַמעריקע) און זייער קליין ברודערל (אומגעקומען אין די פּאַרטיזאַנער).

דער קריסט, וואָס האָט אונדז אַרויסגעפירט פון געטאָ, האָט אונדז אַוועקגעפירט צו

זיך אין דאָרף. דאָס יונגוואַרג האָט זיך אַנגעשלאָסן אין אָטריאַד „איסקראַ", איך מיט מיין טאָכטער, מאַשעלע, זיינען געזעסן באַהאַלטן ביים קריסט אויפן בוידעם. בייטאָג האָב איך געמוזט אַוועקגיין אין וואַלד זיך אויסבאַהאַלטן. דער קריסט האָט מורא געהאַט מיך צו האַלטן, מאַשעלע איז געגאַנגען מיט די דאָרפס־קינדער פאַשען די בהמות. כדי צו דער־האַלטן דאָס לעבן, האָב איך געבעטלט אין די דערפער. ביינאַכט, פלעג איך ווידער קומען צום קריסט איבערשלאָפן אויפן בוידעם. אַזוי זיינען פאַרביי 9 חדשים. ביי אַן אַנדערן קריסט, אין שכנות, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן: אברהם אַלבערשטיין (פולזשידאַק), זיין פרוי שרה און זייער טאָכטער ליבע. זיי האָבן דאָרט אויסגעבויט אַ „סכראָן" אונטערן שטרוי. שפּעטער, ווען זיי זיינען אַוועק זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַן אַנדערן פויער, האָבן זיי אונדז אָפּגעגעבן זייער „סכראָן".

מיט אונדז צוזאַמען האָט זיך אויסבאַהאַלטן משהקע קאַפּלאַן מיט זיין פרוי און אַ קליין, ניך־חדשימדיק קינד און ראובן אַרקין, בידע פון וואָראַנאָווע, היינט אין ישראל.

דער קריסט האָט זייער מורא געהאַט אונדז אויסצובאַהאַלטן. יעדע נאַכט פלעגט ער אונדז אויפוועקן פון שלאָף מיט געשרייען, אַז מיר זאָלן זיך צעלויפן... לאַנג האָבן מיר אַזוי ניט געקענט לעבן. מיר אַלע צוזאַמען האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג זוכן אַ ניי באַהעלטעניש. ענדלעך האָבן מיר געפונען אַ „סכראָן", אַ גרוב אונטערן פּאָדלאָגע, אין אַ כוטאָר ביי באַרטושעוויטשן, נעבן יאַנושעווישציזנע. כאָטש מיר האָבן אים באַפרידיקט מיט אַ ברייטער האַנט, האָט ער אין אַ וואָך אַרום באַשלאָסן ניט האַלטן מער אַזוי פיל יידן.

איך, מיין קינד, און משהקע קאַפּלאַן מיט זיין פרוי און קינד, זיינען בלית־ברירה, אַרויס פונעם באַהעלטעניש. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אין אַ גאָס־רעגן זיך אַרומגעשלייכט איבער די בלאָטיקע, פינצטערע וועלדער, פאַרצווייפלטע, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן? בלאָנקענדיק, האָבן מיר געטראָפן אַ פאַמיליע פון פוילן; דער מאַן איז געווען אַן אינ־זשיניער. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צום קריסט, וועלכער האָט אונדז ניט געוואָלט מער אַריינלאָזן. דער טויט האָט דאָ געלויערט אויף טריט און שריט. די פּאָליאַקן האָבן געכאַפּט בלאָנקענדיקע יידן אויף די וועגן און פאַרבאַהאַלטענע אין „מאַלינעס" און זיי דערמאָרדעט אָדער איבערגעגעבן צו די דייטשן.

אין וואַלד האָבן מיר באַגעגנט צוויי רוסישע פּאַרטיזאַנער פון „איסקראַ". איך האָב זיך ביי זיי נאָכגעפרעגט אויף מיין מאַן, מוליע שניידער. זיי האָבן אים גוט געקענט און צוגעזאָגט אונדז אַריבערפירן אין אָטריאַד. אין צוויי טעג אַרום זיינען זיי צוריקגעקומען נעמען אונדז, כלומרשט אין אָטריאַד. צוערשט האָבן זיי מיטגענומען ראובן אַרקין און דעם אינזשיניער, אַוועקגעפירט אין נאָענטן וואַלד, צוגעשטעלט דעם אינזשיניער צו אַ בוים און דערשאָסן. אַרקין האָט מצליח געווען צו אַנטלויפן אַ פאַרוווּנדעטער. מיר האָבן כלל ניט געוווּסט וועגן זייער גורל. די צוויי פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אין צווישן צוריקגע־קערט און דערציילט, אַז אויפן וועג צום אָטריאַד האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשן און עס איז געקומען צו אַ שיסעריי, די צוויי יידן זיינען זיך צעלאָפן און זיי ווייסן ניט וווּהין. דעם אינזשיניערס קוזינקע איז געגאַנגען מיט זיי פרווון זוכן, האָבן זיי זי אויך דערמאָרדעט.

ניט ווייט, אין דערנעבנדיקן וואַלד איז געזעסן אַ גרופּע פון 29 יידן פון שטעטל וואַראַנאָווע און אומגעגנט. צו זיי איז געקומען צו לויפן דער פאַרוווּנדעטער אַרקין און זיי דערציילט וועגן זיין שרעקלעכער איבערלעבעניש, און אין וואָס פאַר אַ סכנה איך געפין זיך. שרה אַלבערשטיין איז געקומען מיך וואַרענען וועגן דער נאָענטער געפאַר. איך האָב נישט געגלייבט, אַז פאַרטיזאַנער זאָלן אַזוי האַנדלען. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין קאָרן. די צוויי „פאַרטיזאַנער" האָבן זיך צוריקגעקערט און אונדז אויפגעזוכט. זיי זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז עס זאָל ניט בלייבן קיין שפּור און עדות פון זייערע פאַרברעכנס. מיך האָבן זיי מערדערלעך געשלאָגן... איינער פון זיי איז אין צווישן אַוועק עסן און דער צווייטער איז געבליבן זיצן מיט דער ביקס געצילט גלייך אין מיר, וואַרטנ־דיק אויף זיין חבר. איך האָב גלייכגילטיק שוין געוואַרט אויפן טויט, וואָס וועט מיך אויסלייזן פון אַזאַ לעבן...

די 29 יידן, וועלכע זיינען געזעסן אין נאָענטן וואַלד און געוווּסט אין וואָס פאַר אַ סכנה איך געפין זיך, זיינען אַנגעפאַלן און געשאָסן אין דעם וואָס איז אַוועק עסן, דער צווייטער, וואָס האָט מיך געהיטן, דערהערנדיק די שיסעריי איז ער אַנטלאָפן. איך האָב אַפילו ניט באַוויזן צו כאַפּן מיין קינד. יעדער באַזונדער איז געלאָפן אַן אַן אַטעם, אפשר 10 קילאָמעטער. מאַשעלע איז נאָך פאַר מיר אָנגעקומען לויפנדיק, צו דעם פויער, ביי וועמען מיר זיינען פריער געווען באַהאַלטן. דאָרט האָב איך זי ערשט שפּעטער געטראָפן. ביי דעם פויער אין אַ סטויג היי האָבן זיך באַהאַלטן: איך און מיין קינד, אברהם אַלבער־שטיינס פאַמיליע: זיין פרוי שרה און זייער אַכצניאָריקע טאָכטער ליבע, משה גולניק און משהקע קאַפּלאַן מיט זיין פרוי.

אין מיטן דער נאַכט זיינען מיר פלוצלינג באַשאָסן געוואָרן. אַלע זיינען זיך צעלאָפן. אויפן בוידעם איז געבליבן בלויז משה גולניק און מיין מיידעלע מאַשקע. די פּאָליאַקן האָבן געזוכט געווער און על־פּי־נס זיי ניט אַנטדעקט. אַנטלויפנדיק אין קאָרן האָב איך דאָן פאַרלוירן מיין גאַנץ פאַרמעגן אין וואַליוטע. די אָנפאַלער זיינען געווען „ווייסע פּאָליאַקן".

אַ קריסטין, וועלכע איז געגאַנגען אין וואַלד האָט אַנטדעקט דאָס באַהעלטעניש פון די 29 יידן. זי האָט וועגן דעם געמאָלדן די דייטשן, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט אַן אָב־לאַווע. דריי יידן זיינען אומגעקומען, די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן.

נאָך דער אויבנדערמאָנטער געשעעניש האָט דער קריסט אונדז געמאָלדן, אַז אין פאַרלויף פון צוויי טעג מוזן מיר אים פאַרלאָזן, אַנדערש וועט ער אונדז איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן. משהקע קאַפּלאַנס צוויי־יאָריק קינד האָט די קריסטין אַוועקגעפירט אין דער זשאַנדאַרמעריע אין לידע. די דייטשן האָבן רחמנות געקריגן אויף דעם שיינעם קינד און עס איבערגעפירט אין לידער שטאָטישן יתומים־הויז.

וואָס טוט מען? וואוהין גייט מען? איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מוליע האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן, נאָענט פון איוויע, לעבט אַ רוסי־שער, וועלכער וועט אונדז אַריבערפירן אין אָטריאַד „איסקראַ". נאָך צוויי נעכט בלאָנ־דזשען האָבן מיר אים אָפּגעפונען. ער אַליין האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן און

„ווייסע פּאָליאַקן". ער האָט אונדז געראַטן זיך אויסבאַהאַלטן אין די נעכט אויף אַ קריסט־לעכן „צמענטאַזש" און בייטאָג אין די בלאָטעס. אויב ער וועט נאָר האָבן אַ מעגלעכקייט וועט ער אונדז אַריבערפירן אין אָטריאַד. זיין פרוי האָט מיר געגעבן אַ פּעלצל פאַרן קינד. פיר טעג זיינען מיר אַזוי געלעגן הונגעריקע און געפרוירענע.

אין טאָג פון דער קריסטלעכער „פּאַסכאַ" האָט ער אונדז געבראַכט בגדים, גענומען מיין קינד ביים האַנט און אַזוי אַדורכגעפירט. מיר זענען אויך איינציקווייז, איבערגעטאָענע, אַלס קריסטן, דורכגעגאַנגען די באַן־ליניע. נאָך דער באַן־ליניע איז שוין ניט געווען קיין סכנה, ווייל דער שטח דאָרט איז געווען באַהערשט דורך די פּאַרטיזאַנער. אין דאָרף קריוויטש, ביים ניעמאַן, ניט ווייט פונעם דאָרף מאָרין, זיינען מיר אָנגעקומען אין מוליעס אָטריאַד „איסקראַ". זיי האָבן אונדז אָבער ניט געוואָלט אויפנעמען אין אָטריאַד; זיי האָבן אונדז בלויז געגעבן ברויט און פלייש און מיר זיינען ווידער אַוועק אין וואַלד...

ניט ווייט איז געווען די באַזע פון יידישן אָטריאַד „אָרדזשאָניקידזע". דאָרטן זיינען געווען חאָנע „מיסטערס" צווײ זין. אָבער אויך דאָ האָט מען אונדז ניט דערלויבט צו זיין.

פלוצלינג איז אָנגעפאָרן אַ רייטער און געפרעגט ווער מיר זיינען? דאָס איז געווען זוסיע ביעלסקי. ער האָט אויסגעהערט אונדזערע אַלע שרעקלעכע איבערלעבענישן און געבעטן דעם קאָמאַנדיר פון „אָרדזשאָניקידזע", אַז ער זאָל אונדז האַלטן אַ פּאָר טעג און ניט לאָזן אונדז אויף הפקר אין וואַלד. זוסיע איז געווען פאַרטרעטער פון אָטריאַד־קאָ־מאַנדיר. אין צוויי טעג אַרום זיינען דורכגעפאָרן פון טוביה ביעלסקיס אָטריאַד פורן מיט עסנוואַרג. זוסיע האָט מיין קינד אַוועקגעזעצט אויף דער פור און איך, משהקע און חיה־לאהקע האָבן געמוזט צופוס נאָכגיין 6 טעג אין רעגן און אין בלאָטע.

טוביה ביעלסקיס פאַמיליע־אָטריאַד האָט זיך געפונען טיף אין נאַליבאָקער פושטשע, נעבן דער אָזיערע קראַמאַן. דער קאָמאַנדיר טוביה ביעלסקי האָט אונדז אויפגענומען ווי אַ פאָטער, געהייסן געבן מיין קינד מילך און ברויט און באַפוילן אַריינצונעמען אונדז אין ווינטער־לאַגער, ד. ה. אַ זיעמליאַנקע געבויט אין דער ערד. דער איוויער מוליער הירשל גאָלדשמיד האָט מיר געבראַכט אַ ביסל שטרוי. איך מיט מיין קינד האָבן זיך צוגעדעקט מיט אַ מאַנטל און געוואַרעמט איינע די צווייטע, ווייל אונדזערע זיעמליאַנקע איז נאָך ניט געווען אויסגעענדיקט.

איך האָב געאַרבעט אין קיך און פלעג אויפשטיין 2 אַזייגער ביינאַכט צו דער אַרבעט. דאָ בין איך שוין געווען גליקלעך, איך בין אַ פרייער מענטש, איך זע מענטשן, הימל און ערד. אין ביעלסקיס אָטריאַד בין איך געווען אַן ערך 16 חדשים.

נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר געפונען איוויע אַ חרובע, כמעט אָן יידן, די הייזער צענומען און צעראַבירט.

אין לידע האָב איך זיך געטראָפן מיט מוליע שניידער און נאָך לאַנגע וואַנדערונגען צוזאַמען געקומען קיין ישראל מיט דער שיף „חנה סנש" אין יאָר 1945.

אַברהם אַלבערשטיין (פולזשידאַק) האָט איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פאַרמעגן ביי דעם קריסט אין אַ כוטאָר נעבן יאַנושעוויטשיזנע, וווּ ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן. דעם פויערס זון, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט די „ווייסע פּאָליאַקן", איז איינמאָל געקומען, ביינאַכט,

אַרויסגעפירט אים, זיין פרוי און טאָכטער אויפן הויף, געצווונגען זיי אויסצוגראָבן אַ גרוב און זיי דערשאָסן. צוזאַמען מיט זיי איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן פישקע ריבאַק פון לידע, מיט זיין פאַמיליע. נאָך דעם זיינען זיי אַוועק צום פויער באַרטושעוויטש, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן די אַנדערע ייִדן, דערמאָרדעט די פאַמיליע און פאַרברענט זייער הויז.

די קליינע מאַשעלע, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוינע שוידערלעכע געפאַרן איז היינט אַ גליקלעכע פרוי און מאַמע. מיר באַמיען זיך צו פאַרגעסן די שרעקלעכע איבערלעבענישן און געפינען אונדזער טרייסט אין דעם פרייען און גליקלעכן לעבן אין דער אייגענער מדינה.

אלימלך (מלך) יאַנקעלעוויטש / ת״א

# איבערגעלעבט די מלחמה אלס געפאנגענער „טאטאר" (קיידער) אין דייטשלאנד

## אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט



דער מלחמה־אויסברוך צווישן פוילן און דייטשלאַנד (דעם 1טן סעפטעמבער 1939), האָט מיך געטראָפן, זייענדיק אַ זעלנער אין דער פוילישער רעגולערער אַרמיי. איך האָב געדינט אין 9טן אַרטילעריע־פּאָלק, פערטע באַטעריע, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין שכנישן שטעטל מאָלאָדעטשנע. מיט אומגעדולד האָב איך שוין געוואַרט אויפן גליקלעכן מאָמענט פון באַפרייען זיך, וואָס איז אויסגעפאַלן אין חודש סעפטעמבער.

צופעליק בין איך געווען איינער פון די, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן דעם 9טן אויגוסט קיין לידע אויף אַ קורס פון מאַגאַזינערן, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער קורס איבערגעריסן געוואָרן. איך בין גלייך צוגעטיילט געוואָרן צום גענעראַל־שטאַב פון 19טן פּאָלק, פון גענעראַל סאָסנקאָווסקי. דעם זעלבן טאָג זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אויסער דער שטאָט, אין אַ וואַלד, נעבן לידע. דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, 6 אַ זייגער פאַרטאָג, ווען לידע איז באָמבאַרדירט געוואָרן, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט אין דער ריכטונג פון מזרח־גאַליציע. אַזוי ווי מיר זיינען נאָר אָנגעקומען זיינען מיר באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דייטשע עראָפּלאַנען. אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען קיין לעמבערג. ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די ידיעות, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן וועגן צוזאַמענברוך פון דער פוילישער אַרמיי, די כסדרדיקע באָמבאַרדירונגען פון די שטעט און קאָמוניקאַציע־ליניעס דורך דער דייטשער אַוויאַציע, האָבן צעשטערט דער קאַמפס־מאָראַל פון די זעלנער.

אָבער דאָך זיינען מיר אַריין אין קאַמף ביי דער שטאָט סאַנדאָוועץ־ווישניע. מיר האָבן גלייך געליטן שווערע פאַרלוסטן און אָנגעהויבן לויפן אַהין און צוריק. אַרום אונדז האָט אַלץ געברענט. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן די אומאָרדענונג און פּאַניק ביז דעם 18טן סעפּטעמבער. 10 אַ זייגער אין דער פרי, שיסנדיק פון האַרמאַט, האָב איך פּלוצלינג דערהערט געשרייען: „האַלט, ניכט שיסן!" דאַן האָב איך געזען, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט. מען האָט אונדז באַלד גענומען און געבראַכט אין שכנישן שטעטל סאַנדאָוועץ־ווישניע (צווישן

פשעמישל און לעמבערג). דאָרטן האָבן איך געטראָפן צוויי איוויער: יוסף באַקשט (דאַנ־ציקס אַן איידעם) און פסח גומניץ (אַן איידעם פונעם סטאָליער שוואַרץ פון די גערטנער). מיר האָבן זיך זייער דערפרייט איינע מיט די אַנדערע. אין דער זעלבער מינוט האָבן מיר דערהערט געשרייען. מען האָט געבראַכט אַ גרופּע אַלטע יידן, שלאָגנדיק זיי אָן רחמנות. דאַן האָבן מיר גוט פאַרשטאַנען וואָס עס דערוואַרט אונדז. אין צווישן איז געוואָרן נאַכט און דער הונגער האָט אונדז גענומען דריקן. מיר זיינען געלעגן אויפן מאַרק־פּלאַץ, אונטערן פרייען הימל און פאַריאושטע געוואַרט, וואָס מען וועט מיט אונדז מאַכן.

## איך גיב זיך אָן אַלס קיידער (טאַטאַר)

ענדלעך איז געוואָרן טאָג. 5 אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז אַוועקגעטריבן הונגע־ריקע צוריק קיין פּשעמישל. דאָרט האָט מען אונדז גענומען פונאַנדערטיילן לויט דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט. איך האָב פאָרגעלייגט מיינע צוויי איוויער חברים, אַז מיר זאָלן זיך אָנגעבן אַלס קיידאַרים (טאַטאַרן). מיר האָבן שוין געוווּסט געגוי דעם גורל פון יידישן זעלנער ביי די דייטשן. ווי באַקאַנט, איז אין איוויע געווען אַ קיידאַרים (טאַטאַרן)־געסל. איך פלעג אָפט באַזוכן זייער מעטשעט און אַפילו געקענט זייערע תפילות. זיי, מיינע צוויי חברים, האָבן אָנגענומען מיין פאָרשלאָג און מיר האָבן זיך טאַקע אַזוי פאַררע־גיסטרירט. אַזוי זיינען אַריבער עטלעכע טעג. יום־כיפור, דעם 24סטן סעפּטעמבער 1939, האָט מען אונדז אַלעמען אַרויסגעפירט אויפן מאַרק־פּלאַץ און באַפרייט פון געפאַנ־גענשאַפט. מיר האָבן באַשלאָסן גלייך זיך אומקערן אַהיים.

אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער פון פשעמישל האָבן אונדז אָנגעטראָפן דייטשע טרופּן און געצוווּנגען צו גיין מיט זיי. זיי האָבן אונדז געבראַכט קיין קראָקע. ס'איז אי־בעריק צו זאָגן ווי אַזוי מיר האָבן זיך געפילט נאָך דעם, ווי מיר זיינען שוין געווען זיכער, אַז אויף סוכות וועלן מיר שוין זיין צוזאַמען מיט אונדזערע משפחות אין איוויע. אין גע־פאַנגען־לאַגער ביי קראָקע, האָט מען אין ביוראָ אונדז ווידער אויסגעפרעגט וועגן אונדזער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט. מיר האָבן ווידער זיך אָנגעגעבן אַלס טאַטאַרן. זיי האָבן געזאָגט, אַז אין לאַגער איז ניטאָ קיין באַזונדערער בלאָק פאַר טאַטאַרן און סוף־כל־סוף האָבן זיי אונדז געשיקט אינעם בלאָק פון די יידן. דאָרט זיינען מיר געווען 8 טעג. דער הונגער איז געווען זייער גרויס, מיר האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער יידישער לייטער פון יידן־בלאָק און געפרעגט, צי די טאַטאַרן ווילן פאָרן אַהיים? מיר האָבן, פאַרשטענדלעך, מיט שמחה מסכים געווען צוריקצוקערן זיך אין אונדזערע היימען. דרך אגב, מיר, די דריי „טאַטאַרן", האָבן צווישן זיך גערעדט עברית, כדי ניט־יידן אין די שכנישע באַראַקן זאָלן אונדז ניט אידענטיפיצירן אַלס יידן.

דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז גלייך צוגעטיילט צו די ווייסרוסן, וועלכע האָבן געזאָלט פאָרן אַהיים. יעדער פון אונדז האָט געקראָגן אַ האַלב לעבל ברויט מיט אַ שטיקל קעז. ערשט שפּעטער, אין וועג, האָבן מיר דערזען, אַז מען פירט אונדז קיין דייטשלאַנד. מען האָט אונדז געבראַכט אין סטאַלאַג A־17 נעבן מאַגדעבורג. דער הונגער אין סטאַלאַג A־17 איז געווען אַ שרעקלעכער און די כוחות האָבן אָנגעהויבן אויסגיין. איך בין געלעגן

אויף דער נאַרע און פון שוואַכקייט שוין ניט געקענט אַפילו ריידן. ליגנדיק האָב איך געהערט אַ מעלדונג: אַז ווער עס וויל קען זיך פאַרשרייבן אויף אַרבעט. מיר זיינען גלייך אַוועק און זיך פאַרשריבן, מיט דער האָפענונג, אַז דאָרט וועלן מיר כאָטש ניט הונגערן. צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען אונדז בעת אַן אַפּעל געגומען צעטיילן אין גרופּעס לויט דעם אלף־בית. דאָ איז מיך באַפאַלן אַ שרעק צוליב דעם, וואָס מען האָט מיך פונאַנדערגעטיילט מיט מיינע צוויי איוויער חברים. פאַר מיר איז עס געווען אַ באַזונדערער פאַרלוסט, ווייל זיי זיינען געווען עלטערע און מער זעלבשטענדיקע פון מיר. פון דעמאָלט אָן האָב איך מער ניט געהערט פון זיי. זיי זיינען, ווייזט אויס, דערמאָרדעט געוואָרן.

## אַ פראַצענט־מייסטער אין אַ דייטשישער צוקער־פאַבריק

מען האָט מיך אַוועקגעשיקט אין אַ צוקער־פאַבריק, ניט ווייט פון דער שטאָט קייטן (80 קילאָמעטער פון בערלין). מיר זיינען דאָרט געווען פיר הונדערט קריגס־געפאַנגענע: פּאָליאַקן, אוקראַינער, ווייסרוסן און איך, דער איינציקער „טאַטאַר" צווישן זיי. יעדער איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַן אַרבעט: ביי די מאַשינען אויפן הויף, אין צוקער־מאַגאַזין אד"גל. מיך האָט מען באַשטימט אַלס פראָצענט־מייסטער (אָפּרעכענונג מיט די פויערים וועגן דער ריינער וואָג פון די צוקער־בוריקעס). יעדער איינער פון די געפאַנגענע האָט אָנגעהויבן זיך פאַרבינדן מיט זיין פאַמיליע. דאָ איז אויפגעשווימען פאַר מיר אַ נײַ פּראָבלעם: ווי אַזוי קען איך זיך פאַרבינדן מיט מיין היים? ווי אַזוי קען איך זיי שרייבן, אַז איך בין דאָ אַ „טאַטאַר", כדי זיי זאָלן וויסן ניט שרייבן צו מיר אין יידיש. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געשריבן צו זיי אַ בריוו אין דער פּוילישער שפּראַך, ווו איך האָב זיי מיטגעטיילט, אַז איך בין דער איינציקער „טאַטאַר" צווישן 400 געפאַנגענע, וואָס אַרבעטן אין דער פאַבריק און געבעטן זיי שרייבן צו מיר אין דער זעלבער שפּראַך.

דעם ערשטן יאַנואַר 1940, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון שטוב אין דער פּוילישער שפּראַך. זיי האָבן, ווייזט אויס, גוט פאַרשטאַנען מיין בריוו. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ מאָמענט פון פרייד און גליק, וואָס לאָזט זיך ניט שילדערן. אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָט אָנגעהאַלטן ביזן קריגס־אויסברוך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד (דעם 22סטן יוני 1941). אין טאָג פון קריגס־אויסברוך האָב איך נאָך באַקומען אַ בריוו פון מיין ברודער לייזער, מיט צוגעשריבענע גרוסן פונעם טאַטן, מאַמען און שוועסטער. דאָס איז געווען דער לעצטער געזעגענונגס־קוש צו מיר אויף אייביק.

די פאַרצויגענע שווערע מלחמה מיט רוסלאַנד האָט געצוווּנגען די דייטשן אַרויסצוציען זייערע פאָלקס־גענאָסן פון דער פאַבריק און זיי שיקן אויף די פראָנטן און אין הינטערלאַנד. דאָס, וואָס די פריערדיקע מייסטערס פון דער פאַבריק (אַלע דייטשן), וועלכע האָבן מיך גוט געקענט און געוווּסט דעם נאָמען פון מיין געבורט־שטאָט, געפינען זיך דאָרטן (איינציקע פון זיי אַפילו אין איוויע), איז, פאַרשטענדלעך, פאַר מיר געווען אַן ערנסטע געפאַר. איך האָב זיך געשראָקן, אַז פּלוצים וועט מען זיך אָנהייבן פאַראינטערעסירן מיט מיין משפחה. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איך האָב פאַרנומען אַ פאַראַנט־

וואָרטלעכן פּאָסטן אין דער פאַבריק און געווען באַליבט און אָנגענומען ביי אַלעמען. אַחוץ דעם האָב איך זיינערצייט אָנגעגעבן מיין ריכטיקן פאַמיליע־נאָמען יאַנקעלעוויטש (בלויז דעם נאָמען האָב איך געענדערט אויף מעלאַך), מיינענדיק, אַז מען וועט אונדז אין קורצן אָפּשיקן אין דער סאָוויעטישער זאָנע, אַזוי ווי מען האָט עס געהאַט געטאָן בעת די פריינדלעכע באַציאונגען צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד פאַרן מלחמה־אויסברוך, מיט פיל געפאַנגענע פון דער סאָוויעטישער באַזעצונגס־זאָנע. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ אויסגעשפּראָכענער יידישער פאַמיליע־נאָמען ווי יאַנקעלעוויטש, איז אַ גרויסער דיסאָנאַנס פאַר אַ טאַטאַר, אָבער איך האָב זיך שוין פאַר קיין פאַל ניט געקענט צוריקציען. מיין נס איז געווען, וואָס דער רוב קריגס־געפאַנגענע זיינען געווען פון די פוילישע און אוקראַינישע געביטן, וואָס האָבן ניט געזען אין זייער לעבן קיין טאַטאַרן און די פאַמיליע יאַנקעלעוויטש איז ניט געווען פאַרשפּרייט צווישן די פוילישע יידן. דער אמת איז אַז אַ טייל פון זיי האָבן יאָ חושד געווען, אַז איך בין אַ ייד, אָבער היות ווי איך האָב זיך כסדר באַמיט אָנצוהאַלטן מיט זיי די בעסטע באַציאונגען און געהאַט די מעגלעכקייט אַלס פּראָצענט־מייסטער, וועלכער פלעגט באַקומען פון די דייטשע פויערים בעתן ברענגען זייערע צוקער־בוריקעס אין דער פאַבריק, שפּייז, ציגאַרעטן און אַנדערע מתנות, וואָס איך פלעג צעטיילן לויט דער ריי פאַר די קריגס־געפאַנגענע, האָב איך זיך געשאַפן אַנערקענונג ביי זיי. אַחוץ דעם, די שווערע אַרבעט, 12 שעה אַ טאָג און די שוואַכע פאַרפלעגונג (500 גראַם ברויט) האָט די געפאַנגענע דערדריקט און געשאַפן אַ חברישע סאָלידאַריטעט. אַלס טאַטאַר פון ווילנער געגנט האָב איך אָנגעגעבן אַלס מיין שפּראַך — ווייסרוסיש. אין דער ערשטער צייט האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט גערעדט קיין דייטש (ווי קומט צו אַ טאַטאַר דייטש ?). מיין פּאָסטן האָט אָבער געפאָדערט צו דערערדן זיך מיט די דייטשע פויערים און פאַרשרייבן עס אויף דייטש. כדי ניט אַרויסצורופן קיין חשד, האָב איך געקויפט אַ פויליש־דייטשן ווערטערבוך און דעמאָנסטראַטיוו, ביי דער אַרבעט, ביים עסן אד״גל געלערנט די דייטשע שפּראַך. דער פאַבריקס־דירעקטאָר האָט שפּעטער באַוווּנדערט ווי דער פּעאיקער „טאַטאַר" האָט זיך אַזוי שנעל אויסגעלערנט די דייטשע שפּראַך...

## צוויי מאָל בין איך אין לאַגער געווען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר אויסגעגעבן צו ווערן אַלס ייד

איין מאָל האָט מיך געטראָפן דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַן עלטערער דייטש אַ סאָל־דאַט נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען זייער אויפגערעגט, ער האָט געזאָגט צו מיר:

— ווייסט, דער אַנטאָן (אַ פוילישער קריגס־געפאַנגענער), האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַ יודע.

איך האָב אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויסגעשריגן:

— דאָס איז אַ טיפע באַליידיקונג פאַר מיר, דאָס איז אַ געמיינער שקר...

ער האָט מיך באַרואיקט, אַז ער אַליין גלייבט ניט אין דעם, דאָך האָט ער זיך געווענ־

דעט צום דירעקטאָר פון דער צוקער־פאַבריק, ווערנער וואָרן, און געבעטן מיך אַריבער־צופירן אין אַן אַנדער פאַבריק.

מיטן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו ענדערן אונדזער סטאַטוס פון קריגס־געפאַנגענע אויף צוואַנגס־אַרבעטער: מען האָט צווישן אונדז פונאַנדערגעטיילט פראַגע־בויגנס מיט אַ דעקלאַראַציע, אַז מיר זיינען מסכים צו בלייבן אין דייטשלאַנד אַלס צוואַנגס־אַרבעטער ביז מען וועט אונדז באַפרייען. היות איך האָב אַלע מאָל זיך געדאַרפט באַרעכטיקן אַלס פוילישער פאַטריאָט, האָב איך געפירט אַ פראָפאַגאַנדע צווישן די געפאַנגענע, אַז מיר זאָלן ניט אונטערשרייבן די דעקלאַראַציע. אַלס שטראָף האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַן אַנדערער צוקער־פאַבריק, אין דער שטאָט קאַלבע. צום אומגליק האָב איך דאָרט באַגעגנט אַ שייגעץ פון דאָרף דונאַי נעבן איוויע. ער האָט מיך באַלד דערקענט אַלס איוויער ייד. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו שווייגן, אָבער איך האָב שוין געלעבט אין טויט־שרעק. עס האָט געטראָפן אַ נס: דער דירעקטאָר פון דער צוקער־פאַבריק פון וואָלפן־אַנהאַלט (נעבן קייטן) האָט מיך אַרויסגעפאָדערט צוריק צו זיך.

נאָך אַ געפאַר פאַר מיר איז געווען מיין יידישער אויסזען. עס איז מיר געוואָרן לייכ־טער, ווען עס זיינען אין לאַגער אָנגעקומען טונקל־הויטיקע פראַנצויזישע און איטאַליע־נישע צוואַנגס־אַרבעטער. כדאי צוצוגעבן, אַז די דייטשן אַליין אין דייטשלאַנד האָבן זיך כלל ניט אינטערעסירט מיט יידן, ביז אַ פּאָליאַק, אַן אוקראַינער אָדער אַ ווייסרוס האָט ניט געמסרט. איך האָב זיך טאַקע זייער געשראָקן פאַר זיי...

אַזוי גייט אַ טאָג נאָך אַ טאָג פול מיט שרעק און האַרץ־ציטערניש. בלויז אין די נעכט פלעג איך ליגן אויף מיין האַרטן געלעגער און זען פאַר זיך די היים און די שטוביקע, דאַן פלעג איך זיך גוט אויסוויינען אין שטרויזאַק אַריין... ניט איין מאָל האָב איך באַשלאָסן אויפצוהערן די געפערלעכע שפּיל פון מאַסקירן זיך און געוואָלט גיין זיך מודה זיין, אַז איך בין אַ ייד. אָבער איך האָב עס ניט געטאָן. איך האָב ניט פאַרלוירן די האָפענונג, אַז אין גיכן וועט זיך ענדיקן די מלחמה מיט דייטשלאַנדס מפלה און איך וועל נאָך דערלעבן טרעפן וועמען ס'איז פון אונדזעריקע.

## איך פאָר אויף אורלויב

דעם 15טן פעברואַר 1942 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע פוילישע געפאַנגענע באַקו־מען אַ סטאַטוס פון ציווילע אַרבעטער. אַלס ציווילער וועט מען אויך קענען קריגן אורלויב צו פאָרן זיך זען מיט די פאַמיליעס... דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פרייד אין לאַגער. ווינטער 1941/42, נאָכן באַזעצן דורך דער דייטשער אַרמיי גרויסע שטחים פון סאָוויעט־רוסלאַנד, זיינען אָנגעקומען אין דאָרף וואָלפענאַנהאַלט אַן קייטען (דאָס דאָרף, וווּ עס האָט זיך געפונען די צוקער־פאַבריק) פיל מענטשן פון די פאַרנומענע געביטן אויף צוואַנגס־אַרבעט. מיט פאַרביסענע ליפּן און ווייטיק אין האַרץ האָב איך געדאַרפט זיך צוהערן צו די גרויל־דערציילונגען וועגן דער שחיטה פון די יידן אין פוילן. איך האָב זיך געדאַרפט

היטן ניט אַרויסכאַפּן זיך מיט קיין וואָרט און ניט רעאַגירן אויף די באַרימערייען פון די אָנגעקומענע מערדערס וועגן זייער אָנטייל אין די שחיטות.

ביי מיר האָט די ידיעה אַרויסגערופן פיל זאָרג און שרעק. וווּ איז מיין היים? צו וועמען קען איך פאָרן? איך טאָר זיך דאָך ניט באַוויזן אין איוויע, אויב אפילו זי איז נאָך ניט „יודענריין"! וווּ וועל איך זיין דעם אורלויב־חודש? בלייבן ווידער אין דער פאַבריק וואָלט באַדייט זיך אַליין אַרויסגעבן. ווער איז דאָס מוותר אויף אַן אורלויב, זיך צו טרעפן מיט דער פאַמיליע?... אָבער מיינע צוויי חברים צום צימער, אוקראַינער, האָבן אָנגעהויבן דריקן אויף מיר, אַז מיר זאָלן צוזאַמען גיין בעטן אורלויב. ניט וועלנדיק אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט, האָב איך מיט אַ צעבראָכן האַרץ געבעטן אורלויב. דער די־רעקטאָר האָט באַלד מסכים געווען. דעם 13טן אויגוסט 1942 בין איך בלית ברירה אַרויס־געפאָרן אויף אורלויב. דאַן האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ פּיינלעכע וואַנדערונג פון שטאָט צו שטאָט, בערלין, וואַרשע, מאַלקין, און פון דאָרט מיט אַ קוילן־צוג אָנגעקומען קיין לידע.

איך בין געפאָרן איבער קברים. איך האָב געזען מיינע ברידער אין זייער פּיין, אַזוי אין גראָדנע, וואָלקאָוויסק, באַראַנאָוויטש. אין לידע בין איך אויפן וואָקזאַל פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ, וועלכע האָט באַטראַכט זייער חשדפול מיין יידישן אויסזען. געראַטעוועט האָט מיך דער פאַרחתמעטער בריוו פונעם פאַבריקס־דירעקטאָר. ערשט נאָכן אָפּלאָזן מיך, האָב איך פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר אַ געפאַר איך בין געווען. ווען זיי באַ־שליסן בלויז אָנצופרעגן אינעם שכנישן איוויע, ווער איז דער טאַטאַר — יאַנקעלעוויטש מעלאַך! איבערגענעכטיקט אויפן וואָקזאַל, בין איך פאַרטאָג אַוועקגעלאָפן אויפן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט האָב איך געטראָפן אַן איוויער קידער, קובע. ער האָט מיך באַלד דערקענט און געראָטן, אַז איך זאָל ניט פאָרן קיין איוויע, ווייל מיין פאַמיליע איז שוין אומגעבראַכט געוואָרן...

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אין גאַנצן איינגעבראָכן, איך בין געפאַלן אויף זיין וואָגן און געחלשט. ער האָט מיר געגעבן טרינקען אַ ביסל וואַסער און געראָטן מיר צו אַנטלויפן. איך בין געלאָפן צום לידער געטאָ, געזען ווי מען פירט די יידן צו דער אַרבעט. כ'האָב געטראָפן עטלעכע לידער באַקאַנטע נאָך פון פאַר דער מלחמה, גערעדט מיט זיי און געזען זיי אין זייער פּיין, אָבער לאַנג האָב איך זיך ניט געטאָרט דאָרט אויפהאַלטן... טראָץ אַלע סכנות האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן ביז דער סטאַנציע גאַוויע, אין דער האָפע־נונג צו טרעפן דאָרט איוויער יידן. ווען די באַן איז אַדורכגעפאָרן פאַרביי גאַוויע, האָב איך געזען דורכן פענצטער יידן אַרבעטן: באָרוועסע, אויסגעמאָגערטע, מיט שוואַרצע פּנימער, מיין האַרץ איז פאַרגליווערט געוואָרן און עס האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון.

אויך אין ווילנע האָב איך געהאַט אַ שווערע איבערלעבונג. פאַרן אָנקומען קיין ווילנע האָב איך באַקענט אין צוג אַ פּוילישע פרוי, וועמענס מאַן איז אויך געווען אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. איך האָב איר דערציילט, אַז איך בין אין דייטשער געפאַנגענ־שאַפט און פאָר זיך טרעפן מיט מיין פאַמיליע אין איוויע און אַז איך האָב ניט וווּ איבער־צונעכטיקן. זי האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אין הויז. צומאָרגנס אין דער פרי האָט זי מיך געבעטן צוצוגיין מיט איר אין דער ווילנער געשטאַפּאָ, אַלס דאָלמעטשער, ווייל זי האָט

דאָרט עפּעס צו דערליידיקן און זי קען נישט די דייטשע שפּראַך. איך האָב איר צוגעזאָגט עס צו טאָן, אָבער כ׳האָב איר געראַטן פריער אַרויסצונעמען דאָס ברויט וואָס מען גיט אויף די שפּייזקאַרטן. ווי נאָר זי איז אַרויס פון שטוב, בין איך אַנטלאָפן צום וואָקזאַל. איך בין זיכער, אַז זי האָט געפּלאַנט מיך אַרויסצוגעבן דער געשטאַפּאָ, אַלס ייד.

אָט אַזוי האָב איך אַרומגעוואַנדערט פיר וואָכן איבער פּוילן, הונגעריק, פאַרביטערט, אין כסדרדיקער שרעק. דעם 13טן סעפּטעמבער 1942 האָב איך זיך צוריקגעקערט אין דער פאַבריק און ווידער אַריין אינעם הו־הא פון דער אַרבעט.

אין דעם קומענדיקן יאָר האָב איך ווידער געמוזט פאָרן צוזאַמען מיט די קריסטן „אַהיים" קיין פּוילן אויף אורלויב. דאָס מאָל בין איך געווען עדות פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. איך האָב געזען ווי דאָס געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען און געגוססט. איך בין אַנטלאָפן ווייטער: קיין ביאַליסטאָק, גראָדנע ווילנע און ווידער לידע — די היימישע געגנט. אָבער דאָס מאָל האָב איך שוין מער ניט געזען קיין יידן אַזוי איז ווידער אַריבער מיין „אורלויב". אין מיטן אויגוסט 1943 בין איך צוריקגעקומען אין דער צוקער־פאַבריק.

## די באַפרייאונג

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פריידיקע עפּאָכע, די דייטשן האָבן אָנגעהויבן קריגן קלעפּ אויף אַלע פראָנטן און מיין האָפענונג איבערצולעבן די מלחמה איז געוואָרן רעאַלער. אַזוי איז געלאָפן די צייט ביז 1944. מיר האָבן געזען, אַז עס נעמט אַ סוף, די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, מען האָט אָנגעהויבן באָמבאַרדירן טאָג און נאַכט און פיל פאַבריקן זיינען פאַרברענט געוואָרן. טאָג־טעגלעך זיינען געווען פיל טויטע פון די באָמבאַרדירונגען.

אַזאַ מצב האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם 12טן אַפּריל 1945. 10 אַזייגער אין דער פרי זיינען אָנגעקומען די ערשטע אַמעריקאַנער טאַנקען. אין לאַגער איז געוואָרן אַ גרויסע פרייד, מען האָט זיך געקושט, געהאַלדזט און געטאַנצט. מיר זיינען ווידער פרייע מענטשן! איך בין גלייך אַוועק צום דירעקטאָר און אים דערציילט, אַז איך, דער „שוואַרצער" (אַזוי האָבן די דייטשן מיך גערופן) מעלאַך, בין ניט קיין טאַטאַר, נאָר אַ פאַרשאָלטענער שמוציקער יודע, און איך בין עס געווען דער גאַנצער פירער פון אייער דייטשער צוקער־פאַבריק. איך בין ווידער אַ פרייער מענטש! איך דאַרף שוין ניט מער טראָגן קיין מאַסקע. אָבער די פרייד איז ביי מיר געווען, פּונקט ווי ביי אַלע יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה — געמישט מיט געפילן פון פּיין און טיפן טרויער — וואוהין וועל איך גיין? ווער איז מיר געבליבן אויף דער וועלט? ערשט איצט האָב איך געהאַט צייט צו מאַכן דעם שוידערלעכן בילאַנס פון מיין משפחה און מיין פאָלק.

אַזוי זיינען אַריבער אייניקע טעג, מען האָט זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מען איז אַ פרייער מענטש. איך האָב זיך באַגעגנט מיט יידישע סאָלדאַטן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי; זיי האָבן מיר דערציילט, אַז די באַפרייטע יידן קאָנצענטרירן זיך אין פראַנקפורט. איך האָב זיך גלייך געלאָזט אין וועג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה. עס האָט זיך

געשאַפֿן אַ לאַגער אין זאַלצהיים מיט אַ ציוניסטישן ועד, איך בין געווען איינער פון זיי. דאָרט האָבן מיר אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די יידן און שיקן זיי קיין ארץ־ישראל, מיר האָבן אויך געשאַפֿן אַ קיבוץ און אויפגעקליבן די יידישע קינדער, וואָס זיינען איבערגע־בליבן אין די לאַגערן. איך בין געוואָרן זייער „טאַטע" (אַזוי האָבן זיי מיך גערופֿן).

שוין אין דעצעמבער 1945 בין איך געווען פון די ערשטע, וואָס זיינען אַרויסגעפֿאָרן אומלעגאַל מיט דעם העפלה־וועג קיין ארץישראל. די נסיעה איז געווען פאַרבונדן מיט געפֿאַרן. נאָך וויניקע חדשים פון וואַנדערן איבער האָלאַנד, בעלגיע און פראַנקרייך זיינען מיר מיט דער שיף „תל־חי" אָנגעקומען אין לאַנד אונטער דער באַוואַכונג פון צוויי ענג־לישע קריגס־שיפֿן.

זעקס יאָר — פון 18טן סעפּטעמבער 1939 ביזן 12טן אַפּריל 1945 — האָב איך גע־קעמפט פאַרן שטיקעלע לעבן אין כסדרדיקע געפֿאַרן, אין האַרץ פון פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד, אין האַלדז פון לייב, האָב איך געהאַלטן אין משכון מיין לעבן אַלס טאַטאַר. היינט־צו־טאָג, ווען איך טראַכט וועגן אַלץ, וואָס איך בין אַדורך במשך די זעקס פינצטערע יאָר צווישן לעבן און טויט, ווילט זיך מיר אַליין ניט גלייבן, אַז דאָס איז געווען מעגלעך. די פרייד פון דערלעבן דאָס אַנטשטיין פון אונדזער אייגענער מדינה, איז אָבער פאַר־שטערט געוואָרן פון דעם שוידערלעכן פאַרלוסט פון אונדזערע טייערע און בעסטע, פון אונדזער אָפּגעווישטן פון דער אויבערפלאַך געבורט־שטעטל, פון די מיליאָנען, וואָס האָבן ניט זוכה געווען צו זיין היינט מיט אונדז.

חנן לעווקאָוויטש / רמת־גן

# דער שותפותדיקער גורל פון די טראבער און איוויער יידן



טראב, אַ קליין שטעטעלע צווישן איוויע און וואָלאָזשין, 150—170 משפחות מיט היימען, הייזער, גערטנער און פעלדער. קליינע און גרויסע משפחות: זיידעס, באָבעס, טאַטעס, מאַמעס און קינדער. אַ האַלב שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן פון די באָמבעס און שלאַכטן. די דייטשישע בעסטיע האָט מיט זיך געבראַכט איר מערדערישן רעזשים און מיר האָבן זי ווי עס איז אויפגעשטיקט אין דעם ביסל איבערגעבליבענע הייזער. די דריי מאָנאַטן ביזן אַריבערפאָרן קיין איוויע, האָבן זיך געצויגן ווי דריי יאָר. פּלוצלינג איז געקומען דער באַפעל מען זאָל איינפּאַקן די פּעקלעך, ווייל מען טרייבט אונדז אַרויס קיין איוויע. אַלע אינטערווענצן האָבן גאָרניט געהאָלפן. מען האָט אונדז געגעבן בלויז אַ האַלבן טאָג אויף צו עוואַקויִרן זיך און דער באַפעל האָט געמוזט ווערן אויסגעפירט.

דאָס איז געווען איינער פון די טריבע אָסיען־טעג אָנהויב נאָוועמבער, 1941. די גויים, אונדזערע שכנים פון דורות, האָבן זיך געפרייט און זיך געטיילט מיט גרויסע „געווינסן": הייזער, מעבל און יידיש האָב און גוטס, וועלכע וועלן אַריינפאַלן צו זיין אָן מי און אַרבעט, ווי מן פון הימל. קיינער האָט ניט מיטגעפילט אונדזער גרויסן צער און טיפן ווייטיק, בלויז די טריבע בלייערנע הימלען האָבן אויף אונדז געקוקט מיט אומעט, אָנפילנדיק זיך מיט וואָלקנס, ווי אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן, און אָט פילט אַ וואָלקן זיך אָן, גיסט מיט טרערן, וויינט... אַ ווייטער דונער גיט אַ טיפן קרעכץ און באַלד ווידער אַ בליץ... דאָס זיינען געווען אונדזערע באַגלייטער, די גאַנצע 28 קילאָמעטער וואָס האָבן אָפּגעטיילט טראַב פון איוויע.

דער אָסיענדיקער קאַלטער, פייכטער ווינט האָט אונדז געבלאָזן אין פּנים, די ביימער פון ביידע זייטן וועג האָבן זיך פאַרנייגט פאַר אונדז, ווי זיי וואָלטן אונדז געזעגנט, אַראָפּבייגנדיק די פייכטע בלעטער. האָבן זיי געוווּסט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער וועג ?... די הערצער און מוחות זיינען געווען איבערפולט מיט טרויעריקע געדאַנקען: וואָס דער וואַרט אונדז אין איוויע ? ווו וועט מען אונדז אַריינפּאַקן, אַריינשטופּן ? איז דאָס אַ וועג צום לעבן אָדער חס ושלום צום אומקום ?... מיר האָבן געוווּסט אַז איוויער יידן האָבן דאָך זייערע אייגענע צרות, אייגענע פּראָבלעמען און אייגענע שוואַרצע וואָלקנס. דער וועג איז אַ פיינלעכער און די שטימונגען, ווי פון מענטשן, וואָס גייען צו דער אייגענער לוויה...

טראָץ דעם קאַלטן וועטער, האָט זיך דער שוויס געגאָסן איבערן קערפּער און זיך צוזאַ־מענגעמישט מיט די בלוט־ווונדן אָפּגעריבענע פון די שווערע פּעקלעך אויף די פּלייצעס.

ענדלעך האָט מען דערזען די איוויער בלעכענע דעכער, הייזער, גאַסן און ייִדן. מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. מיר האָבן געוווּסט, אַז אונדזער גורל צום גוטן און צום שלעכטן איז פון איצט געבונדן מיט די איוויער ייִדן — ביזן היינטיקן טאָג איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון יענע האַרציקע באַגעגעניש מיט ברידער צו פּײַן און שווידערלעכע טעג פון אומקום...

איוויער ייִדן האָבן אונדז אויפגענומען ברידערלעך; מען האָט ניט גערעדט... עס איז געווען אַ שטומע באַגעגעניש, ווײַל ווערטער וואָלטן ניט געקענט אַרויסזאָגן און אויס־דריקן אַזוי פיל ווי דאָס פיל־זאָגנדיקע שווייגן, בלויז די אומעטיקע אויגן און פּנימער האָבן אַרויסגעגעבן אַלץ, וואָס איז געווען אויף די הערצער... מיר, טראָבער ייִדן, האָבן דערפילט אַ נחמה. מיר האָבן געזען, אַז מיר זײַנען ניט עלנט און איינזאַם. די איוויער משפּחות האָבן אונדז אַריינגענומען אין זייערע אייגענע הייזער; זיך געטיילט מיט די צימערן, טישן, בעטן און בענקלעך און ניט זעלטן אויך מיטן ביסן ברויט.

מיר האָבן דערפילט אַ ברידערלעכע וואַרעמקייט און אונדזער האָפענונג אויף בעסערע טעג, איז געוואָרן שטאַרקער.

— אונדזער משפּחה — פינף פּערזאָן — איז אַריין וווינען צו דער משפּחה פון שמואל לייזער שמוקלער („פאַנטאַזיע"). אַ שטוב פון דריי צימערן און די דריי צימערן זענען צעטיילט געוואָרן גלייך אויף גלייך צווישן דריי משפּחות. דער ווינטער איז אָנגע־קומען און מיט אים די שנייען און קעלטן! איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי שמואל־לייזער האָט געזאָגט צו אונדז: „זאָרגט ניט, עס איז דאָ אַ ביסל האָלץ, און וויפל ס'איז דאָ, וועט זיין פאַר אַלעמען". דער פּריפּעטשיק איז באַלד געוואָרן איינגעהייצט און מען האָט דערפילט די וואַרעמע פלאַמען אויפן פּנים און די וואַרעמע ברידערשאַפט אין האַרצן, די טראָבער יוגנט האָט זיך גיך באַפריינדעט מיט די איוויער.

עס איז אין יענע שווערע טעג ניט געווען קיין אונטערשיד צווישן פּאַרטייען, רייכע, אָרעמע, באַלעבאַטים, לערנער און פּשוטע ייִדן. איין גורל האָט אונדז געטראָפן און איין האָפענונג איבערצולעבן דעם דייטשישן טויט־רעזשים און דערלעבן די נקמה פון דעם מערדער־פאָלק. איך האָב ערשט דאַן דערקענט איוויע און אירע ליב־האַרציקע ייִדן. מענטשן דערקענט מען גוט בלויז אין אַ שלעכטער צייט.

די מענטשן זיינען שוין ניטאָ, אָבער דער זכרון פון איוויער הכנסת־אורחים איז געבליבן איינגעקריצט ביזן היינטיקן טאָג אין די הערצער און מוחות פון די ווייניקע, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה.

איין גורל האָט געטראָפן: טראָב, ליפּנישאָק, באַקשט, באַריסעווקע און איוויע, זיי האָבן זיך געפּייניקט צוזאַמען אין איוויער געטאָ און צוזאַמען האָבן זיי געפונען זייער לעצטע רו אין די גריבער פון סטאַנעוויטש און אין די טאָרף־זומפּן פון ווייטן באַריסאָוו...

שמואל געלער / רמת־גן

# איוויע נאָך דער באַפרייאונג

יולי 1944. ווידער זיינען מיר אין איוויע. דאַכט זיך די זעלבע גאַסן, די זעלבע גוט באַקאַנטע הייזער, דאָך וויעט אַ פרעמדקייט פון יעדן ווינקל. פון די יידישע הייזער קוקן אַרויס פרעמדע, גויאישע פנימער. מען קוקט אויף אונדז ווי אויף געקומענע פון יענער וועלט.

אַ גרויסע טייל יידישע הייזער אין ווילנער גאַס, בערנאַרדינער און מאַרק זיינען פאַר־ניכטעט געוואָרן פון די דייטשע באָמבאַרדירונגען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה. טייל הייזער האָבן די פויערים, מיט דער דערלויבעניש פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, פשוט צענומען. די בלעכענע דעכער און די ציגל פון די יידישע הייזער האָבן איבערגע־וואַנדערט אין די אַרומיקע דערפער. אין אַ טייל יידישע הייזער, וואָס זיינען ניט צע־שטערט געוואָרן, האָבן געלעבט אַריינגעוואַנדערטע רוסישע און ווייסרוסישע פאַמיליעס.

פון די פאַרטיזאַנישע וועלדער, בונקערס און פאַרשיידענע באַהעלטענישן האָבן זיך אומגעקערט בערך 80 פערזאָן... דאָס אַלץ, וואָס עס איז פאַרבליבן פון די העכער 3000 יידישע נפשות, וואָס האָבן געלעבט אין איוויע ביז דער נאַצי־אָקופּאַציע. פון איבער 600 יידישע שול־קינדער האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז צוועלף!...

זייענדיק אין די וועלדער, אין די בונקערס האָט מען געלעבט אין כסדרדיקער שפּאַנונג. ביי יעדן איז געווען בלויז איין שטרעבונג — איבערצולעבן דעם דייטש און דערלעבן דעם טאָג פון באַפרייאונג און דייטשלאַנדס פולשטענדיקע מפּלה. ערשט ווען עס איז געקומען די אויסגעבענקטע שעה, האָט יעדער דערזען ווי גרויס עס איז דער חורבן... די יידישע חרובע הייזער אָן די יידן און די נאַענטקייט פון די מאַסן־קברים אין דערבייאיקן סטאַניעוויטש האָבן דערמאָנט בייטאָג און ביינאַכט די שוידערלעכע טראַגעדיע.

די געציילטע יידן האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט אין עטלעכע האַלב־חרובע הייזער און זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן. אַלע אַרבעטספעאיקע האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין די אויפסניי אויפגעשטעלטע מלוכהשע אינסטיטוציעס.

נאָר אַ קליינער טייל פון די פויערים האָבן גערן צוריקגעגעבן די אויסבאַהאַלטענע ביי זיי זאַכן. די מערסטע פון זיי האָבן געטענהט, אַז די דייטשן און די פאַרטיזאַנער האָבן ביי זיי צוגענומען אַלץ, וואָס די יידן האָבן אויסבאַהאַלטן. מיט פיל מי, אָנשטרענגונגען און טיילוויז דראָאונגען איז געלונגען די יידן אָפּצונעמען צוריק אַ טייל פון זייער פאַר־מעגן.

געציילטע יידן האָבן זיך גענומען צום האַנדל מיט הייזון (אַ נייטיק אַרטיקל פאַר די פויערים צו טרייבן „סאַמאַגאָן״), פאַרב און זאַלץ. דער געראַנגל פאַרן לעבן און עקזיס־טענץ איז ווידער אָנגעגאַנגען.

לייענענדיק אַ געוויסן טאָג אַן אויסגעהאָנגענע מעלדונג, אַז אַלע לערער דאַרפן זיך רעגיסטרירן, האָט מיך באַהערשט אַ שווער געפיל. די הונדערטער יידישע קינדער, וועמען

**איך האָב געלערנט, ליגן דאָך אין די סטאַניעוויטשער גריבער. וועלכע קינדער וועל איך דאַרפן לערנען ?...**

שרידי קהלת איביה ע״י גויות הקדושים אחרי שהוצאו מבורות־המות ע״י הועדה הסובייטית לחקירת פשעי הנאצים (אפריל, 1945).



די לעבן־געבליבענע איוויער יידן נעבן די סקעלעטן פון די איוויער קדושים, נאָך זייער עקסהומאַציע.

**מיטן אָנהייב פון שול־יאָר (1945־46) בין איך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אין זעלבן שול־בנין (לייזער־יאַנקלס שטוב), ווו עס האָבן מיט פיר יאָר צוריק (1940־41) געלערנט פיל הונדערטער יידישע קינדער, ווו אין יעדן ווינקל האָט געקלונגען די יידישע שפּראַך און עס האָט געהילכט דאָס געלעכטער פון משהלעך, שלמהלעך, רחלעך און שרהלעך, האָבן איצט געלערנט בלויז פינף יידישע קינדער: דוואָרעצקיס צוויי טעכטער, סימקע סיניוקס טאָכטער און איר קוזינע און זעליג שמולאָוויטש. די אַלע איבעריקע שילער זיינען געווען פוילישע, רוסישע און ווייסרוסישע קינדער.**

צווישן מיינע איצטיקע שילער האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע פוילישע פּאָליציי־אישע קינדער, וועמענס פּאַטערס האָבן אָנטייל גענומען אין די יידן־שחיטות און זיינען אַנטלאָפן מיט די אָפּטרעטנדיקע דייטשן. צווישן אַנדערע אויך שטשעפּאַנסקיס. איך האָב איצט געדאַרפט לערנען אויך מיט די קינדער פון אונדזערע מערדערס וועגן פעלקער־פאַרברידערונג און מענטשן־ליבע...

אַ געוויסע צייט האָט מיט מיר געאַרבעט אין דער זעלבער שול אַלס לערערין שטשעפּאַנסקיס פרוי. בעת מיר האָבן זיך באַקלאָגט פאַר די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען, ווי דערלאָזט מען עס, אַז אַ פרוי פון פּאָליציי־קאָמענדאַנט, וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט די דייטשע אָקופּאַנטן זאָל אַרבעטן אין אַ סאָוויעטישער שול? האָט מען אונדז געענטפערט:

„מען ווייס און מען קאָן די אַלע, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס. זייער צייט וועט קומען". און ווירקלעך האָבן די סאָוויעטישע אָרגאַנען ביסלעכוויין באַזייטיקט די אַלע עלעמענטן פון שטעטל.

אין אַפּריל 1945 איז אין איוויע אַראָפּגעקומען אַ סאָוויעטישע מלוכהשע קאָמיסיע, וואָס האָט געפאָרשט די היטלעריסטישע פאַרברעכנס און גרויזאַמקייטן. שוידערלעכע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בעת דער עקסהומאַציע פון די מאַסן־קברים נאָכן אָפּ־גראָבן אַ שיכט ערד האָבן זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט די פאַרפייניקטע קדושים. איינס אויף די אַנדערע זיינען געלעגן די האַלב־צעפאַלענע סקעלעטן פון מענער, פרויען און קינדער. איין פרוי האָט געהאַלטן פאַרקוועטשט אין אירע אָרעמס אַ קליין קינד. אויך דער טויט האָט זיי ניט צעשיידט... דער יונגער חיים־לייבל (ליאָקע) דוואָרעצקי ז"ל האָט לויט די רעשטלעך פון אַ קלייד דערקענט זיין מוטער. די לופט איז אויפגעציטערט געוואָרן פון געוויינען און ספּאַזמען. פאַרשטיינערטע זיינען געשטאַנען די פיל־געפּרווּוטע סאָוויעטישע מיליטער־לייט און קאָמיסיע־מיטגלידער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די יידן אַרומגעצאַמט דעם שטח פון די גריבער מיט אַ פאַרקאָן פון שטעכיקן דראָט און אָנגעקלאַפּט ביים טויער אַ קליין שילדל מיט אַ פּאַסיקן אויפשריפט אין יידיש און רוסיש.

*

8טער מאַי 1945. גאָר פרי האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דער ענדגילטיקער דייטשער קאַפּיטולאַציע. מענטשן קושן און ווינטשן זיך אין די גאַסן. דער עולם טרינקט און איז זיך משמח. מיר, דאָס קליינע רעשטל געראַטעוועטע יידן, האָבן זיך מיטגעפרייט מיט אַלעמען. אָבער קיין יום־טוב אויף אונדזער גאַס איז ניט געווען. מיר האָבן דעם קריג פאַרלוירן. צו טייער האָבן מיר באַצאָלט פאַרן זיג. די סטאַניעוויטשער גריבער האָבן ניט געלאָזט פאַרגעסן...

*

די גאַנצע צייט האָבן מיר געטראַכט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, ניט אָטעמען מער די לופט פון די נאָענטע מאַסן־קברים, ניט זען מער די „ליבהאַרציקע" שכנים פון דורות... ווי נאָר עס איז געקומען אין איוויע די פוילישע רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיע, וואָס האָט רעגיסטרירט געוועזענע פוילישע בירגער, וואָס ווילן זיך אומקערן קיין פוילן, האָבן אַלע

יידן זיך רעגיסטרירט אויף אַרויסצופאָרן. די אָרטיקע סאָוויעטישע טוער האָבן פּרובירט צורײדן די יידן, אַז זיי זאָלן פאַרבלייבן אויפן אָרט.

אין אַ שמועס האָט מיר דער ראַיאָנער בילדונגס־לייטער געזאָגט: — „פאַרוואָס פאַרלאָזטו אונדז? לאָמיר פאַרגעסן די גרויליקע יאָרן. מיר נייטיקן זיך אין שעפערישע כוחות, וואָס זאָלן בויען דאָס לעבן פונדאָסניי". איך האָב אים געענטפערט:

— מיר קענען דאָ ניט פאַרבלייבן. אין דער נאָענט פון אונדזערע קברים קענען מיר ניט בויען קיין נײ לעבן. איך בין אַ ייד און איך וויל לעבן צווישן יידן...

ענדע אויגוסט 1945 האָבן אַלע יידן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. איוויע איז ווידער געבליבן יידן־ריין. היינט צו טאָג לעבן אין איוויע געציילטע איוויער יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד, און ווי מען דערציילט, אויך אייניקע יידן פון די מזרח־געביטן פון ווייסרוסלאַנד. עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז קיין יידיש לעבן פולסירט ניט מער אין דעם יידישן שטעטל איוויע.

דאָבע שמיילאָוויטש (גאָלדבערג) / בני־ברק

# א שטראָף פון הימל פאר דער פאמיליע שאלאפקע

די פאַמיליע שאַלאַפּקע האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער צייט פון דער דייטש־היטלעריסטישער אָקופּאַציע מיט ראַבירן די יידישע, מיט בלוט און שוויס פאַרהאָרעוועטע פאַרמעגנס (איבעריקנס, ווי דער איבערוויגנדיקער טייל פון די ניט־יידן). שאַלאַפּקע האָט ניט געוווּסט פון קיין גרענעץ און מיט אַלע מיטלען זיך גרינג באַרייכערט פון די אומגליקלעכע יידישע קרבנות.

שאַלאַפּקעס טאָכטער און פעלדער זיינען געווען האַרט נעבן די מאַסן־קברים, וווּ עס האָבן געפונען זייער רו די טויזנטער אויסגעמאָרדעטע איוויער קדושים (אויך ליפּניש־קער, טראַבער, באָקשיער, באַריסאָווקער א.אַנד. ישובים). דער געלט־גייציקער שאַלאַפּקע האָט ניט געוואָלט מוותר זיין אויף דער גוטער פּאַשע, וואָס איז אָנגעוואָקסן אויף די קברים, בפרט, אַז זיי האָבן זיך געפונען אויף זיין באָדן. אינצווישן האָבן די געציילטע לעבן־געבליבענע איוויער יידן אַרומגעצאַמט די גריבער־קברים מיט שטעכיקן דראָט און ביים אַריינגאַנג אויפגעהאָנגען אַ געדענק־טאָוול, אַז דאָ געפינען זיך די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע קדושים, דורך די היטלעריסטישע חיות. שאַלאַפּקע האָט צעריסן דעם געמאַכטן צאַם און פאַרגעזעצט פּאַשען זיינע בהמות און חזירים אויף די קברים. עס האָבן ניט געהאָלפן אונדזערע ווענדונגען צו אים, אַז ער זאָל אויפהערן שענדן די קברים פון די קדושים. ער האָט געטענהט אַז אַנדערע פויערים פּאַשען זייערע בהמות. ביז מיין עלטע־רער זון זעליק צוזאַמען מיט זיינע חברים: בערל באַקשט (איטשקעס זון) און קודזי

(אַ קריסט, אַ חבר צום שול־באַנק) האָבן אָפּגעהיט און פעסטגעשטעלט, אַז נאָר שאַלאַפּקע פּאַשעט דאָרט זיינע בהמות.

אינצווישן איז געקומען קיין איוויע אויף אַ באַזוך מושע־רייזלס אַן אייניקל מיטן נאָמען ראובן. צוזאַמען מיט אים בין איך אַוועק צום גלח און געבעטן, אַז ער זאָל באַ־ווירקן שאַלאַפּקען, אַז ער זאָל אויפהערן שענדן די הייליקע גריבער־קברים. דער גלח האָט געענטפערט, אַז לײדער קען ער גאָרניט העלפן, ווייל די פאַמיליע קומט בכלל ניט אויף „ספּאָוויעדז" (ווידוי). מיר האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו געבן אים אַ קענטיקע סומע געלט (דוכט מיר 500 רובל) און מיר האָבן מיט זיין הילף אויסגעגראָבן לענגאויס די גריבער אַ טיפע קאַנאַווע פון אַ מעטער די ברייט, וואָס האָט פאַראוממעג־לעכט דעם צוטריט פאַר בהמות.

שרידי האיביאים ע״י שער הכניסה לבורות — הקברים ההמוניים ע״י סטונביץ׳ (1948).



אַ גרופּע לעבן־פאַרבליבענע איוויער יידן ביים אַריינגאַנגס־טויער צו די ברידער־קברים נעבן סטאָנעוויטש.

שאַלאַפּקע האָט צוגעטראַכט אַ נייעם מיטל, ווי זיך צו באַרייכערן פון די קרבנות. פרילינג, ווי נאָר דער שניי איז צעגאַנגען, פלעגן זיי עפענען די גריבער און זוכן גאָלד און צירונג, וואָס מענטשן האָבן פאַרבאַהאַלטן אויף זייער גוף אָדער איינגענייט אין די

בגדים. זיי פלעגן אַפילו אַרויסרייסן גאָלדענע ציינער פון די מיילער פון די טויטע גופים. די פונאַנדערגעוואָרפענע סקעלעטן און ביינער זיינען געוואָרן שפּייז פאַר הינט. איך, מיינע צוויי זין, זעליק און אברהם, בערל קאַגאַן און בערל באַראַן זיינען אַוועק מיט גראַב־אייזנס און מיט צעווייטיקטע און דערשיטערטע הערצער צוזאַמענגעקליבן און ווידער פאַרשאָטן די גריבער. אָבער שאַלאַפּקע האָט ווידער געטאָן דאָס זייניקע. אונדזערע תחנונים און ביטעס צו אים, אַז ער זאָל אויפהערן זיך שענדלעכע אַרבעט, זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן.

איינמאָל, ווען מיין זעליק האָט מיט נאָך איוויער יידן צוזאַמענגעקליבן די ביינער און פאַרשאָטן די גריבער, האָבן זיי אונטער די זאַמד געפונען די גראַב־אייזנס, מיט וועלכע שאַלאַפּקע האָט געאַרבעט. זעליק האָט די אַרבעטס־מכשירים מיטגענומען און געפּלאַנט מאַכן אַ געריכטס־תביעה. אָבער די באַדינגונגען האָבן עס ניט דערמעגלעכט און מיר האָבן מיט פאַרשטשירעטע ציין הילפסלאָז געמוזט זען ווי ער זעצט פאָר דאָס שענדן פון די קברים פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער.

ענדלעך האָבן מיר די ביסל לעבן־געבליבענע איוויער יידן דערלעבט אַ פולע נקמה פון דער פאַמיליע שאַלאַפּקע. זומער 1956 האָט א דונער דערהרגעט שאַלאַפּקעס פרוי, פאַשענדיק אירע בהמות. די קי און אַ שיקסל, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט איר האָט גאָרניט געשאַדט.

אין 1957 איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין זיין כוטאָר און אַלע געביידעס, צוזאַמען מיט די אָנגערויבטע יידישע האָב און גוטס איז אַוועק מיטן פייער. שאַלאַפּקע איז געלאָפן אויפן בוידעם עפּעס ראַטעווען און פון דאָרט אַראָפּגעפאַלן אַ האַלב־פאַרברענטער. מען האָט אים אָפּגעפּירט אין גרויסע יסורים אין שפּיטאָל, ווו ער איז אין דריי טעג אַרום געשטאָרבן פון זיינע ווונדן. זיין זון איז דערשאָסן געוואָרן דורך רוסישע פאַרטיזאַנער פאַר צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשן. אין יאָר 1959, פאַר אונדזער אָפּפאָר פון שטעטל, איז געשטאָרבן פון אַ ראַק־קראַנקייט זייער איינציקע טאָכטער.

דער ביטערער סוף פון דער פאַמיליע שאַלאַפּקע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין איוויע און אין דער גאַנצער אומגעגנט. די פויערים האָבן געזען אין דעם גאָטס שטראָף און אַ גאָטלעכע האַנט, וואָס האָט נקמה גענומען פאַרן רויבן און שענדן די קברים פון די אומשולדיקע יידישע קרבנות און אַ שרעק איז אַרויפגעפאַלן אויף אַלעמען.

דער גלח האָט אין זיין זונטיק־דרשה פון דער אַמבאָנע געזאָגט, אַז דאָס איז אַ געט־לעכע האַנט, וואָס האָט באַשטראָפט די פאַמיליע שאַלאַפּקע פאַר אירע שענדלעכע מעשים.

לאָמיר בעטן, אַז אַזאַ ווילסטן און פינצטערן סוף זאָלן האָבן אַלע שונאי ישראל, ווו נאָר זיי געפינען זיך.

# די אַקציע צו באַנייען דעם פּראָצעס קעגן מערדער זשוקאָווסקי

ווײַלנדיק אין פּאַריז, אין יולי 1961, האָב איך בעת אַ באַזוך אין „דאָקומענטאַציע־צענטער פון שניאורסאָן, געטראָפן אַדאַם רוטקאָווסקי, פון די מיטאַרבעטער פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין אַן איוויער, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז אויפגעטראָטן אַלס אָנקלאָגער אין וואָיעוואָדישן געריכט קעגן דעם איוויער היטלעריסטישן פּאָליציאַנט, פראַנציִשעק זשוקאָווסקי. צו דעם צוועק האָט ער באַזוכט איוויע און דאָרט צוזאַמענגעקליבן באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל וועגן זשוקאָווסקיס אָנטייל אין דער אויסמאָרדונג פון די איוויער ייִדן. ער האָט ניט געגעבן קיין ענטפער אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס ער האָט ניט געזוכט קיין לעבעדיקע עדות אין ישראל, וועלכע האָבן געקענט שטאַרק באַלאַסטן זשוקאָווסקין.

לויט זיין דערציילונג, איז זשוקאָווסקי פאַרמשפּט געוואָרן דורכן געריכט אויף 12 יאָר תפיסה (5טער סעפּטעמבער 1955), אָבער באַפרייט געוואָרן נאָכן אָפּזיצן אַ קורצע צייט, צוליב אַלגעמיינער אַמנעסטיע (זשוקאָווסקי איז דעמאָסקירט און אַרעסטירט געוואָרן אין שטעטל פּרושקאָוו, ביי וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס שאָפער, ערשט אין יאָר 1952. ער האָט פאָרגעלייגט, אַז צוריקקערנדיק זיך קיין ישראל זאָל איך אויפנעמען עדות־דערקלערונגען פון די איוויער, וואָס קענען באַשטעטיקן, אַז זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען, ווי ער האָט אייגנהענטיק געשאָסן אין שחיטה־טאָג אין זיינע קרבנות, און עס איבערשיקן צו דער וואַרשעווער גענעראַל־פּראָקוראַטור אין וואַרשע, מיט אַ ביטע צו עפענען פון דאָס ניי די אַקטן און באַנייען דעם פּראָצעס קעגן דעם ייִדן־מערדער פראַנציִשעק זשוקאָווסקי.

דער „ארגון יוצאי איביה" אין ישראל האָט באַשלאָסן צו אַסיגנירן די נייטיקע הוצאות און אָננעמען אַלע שריט, כדי צו ברענגען דעם מערדער הינטער די תפיסה־מויערן. אויך דער תל־אביבער סניף פון יד ושם האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער אַקציע. עס זיינען אויפגענומען געוואָרן גבית־עדות וועגן זשוקאָווסקיס פאַרברעכעריש־מערדערישער טעטיקייט בעת דער היטלער־אָקופּאַציע און באַזונדערס אין טאָג פון דער גרויסער שחיטה, פון: אַלימלך, מלמד, חנן לעווקאָוויטש, אהרן אַשעראָווסקי, דער שרייבער פון די שורות און שלום גאָלובאָק. נאָכן באַשטעטיקן די עדות־דערקלערונגען דורך אַ נאָטאַר, זיינען זיי, צוזאַמען מיט אַ ביטע וועגן עפענען פון דאָס ניי זשוקאָווסקיס אַקטן, איבערגעשיקט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין ישראל צו דער גענעראַל־פּראָקוראַטור פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק אין וואַרשע (7טן יאַנואַר 1962). די ווענדונג איז געשיקט געוואָרן אין נאָמען פון יד ושם.

ביז היינט צו טאָג איז ניט דערהאַלטן געוואָרן קיין אָפיציעלער ענטפער פון דער פּוילישער גענעראַל־פּראָקוראַטור. אומאָפיציעל איז דערקלערט געוואָרן דורך אַ מאָס־געבנדיקער פּערזענלעכקייט פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע, אַז עס איז ניטאָ קיין יורידישער גרונט צו עפענען פון דאָס ניי די אַקטן. איינער פון די מערדערס פון די איוויער

ייִדן, דער היטלעריסטישער פּאָליציאַנט, פראַנצישעק זשוקאָווסקי, גייט אַרום פראַנק און פריי אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער רעפּובליק...

מיר גיבן דאָ די קאָרעספּאָנדענץ פון דער וואַרשעווער ייִדישער „פאָלקס־שטימע" וועגן פאַרלויף פון אויבנדערמאָנטן פּראָצעס. עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז די אָנגעגעבענע ציפערן וועגן דער צאָל דערמאָרדעטע ייִדן און אויך דאַטעס, שטימען ניט אַלע מאָל מיט דער ווירקלעכקייט

**מ. ק.**

## פונעם געריכט־זאַל

(דער אורטייל אויף אַ מיטבאַטייליקטן אין אויסמאָרדן די ייִדן אין איוויע)

דעם 2טן סעפּטעמבער 1955 איז פאַרן וואָיעוואָדישן געריכט אין וואַרשע אויפגע־קומען די טראַגעדיע פון אַלטן ייִדישן ישוב אין ווייסרוסלאַנד, פון שטעטעלע איוויע (נאָוואָגרודקער געגנט), בעת די קאַטאַסטראָפאַלע יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקו־פּאַציע. דער אָנהייב פון דאָזיקן ייִדישן ישוב גרייכט דעם ערשטן פערטל פון 17טן יאָר־הונדערט. די אַלטע פּנקסים דערמאָנען שוין אין דער דאָזיקער צייט, וועגן ייִדישע פּויערים און בעלי־מלאכות פון איוויע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די צאַרישע געזעצן האָבן אַרויסגעשטופּט די ייִדן פון דער לאַנדווירטשאַפט, איז דער ייִדישער ישוב אין איוויע געוואָרן באַקאַנט מיט זיינע שמידן, סטאָליער, גאַרבער.

ביזן יאָר 1939 האָט איוויע געציילט אַן ערך 3000 איינוווינער, דערפון איבער 2000 ייִדן.* די טראַגישע געשיכטע און סוף פון דאָזיקן ייִדישן ישוב איז דערמאָנט גע־וואָרן אין געריכט אין וואַרשע, אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָצעס קעגן היטלעריסטישן פּאָליציאַנט פראַנצישעק זשוקאָווסקי. דאָס איז געווען ניט קיין געוויינלעכער פּראָצעס. פאַרן געריכט איז ניט געשטאַנען קיין שום עדות. די באַשולדיקונג האָט זיך געשטיצט אויסשליסלעך אויף די עדות־דערקלערונגען, וואָס עס האָבן אָפּגעגעבן סאָוויעטישע בירגער: ווייסרוסן, פּאָליאַקן און ייִדן —איינוווינער פון איוויע — פאַרן סאָוויעטישן פּראָקוראָר.

דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע האָט אויף דער ווענדונג פון געריכט דעלעגירט אַלס זאַכקענער פון דער טראַגעדיע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין דאָזיקן ווייסרוסישן שטעטל, אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, זיין מיטאַרבעטער א. רוטקאָווסקי, וועלכער האָט דערציילט וועגן די פאַרברעכנס פון דער ווייסרוסישער פּאָליציי, צו וועלכער עס האָט געהערט דער אָנגעקלאָגטער פראַנצישעק

* פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט איוויע געציילט קרוב 3000 ייִדן און 1200 קריסטן. צו דעם דאַרף מען צוגעבן 700—800 טאַטאַרן. צוזאַמען בערך קרוב 5000 איינוווינער (רעד).

זשוקאָווסקי. בעת דעם דאָזיקן פּראָצעס איז דורכן געריכט־זאַל ווידער אַדורך דער גרויל פון היטלעריסטישן פעלקער־מאָרד. די דערמאָנונג פון דער גרויסער טראַגעדיע פון די יידן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דעם 28סטן יולי 1941, אין טאָג פון פאַרנעמען איוויע דורך דער היטלעריסטישער ווערמאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן די אויסראָטונג פון די יידישע איינוווינער פון דאָזיקן שטעטל. אין פיר נאָכאַנאַנדיקע בעסטיאַלישע אויסראָטונגס־אַקציעס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד־אויבערפלאַך דער אַלטער יידישער ישוב. שוין דעם ערשטן אויגוסט 1941, בעת דער אַקציע אויף יידן און קאָמוניסטן, האָבן די היטלעריסטן דערמאָרדעט העכער 250 יידן אין וועלדל אין סטאַניעוויטש. די גרעסטע צאָל קרבנות האָט געקאָסט די וויטערדיקע מאַסן־אַקציע אין די טעג פון 10טן ביזן 12טן מאַי 1942. די היטלעריסטן האָבן דאַן אויסגעמאָרדעט העכער 400 מענטשן. מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז צוליב דער צוואַנגס־קאָנצענטראַציע אין אָקטאָבער 1941, איז די צאָל פון די יידן אין איוויע געשטיגן ביז העכער 5000 פּערזאָן. דער מאַסן־מאָרד איז דורכגעפירט געוואָרן אין נאָענטן דאָרף סטאַניעוויטש (איין קילאָמעטער פון איוויע). די היטלעריסטן האָבן געצוווּנגען די יידן אויסצוטאָן זיך און אַריינצוגייען אין די פון פריער צוגעגרייטע גריבער. מיט סעריעס פון מאַשינגעווער האָבן זיי דערמאָרדערט עטלעכע טויזנט מענער, פרויען און קינדער. אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך די עדות־דערקלערונגען פון אברהם־מאיר שמולעוויטש, וועלכער איז געווען איינער פון די, וועמען די היטלעריסטישע זשאַנדאַרמעריע האָט געצוווּנגען צו פאַרשיטן די דאָזיקע ברידער־קברים. ער גיט איבער צווישן אַנדערן, אַז בעתן פאַרשיטן איינעם פון די גריבער, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט פון צווישן די טויטע קערפּערס דאָס געשריי פון אַ מיידל: „פאַרשיט מיך ניט, איך בין ניט געהרגעט, איך וויל לעבן, ראַטעוועט מיך!". מ'האָט זי אַרויסגענומען פון גרוב, זי איז געווען פולשטענדיק נאַקעט און אינגאַנצן פאַרבלוטיקט. דאָס איז געווען עלקע קעסלער. דער זשאַנדאַר, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען, האָט זי דערשאָסן. צווישן די דערשאָסענע אין די גריבער זיינען נאָך געווען אַ סך לעבעדיקע, שווער־ אָדער לייכט־פאַרוווּנדעטע, גוססדיקע.

נאָך דער גרויסער שחיטה אין מאַי 1942, זיינען אין איוויע איבערגעבליבן אַרום 1200 יידן. די היטלעריסטן האָבן זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען נעבן יידישן בית־עולם. דעם 31סטן דעצעמבער איז געקומען די וויטערדיקע אַקציע. עס זיינען דאַן אַרויסגעפירט געוואָרן עטלעכע הונדערט יידן קיין באַריסאָוו (מינסקער געגנט, כלומרשט אויף אַרבעט. אין באַריסאָוו זיינען זיי אַלע דערמאָרדעט געוואָרן. דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער פערטער און לעצטער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 20סטן יאַנואַר 1943. די היטלעריסטן האָבן דאַן אַרויסגעפירט די לעצטע 800 יידן פון איוויע. אַ טייל האָבן זיי אַרויסגעפירט קיין לידע און אַ טייל קיין באַריסאָוו. די לעצטע זיינען אַלע בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן שוין אויפן וועג.

דער עקספּערט מצדן יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט האָט צווישן אַנדערן אונטער־געשטראָכן, אַז די אַזוי גערופענע ווייסרוסישע פּאָליציי, וועלכע איז געווען אַ געהאָרכזאַם

